

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:

*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Sefer-Klobutsk : mazkeret kavod la-kehilah ha-kedoshah she-hushmadah = Yizker-bukh fun der farpeynikter Klobutsker kehile / redaktor, A. Volf Yasni. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Aroysgegebn fun "Irgun yots'e Klobutsk be-Yiśra'el" un Klobutsker landsmanshaftn fun Frankraykh un fun Oystralye, 1960. |
| DESCRIPT | 439 p. : ill. (one col.), ports., facsims. ; 24 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Kłobuck -- History.<br>Kłobuck (Poland) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Kłobuck. |
| ADD'L NAME | Jasny, A. Wolf. |
| ADD'L TITLE | Yizker-bukh fun der farpeynikter Klobutsker kehile |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# ספר־קלובוצק

## מזכרת כבוד לקהילה הקדושה שהושמדה

## יזכור־בוך פון דער פאַרפייניקטער קלאָבוצקער קהילה

רעדאַקטאָר — א. וואָלף יאַסני

אַרויסגעגעבן פון „ארגון יוצאי קלובוצק בישראל"
און קלאָבוצקער לאַנדסמאַנשאַפטן פון פראַנקרייך
און פון אויסטראַליע

תל־אביב תש״ך, 1960



**נר לנשמת קדושי קהילת קלובוצק**

געצייכנט — אַדעלע אונגליק

ארגון יוצאי קלובוצק בישראל:

יזכור־בוך־קאָמיטעט —

פאָרזיצער: יחיאל זיידמאַן

סעקרעטאַר: ברוך שימקאָוויטש

קאַסירער: חיים קורלאַנד

פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער:

| | |
|---|---|
| אברהם גאָלדבערג | אברהם אושר |
| אברהם ווייס | יעקב שפערלינג |
| שמואל גאָלדבערג | משה פייגע |
| בערעק יאַקאָבאָוויטש | שמשון זיידמאַן |

קאָמיטעט פון דעם לאַנדסמאַנשאַפטן:

אין פאַריז:

משה וויינמאַן, יעקב משה אונגליק, ישראל אייזנער נח ריפשטיין

אין אויסטראַליע:

אַדעלע שאו (אונגליק) דוד קראַשקאָבסקיי, א״ד בוכווייץ אליהו ראָזענטאַל
מענדיל שנייער

## לאחינו בני עיירת קלובוצק באשר הם שם

אנו קבוצת אנשים בני עירת קלובוצק, קבלנו עלינו עול מתוך רצון ומסירות, להקים יד ושם לקרבנות של בני עירתנו, המעונים והנדכאים, שמתו מיתות משונות, שהושמדו יחד עם ששת מליוני יהודים, על ידי הגרמנים הנאצים ועוזריהם, הטמאים והארורים. הכל נעלם ואיננו... כן מצבה של ניר צריכים להקים להם. יום ולילה באים הקדושים והטהורים ותובעים תביעה אלמת. אחים ואחיות! שארית הפליטה! אל תשכחינו. תצררו אותנו בצרור החיים. ואנו מקימים להם זכר צנוע ופשוט, ובזה אנו מכבדים את זכרם וכותבים את זכרונותיהם, ובאידיש, באותה השפה שהם חיו במשך דורות, יצרו וגם הלכו לכבשנים ונשרפו.

אחינו היקרים, בני קלובוצק.

כשתדפדפו בספר זה, אל תחפשו ספרות יפה, איזה רומן או גאוניות ומדע. זה ספר של דם ודמע, מתואר ע״י אנשים פשוטים ורגילים המושכים בעול פרנסה. כל אחד כתב לפי מיטב יכולתו וכשרונו. זכרונות האלה הם: מימי הנעורים המלאים געגועים מימים עברו ואינם; מן העגלון המחזיק בשוט ביד אחת וספר תהלים בידו השניה מן הלומדים, תלמידי חכמים ששטטו בים התלמוד והחסידות; מן חדירת ההשכלה לתוך העירה היהודית, מן האינטליגנציה שהעירה היתה מוגבלת בה, ספריות, המפלגות הציוניות למיניהן ומפלגות סוציאליסטיות למיניהן שדאגו לעולם של מחר, — כולם יהודים טובים ויקרים, בעלי לב ונשמה, ועתה נשאר חלל ריק! ואנו שארית הפליטה מצווים להקים להם היכל של ניר, לגנזי נשמותיהם. לא נשארו לנו דוקומנטים היסטוריים ואנו מוכרחים להעזר בכח זכרונותינו שגם הזמן משכיח ומטעה.

לכן אחינו ואחיותינו,

אנו מבקשים סליחה גם מהחיים וגם מהמתים. אם כמה עובדות אינן מ׳דויקות במאה אחוז וישנם אי אלו דיוקים וטעויות פה ושם, יבואו ההיסטוריונים אחרינו ויתקנו מה שפגמנו.

**יהי גם הספר הצנוע הזה לזכר עירתנו קלובוצק, נדבך לבנין הגדול שעם ישראל מקים בארץ ישראל „יד ושם". נזכור כל ימי חיינו את העירה ונתאבל יחד עם עם ישראל כולו על החורבן הגדול שקרה בדורנו, ובבנין המולדת ובהעלאת השרידים, בדבקותם בעם ובארצו, נמצא תנחומים.**

**אנא, קבלו את ספר הזכרון הזה, ויהיה זה חסד של אמת בשביל קהילתנו, זכר לעדי עד.**

הועד של יוצאי קלובוצק.

# הקדמה

מ׳דערציילט, אַז ווען די דייטשן האָבן געפירט צום טויט דעם קדוש, היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, האָט ער אויסגערופן צו די אַרומיקע מענטשן: „שרייבט און באַשרייבט״!

מיר, די קלאָבוצקער שארית הפליטה, וואָס האָבן אויפגעבויט אונדזערע היימען אין מדינת ישראל, האָבן גענומען אויף זיך אויסצופירן די צוואה פון דעם קדוש און תלמיד חכם. מיר האָבן גענומען אויף זיך דעם שווערן עול פון צונויפזאַמלען אַלע מאַטעריאַלן, גבית עדות, זכרונות־באשרייבונגען פון דער פּיין און פאַרפייניקונג דורך די דייטשן, וואָס קלאָבוצקער יידן זענען דורכגעגאַנגען, און דאָס אַלץ אַריינברענגען אין אַ ספר־יזכור, וואָס זאָל בלייבן לדורות ווי אַן אָנדענק־דאָקומענט פון די ווילדע בעסטיאַלישע מעשים פון די דייטשן קעגן די יידן.

נישט לייכט איז געווען דורכצופירן די דאָזיקע הייליקע אַרבעט. מיר האָבן נישט געקאָנט גרייכן צו אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן דערציילן די געשיכטע פון דער קלאָבוצקער קהילה, ווייל די דייטשן האָבן אויך פאַרניכטעט די אַרכיוו־זאַמלונגען. מיר האָבן דעריבער געמאַכט די ווייטגייענדסטע אָנשטרענגונגען צו באַוועגן אונדזערע בני עיר, זיי זאָלן שרייבן זכרונות; די וואָס האָבן איבערגעלעבט די דייטשע יידן־אויסראָטונג זאָלן דערציילן וועגן זייערע פּיין, וועגן די ארבעטס־און פאַרטיליקונגס־לאַגערן אין וועלכע די קלאָבוצקער יידן זענען געווען.

אונדזערע באַמיאונגען האָבן געגעבן די געהעריקע רעזולטאַטן: די לעבנגעבליבענע קלאָבוצקער יידן האָבן נישט פאַרגעסן אין זייער פאַרטיליקטער קהילה און אין דעם „ספר קלאָבוצק״ אריינגעבראַכט דאָס לעבן פון די דאָרטיקע יידן: זייער קהילה, די רעליגיעזע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע און סאָציאַלע אַנשטאַלטן, די צדקה־חברות און אַלע פאַרטייען און ריכטונגען, וואָס האָבן געבילדעט דאָס געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע לעבן פון די יידן אין דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל.

די שארית הפליטה פון די קלאָבוצקער יידן האָט דערפילט איר חוב לגבי די פאַרפייניקטע: דורך זכרונות־באַשרייבונגען זענען געבראַכט געוואָרן צו דער עפנטלעכקייט אַלץ, וואָס די קלאָבוצקער יידן האָבן איבערגעלעבט בעת דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. מיר האָבן לײדער ניִשט געהאַט קיין גענויע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן און אויך קיין פולע נאָמען־רשימה, וואָס זאָל פעסטשטעלן די צאָל פון די אויסגעמאָרדעטע יידן. אָבער פון די זכרונות אַליין באַקומען מיר אַ געטרײַ בילד פון דעם גרויסן חורבן פון אונדזער קלאָבוצקער קהילה.

מיר האַלטן פאַר אונדזער חוב אויסצודריקן אונדזער דאַנקבאַרקייט די אַלע בני עיר, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן אין אויפשטעלן דאָס ספר קלאָבוצק: דעם סעקרעטאַר פון אירגון יוצאי קלאָבוצק — ברוך שימקאָוויטש, וואָס האָט ניִשט געקאַרגט קיין מי און אַוועקגעגעבן כמעט זיין גאַנצע פרייע צייט ביים אויפזאַמלען זכרונות און אָרגאַניזירן די געלט־זאַמלונגען צו פינאַנסירן די אויסגאַבע, דער פרוי אַדעלאַ אונגליק אין אויסטראַליע, וואָס האָט געצייכנט דאָס נשמה־ליכט, די קלאָבוצקער שול, די מאַפּע פון שטעטל און געטאָן נאָך אַנדערע אַרבעטן לטובת דעם ספר יזכור, און די בני עיר אין פראַנקרייך: משה ווײַנמאַן, יעקב משה אונגליק, נח ריפשטיין און ישראל אייזנער, אויך די לאַנדסמאַנשאַפט אין אויסטראַליע.

מיר דאַנקן דעם פריינט רעדאַקטאָר א. וואָלף יאַסני, פאַר זיין איבער־געבנקייט און מיזאַמער אַרבעט ביים רעדאַגירן אונדזער ספר קלאָבוצק.

מיט אַ געפיל פון טיפן יראת הכבוד גיבן מיר איבער דאָס „ספר קלאָבוצק" צו אונדזערע בני עיר, וואָס טראָגן אין זייערע הערצער דעם אָנדענק פון זייער פאַרפייניקטער קהילה. אין די יאָרצייטן נאָך אונדזערע פאַרפייניקטע קדושים ביי די אָנגעצונדענע ליכט פאַר זייערע נשמות — וועלן מיר לייענען פרקים פון דעם ספר יזכור, כדי אויף דעם אופן זיך מתיחד צו זיין מיט אונדזערע נאָענטסטע און טייערע, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם והעם.

דער קאמיטעט

# דאס יידישע קלאָבוצק

ברוך שימקאָוויטש

## היסטאָרישע נאָטיצן און זכרונות

דער אָנהויב פון יידישן קלאָבוצק, אָדער קלאָבוצקאָ, לויט דער „יעוור־רעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" — ליגט אין דער ווייטער פאַרנעפּלטער פאַרגאַנגענהייט. די ערשטע יידן, וואָס האָבן דאָ געבילדעט דעם ישוב און געשאַפן אַ קהילה האָבן נאָך זיך קיין זכרונות נישט איבערגעלאָזט. די אַרכיוון פון דעם שטעטל זענען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן. מיר האָבן דעריבער נישט קיין גענויע ידיעות, ווען אין קלאָבוצק האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישער ישוב.

ביי די יידן אין שטעטל איז געווען אַ מסורה, אַז די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קלאָבוצק, זענען געקומען פון זאַלאָשין — אַ שטעטל מיט אַן אַלטער יידישע קהילה, וואָס האָט זיך געפינען עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון קלאָבוצק.

אין קלאָבוצק איז געווען אַן אַלט בית הקברות, אויף וועלכן מ׳האָט נישט מער מקבר געווען. ווי אַלט דאָס בית עלמין איז געווען האָט אויך קיינער נישט געוווסט. תשעה באב, ווען מ׳פלעגט, לויטן אָנגענומענעם מנהג, גיין אויף קבר־אבות, האָט מען אויך באַזוכט דאָס אַלטע בית עלמין. דאָרט איז געשטאַנען, אַן אַלטע, מיט מאָך באַוואַקסענע מצבה, אויף וועלכע זקנים האָבן אָנגעוויזן ווי אויף דעם קבר פון ערשטן קלאָבוצקער רב ר׳ איציקל ז״ל. נאָך אים האָט קלאָבוצק געהאַט נאָך 3 רבנים ביזן חורבן. לויט דער אויסרעכנונג ווי לאַנג די רעליגיעזע מנהיגים זענען געזעסן אויפן כסא הרבנות, האָט די קלאָבוצקער יידישע קהילה עקזיסטירט, — ביז דער דייטשער יידן־אויסראָטונג איבער 200 יאָר בערך.

עס איז אויך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן ווי אַלט עס זענען געווען די שול און די בתי מדרשים, וועלכע זענען פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן. לויט פאַרשידענע מיינונגען איז די שול, ביז צו איר חרוב־ווערן, געשטאַנען

80 יאָר. זי איז נישט געווען די ערשטע שול. די בתי מדרשים זענען געווען נאָך עלטער.

וועגן עלטער פון שטעטל קלאָבוצק שרייבט אונזער בן עיר משה וויינמאַן, וואָס לעבט היינט אין פּאַריז:

„אין יאָר 1935 איז אין קלאָבוצק געפּייערט געוואָרן דער 800־טער יובל פון דער אַנטשטייאונג פון שטעטל. דער היסטאָריקער, גלח יאַן דלוגאָשיץ, וואָס איז אַ לענגערע צייט געווען אין קלאָבוצק, גיט אָן, אַז דער נאָמען קלאָבוצק שטאַמט דערפון, וואָס ביים גראָבן דעם פונדאַמענט בעתן בויען דאָס ערשטע הויז פון שטעטל, איז געפונען געוואָרן אַ הוט, וואָס האָט אין דער אַלט פּויל־שער שפּראַך געהייסן „קלאָבוקאָ", — און אַזוי איז פאַרבליבן דער נאָמען פון שטעטל".

קיין גענויע דאַטע וועגן דער אנטשטייאונג פון שטעטל איז נישט פאַראַן. אייניקע היסטאָריקער געבן אָן דאָס יאָר 1135, אַנדערע — 1185 אַלס דאָס געבוירן־יאָר פון קלאָבוצק. מ'קאָן יעדנפאַלס אָננעמען, אַז קלאָבוצק איז איינע פון די עלטסטע שטעטלעך אין פּוילן. וועגן דער אַלטקייט פון שטעטל באַווייזט אויך דער פאַקט, אַז די היינטיקע קירך, ווי מיר האָבן זי געקענט, וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח, איז אויפגעבויט געוואָרן אויפן פּלאַץ פון דער אַלטער קירך, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן בעת דער גרויסער שרפה אין יאָר 1796.

*

די ערשטע גענויע ידיעות וועגן יידיש לעבן אין קלאָבוצק האָבן מיר פון יאָר 1808. אין יענער צייט האָט לושטשעווסקי, דער פינאַנץ־מיניסטער פון וואַרשעווער פירשטנטום אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן מוזן לאָזן אָפּ־שטעמפּלען זייערע ספרים און פאַר יעדן ספר באַצאָלן אַ ספּעציעלן שטייער. דאָס אָרגאַניזירן דעם שטעמפּל־אָפּצאָל פאַר יידישע ספרים איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די קהילות. די טשענסטאָכאָווער קהילה האָט פאַנאַנדערגעשיקט אַן אויפרוף („כרוז") צו אַלע יידישע ישובים אין טשענסטאָכאָווער פּאָוויאַט וועגן דורכפירן די שטעמפּל־גזירה. צווישן די דאָזיקע ישובים ווערט אויך דער־מאָנט קלאָבוצק. וועגן דעם האָט געשריבן ד"ר יעקב שאַצקי ז"ל, אין זיין געשיכטלעכער אַרבעט א. נ. „יידן אין טשענסטאָכאָוו ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה", וואָס איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין יזכור־בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" (דערשינען אין ניו־יאָרק, אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר רפאל מאַלער).

פון שאַצקיס פּובליקאַציע ווייסן מיר, אַז יידן האָבן זיך געפונען אין קלאָבוצק שוין אין יאָר 1808 און געווען אונטער דער אָנפירונג פון דער טשענסטאָכאָווער קהילה.

*

די „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", אות ק', גיט פאָלגנדע אינפאָרמאַציעס וועגן קלאָבוצק: „אַ שטעטל ביי טשענסטאָכאָוו, געהער צו פּיעטריקאָווער גוב., צוליב דעם, וואָס דאָס שטעטל איז געלעגן אין גרענעץ־פּאַס (רוסיש־דייטשע גרענעץ) האָט מען יידן געמאַכט שוועריקייטן דאָרט זיך צו באַזעצן. אין יאָר 1856 האָבן אין קלאָבוצק זיך געפונען נאָר 444 יידן. לויט דער פאָלקס־ציילונג אין יאָר 1897, האָט דאָס שטעטל געהאַט 3576 איינוווינער, דערונטער 1027 יידן — 28'6 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער.

*

איך האָב פאַרלאָזט קלאָבוצק אין יאָר 1923, דעמאָלט האָבן זיך אין שטעטל געפינען איבער פיר הונדערט און פופציק יידישע משפחות, אַ זעכצן הונדערט נפשות בערך. פון 1923 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אין דעם שטעטל ווייניק וואָס געענדערט די צאָל פון דער יידישער באַפעל־קערונג. בכלל, האָט אין פעריאָד פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט פאַרלאָזט קלאָבוצק, אַוועק אין די גרעסערע שטעט, עולה געווען קיין ארץ־ישראל און עמיגרירט אין פאַרשידענע לענדער.

קלאָבוצק, וואָס ליגט אויפן קרייץ־וועג צווישן טשענסטאָכאָוו און קזשעפּיץ, איז געווען אַ שיין שטעטל, אַרומגערינגלט מיט סעדער, גערטנער, אַ טייך די „זשיקע" און סטאַוועס. די גאַנצע אַרומיקע געגנט איז געווען באַדעקט מיט וועלדלעך, לאָנקעס, וואָס האָבן אין פרילינג־צייט זיך אָנגעקליידט אין הויכע גרינע גראָזן. אין מיינע קינדער־יאָרן בין איך צוזאַמען מיט אַנדערע יינגלעך אַהין אַוועק צו רייסן גרינס אויף שבועות. ביי די אָזשערעס האָט מען הערבסט־צייט, אויף סוכות, געריסן הושענות.

זומער, פאַרנאַכט, פלעגט די יוגנט פול מאַכן די ברעגעס פון די אָזשערעס. מ'האָט זיך געבאָדן, געשווומען, דורכגעמאָסטן די וואַסערן פון איין ברעג ביזן צווייטן און עס איז געווען לעבעדיק, פריילעך. ביים זאַוואַדער סטאַוו איז געשטאַנען די וואַסער־מיל מיטן גרויסן ראָד, וואָס איז באַוועגט געוואָרן מיטן כוח פון וואַסער.

די מיל האָט געהערט צו אַ פּאָלאַק מיט אַ לאַנגער באָרד. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ייד.

סוף זומער האָבן יידישע פיש־סוחרים פון טשענסטאָכאָוו אָפּגעדונגען די אָזשערע, אָפּגעלאָזט דאָס וואַסער און אַרויסגעצויגן די פיש. די אָזשערע איז געווען זייער רייך אין שלאַיען און קאַרישעס. ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, ווען דיקע אייז־שיכטן האָבן באַדעקט די אָזשערעס, האָט דער אייגנטימער פון דער סאָדע־וואַסער־פאַבריק, איטשע אונגליק, געדונגען פויערים, וועלכע האָבן געהאַקט דאָס אייז, געשניטן דערפון פיר קאַנטיקע קלעצלעך, וואָס איז באַהאַלטן געוואָרן אויפן זומער.

געווען נאָך אַ שיינע געגנט אַרום קלאָבוצק, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט די דאָרטיקע יידן, ריכטיקער געזאָגט, מיט אונז יינגלעך, נעמלעך: זאַגאָרזש, ווי מ׳האָט גערופן דאָס וועלדל הינטערן שטעטל. ל״ג בעומר זענען דאָ אַהער אַרויסגעקומען די מלמדים מיט זייערע תלמידים און מיט הילצערנע שווערדן האָט מען געפירט „מלחמה״ אין חדר מיטן צווייטן.

אין זאַגאָרזש האָט זיך געפונען דער קייזערלעכער שלאָס. אין די רוסישע צייטן, איז דאָ אַהער געקומען דער רוסישער קרוינפרינץ און געפלעגט פאַר־ברענגען איניקע טעג אין שלאָס — אַזוי האָבן עלטערע יידן דערציילט.

אַזוי האָט זיך דאָס שטעטל איינגעקריצט אין מיין זכרון.

## די רבנים פון קלאָבוצק

ווי שוין דערמאָנט האָט די קלאָבוצקער קהילה געהאַט 4 רבנים ביז דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. דעם ערשטן רב, ר׳ איציקל זצ״ל, האָבן אפילו די עלצטע זקנים נישט געדענקט. מ׳האָט בלויז געוווסט וועגן זיינע שיינע מעשים פאַר דער קהילה און זיין גאונות אין תורה. ער זאָל אויך האָבן פאַרעפנטלעכט אַ ספר, וואָס איז צו אונז נישט דערגאַנגען.

נאָך ר׳ איציקלען האָט דעם כסא הרבנות פאַרנומען דער רב ר׳ יהושע ישראל זצ״ל. עלטערע יידן האָבן אים נאָך גוט געדענקט. ער איז געווען ר׳ איציק דזשאַלאָשיצער אַ מחותן. נאָך זיין פּטירה איז אָנגעקומען קיין קלאָבוצק אַלס רב דער באַוווסטער צדיק ר׳ יאַנקעלע זצ״ל, דורך וועמענס שם טוב קלאָבוצק איז

באַרימט געוואָרן. וועגן ר׳ יאַנקעלען זענען אין שטעטל אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע וווּנדערלעכע מעשׂיות.

ר׳ יעקב ראַבינאָוויץ זצ״ל, וועמען יידן האָבן מיט גרויס ליבשאַפט גערופן פּשוט ר׳ יאַנקעלע, איז געווען דער זון פון באַוווּסטן ראַדאָמסקער רבין „בעל חסד לאברהם״ און אַן אייניקל פון „בעל תפארת שלמה״. ווען ר׳ יאַנקעלע איז געוואָרן אין קלאָבוצק רב און רבי, האָבן יידן דאָרט געהאַט אַ „תקופת הזוהר״; פּרנסה איז געווען בריוח. יידן פון אַנדערע שטעטלעך זענען געקומען הערן דברי תורה פון ר׳ יאַנקעלן, באַקומען זיין ברכה און זיך מתייעץ זיין מיט אים אין פאַרשידענע ענינים. אויף שבת, באַזונדערס אויף די ימים־נוראים, זענען געקומען יידן פון דער אומגעגנט בכדי צו דאַוונען צוזאַמען מיט ר׳ יאַנקעלן.

מיין זיידע, אברהם פון קזשעפּיץ, האָט אַלעמאָל דערמאָנט, אַז ער קומט אויף ראש השנה קיין קלאָבוצק בלויז צוליב דעם, אַז ער זאָל זיין ביי ר׳ יאַנקעלעס דאַוונען און זאָל הערן איטליכן זיפץ און דעם „אוי ווײ״ פון זיין „פה הקדוש״, וואָס עס ברענגט אים, דעם זיידן, צו הרהורי תשובה.

ווען ר׳ יאַנקעלע איז אָנגעקומען אויפן כסא הרבנות אין קלאָבוצק, איז ער נאָך געווען זייער יונג. טראָץ זיין יונגקייט האָט ער געשמט אַלס גרויסער למדן און בקי אין ש״ס און פּוסקים. רבנים גאונים האָבן זיך מיט אים דורכגעשריבן און אָנגעפרעגט פאַרשידענע שווערע שאלות. לויט זיינע תשובות — האָבן זיי געפּסקנט. די שאלות און תשובות זענען אַרייַן אין זיין ספר — „אמת ליעקב״.

אין קלאָבוצק האָט ר׳ יאַנקעלע איינגעפירט נייַע תקנות ביים דאַוונען. אַזוי האָט ער מתקן געווען, אַז ביי דער קדושה פון שחרית אין שבתדיקן דאַוונען, זאָל מען זאָגן „נקדש״, לויט דעם מנהג „אשכנז״ און ביי דער קדושה פון מוסף׳דיקער „שמונה עשרה״ זאָל מען זאָגן „כתר״, הגם דאָס איז געווען קעגן די מנהגים פון ימים־קדמונים, ווייל אומעטום איז געווען איינגעפירט ביי יידן, אַז צו שחרית האָט מען געזאָגט „נקדש״ און צו מוסף „נעריצך״. זיין תקנה איז געבליבן אויף שטענדיק, ווייל דער ממלא מקומו פון ר׳ יאַנקעלע האָט נישט געוואָלט ענדערן, וואָס דער צדיק האָט מתקן געווען.

דער נאָך יונגער ר׳ יאַנקעלע, דער רבי פון קלאָבוצק, האָט אָנגעהויבן קרענקען אויף שווינדזוכט. מ׳האָט אים אַרויסגעפירט קיין אָטוואָצק. פון דאָרט איז ער אַריבערגעפאָרן אין נאָענטסטן שטעטל קורטשעוו (קאָרטשעוו), ווו ער איז, אין עלטער פון 29 יאָר נסתלק געוואָרן, אין יאָר תרס״ב, כ״א אייר.

ביי די קלאָבוצקער יידן און ביי זיינע חסידים פון אַנדערע שטעטלעך, איז

# ספר
# אמת ליעקב
## חלק ראשון

חידושים ופלפולים נחמדים על סוגיות הש"ס המה מסודרים אשר השאיר אחריו ברכה ה"ה הרב הגאון החריף העצום ובקי נפלא הצדיק המפורסם בתורתו ויראתו. בוצינא קדישא הסידא ופרישא. בנן של קדושים כקש"ת מוהר"ר יעקב יוסף הכהן זצוק"ל שהי' אב"ד ור"מ בק"ק ברעזניצא וקלאביצק, בהרב הצדיק הק' המפורסם מדראמסק זצוקלה"ה בעל חסד לאברהם. בהרב הגאון הקדוש המפורסם תפארת ישראל בעל „תפארת שלמה" זצוקלה"ה.

ונלוה לזה בסופו איזה שו"ת ואיזה דרושים יקרים

נדפס בהוצאות אלמנת הגאון הצדיק המחבר זצ"ל ובהשתדלות נ"ס ותלמידו האברך החריף המופלג יר"א ושלם מו"ה חיים נתן בהרה"ח המפורסם מו"ה מענדיל לאנדבערג שיחי' מווארשא.

הובא לביה"ד ע"י ר' משה ליפשיטץ. מווארשא רחוב פראנציסקאנער 11 מ

פיעטרקוב

בדפוס של ר' אברהם ראזענגארטען נ"י

שנת תרס"ח לפ"ק

СЕФЕРЪ ЭМЕСЪ ЛЕЯКОВЪ

т. е. правда Якова комментарій на Талмудъ

Петроковъ, Въ Типографіи А. Розенгартеца 1908. г.

ספר „אמת ליעקב"

פון געוועזענעם קלאָבוצקער רב און רבי ר' יאַנקעלע

מיט הסכמות פון רבנים

# הסכמות

מהרב הגאון הגדול הצדיק חריף ומפולפל המפורסם בחריפתו ובקיאתו בחיבוריו הרבים והעצומים כ״ש מפארים בכל קצוי ארץ החכם השלם כקש״ת מו״ה שלום מרדכי הכהן שליט״א אב״ד ור״מ דק״ק ברעזאן בעה״ם שו״ת מהרש״ם וכו׳ משמש שלום:

כן הגיעני קצת עלים נדפסים מן הס׳ „אמת ליעקב״ חידושים ופלפולים מכתבי קודש אשר נשארו מהרב הגה״צ החריף העצום מלא וגדוש בתורה ויראת שמים בנן של קדושים מו״ה יעקב יוסף הכהן זצ״ל אבד״ק קלאביצק מדינת פולין רוסיא אשר ידעתיו מכמה שנים שהיה אב בחכמה ורך בשנים ופ״א בא לפני וראיתי גודל צ־קתו ועוצם חריפותו וגם מפי כתביו ידעתיו וחבל על האי שופרא דבלי בארעא שנקטף באבו בימי נעוריו ועתה אחרי אשר רוצים להעלות חידושיו המלאים חריפות ובקיאות על מזבח הדפוס ישמח לבי גם אני. למען יהי׳ לו זכרון ט״ב ואקוה כי רבים ישתו מימי תורתו ויאותו לאורם. וגם ידי תכון עמם ואמינא לפועלא טבא יאשר חילא. ואי״ה כאשר יוגמר הספר הנ״ל אבקש לשלוח לי ואקבלהו בחיבה:

וע״ז באתי עה״ח יום ד׳ לסדר ויברך אהבם. ו׳ מנחם אב תרס״ז פה ברעזאן.

הק׳ שלום מרדכי הכהן אבד״ק הנ״ל

מהרב הגאון הקדוש החריף והצדיק ובקי נפלא עיניו כיונים על אפיקי הש״ס והפוסקים אין גומרין עליו ההלל בתו״ז הר״מ המפורסם בכל אפסי תבל רשכבה״ג כקש״ת מרנא ורבנא מאיר יחיאל הלוי שליט״א אב״ד ור״מ דק״ק אוסטראווצי:

הן ראיתי חידושים ופלפולים הנפלאים כבוד הרב הגאון הצדיק והטהור פ״ר נ״י ע״ה ה״ יעקב יוסף הכהן זצ״ל בן הרב הקדוש זצ״ל מרדאמסק וראיתי שהם דברים ישרים ונכונים על דרך פלפול והמחבר הג׳ הנ״ל הי׳ לו שם בין הגדולים וגם אני הק׳ פלפלתי עמו בהרבה ענינים ועדי׳ הי׳ לגאון ולקדוש והיה מפורסם בתורתו ובצדקתו וזכותו וזכות אבותיו הקדושים יעמוד לכ״א שיסייע לזה:

והנני שולח ג״כ איזה דברים שפלפלתי עמו* וכמדומה שישנו שם הרבה פלפולים מה שפלפלתי אשר אין לי העתקה:

הק׳ מאיר יחיאל הלוי

*החידושים נדפסו אחר הקדמה מעל״ד

---

## הקדמות והסכמת הרה״ק מרדאמסק שליט״א אחי הרב המחבר זצ״ל

יחידי הסגולה ומבקשי התורה. תנו כבוד לאל איום ונורא. אשר חלק מחכמתו ליראיו. וסתרי תורה ומעיינות החכמה מסר להם. וידוע מספרים הקדושים שנוט׳ ישראל יש ששים ריבוא אותיות לתורה. דכל אחד ואחד מישראל יש לו חלק בתוה״ק. ואם הוא לומד תוה״ק לשמה ובקדושה ובטהרה אזי מתברך ומתרבה מעיינות החכמה אצלו. כמאמר זקיני הג׳ הק׳ בספר תפארת שלמה על הלומד תורה מחבירו פרק אחד עיי״ש. ואיתא בספר חסידים שמחויב כל איש אשר חנן ד׳ אותו בדיעה ובבינה לחדש חידושי תורה ולחקוק על הספר למזכרת. וחכמז״ל סמכו על וקנה לך חבר זה קסת הסופר. מי לנו גדול מאדונינו דוהמע״ה אעפ״כ ביקש אגורה באהלך עולמים וכי יכול אדם לדור בשני עולמות אלא שביקש שיאמרו הלכה משמו שיהי׳ שפתיהיו דובבות בקבר. ואי׳ בספרים כל מה שאדם מסגל בתורה ובמצות בעוה״ז ככה יהי׳ לו שכרו לעוה״ב אבל לא יתוסף לו שכר שם. הגם שבג״ע לומדים הצדיקים ג״כ תורה ומחדשין חידושי דאורייתא ורזין עילאין מזה לא יגיע להם שכר. ואדרבה זה מתן שכרן ברוחני מה שזוכין להשיג ולהנות מזיו השכינה מתוך התורה וזה הוא מזון הנשמות בג״ע ונקרא עומד שאין לו תוספות שכר רק מה שסיגל בעוה״ז. אבל אם הניח אחריו ברכה המה הכתבים המחוברים ואומרים בכל פעם שמועות מפיו בעוה״ז שפתותיו דובבות בקבר ואף שהגוף שוב אינו ראוי לדבר בעצמיותו עושה מלאכתו ע״י חיבורים דהיינו שאומרים שמועותיו והוי כלומד תורה בגוף המעשיי ויתוסף לו שכר בכל פעם. וגם מצאנו בס׳ יע״ד שפי׳ הפסוק טוב שם ט״ב משמן טוב. הפי׳ שם הטוב הוא התורה שאמרו הלכה משמו הוא (טוב) משמן טוב שניתן על הגוף המת לחניטה לקיום הגוף (והוא טוב מזה שאמרו הלכה משמו) מחמת ששפתיו דובבות ונפש תשיב להגוף ממילא נזדווג בחיים ע״כ אמרו חז״ל יעקב אבינו לא מת כמאמרם ז״ל מה זרעו בחיים היינו שנדבקים מקור החיים בתורה ובמצות אשר ירשו מאביהם יעקב:

ולכל זמן ועת לכל חפץ הדור אתם ראו את אשר נשאר חידושי תורה מכ״ק אחי האברך רך בשנים ואב בחכמה ה״ה הרב המאה״ג החו״כ הצדיק המפורסם בקש״ת מו״ה יעקב יוסף הכהן זצוקלה״ה אבדק״ק ברעזניצא ובק״ק קלאביצק אשר בימי עלומיו עלה לשמים טרם מלאה לו שלשים שנה רוב קדושתו ופרישתו מי ימלל. במעט עליו להגיד שלא נהנה מעוה״ז. רוב דביקתו בתוה״ק אין לתאר שם לילות כימים. והי׳ חביב בעיני כ״ק אאמו״ר הק׳ זצלה״ה בעל המחבר חסר לאברהם כבבת עינו. וכל גאוני וקדושי דורנו אשר ראו אותו הי׳ מהללים אותו וגם שמעתי מהרב הקדוש משינאווי זצ״ל שאמר שלא השביעו עיניו הקדושים מלהנות מזיו קדושת תורתו. ואחכה שיהי׳ תועלת וימצא חן בעיני ההוגים בהספר כי לא בא ח״ו להתגדל בזה כי לא הי׳ דרכו בקודש לילך בגדולות כל מה שעשתה חכמה עטרה לראשה עשתה ענוה עקב לסולתה. והלימוד שלו הי׳ תמיד במס״נ ממש. והי׳ מקיים כמ״ש בתדב״א אין התורה מתקיימת אלא מי שממית עצמו עלי׳. ובעת חוליו כשלא הי׳ יכול לשקוד בלימודו בכח כדרכו בקודש אמר למה לי חיים ולבו ועיניו הי׳ תמיד כלפי מעלה מרוב היראה. ואיתא בספר תפארת שלמה מזקיני הג׳ והק׳ זצוקלה״ה שר״ע מסר נפשו והקהיל קהלות ברבים אשר זה איננו מן הדין למסור נפשו בזה רק מפני שהי׳ יודע כי זה כל ביאתו לעוה״ז רק עבור זה ואם לא יעשה כן יהי׳ מוכרח להסתלק מן העולם וא״כ טוב לו יותר עכ״פ לעשות המצוה במס״נ ויסתלק עי״ז:

זכות המחבר הק׳ יעמוד לנו ולכל ההוגים בהספר. ובקשתי אולי נמצא בהספר איזה תיבות או סברא אשר יהי׳ נראה לכאורה כמשנה לדון לכף זכות כי בטח יש בזה טעות המעתיק כי המחבר כתב בכ״י הק׳ ומרוב הדביקות לא כתב באריכות כי רשם רק לעצמו למזכרת והכי״ק הי׳ קשה לקרות בגלל זה יוכל להיות איזה משנה. וכל הדן לכ״ז ידין אותו מן השמים לכ״ז. ויתברך ברוב טוב והשנה הזאת הבאה עלינו לטובה יתן ד׳ שיהי׳ שנת גאולה וישועה לכלל ישראל. השי״ת יעזור שזכות תוה״ק יעמוד לזרעו ושלא ימיש מפיהם ע״ע ולכל משפחתינו ולכל ישראל אמן:

דברי הכותב יחזקאל הכהן בהה״ק זצ״ל

ר׳ יאנקעלע נאָך זיין פטירה באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בעל־מופת. ביי יעדער עת צרה, ביי קראַנקהייטן, מגפות ר״ל, פּאָגראָמען, ווען מ׳איז נאָר אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די צרות, האָט מען דערמאָנט, אַז דער זכות פון ר׳ יאנקעלן זצ״ל האָט מגין געווען אויפן שטעטל.

זיין יאָרצייט, כ״א אייר, איז דורך קלאָבוצקער יידן זייער שטאַרק אָפּגעהיטן געוואָרן. אַלע יאָר, בעת זער יאָרצייט, איז אין גרויסן בית־המדרש אָנגעצינדן געוואָרן די ספּעציעלע לאָמטערן, וואָס האָט געהאַט אויף זיך סימבאָלישע שניצונגען, ווי־: די אויפגעהויבענע הענט פון די כהנים צום דוכענען. אַ רמז אויף דעם, אַז ר׳ יאַנקעלע איז געווען אַ כהן. צוויי גרויסע לייבן אָנגעשפּאַרט אויף אַ „מגן דוד״ און דערנעבן איז געווען אויסגעשניצט דאָס יאָר און די דאַטע פון זיין פטירה.

יעדער ייד אין קלאָבוצק האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צוקומען אין בית המדרש צו דער יאָרצייט פון רבי ר׳ יאנקעלע. פלעגט דעריבער דאָס בית המדרש, דעמלס, זיין פול מיט יידן. אַ חוץ דער שוין דערמאָנטער גרויסער לאָמטערן, האָבן אויך געברענט הונדערטער ליכט. לומדים האָבן געלערנט „משניות״ פאַר זיין נשמה. פשוטע יידן האָבן געזאָגט „תהלים״, אזוי — יאָר איין, יאָר אויס, ביז דער דייטשער יידן־אויסראָטונג.

עטלעכע יאָר נאָך זיין פטירה, ווען די קלאָבוצקער קהילה האָט געדאַרפט אויפנעמען אַ שוחט, האָט מען זיך גערעכנט מיט דער צוואה פון ר׳ יאנקעלן. די ראַדאָמסקער חסידים האָבן זיך פשוט מוסר נפש געווען, אַז דער נייער שוחט זאָל זיין אַ ראַדאָמסקער חסיד, ווייל דער רבי פון ראַדאָמסק האָט געזאָגט, אַז אזוי איז געווען דער „רצון״ פון ר׳ יאַנקעלן און כך הוה: מ׳האָט אויפגענומען אַלס שוחט ר׳ משה זאנדער, אַ ייד אַ תלמיד חכם, אַ נוח לבריות מיט אַ גוטן הומאָר.

## ר׳ יאַנקעלעס מופתים און גוטע מעשים

קלאָבוצקער יידן האָבן וועגן רבי ר׳ יאנקעלן דערציילט:

ווען עס איז ביים רבין ר׳ יאנקעלע געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד, אַ יינגעלע, דער שפּעטער באַוווסטער ר׳ אברהמע׳לע, איז מען גלייך אַריינ־געגאנגען אין בית־דין־שטוב, ווו דער יונגער פאָטער איז געזעסן און געלערנט מיט עטלעכע בחורים און מ׳האָט אים אָפּגעגעבן מזל־טוב און אָנגעזאָגט די

בשורה, אַז עס איז דאָ אַ יינגל. דער רבי האָט געזאָגט, אַז ווי נאָר ער וועט ענדיקן דעם שיעור וועט ער אַריינקומען אָנקוקן דאָס קינד.

כך הוה — אין אַ האַלבע שעה אַרום איז ער, צוזאַמען מיט זיינע תלמידים, אַריין צו דער יולדות, אָנגעקוקט דאָס קינד און באַלד געזאָגט ער וועט אויס־וואַקסן אַ גרויסער עילוי. איינער פון זיינע תלמידים, אַ חוצפּהדיקער בחור, האָט געפרעגט: „רבי, פונוואַנען ווייסט איר, אַז ער וועט קאָנען לערנען״? ר׳ יאַנקעלע האָט דערויף געענטפערט — „קוק גוט וועסטו זען״. דער חוצפּהדיקער בחור איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען און געזאָגט צום רבין, אַז ער קוקט גוט און זעט גאָרנישט.

דער בחור האָט טאַקע נישט געזען, אָבער דער רבי ר׳ יאַנקעלע האָט געהאַט אַ וויטן קוק. פון דעם יינגל איז אויסגעוואַקסן דער באַרימטער למדן ר׳ אברהמעלע.

*

איינמאָל האָט מען דעם רבי ר׳ יאנקעלע פאַרבעטן קיין זאַלאַשין צו באַטייליקן זיך מיט נאָך צוויי רבנים אין אַ דין תורה. ר׳ יאנקעלע איז איינגע־שטאַנען ביי ר׳ שמעון שליט.

ווען ר׳ שמעון איז אַריין צום רבין אין חדר, האָט ר׳ יאנקעלע אים געפרעגט צי ער דאַרף עפּעס. ר׳ שמעון האָט דערויף געענטפערט, אַז ער האָט ב״ה פרנסה, איז געזונט און נויטיקט זיך נישט אין קיין שום זאַך. צוויי מאָל האָט ר׳ יאנקעלע געפרעגט ר׳ שמעונען די זעלבע פראַגע און ביידע מאָל באַקומען די זעלבע תשובה.

ערשט, ווען ר׳ יאנקעלע האָט זיך שוין געגרייט צוריקצופאָרן קיין קלאָבוצק, האָט ר׳ שמעון ביים געזעגענען זיך געבעטן ביים רבין אַ ברכה. ר׳ יאַנקעלע האָט אים אָפּגעענטפערט: „דו האָסט פאַרשפּעטיקט, ווען איך האָב דיך געפרעגט צי דו נויטיקסט זיך אין עפּעס, בין איך געווען פאַרן דאַווגען, בעתן דאַווגען איז געווען אַ שעת רצון און מ׳האָט געקאָנט עפּעס אויספועלן ביים רבונו של עולם, איצט איז שוין צו שפּעט״.

די דאָזיקע מעשה האָט דערציילט ר׳ שמעונס זון, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון רבין ר׳ יאנקעלע און וווינט אין ירושלים.

*

צו ר׳ יאַנקעלען איז אַריינגעקומען אַן אָרימאַן און געקלאָגט זיך, אַז עס איז ווינטער און ער האָט נישט קיין וואַרעם מלבוש אָנצוטאָן. דער רבי האָט אַריינגערופן די רביצין און געזאָגט איר: אַזוי ווי איך האָב צוויי פּעלצן, גיב איינעם אַוועק דעם אָרימאַן. די רביצין האָט געטאָן דעם רצון פון איר מאַן און אַוועקגעגעבן איין פּעלץ.

שבת האָט די רביצין, צו איר גרויסן פּאַרדרוס געזען, אַז זי האָט אַוועק־געגעבן דעם גוטן פּעלץ. וועגן דעם עגמת נפש, האָט זי דערציילט דעם מאַן, דעם רבין, אבער ער האָט זי באַרואיקט און געזאָגט: עס שאַדט נישט, אַז עס וועט דעם ייד זיין וואַרעם, וועט מיר אויך זיין וואַרעם.

*

ר׳ יאַנקעלע, וואָס איז געזעסן יום ולילה און געלערנט, האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט אויפצונעמען די פּרנסי העיר. שמואל שפּערלינג און פייוול מאס האָבן באַשלאָסן, אַז זיי מוזן זיך צוזאַמענריידן מיטן רבין וועגן קהל־ענינים. זיי זענען געפאַלן אויף אַ המצאה — צו קומען צום רבין און אים זאָגן, אַז מ׳וויל אים געבן אַן הוספה אויפן געהאַלט.

גערעדט און געטאָן: די צוויי פּרנסים זענען אריין צום רבין און אים דערקלערט, אַז זיי ווילן אים דערלייגן צוויי רובל אויף זיין געהאַלט. דער רבי האָט נישט געלאָזט ווייטער ריידן און געזאָגט צו די פּרנסים: איך דאַרף נישט קיין הוספה, די רביצין וועט סיי ווי אַלץ אויסגעבן. אויב איר האָט עפּעס וויכטיקס אויף אַ דבר מצוה קאָנט איר דאָרט אויסגעבן דאָס געלט.

*

און צום סוף וויל איך דערציילן אַ טרויעריקע געשעעניש אין מיין אייגענער משפּחה, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון ר׳ יאַנקעלע:

ביי מיין פעטער לוי האָט געטראָפן אַ גרויס אומגליק: זיין פרוי מיין מומע רחל האָט געבוירן אַ ייִנגל און פונקט צום ברית איז זי געשטאָרבן. דער פעטער האָט געוווינט אין דער שול־גאַס, וווּ עס האָט אויך געוווינט ר׳ יאַנקעלע. מ׳איז דעריבער אַוועק צום רב פרעגן ווי מ׳זאָל זיך נוהג זיין מיטן ברית און מיט דער לויה.

ר׳ יאַנקעלע הערנדיק די טרויעריקע בשורה האָט שווער אָפּגעקרעכצט,

געזאָגט ברוך דיין אמת און געהייסן קומען מאָרגן פרי. ווייזט אויס, אַז ער האָט געדאַרפט האָבן אַ יישוב הדעת.

אויף צומאָרגנס, ווען מ׳איז צו אים געקומען, האָט ער באַפוילן צו מאַכן דעם ברית באַלד נאָך דער טהרה אין קעגנוואַרט פון דער טויטער מוטער. אַזוי האָט מען געטאָן. ר׳ יאנקעלע איז געווען סנדק. דאָס קינד האָט מען מל׳ע געווען אין קעגנוואַרט פון דער טויטער מוטער. וואָס איז געלעגן אויפן טהרה־ברעט צוגעדעקט אין שווארצן. ר׳ יאנקעלע איז געזעסן מיטן פנים צו דער געשטאָרבענער — און געהייסן אַלעמען טרינקן לחיים און ווינטשן דער מאַמען, וואָס זי האָט זוכה געווען נאָך צו זיין אויפן ברית פון איר זון.

דער רבי האָט דעם קינד געגעבן צוויי נעמען — ראובן בנימין, אַ רמז צו דער ענלעכער געשעעניש, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אונזער מוטער רחל, ווען זי האָט געבוירן בנימינען. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמלס געקומען אויף דעם אויסטערלישן ברית.

*

## דער לעצטער קלאָבוצקער רב

דער לעצטער רב אין קלאָבוצק, וואָס איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן צוזאַמען מיט זיין עדה, ר׳ יצחק הענעך גאָלדבערג ז״ל — האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס. ער איז געווען אַן אייניקל פון באַוווסטן גאון און ערשטן גערער רבי — בעל חידושי הרי״ם. הרב ר׳ יצחק הענעך האָט שטאַרק געזאָרגט פאַרן לימוד התורה. ער האָט געלערנט אַ שיעור מיט בחורים. צו זיינע תלמידים האָבן געהערט: יעקב גראנעק, עמנואל כארזשעווסקי, לייזער קליינ־בערג, אברהם מענדל ליפיער, אַ טרוסקאלאסקער בחור און דער שרייבער פון די שורות.

# שולן און בתי מדרשים

## די קלאָבוצקער שול

אין דעם ווייטן אויסטראַליע האָט די קלאָבוצקער שול, די פאַרניכטעטע דורך די דייטשע טמאים, אויפגעלויכטן פאַר מיינע אויגן אין איר העלסטן ליכט. ניין, זי איז נישט פאַרברענט — ערגעץ־ווו איז די דאָזיקע הייליקייט פאַראַנען, ערגעץ־ווו פלאַטערט די געטלעכע פאַרכטיקייט פון מיינע קינדער־יאָרן.

דורך די הויכע פענצטער מיט די קאָלירטע שויבן שטראַלט דאָס זונען־ליכט צניעותדיק־באַשיידן, ווי די שטילע תפילה פון שמונה־עשרה. די דאָזיקע קאָלירטע זונענשטראַלן, וואָס צינדן זיך אין יעדן שול־ווינקל, לייכטן ביז היינט אין מיין האַרץ.

אַמאָליקע דורכגעלעבטע און קינדיש־דורכגעפיבערטע פרייטיקצונאַכטסן און יום־טוב־אָוונטן אין דער שול טויכן אויף אין מיין זכרון. העגנגלייכטער און בליך־לאָמפּן גיסן זייער ליכט איבער שבת־יומטובדיקע יידן, וועלכע זענען אַלע באַהאָפטן אין הייליקע תפילות צום בורא עולם.

און אָט איז די פאַרכטיקע כל־נדרי־נאַכט. אין דער העל־צעוואָרעמטער ליכטיקייט גיסן זיך אַריין די הייסע טרערן פון יידישן קלאָבוצק, דאָס געבעט פון מענער און פרויען. עס קייקלט זיך דאָס כל־נדרי־געזאַנג און שטייגט העכער און העכער, דאַכט זיך אויך די שול איז העכער געוואָרן. עס איז פאַר־שוווּנדן דער הייליק־געמאָלטער סופיט און די טויערן פון הימל האָבן זיך געעפנט.

אין תשעה באב, די נאַכט פון חורבן־ירושלים. פינצטערע שאָטן שפרייטן זיך אין שול, אַראָפּגעוואָרפן די שיך פון די פיס זיצן אבלדיק קלאָבוצקער יידן און ביי אַ קליין ליכטל וויינען זיי אויס זייער „איכה"־געזאַנג אויף חורבן בית־המקדש.

און נאָך אַלע פאָלקס־טרויערן — ווערט ווידער די שול באַלעבט מיט שטראַלנדיקער פאָלקס־פרייד: קלאָבוצקער יידן פרייען זיך מיט דער תורה —



די שול פון קלאָבוצק

געצייכנט — אַדעלאַ

שמחת תורה. ליכט, פרייד, רעליגיעזע התלהבות האָט די באַזונדערע קלאָבוצקער יידן צונויפגעגאָסן אין איין עדה, וואָס מאַכט פול די שול מיט געזאַנג, טענץ לכבוד דער תורה.

— — — — — — — — — — — —

די קלאָבוצקער שול, דער בית־המקדש מעט, איז צוזאַמען מיט די קהילה חרוב געוואָרן, אָבער זי לעבט אין מיין האַרץ און נשמה צוזאַמען מיט מיינע נאָענטסטע און טייערע, וואָס זענען אַזוי גרויזאַם פאַרפייניקט געוואָרן.

אַט די דאָזיקע שול האָב איך זיך באַמיט מיט מיינע שוואַכע מיטלען ווידער אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר, כדי איר אויסזען און דער זכר פון איר זאָל קיינמאָל נישט אָפּגעטאָן ווערן פון אונדזערע אויגן און הערצער.

אַדעלע

גיטל גאָלדבערג

# אנטשטייאונג פון דער שול

מיין מאַמע רייזל לאה ז״ל האָט אָפטמאָל דערציילט וועגן דער קלאָבוצקער שול, ווי שווער עס איז אָנגעקומען זי אויסצובויען און שפּעטער אויסצוענדיקן.

איידער עס איז געוועזן די שול האָבן אַלע געדאַוונט אין אַ קליין הייזל אויף די „זאַוואדעס״, וווּ עס זענען אַמאָל געווען קאָנצענטרירט אַלע יידן. דער פּלאַץ מיטן הייזל האָבן געהערט צו ר׳ אהרן ווייס, דער זיידע פון ר׳ וואָלף. ר׳ אהרן האָט דאָס הייזל אָפּגעגעבן אויף אַ בית תפילה. אַ סך יאָרן האָט מען דאָרט געדאַוונט.

מיט זייער שוואַכע געלט־מיטלען איז מען צוגעטרעטן בויען די שול. עס האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעפינען אַ נדבן, וועלכער האָט אויף זיך גענומען דעם הייליקן חוב צו העלפן אויסבויען אַ מקום קדוש פאַר די קלאָבוצקער יידן. דער נדבן איז געווען — ר׳ שמעון ווערקסלער, אַ גביר, וואָס האָט מיט זיין פרוי רחל׳ע אַרענדירט די ספּירט־פאַבריק אין זאַגאָרזש. מיט ר׳שמעונס געלט איז מען ערשט רעכט צוגעטרעטן אויסצובויען די שול. ווען עס זענען שוין געשטאַנען די ווענט מיטן סופיט האָט ווידער אויסגעפעלט געלט. מ׳האָט דעריבער געמאַכט זאַמלונגען אין די שטעטלעך אַרום קלאָבוצק. דערווייל האָט מען געדאַוונט אין די בלויזע פיר ווענט.

עס האָט געדויערט אַ סך צייט ביז מ׳האָט אויסגעפערטיקט די שול און די „עזרת נשים״ צו וועלכער עס האָבן געפירט אַ סך טרעפּ.

איבערן ארון הקודש איז שטענדיק געווען אויסגעקריצט דער נאָמען פון נדבן ר׳ שמעון ווערקסלער ז״ל׳

**ברוך שימקאָוויטש**

# די שול – דער מקום קדוש פון די קלאָבוצקער יידן

די קלאָבוצקער שול האָט אין דער גאַנצער אומגעגנט גע׳שמ׳ט אַלס דאָס העכסטע בית הכנסת. און באמת איז די שול געווען זייער הויך, פעסט געבויט מיט לאַנגע פענסטער. דער אַריינגאַנג אין שול האָט געפירט איבער עטלעכע ברייטע טרעפ, שיינע, ברייטע טירן האָבן זיך געעפנט אין פּאָליש אַריין. אויך דער פּאָליש איז געווען רחבותדיק און געהאַט דריי טירן: איינע האָט געפירט אַרויס אויפן שול־הויף, די צווייטע — אין קליינעם בית המדרש׳ל און צוויי ברייטע, דיקע האַלב־טירן האָבן זיך געעפנט אין שול אַריין. דער גרויסער פּאָליש האָט אויך געדינט שבת און יום־טוב צו קריאת־התורה.

אין שול איז מען אַריינגעקומען דורך אַראָפּגיין פון עטלעכע טר׳עפּלעך, כדי מקיים צו זיין דעם „ממעמקים קראתיך יה״. אַביסל ווייטער האָט פון סופיט אַראָפּגעהאָנגען דער „נר תמיד״, אַ זעקסקאַנטיקער מיט מעשענע מגן דוד׳ס און גלעזלעך, טונקל־רטיטע, בלניע, פון וועלכע ס׳האָט אַרויסגעלויכטן שטענדיק אַ טונקל ליכט. פון מיינע קינדער־יאָרן געדענק איך ווי מיר חדר־ייִנגלעך האָבן געטייטשט די ווערטער „נר־תמיד״ — דאָס ליכט ברענט פון זיך אַליין דורך אַ נס. ווייל מיר האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, ווי אַזוי דער שמש קאָן צוקומען און אָנצינדן דעם „נר־תמיד״, ווען ער הענגט אַזוי הויך, בעת אין שול איז נישט פאַראַן קיין לייטער.

די מזרח־וואַנט האָט געהאַט אין דער הויך דריי קליינע פענצטער מיט האַלב־רונדיקע, בלויע, רויטע און גרינע שייבלעך. איבער דעם ארון־הקודש זענען געשטאַנען צוויי טונקל־ברוינע, פון האָלץ געשניצטע לייבן, אָנגעשפּאַרט אויף די בלויע לוחות־הברית, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעקריצט די עשרת־הדברות מיט גאָלדענע אותיות. אביסל נידריקער, פון ביידע זייטן ארון הקודש זענען געשטאַנען צוויי גרויסע בלומען־טעפּ מיט פרוכטן.

דער ארון הקודש איז געווען טיף אין דער וואַנט. אין אים האָבן זיך געפינען אַ סך ספרי־תורות, אויך פסולע מיט „אבנטים״ (גאַרטלען) אַרומגעוויקלט. נאָר שמחת תורה האָט מען זיי גענוצט צו הקפות. צום ארון הקודש איז מען אַרויפגעגאַנגען אויף עטלעכע טרעפּלעך, וואָס זענען געווען פון ביידע זייטן. רעכטס איז מען אַרויפגעגאַנגען און דורך דער צווייטער זייט — אַראָפּ. ביידע זייטן פון ארון־הקודש, הינטן ביי די טרעפּלעך, האָבן געהאַט צוויי חשובע „שטעט״.

רעכטס האָט שטענדיק געדאַווענט דער רב און לינקס — דער חשובער באַלעבאָס — מענדל גוטערמאַן, וויזט־ אויס — ער האָט דאָ געהאַט אַ ירושה־„שטאָט".

נעבן דעם ארון־הקודש איז געשטאַנען דער גרויסער עמוד איבער וועלכן עס האָט געהאַנגען דער „שויתי". ביי דעם עמוד האָבן שטענדיק געדאַווענט די שליחי ציבור" — ר׳ דוד הערש און ר׳ משה זאנדער,ביידע שוחטים.

ר׳ דוד הערש מיט זיין הדרת־פנים און לאַנגער, פּאַטריאַרכאַלער באָרד, איז איבער 40 יאָר געשטאַנען פאַרן עמוד אין די ימים־נוראים און געווען דער בעל תפילה פון די קלאָבוצקער יידן. אַ סך טרערן איז דאָ אין דער שול פאַר־גאָסן געוואָרן בעת ר׳ דוד הערש, איינגעהילט אין טלית און אין קיטל, האָט האַרציק מתפלל געווען און אויסגעציקלט זיינע חזנישע שטיקלעך. אַ ציטריקע שטילקייט האָט געהערשט אין שול, ווען דער חזן האָט מיט זיין שאגת הארי, געגעבן אַ געשריי: „שדי נורא ואיום". זיינע זין זענען געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון ביידע זייטן און אים צוגעהאָלפן זינגען די ימים־נוראים־ניגונים.

ר׳ משה זאנדער, מיין געוועזענער רבי, האָט פאַרן עמוד געדאַווענט שחרית. ער האָט אַלע יאָר געהאַט נייע ניגונים, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון ראַדאָמסקער רבין. אין שטעטל האָט מען שוין געוווסט: אויב משה שוחט איז פאַר די ימים־נוראים געווען אין ראַדאָמסק, וועט מען שוין אין שול הערן נייע ניגונים. זיין געזאַנג האָט צוגעצויגן די מעלאָמאַנען פון שטעטל, וועלכע זענען צוליב דעם ספּעציעל געקומען אין שול דאַווענען, כדי צו הערן ר׳ משה׳ס נייע ניגונים. זיס איז געווען זיין דאַווענען אין די שבתים און זיין קבלת שבת.

ווען מען טראַכט וועגן דער קלאָבוצקער שול שווימט אַרויף אין זכרון די שול־גאַס. דאָס איז נישט געווען סתם אַ גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער שול, נאָר אַ מין „פּרוזדור" צום מקום קדוש. דורות נאָך דורות, זייט אין קלאָבוצק האָט זיך איינגעשטעלט אַ יידישע קהילה, האָט יעדער קלאָבוצקער ייד פיל, פיל מאָל דורכגעמאָסטן די דאָזיקע גאַס. אַ חוץ אין דער שול און בית המדרש, וווהין מ׳איז געגאַנגען דאַווענען דריי מאָל אין טאָג — איינדערפרי און מנחה־מעריב, איז מען דורך דער דאָזיקער גאַס אויך געגאַנגען אין מקוה. אין דער שול־גאַס האָבן זיך אויך געפונען די חדרים, וווהין מאַמעס האָבן זומער געפירט דאָס קליינוואַרג לערנען „אלף בית" און „עברי" און גרעסערע יונגלעך זענען אַליין געגאַנגען לערנען תורה.

לאָמיר דאָ דערמאָנען די מלמדים פון דער שול־גאַס: די דרדקי־מלמדים זענען געווען — ר׳ איטשע בער מיטן צונאָמען קורזשאַק און דער לאָמער לייבעלע; איטשקע לעווקאָוויטש, יוסף בוכווייץ, משה שיאַוויץ (דייטש) און משה יעקב ראָזנטאַל — האָבן שוין געלערנט חומש און רש״י און מיט גרעסערע קינדער.

אין דער שול־גאַס האָבן זיך אויך געפינען: די הכנסת־אורחים און די גערער און אלעקסאַנדערער שטיבלעך. בשעתו האָט אויף דער גאַס געוווינט דער באַוווסטער רב און צדיק ר׳ יאַנקעלע זצ״ל און דאָרטן געפירט זיין ישיבה.

באַלד נאָך דער שול איז געשטאַנען דאָס קליינע איינגעבויגענע הייזל פון איזיק כלאַפּאַק. דאָרט האָט מען אַלע שבת געדאַוונט און געלייענט די תורה. דער בעל קורא איז געווען איציק זייבעל. די מתפללים האָבן געשאַפן אַ גמילת־חסדים־קאַסע. אין דעם הייזל אין אַ קליין צימערל האָבן געוווינט די דריי בלינדע פרויען: זלאַטע, נאַכעלע און ריטשל. ר׳ איזיק כלאַפּאַק האָט לשם מצוה זיי באַדינט. — אַזוי האָט אויסגעזען די שול־גאַס אין קלאָבוצק.

### די בית־המדרש־בחורים

אַ חוץ, דער שול האָט קלאָבוצק אויך געהאַט צוויי בתי־מדרשים — אַ גרויס און אַ קליינס. דאָס גרויסע בית המדרש, וואָס איז טאַקע געווען גרויס, האָט נישט גערוט — נישט ווינטער און נישט זומער. בייטאָג און ביינאַכט. דאָ האָט מען געדאַוונט און געלערנט, געזאָגט תהלים און סתם געשמועסט. אויך דער שרייבער פון די שורות האָט אַ סך יאָרן פאַרבראַכט אין דעם בית־המדרש, געקוועטשט די בענק און געלערנט.

עס איז מיר געבליבן טיף איינגעקריצט אין זכרון מיין קלאָבוצקער בית־המדרש... די לאַנגע גראָב־ברעטערדיקע בענק מיט טישן. די גרויסע שענק ספרים, אַלטע ספרים מיט פאַרגעלטע בלעטער, די פאַרשידענע ש״ס׳ן און עטלעכע ארבעה שולחן ערוך׳ס. עס זענען מיר געבליבן אין זכרון די בחורים, וואָס האָבן מיט מיר צוזאַמען געלערנט: עמנואל כאַרזשעווסקי, יעקב גראַנעק, לייזער קליינבערג, אהרן ווייס, יעקב דאַווידאָוויטש, יחיאל ראָזין, יעקב אהרן בלוי, מענדל ליפּיער און לייבל, משה שוחט׳ס שוואָגער.

מיר זענען דעמלט געווען די „מיטעלע״ בית המדרש בחורים. אַ חוץ אונז זענען נאָך געווען די „גרעסערע״ לערנערס, ד. ה. די עלטערע בחורים, אויף וועלכע מיר האָבן געקוקט מיט אַ באַזונדערן דרך־ארץ. צו דער גרופּע האָבן

געהערט די זין פון די כלי קודש: משה דעם רב׳ס, שלמה און מנחם — זין פון שוחט יעקב בארוך, משה רודעק, אברהם מענדל דודעק, לוי וויינמאַן, לוי קורלאַנד.

געווען נאָך אַ גרופּע פון בית־המדרש־בחורים, „אָנפאַנגער״, גאַר יונגע, וועלכע האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן זעלבסטשטענדיק עוסק צו זיין אין תורה. צו דער גרופּע האָבן געהערט: אברהם גאָלדבערג, מענדעל כארזעווסקי, הלל און יוסף לייב זשולטאַבראַצקי, חיים דזיאַלאָווסקי, יוסף און יחיאל גוטערמאַן, משה זעלקאָוויטש.

4 אַ זייגער פאַרטאָג זענען מיר שוין געקומען אין בית־המדרש לערנען. אַ שעה שפּעטער זענען געקומען די ערשטע מתפללים: יצחק ליפשיץ, יצחק שוסטער, יחיאל קראַשקאָווסקי, שמואל שפּערלינג, אהרן זיידמאַן, יעקב פישל ראָזנטאַל, איציק זייבעל, אהרן זאַקס און ח. מ. גאָלדבערג. זיי זענען געווען פון ערשטן מנין. ווי נאָר מ׳האָט אָנגעהויבן דאַווענען, האָבן די בחורים־לערנערס זיך אָפּגעטראָגן אין קליינעם בית־המדרש׳ל.

אַלע יאָר, ראש חודש אדר, האָט מען אויף דער מזרח־וואַנט פון גרויסן בית המדרש אָנגעשריבן מיט גרויסע גע׳כתיבה׳טע אותיות: „משנכנס אדר מרבין בשמחה״. משה שוחט האָט אויסגעטייטשט די ראשי תבות פונעם וואָרט בשמחה: „בראָנפן שטאַרקן מוזן חסידים האָבן״. פון דער מזרח־וואַנט האָט אַ לאַנגער טיש זיך געשטרעקט ביז צו דער טיר. אַרום דעם טיש זענען געזעסן די ישיבה־בחורים, זיך געשאָקלט איבער די גמרא׳ס און איבערגערופן זיך מיט „אמר רבא און אמר אביי״. דער טיש איז אויך אויסגענוצט געוואָרן צו די גרויסע קהילה־אסיפות. דאָ האָט אויך יעדעס יאָר, אין דער ימים־נוראים־צייט, ר׳ כתריאל דער מוכר ספרים, פענאַנדערגעלייגט זיינע מחזורים, סידורים, כל־ערליי ספרים, מעשה־ביכלעך פון צדיקים בעלי מופתים, הבדלות דיקע און דינע.

ר׳ כתריאל איז נישט געווען קיין קלאַבוצקער. אויף די ימים־נוראים איז ער ספּעציעל געקומען צופאָרן מיט זיין הייליקן מסחר. אַז ס׳זענען אַדורך עטלעכע טעג און ער האָט נישט געליזט קיין געלט, האָט ער געמאַכט אַ „פּלעט״, ער האָט אויסגעפּלעט אַ זאַץ חומשים, אַ „שבט מוסר״, אַ „קב הישר״, וואָס מ׳האָט געקאָנט געווינען נאָר פאַר דריי קאָפּיקעס. נאָכדעם ווי ר׳ כתריאל האָט שוין געהאַט צונויפגעשטעלט די סומע, וויפיל עס האָבן געדאַרפט קאָסטן די אויסגעפּלעטע ספרים, איז פאָרגעקומען די ציאונג. פון אַ לאַנג טאַרבעלע האָט

מען אַרויסגעצויגן אַ נומער און ווער ס'האָט זוכה בגורל געווען, האָט באַקומען די ספרים.

אויך דאָס קליינע בית המדרשל איז נישט געשטאַנען ליידיק. דאָ האָט מען געלערנט נאָר זומער און געדאַוונט האָט מען אַ גאַנץ יאָר אין די שבתים און אין די ימים טובים. די מתפללים זענען געווען מייסטנס פּי־סוחרים און פערד־הענדלער. זיי האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען ווי אַ חברה, גע'כוסה'ט און געשפּילט קאָרטן צוזאַמען.

אויפן שול־הויף האָט זיך געפינען אַן אַלטער ברונעם. צו אַ לאַנגער אייזערנער קייט איז געווען צוגעפעסטיקט אַ גרויסער שעפער, וואָס האָט געדינט צו וואַשן די הענט פאַרן אַריינגיין אין מקום קדוש. אין קלאָרן וואַסער פון ברונעם איז שטענדיק געווען אַנגעשאָטן מיט קליינע שטיינדלעך וואָס „קונדסים" האָבן אַריינגעוואָרפן, כדי צו זען, ווי ס'וואַסער בלעזלט זיך.

איך געדענק, ווי אַלע יאָר, ערב יום כיפור פאַר כל נדרי, האָט ר' דוד הערש מיט דעם שעפער געוואַשן זיינע אויסגעפּוצטע לאַטשן. מ'האָט דעמלט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ סטריקאָווער מנהג. ווייל ר' דוד הערש איז געווען אַ סטריקאָווער חסיד.

## דאָס קהלשע מרחץ און די מקוה

אויפן שול־הויף האָט זיך אויך געפונען אַ קליינע שאַפּע, וואָס איז געווען די שרעק פאַר קינדער. אינווייניק אין דער שאַפּע איז געשטאַנען דער ארון המתים און דער שוואַרצער וואָגן מיט וועלכן מ'האָט געפירט יידן צו זייער אייביקער רו אויפן בית־עלמין. ווען מ'האָט געזען פונווייטנס, אַז די טירן פון דער שאַפּע זענען אָפן, האָט מען געוווסט, אַז היינט איז אַ לויה. קיין אייגענע פערד צו פירן די מתים האָט די קהילה נישט פאַרמאָגט, האָט מען שטענדיק ביי בעל עגלה'ס געמוזט אויסבאָרגן די פערד.

לינקס אויפן שול־הויף, נישט ווייט פון ארון המתים איז געווען די מקווה. פרומע, אָפּגעהיטענע חסידים האָבן זיך געטובלט כמעט יעדן טאָג אינדערפרי פאַרן דאַוונען, סיי זומער, סיי ווינטער. פרייטיק נאָכמיטאָג זענען כמעט אַלע קלאָבוצקער יידן געגאַנגען אין מרחץ. אַ גאַנצע וואָך האָט אויך די מקווה געדינט פאַר טהרת־משפחה... אויך אין די סליחות־טעג זענען אַ סך פרומע קלאָבוצקער יידן געגאַנגען פאַרטאָג זיך טובל זיין פאַרן זאָגן סליחות.

די מקווה, וואָס איז געווען זייער נאָענט צו די בית־המדרש־בחורים,

האָט די ערשטע געווירקט אויף צוועקן אפיקורסישע געדאַנקן... צווישן די יונגע לערנערס האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן, אַז די מקווה איז שרעקלעך שמוציק און געהאַט טענות צום רב — ווי אַזוי ער קאָן כשרן אַזאַ אומריינע מקווה.

דאָס קלאָבוצקער מרחץ איז באַשטאַנען פון אַ גרויס צימער מיט אַ פאָדער־הייזל, ווו דער מקווה׳ניק שלמה ראָזענטאַל (אוליארש) איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט אָנהאַקן האָלץ צו הייצן און צו וואַרעמען דאָס וואַסער. פאַר באַנוצן זיך מיטן מרחץ האָט מען באַצאָלט. עס איז נישט געווען קיין פעסטגעשטעלטער פרייז, וויפיל איינער האָט געוואָלט האָט ער געגעבן — פון צוויי קאָפּיקעס ביז 10 גראָשן. ווער עס האָט מער געצאָלט האָט באַקומען נאָך אַ שעפעלע וואַרעם וואַסער.

אין מרחץ איז שטענדיק געווען חושך צוליב דער פאַרע. אַז מ׳האָט זיך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש האָט מען ערשט באַמערקט די בענק, צוגע־קלאַפּטע צו דער וואַנט. ביים אויסטועז זיך האָט מען געהאַט צוויי ברירות: אָדער וואַרטן ביז עמיץ וועט זיך אָנטאָן, אָדער דאָס פעקל זאַכן אַרויפלייגן אויף יענעמס פעקל. שפּעטער ביים אָנטאָן זיך האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש. דאָס ריינע העמד, וואָס מ׳האָט מיטגענומען צו פאַרבייטן איז אָפטמאָל געלעגן שמוציק אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע. בלית ברירה האָט מען עס געמוזט אָנטאָן, כדי אָפּצווועקסלען דאָס העמד, וואָס מ׳האָט געטראָגן אַ גאַנצע וואָך.

דאָס מרחץ האָט אויך פאַרמאָגט אַ דריי וואַנעס, אין וועלכע עס פלעגן אָפטמאָל זיצן צו צוויי און דריי מענטשן אויפאַמאָל. מ׳איז געזעסן, זיך דערציילט מעשיות, אָפּגעחוזקט און הנאה געהאַט. ווער עס האָט געהאַט צייט האָט דערווייל צוגעוואַרט ביז ער וועט זיך אויך קאָנען אַריינכאַפּן אין אַ וואַנע. נאָכן אַרויסגיין פון דער וואַנע האָט דער מקווהניק מכבד געווען מיט אַ האַלב שעפעלע וואַסער אָפּצוגיסן זיך... פיפיקע חברה־לייט האָבן בגניבה, אונטערן מקוהניקס פּלייצע זיך צוגעכאַפּט צום קראַן און געפּאַקט נאָך אַ שעפעלע וואַסער. דאָס וואַסער אין די וואַננעס, ווי אויך אין דער מקווה האָט מען זעלטן ווען געטוישט.

בתיה איזראַעלעוויטש־זייבעל

# שדים אין מקוה...

די מקוה האָט זיך געגרענעצט מיט אונזער לאָנקע. דורך אַ ספּעציעל געמאַכטן קאַנאַל איז דאָס מקוה־וואַסער אָפּגעפלאָסן אויף די אַרומיקע לאָנקעס. אויף טייל ערטער האָבן זיך געמאַכט טייכלעך אין וועלכע עס האָבן זיך געפּליעסקעט אונזערע קאַטשקעס.

איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק פאַרנאַכט זענען די קאַטשקעס פאַרשוווּנדן. מיר האָבן זיי געזוכט ווו נאָר אַן אָרט און נישט געפינענדיק זיי געווען זיכער, אַז מ׳האָט זיי צוגעגנבעט. מיין פאָטער האָט ווי שטענדיק, ווען עס האָט עפּעס אויסטערלישעס געטראָפן, אָפּגעפּטרט מיט אַ ווערטל: „מילא אַ כפרה די ענטלעך, אבי מיר האָבן די אַנדערע עופות״.

מאכט זיך אָבער אַ מעשה: געווען אין קלאָבוצק אַ פרומער ייד, אַ ירא שמים, אַן אַלעקסאַנדערער חסיד, ר׳ יודל אהרן, וואָס איז יעדן פרייטאָג געגאַנגען אין מקווה זיך טובלען. אין יענעם פרייטיק פאַרטאָג, ווען ער איז אַריין אין דער פינצטערער מקוה, האָט ער פּלוצים דערהערט ווי מ׳פּליסקעט זיך אין וואַסער אין זיין דמיון האָט ער דערזען געשטאַלטן וואָס באַוועגן זיך אויפן וואַסער־פלאַך.

אַ דערשראָקענער איז ער גיך אַרויסגעלאָפן, אַוועק אַהיים און שפּעטער אין בית המדרש דערציילט, אַז ער האָט געזען שדים אין מקווה... עטלעכע ז׳רייסטע יידן, צווישן זיי מיין פאָטער, האָבן זיך איינגעשטעלט און אַריין אין מקוה. דאָ האָבן זיי דערזען אונזערע קאַטשקעס שווימען אין מקווה. זיי האָבן באַקומען דעם צונאָמען — כשרע, געטובלטע קאַטשקעס.

*

פרוי גיטל גאָלדבערג גיט איבער אין אירע זכרונות וועגן דער מקווה:

מיין שווער האָט שטענדיק נאָכדערציילט פון קלאָבוצקער תושבים, וואָס פאַראַ צרות יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין ביים בויען די מקווה: די גויים האָבן, ווייזט אויס, זיך דערשראָקן פאַר דער יידישער מקווה, וואָס האָלט זיך אין בויען און זיי האָבן צוויי מאָל פאַרברענט דעם אויפגעבויטן בנין.

אַ דעלעגאַציע פון קלאָבוצקער יידישע אָנגעזעענע באַלעבאַטים זענען אַוועק קיין פּיעטריקאָוו צום גובערנאַטאָר און אויסגעפּועלט, אַז די מאַכט זאָל נעמען אין שוץ די רעליגיעזע איינריכטונג פון די יידן. די קלאָבוצקער פּאָליציי האָט זיך געוואָנדן צו דער פּוילישער פאַרוואַלטונג פון דעם מאַגיסטראַט און זי געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן פאַל פון אונטערצינדן די מקווה. דאָס האָט געווירקט און די מקווה איז אויסגעבויט געוואָרן.

**ברוך שימקאָוויטש**

# די קלאָבוצקער קהלה

ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן פוילן און ליטע, האָט אויך קלאָבוצק געהאַט אַ קהילה, וועלכע איז געפירט געוואָרן פון אַ דריי פיר מענטשן, די אַזוי גערופענע דאָזאָרעס. זיי האָבן באַשטימט און דורכגעפירט אַלע יידישע כלל־ענינים און אויפגעשטעלט די איינקונפטן און אויסגאַבן, באַשטימט די עטאַטן (קהילה־שטייער) אדג״ל. ביי רעליגיעזע פראַגן האָט מען זיך אויך באַראַטן מיטן רב, למשל: ביים פאַרדינגען דאָס פסחדיקע מעל אויף מצות, ביי מאַכן „עירובין״, מ׳זאָל מעגן טראָגן אין שבת. אַזעלכע ענינים האָט מען דערליידיקט נאָר מיטן רבס הסכמה.

געווען אויך אויסנאַמס פאַלן, ווען מ׳האָט גערופן אסיפות, ווי למשל: ווען מ׳האָט געדאַרפט פאַריכטן די שול, דאָס בית המדרש, אָדער מאַכן אַ נייעם פלויט אַרום בית הקברות און צו דעם צוועק זיך גענויטיקט אין געלט — האָט מען גערופן גאַנץ קהל אויף דער אסיפה. פרייטאָג־צונאַכטס נאָכן דאַווענען האָט דער שמש געגעבן אַ קלאַפּ אין באַלעמער־טיש און געמאָלדן, אַז די דאָזאָרעס רופן אויף אַן אסיפה, וואָס קומט פאָר זונטיק נאָכמיטאָג אין בית המדרש. בעתן אויפנעמען אַ רב אָדער אַ שוחט האָט מען אויף אַן אסיפה גערופן נאָר די פני, די „שענסטע באַלעבאַטים״ פון קלאָבוצק. דאָ האָט שוין דער שמש באַקומען פון די דאָזאָרעס אַ רשימה מיט נעמען, וועמען מ׳דאַרף פאַרבעטן אויף דער אסיפה.

די אויסגאַבן פון דער קלאָבוצקער קהילה אין יענער צייט זענען באַשטאַנען פון: געהאַלט פאַרן רב, שוחט, שמש, באַהייצונג אין ווינטער און באַלייכטונג (ליכט, נאַפט) אין די בתי תפילות, אויפהאַלטן דעם „הכנסת אורחים״, די מקווה און דעם בית־הקברות. דער הויפט־קוואַל פון הכנסות איז געווען דער „עטאַט״, ד. ה. דער יערלעכער שטייער, וואָס איטלעכער קלאָבוצקער ייד האָט געצאָלט פאַר דער קהילה. באַפרייט פון עטאַט זענען געוואָרן נאָר אַזעלכע וועגן וועלכע מ׳האָט געוווסט, אַז זיי זענען שוין „על ככר לחם״. אָפּגעשאַצט יעדנס איינציקע פרנסה און די הויך פון „עטאַט״, וואָס ער קאָן צאָלן, האָבן די דאָזאָרעס אַליין. די רשימה פון די שטייער־צאָלער איז דורך דער קהילה־אָנפירונג איבער־געשיקט געוואָרן דעם נאַטשאַלניק קיין טשענסטאָכאָוו און די אַלגעמיינע צאַרישע שטייער־מאַכט האָט שוין אַלץ איינגעמאָנט.

אַ חוץ דעם „עטאַט" האָט די קהילה אויך געהאַט הכנסה פון דער שחיטה. עס איז געווען אַ ספּעציעלער אָפּצאָל פון קצבים פאַר שחיטה. דעם אָפּצאָל האָט מען גענומען אויך פון יעדער משפּחה. ביים שעכטן עופות האָט מען געמוזט אַרויסנעמען אַ „קוויטל" ביי אהרן זיידמאַן. ווען דער שוחט האָט באַקומען אַזאַ „קוויטל" האָט ער געמעגט שעכטן. די קוויטלעך האָבן געקאָסט: פאַר אַ גאַנז אָדער אַ קאַטשקע — 4 גראַשן, פון אַ הין — 3 גראַשן. אויך די רח"ש־הכנסה (פאַר באַנוצן די כלי־קודש — רב, חזן שוחט) האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין קהילה־בודזשעט. פאַר חתונות, בריתן, איינמעלדן פּריש־געבוירענע און יבדל לחיים — אויסמעלדן ביי טויט־פאַלן, האָט מען געמוזט געבן אַ ספּעציעלן אָפּצאָל. די דאָזיקע הכנסות זענען געגאַנגען נאָר פאַר די כלי־קודש: רב, שוחט און שמש.

די כלי־קודש האָבן אויך געהאַט אַ טראַדיציאָנעלע יום־טוב־הכנסה. געווען אַ מנהג אין קלאָבוצק, אַז ערב יום כפּור פאַרטאָג, זענעןביידע שוחטים געגאַנגען פון שטוב צו שטוב שעכטן די כפּרות. איטליכער ייד האָט די שוחטים זייער לייטיש באַפרידיקט פאַר דער טרחה און מקיים געווען די מצווה פון „כיסת הדם" — צודעקן דאָס בלוט נאָכן שעכטן. פּורים, האָט איטליכער באַלע־באָס געוווסט, אַז ער מוז שיקן דעם רב און שוחט שלח מנות און פּורים־געלט. דאָס נעמלעכע אויך חנוכה — חנוכה־געלט.

פון מיינע יונגלשע יאָרן געדענק איך די דאָזאָרעס: מאיר און שמואל שפּערלינג, משה שמולעוויץ, פּיוזל מאָס, דוד זיגלמאַן, שימשע ליכטער, אהרן מאָס, משה שפּערלינג, אהרן זאַקס און אברהם יאַקובאָוויץ.

צו דער קלאָבוצקער קהילה האָבן אויך געהערט די יידישע ישובים אין די דערפער אַרום שטעטל ווי: מיעדזינע, קאַטשין, אָסטראָוו, ניידאָרף, וואַלענצעווו, לאַבאַדנע, זלאַכאָוויץ, ליבידזע, וורענציצע און קאָמיק.

## די קהילה בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די קלאָבוצקער קהילה־אָנפירונג זיך גענומען „רעפאָרמירן". די דריי דאָזאָרעס פון יענער צייט זענען געווען: אברהם יאַקובאָוויטש, אהרן זאַקס (דער לאַנגער אהרן) און משה שפּערלינג. אברהם יאַקובאָוויטש, דער ראש פון דער קהילה, האָט גענומען איינפירן רעפאָרמען: מעלדונגען פון דער קהילה זענען אָפּגעגעבן געוואָרן נישט דורכן שמש אין שול, נאָר דורך באַקאַנטמאַכונגען אין ייִדיש, וואָס מ'האָט אויפגעהאַנגען אין בית המדרש.

יאקובאָוויטש האָט אויך רעפאָרמירט די סאָציאַלע הילף פון דער קהילה, אַז דער נצרך זאָל זיך נישט פילן אזוי דערנידריקט און דער שמש זאָל דורך די באַלעבאַטים און רב נישט אויסגענוצט ווערן צו שליחותן, וואָס געהערן נישט צו זייַן אַמט. דער ראש פון די דאָזאָרעס האָט אָרגאַניזירט די ערשטע ביליקע קיך פאַר אָרימע־לייט און פאַרלאַנגט, אַז ביי וויכטיקע פראַגן זאָל מען אָנפרעגן קהל דורך אָפטמאָליקע אסיפות.

דער רב איז נישט געווען צופרידן מיט די דאָזיקע רעפאָרמען און צווישן אים מיטן דעמאָקראַטישן דאָזאָר האָט זיך אָנגעהויבן אַ געראַנגל. יאַקובאָוויטש איז אָבער געווען גענוג דרייסט און דערקלערט, אַז נישט מיט אַלעם, וואָס דער רב זאָגט מוז מען מסכים זיין.

# די מלמדים פונעם שטעטל

אברהם גאָלדבערג

## אזוי האבן מיר געלערנט תורה

מיין ערשטן רבי האָט מען גערופן ר׳ משה יעקב ראָזנטאַל. אַ געוועזענער ראַדאָמסקער חסיד. ער האָט געוווינט אין דער שול־גאַס, קייגנאיבער דעם גרויסן בית־המדרש. דאָס „חדר" ווו מיר האָבן געלערנט איז געווען אויפן הויף און דאָס איינציקע פענצטער, וואָס האָט געגעבן ליכט איז אַרויסגעגאַנגען צו לייב זייבעלס שטאַל. די פערד פון שטאַל האָבן אומעטיק־פערדיש אַריינגעקוקט דורכן פענצטער און זיך צוגעהערט צום „קול קול יעקב פון די תנוקות של בית רבן".

דאָס צימער פון חדר האָט אויך גענוצט צו אנדערע צוועקן. דאָרט איז געשטאַנען אַ מאַשין צו פרעסן אייל פון פלאַקס־קערנער, וואָס די פויערים האָבן געברענגט. דאָס פסולת נאָכן אויספרעסן דעם אייל איז אין פאָרם פון פיר־קאַנטיקע „קוכנס" פאַרקויפט געוואָרן אויף שפייז פאַר בהמות.

פאַר די ימים־נוראים האָט פון דעם חדר זיך געטראָגן דאָס פרומע געזאַנג פון ראש־השנה־יום־כפורדיקן דאַווענען. מיין רבי איז געווען אַ גרויסער בעל־מנגן, ער האָט געהאַט אַ זיס שטימעלע. אויף די ימים־נוראים איז ער טאַקע אַלס בעל־תפילה געפאָרן אין די קהילות אין דער אומגעגנט. ער האָט געהאַט אַ „כאָר" פון משוררים, ווען ער האָט צוזאַמען מיט די משוררים אויסגעציקלט אַ „יראתי בפצותי" און „ונתנה תוקף" איז מען געקומען צולויפן אויף וווּנדער.

נעבן דעם „חדר" איז געווען נאָך אַ צימער, אין וועלכן דעם מלמדס טעכטער, וועש־נייערינס", האָבן געהאַט זייער וואַרשטאַט. אויך די זין האָבן געאַרבעט ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט און ביי דעם אַלעם איז מיין רבי געווען נישט קיין קליינער אָרימאַן.

מיר חדר־יינגלעך האָבן זיך געפילט זייער גוט ביים רבין ר׳ משה יעקב. אויף וויפיל איך געדענק האָבן מיר הנאה געהאַט פון דער מאלערישער סביבה: אַ פאָר צענדליק מעטער פון חדר האָט זיך געפונען דער טייך מיט ברייטע לאָנקעס

אָרום, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפּאַשעט בהמות. נישט ווייט איז געווען משה ברוכס סאָד, זומער־צייט פול מיט עפּל און באַרנעס, וואָס האָבן גערייצט און געצויגן צו זיך. ביי דעם סאָד איז אָבער געשטאַנען ווי ביים גן־עדן אַ „מלאך־המשחית" אין דער געשטאַלט פון קאָפּל מאַנטיל, משה ברוכס איידעם. ער האָט אונז גערודפט עד חרמה. ווי איז געווען צום קינד, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט.

אַ חוץ דעם סאָד האָבן מיר קינדער דאָרט געהאַט נאָך אַ שטיפעריי, וועגן וועלכער איך דערמאָן זיך היינט מיט אַן אונאַנגענעם געפיל: נישט ווייט פון ר' משה יעקבס „חדר" האָט געוווינט די משוגענע פראַדל, אַן עלנטע פרוי, וואָס האָט פאַרהילכט די גאַס מיט אירע היסטערישע געשרייען. אונז חדר־יינגלעך האָט דאָס רייצן זיך מיט איר פאַרשאַפט אַ ווילדע הנאה.



ר' משה יעקב ראָזענטאַל מיט זיין פרוי

ר׳ משה יעקב האָט אין קלאָבוצק געשמט ווי אַ גוטער מלמד. ווען מיינע עלטערן האָבן מיך געבראַכט ס׳ערשטע מאָל אין חדר, האָט מיך דער רבי אויפגענומען מיט פאָטערלעכער ווייכקייט. באַלד ביים לערנען דעם ערשטן אות, האָט דער „מלאך״ אָנגעהויבן שיטן צוקערלעך מיט ניס, וואָס עס איז גענוג געווען פאַר מיר און פאַר מיינע נייע חברימלעך, וועלכע האָבן מיך צוליב דעם באַלד אויפגענומען ווי אַן אייגענעם. מיט שמחה האָב איך געלערנט די הייליקע אותיות און נאָכדעם גאַנצע ווערטער. ר׳ משה יעקב האָט גיך פון מיר געמאַכט אַן „עברי־בחור״ און נאָך אַ האַלב יאָר לערנען האָב איך געמוזט פאַרלאָזן דאָס ליבע, גוטע חדר.

*

חול־המועד סוכות איז צו אונז אין שטוב געקומען ר׳ איטשקע, אַ ייד, אַ מגושמדיקער, ער איז געווען, ווי מ׳האָט אים ביי אונז גערופן אַ „כל בו מלמד״. ביי אים האָט מען געלערנט — חומש מיט רש״י, די גמרא בבא מציעא, שרייבן אַ יידיש בריוול און אויך רוסיש. דאָס חדר האָט זיך געפינען אויף פאָדקאָמעניצער וועג, טיף פאַררוקט אין הויף אין אַ חצי־קאַמער, חצי־שטוב מיט אַ קליין פענצטערל. אין אַ טריבן טאָג איז דאָרט געווען כמעט פינצטער. אויך דאָ האָבן מיר געהאַט אונזערע קינדישע פרייד, וואָס איז ווי שטענדיק געשטערט געוואָרן אין סאַמע מיט.

ר׳ איטשקעס קאַמער־חדר האָט זיך געפונען אויף אַ פויערישן הויף, אָנגעפאַקט מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע כלים. קי זענען געשטאַנען און געמעלהגירה׳ט היי. קליינע קעלבלעך האָבן זיך געלערנט לויפן, שפּרינגנדיק איבער שטיין און שטאָק. דאָס לערנען איז שוין דאָ נישט אַריין אין קאָפּ. מיר האָבן זיך געריסן אין דרויסן, אָבער ווען מיר האָבן געפּרוווט אַ שטיף טאָן מיט די קעלבלעך, האָט מען אונז אכזריותדיק צוריק אַריינגעטריבן אין חדר־קאַמער.

אונטערן דרוק פון די עלטערן פון די תלמידים איז ר׳ איטשקע מיט זיין חדר ארויס פון דער קאַמער. ער האָט געדונגען אַ גרויס צימער מיט צוויי פענצטער. עס זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן גרויסע טישן מיט לאַנגע בענק. אויך דאָ האָבן מיר תלמידים פון ר׳ איטשקע געהאַט אַ „שטן״, וואָס האָט אונז געשטערט אין לערנען. דער „שטן״ איז געווען דער באַרנבוים אויפן הויף פון חדר, וואָס האָט זיך זומער באַדעקט מיט זאַפטיקע באַרנעס, וועלכע האָבן אַריינגעקוקט דורכן פענצטער. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן מיר זיך צו אים צוגעכאַפּט און געריסן די באַטעמטע פרוכט.

ווי איז געווען צו דעם תלמיד, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן ביי דער עבירה. ר׳ איטשקע האָט נישט געוווסט פון קיין רחמנות. מ׳האָט דעם חברה־מאַן אַריבערגעלייגט איבער דער באַנק, אַראָפּגעצויגן אים די הייזלעך און ר׳ איטשקע האָט אַריינגעציילט מיטן קאַנטשיק לויט זיין איינזען. נאָך אַזאַ עקזעקוציע איז דער רבי געווען בלאַס. ער האָט געסאָפּעט און דער בויך האָט זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט. די שווערע שטראָף האָט גאָרנישט געהאָלפן. מיר האָבן ווידער געריסן באַרנעס און יעדעסמאָל זענען געווען נייע „קרבנות״.

בכלל האָט זיך ר׳ איטשקע גערעכנט צו די בעסטע מלמדים און געהאַט מער תלמידים, ווי די אַנדערע מלמדים פון קלאָבוצק. אַ חוץ מיט מלומדות האָט ר׳ איטשקע זיך אויך פאַרנומען מיט זאָקן־פאַבריקאַציע און מסחר. אין שטעטל האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ לייטישן בעל־פרנסה, באַזונדערס נאָכדעם, ווי ער האָט זיך געקויפט אַן אייגן הייזל און דאָרט ווייטער געפירט דאָס מלומדות און זיינע מסחרים.

*

ר׳ ישראל לאַפּידעס, אַ קלוגער ייד, אַ הדרת פנים מיט אַ שיינער פּאַטריאַר־כאַלער באָרד איז געווען מיין דריטער רבי, וואָס האָט מיך געלערנט תורה. פון דעם מלמד זענען געווען צופרידן סיי די תלמידים, סיי זייערע עלטערן. ער איז געווען דער איינציקער מלמד אין קלאָבוצק, וואָס האָט אַריינגעברענגט אין זיינע תלמידים אַ ריינע עברי מיט פאַרשטייז דעם פירוש המילים. ר׳ ישראל האָט נישט געלאָזט איינשלינגען דאָס דאַווענען. מ׳האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן ביי יעדן פסוק.

אין לימוד פון חומש און רש״י, האָט ר׳ ישראל געהאַט זיין סיסטעם: מ׳האָט אָנגעהויבן לערנען די סדרה זונטיק, און דינסטיק נאָך מיטאָג האָט דער בעסטער תלמיד איבערגעחזרט די גאַנצע סדרה פון דער וואָך. אַלע האָבן אויס־געהערט. יעדער האָט געמוזט איינחזרן די סדרה לויט דעם ביישפּיל פון בעסטן תלמיד. צום סוף וואָך האָבן אַלע געקענט די פּרשה חומש מיט רש״י. פרייטיק האָט מען מעביר סדרה געווען מיטן טראָפּ און געלערנט „תרגום אונקלוס״ פאַר־טייטשט אויף יידיש. זומער האָט מען אויך געלערנט „פרקי אבות״.

אַ נייעס אין לאַפּידעסעס חדר איז געווען דאָס לערנען עברית ווי אַ שפּראַך צום רעדן. ער האָט זיך באַמיט אויסצולערנען דעם תלמיד העברעישע ווערטער, וועלכע מ׳קאָן באַנוצן אין רעדן. גלייכצייטיק האָט ער אויך געלערנט שרייבן אַ יידיש בריוול. ער האָט געהאַט אַ שיינע געפּערלטע האַנטשריפט און פאַרלאַנגט

פון די תלמידים, זיי זאָלן אים „נאָכשרייבן". אויך די שטראָפן זענען אין ר׳ ישראלס חדר געווען אַנדערש. ער האָט נישט געהאַט קיין קאַנטשיק נאָר צוויי ליניעס: איינע אַ גראָבע און די צווייטע אַ דינע. פאַר אַ לייכטע „זינד" האָט דער תלמיד באַקומען געקלאַפּט איבער דער האַנט מיט דער דינער ליניע. אַ גרעסערע שטראָף איז געווען דאָס קלאַפּן איבער דער פּלייצע מיט דער גראָבער ליניע. טראָץ די לייכטע שטראָפן איז די דיסציפּלין אין חדר און דער דרך־ארץ פון די תלמידים אין גאַס — געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק.

ר׳ ישראל איז נישט געווען קיין למדן. ער האָט נישט געלערנט קיין גמרא, נאָר וואָס ער האָט געגעבן זיינע תלמידים איז געווען בשלמות. ער האָט זיך באַמיט צו געבן זיינע חדר־יינגלעך די פּשוטע טאָג טעגלעכע יידישקייט. אַ חוץ חומש, רש״י, עברי, שרייבן אַ יידיש בריוול און מקיים זיין מצוות ווי: „כבד את אביך ואת אמך", „ואהבת לרעך", האָט ער נאָך איינגעוואָרצלט אין זיינע תלמידים די ליבע צו די תפילות. פאַר יעדן יום טוב האָט ער מיט אונז געלערנט די יוצרות און פּיוטים פון מחזור. מיר האָבן זיי געמוזט קאָנען לייענען פּונקט ווי „אשרי" און פאַרשטיין יעדעס וואָרט.

אַ חוץ מיט זיין הדרת פּנים, האָט ר׳ ישראל אויך געווירקט אויף אונז מיט זיין לאַנגער ליולקע. לויט דעם אופן פון זיין אַרויסלאָזן דעם רויך, האָבן מיר געוווּסט אין וואָס פאַראַ שטימונג דער רבי איז. קוים האָט ער גערייכערט גיך — האָבן מיר געוווּסט, אַז עס גרייט זיך אַ שטורעם און יעדעס יינגל האָט זיך באַמיט נישט צו דערבייזערן דעם רבי׳ן.

נאָכן „אויסשעפּן" די תורה פון ר׳ ישראל בין איך אַנגעקומען אין חדר פון ר׳ מאיר, שלמה דוד הירש שוחטס איידעם. ער איז געווען אַ פרומער ייד מיט ברייטע יהדות־קענטענישן, אַ בעל־דקדוק, ער האָט זיך נישט גערירט אָן תנ״ך. זיינע תלמידים זענען שוין געווען דערוואַקסענע בחורים. איך בין געווען דער יונגסטער צווישן זיי. אין חדר איז אויך געווען אַ תלמידה — דעם רבינס טאָכטער הענע, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן אַ באַרימטע לערערין.

עס איז געווען דעמלס בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דייטשן זענען געשטאַנען ביי די טויערן פון וואַרשע. מיין רבי האָט אַ חוץ דעם לימוד פון תורה אונז אויך געגעבן אַ „שיעור" אין הלכות סטראַטעגיע, און אונז אויפגעקלערט די מלחמה־טאַקטיק פון „פּרינץ לעאָפּאָלד פון בייערן". דער רבי ר׳ מאיר האָט אין אונז אויך אויפגעוועקט דעם געדאַנק פון „שיבת ציון", וואָס ער האָט פאַר אונז מסביר געווען אויף זיין שטייגער.

## פון חדר אין דער ישיבה

ר׳ מאיר, שלמה הירש שוחט׳ס איידעם, איז געווען מיין לעצטער מלמד. פון אים בין איך שוין אַוועק אין בית־המדרש, אין דער ישיבה, וואָס האָט זיך דעמלס נאָרוואָס געגרינדעט אין קלאָבוצק. אין דער ישיבה האָבן על פי רוב געלערנט זין פון קלאָבוצקער בעלי מלאכות און קרעמער. מיר איז געוואָרן צו ענג אין דער ישיבה. דאָס לערנען איז געווען טרוקן און מיך האָט אויפגעהערט צו פאַרינטערעסירן די „ביצה שנולדה ביום טוב או שלא נולדה״. דאָך האָב איך געלערנט, כדי צוליב צו טאָן די עלטערן, וואָס האָבן דוקא געוואָלט, אַז איך זאָל ווערן אַ למדן.

זענען מיר געזעסן אין בית המדרש און מיטן אַלטן ניגון געלערנט — „אמר רבא און אמר אביי״. מיר זענען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר געלערנט אין בית המדרש. אָפּטמאָל זענען מיר פאַרהערט געוואָרן פון רב אָדער פון אַנדערע לומדים. פון דער גאַרטל האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט געשיידט. די גרעסטע שטרעבונג איז געווען ביי מיר צו קאָנען אַליין לערנען אָן דער הילף פון די עלטערע בחורים. חוץ מיטן לערנען זענען מיר אויך געווען באַשעפטיקט אין באַדינען די ישיבה: צוזאמענעמען „מזכיר־נשמות־געלט״, מאַכן דעם לאַמטערן צו דער יאָרצייט פון רבין ר׳ יאַנקעלע, באַצירן דאָס בית המדרש אין אַ „יומא דפגרא״ וכדומה.

מיטן גרינדן דאָס חדר „יסודי התורה״, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ר׳ זישע באָרנשטיין, אַ גרויסער תלמיד חכם און אַ צוגעלאָזענער צו מענטשן — האָט זיך די קליינע ישיבה אויפגעלעזט. אַ טייל פון די בית־מדרש בחורים איז אַריבער לערנען אין דער העכסטער כיתה פון „יסודי התורה״. אונזער רבי איז געווען ר׳ אברהם קאנאפּניצקי, אַ מאַנופאַקטור סוחר, אַ געוועזענער תלמיד פון רבי ר׳ יאַנקעלן. ער האָט געהאַט אַן אַסקעטיש פּנים און קיינמאָל נישט געטאָן קיין שמייכל. אָבער זיין לערנען גמרא האָט מיך פאַרכאַפּט. אויך די תלמידים זענען געווען געקליבענע — די זין פון די בעסטע לומדים אין שטעטל, צווישן וועלכע עס זענען געוועזן אויך דעם רבינס צוויי זין, שמואל און בינעם, זין פון די מורה הוראות, די לומדים פון דער משפּחה דודעק.

ר׳ אברהם, טראָץ זיין שטרענגקייט, האָט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן די האנט אויף קיין תלמיד. זיין בליק און וואָרט איז געווען גענוג, אַז מיר זאָלן לערנען מיט התמדה. אַזעלכע זענען געווען מיינע מלמדים. ביי זיי האָב איך געלערנט תורה און דרך ארץ, וואָס איז מיר פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

**ברוך שימקאָוויטש**

# מיינע מלמדים

ווען איך בין אַלט געוואָרן 4 יאָר, האָט מיך מיין פאָטער אַריינגעפירט צום דרדקי־מלמד ר׳ איטשע בער, וועלכן מ׳האָט גערופן — דער „קורזשאָק״. געוווינט האָט ער אין דער שול־גאַס. דאָרט האָב איך אָנגעהויבן לערנען א׳ ב׳. ר׳ איטשע בער איז געווען אַ בייזער מלמד און האָט מיט זיין שרייען אָנגעוואָרפן אויף די קינדער אַ מורא. די תלמידים האָבן אים דעריבער פיינט געהאַט און געלערנט נאָר אונטערן דרוק פון פחד.

מיין שנאה צו מיין ערשטן מלמד איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב איינמאָל באַקומען פון מיין פאָטער חודש־געלט (שכר־לימוד) פאַרן רבין, האָב איך עס ערגעץ באַהאַלטן אונטער אַ שטיין און נישט אָפּגעגעבן דעם מלמד. פאַרשטענדלעך, אַז די זאַך איז אַרויסגעקומען און איך האָב דערפאַר באַצאָלט מיט קלעפּ און טרערן.

נאָך צוויי יאָר פּייניקן זיך ביי ר׳ איטשע בער, בין איך אָנגעקומען אין חדר פון ר׳ משה דייטש (משה שייאָוויץ). ביי אים האָבן מיר געלערנט חומש, רש״י און גמרא. אויך ער האָט מיטן קאַנטשיק אַריינגעהאַקט די תורה אין אונזערע קעפּ. אַמיינסטן האָט ער אויסגעלאָזט זיין כעס צו אַ תלמיד, ווען ער האָט פּלוצים אים אַ פרעג געטאָן ווי מ׳האַלט און יענער האָט נישט געטראָפן אויפן ריכטיקן אָרט אין דער גמרא, וווּ מיר האָבן געהאַלטן אין לערנען.

אַ „שווערע מלחמה״ האָט דער רבי מיט אונז געפירט ווינטער־צייט. פון די 30 יינגלעך, וואָס האָבן געלערנט אין חדר, זענען אָפטמאָל עטלעכע „פאַרפאַלן״ געוואָרן. דער רבי האָט געוווּסט ווו זיי אָפּצוזוכן. מיטן קאַנטשיק אונטער דעם לאַנגן פאַלטן, איז ער אַוועק צו דער פאַרפרוירענער „זשיקע״, ווי מ׳האָט גערופן דעם טייך און ווען ער האָט דאָרט געטראָפן זיינע תלמידים האָט ער זיי „מכבד־געווען״ און געיאָגט ביז זיי זענען געקומען צוריק אין חדר.

אַ חוץ דער „זשיקע״ האָבן מיר חדר־יינגלעך געהאַט נאָך אַן אָרט, ווו צו „מאַכן ווינטער־ספּאָרט״. דאָס איז געווען דער באַרג, וואָס האָט זיך געצויגן פון מאַרק ביז שלמה אָליאַרטשיקס הויז. פון פאַרפרוירענעם און פאַרשנייטן באַרג האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן גליטש־שיך אָדער מיט שליטעלעך, וואָס עס האָט אונז צוגעשטעלט אברהמטשע בלעכערס זון, אַ תלמיד פון אונזער חדר. אויך צום פאַרפרוירענעם באַרג האָט געטראָפן דער רבי מיטן קאַנטשיק. אָבער דאָ

האָט מען באַוויזן צו אַנטלויפן און צו קומען אין חדר נאָך פריער פאַרן רבין. ווען ער האָט אונז געטראָפן זיצן ביים טיש, האָט ער אָנגעהויבן אַ חקירה ודרישה, וועלכעס יינגל האָט זיך געגליטשט. ער האָט נישט גערוט ביז ער האָט אַרויס־באַקומען דעם „פאַרברעכער" און דער קאַנטשיק האָט דאָס זייניקע געטאָן...

די גליטש־שיך און די שליטעלעך זענען געווען דער הויפּט „יצר הרע", וואָס האָט אונז אָפּגעריסן פון דער הייליקער תורה און געברענגט אויף אונז דעם רבינס קאַנטשיק. מיט די שיך און שליטעלעך האָבן מיר שטילערהייט געפירט אַ האַנדל אינמיטן לערנען. די סחורה האָבן מיר אויסבאַהאַלטן ביי משה ברוכן אין שטאַל, וואָס האָט זיך געפונען נישט וויט פון חדר. אשר, זיין זון, וואָס האָט געלערנט מיט אונז צוזאַמען האָט געהיטן אונזערע טייערע ספּאָרט־זאַכן. דערפאַר האָט ער באַקומען אַ האַלבן בייגל, אַן איי, וואָס מיר האָבן מיט־גענומען אין חדר. יעדעס מאָל, אינמיטן לערנען איז אַ יינגל געלאָפן אַ קוק טאָן, צי מען האָט נישט באַגנבעט אונזער טייערן אוצר.

אַזוי — אין שפּיל און אין שטיפערייען, אונטערן רבינס קאַנטשיק — בין איך געוואַקסן און געוואָרן ערנסטער. איך האָב באַקומען אויך אַן ערנסטן מלמד, ר' בערל ברוך, וואָס האָט געלערנט תורה נאָר מיט געקליבענע תלמידים. 8 יינגלעך זענען מיר געווען אין זיין חדר. אייניקע נעמען זייערע זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון: יעקב אהרן, יחיאל ראָזען, עמנואל כאַרזאַווסקי, לייזער קליינבערג, יעקב גראַנעק, הענעך פייגע. ביי ר' בערל ברוך האָבן מיר שוין געלערנט גמרא מיט מפרשים.

נאָכן אָפּלערנען אַ פּאָר זמנים ביי דעם מלמד, זענען אייניקע פון אונז געפאָרן לערנען אין דער פרעמד. איך און לייזער קליינבערג זענען אַוועק קיין פּראשקע, ווו מיר האָבן געלערנט ביים פּראשקער רב, דעם „בעל שארית יעקב". אין אַ צייט אַרום בין איך ווידער אַהיימגעקומען און צוזאַמען מיט עמנואל כאַרזעווסקי געלערנט ביי משה שוחט און אין קלאָבוצקער בית המדרש. מיט גרויס התמדה האָבן מיר גע'חזר'ט די מסכת'ס מיט די מפרשים. מיר האָבן געלערנט „זוגות" און יעדער באַזונדער אין די פרימאָרגן שעהן און אין אָוונט. מיר האָבן זיך מפלפל געווען און איינגעזאַפּט אין זיך גאַנץ תורה.

## מיין חבר אין לערנען

פון אַלע חדר־און בית המדרש־חברים האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון עמנואל כאַרזעווסקי. מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען אין חדר, צו־זאַמען געלערנט ביי משה דייטש, ביים רב, אין די גרויע פאַרטאָגן צוזאַמען

געגאַנגען אין בית המדרש צו לערנען גאָטס תורה. דורך אונזער פריינטשאַפט האָבן זיך אויך באַפריינדעט אונזערע שוועסטער, מיין שוועסטער טובה מיט זיין שוועסטער פריידל לאה. זיי האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען.

מיר זענען אויסגעוואַקסן, אַרויס פון די יינגלשע יאָרן. מיין חבר עמנואל איז געווען אַ מתמיד אין לערנען, אַ ליבער מענטש, אַ בר־שכל, מ׳האָט זיך געקענט מיט אים עצהנען אין פאַרשידענע פראַגן. מיר זענעןביידע געוואָרן ציוניסטן. אויף אונז ביידע האָט משפיע געווען דער קלאָבוצקער העברעיסט און בעל הדקדוק ר׳ מאיר שלמה הירש. מיר האָבן ביי אים געלערנט עברית. מיין חבר איז געבליבן געטריי זיין רעליגיעזער איינשטעלונג און געהערט צו דער „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו.

בעת מיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל בין איך 6 אזייגער פאַרנאַכט געקומען קיין טשענסטאָכאָוו זיך צו געזעגנען מיט מיין לאַנגיעריקן חבר עמנואל כאַר־זעווסקי. ער איז שוין דעמלט געווען אַ טאַטע און געהאַט אַ קליין ליב מיידעלע — חנה׳לע, וואָס וווינט היינט אין ישראל. איך האָב געזאָלט אָפּפאָרן 8 אָוונט. אָבער מיין פריינט האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט, נאָר איך זאָל בלייבן נעכטיקן און פאָרן מאָרגן פרי. אויך עמנואל האָט שטאַרק, שטאַרק געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָר עפּעס איז אים נישט געגאַנגען אין דער הינזיכט.

איך בין געבליבן ביי אים נעכטיקן. מיר האָבן צוזאַמען פאַרברענגט דעם גאַנצן אָוונט. מיר זענען אַוועק זיך געזעגענען מיט אונזער לערער ר׳ מאיר שלמה הירש, וואָס האָט דעמלט געוווינט אין טשענסטאָכאָוו. די נאַכט זענען מיר ווייניק געשלאָפן. מיר האָבן איבערגעבלעטערט אונזער גאַנצע פאַרגאַנגענ־הייט. עמנואל האָט מיר צוגעזאָגט זיך צו טרעפן אין ארץ־ישראל.

ווען איך בין שוין געווען אין לאַנד, האָב איך פון אים יאָר־יערלעך דערהאַלטן „לשנה טובה״־קאַרטעס און איינמאָל האָט ער מיר געשריבן, אַז ער גרייט זיך פאָרן קיין ארץ־ישראל. אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט.



פישל פייגע

# זכרונות פון די קינדער יאָרן

אלס פיצל קינד בין איך צוזאַמען מיט מיינע עלטערן געקומען פון דאָרף ליפיע קיין קלאָבוצק. דאָ האָבן די עלטערן זיך איינגעאָרדנט און ווען איך בין אַלט געוואָרן פיר יאָר האָט מיך מיין פאָטער אַריינגעפירט אין „חדר" פון „לאַמען לייבעלע". ווען איך טראַכט וועגן דער דאָזיקער ערשטער „שול" מיינער, שטייט מיר פאַר די אויגן ר' לייבעלס „חדר": די קופּערנע גרויסע „קוואָרט" מיט די צוויי גרויסע „אויערן" צו שעפּן וואַסער, וועלכע מיר האָבן קוים געקענט דערהאַלטן אין די קליינע הענטלעך, די קוואָרט איז שטענדיק געשטאַנען אויף אַזאַ מין „שעפּן"־האַלטער" צונויפגעקלאַפּט פון צוויי ברעטלעך, דער פּאָרטרעט פון רוסישן צאַר ניקאָלאַי אויף דער וואַנט, דערנעבן אַ דערלויבעניש צוהאַלטן דאָס חדר.

ביי דעם „לאַמען לייבעלע" האָב איך געלערנט אַ זמן און זיך אויסגעלערנט דערקענען די אותיות פון אַלף בית און זאָגן „מודה אני".

אויפן צווייטן זמן האָט מיך מיין פאָטער אַריינגעגעבן אין חדר פון ר' הענעך „ראַנטשקעלע". ער האָט מיט אונז זייער ווייניק געלערנט, ווייל ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט האַקן האָלץ צום קאָכן און אָנצוגרייטן אויף ווינטער, וואָס עס איז דעם רבין נישט אָנגעקומען לייכט צוליב זיין מום. דערפאַר האָט אונז די רביצין זייער פיל באַשעפטיקט.

די רביצין גוטשע, אַ הויכע, אַ דאַרע איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט שיילן קאַרטאָפל אָדער שלייסן פעדערן. מיר תלמידים האָבן איר צוגעהאָלפן און אָפטמאָל איר אָפּגעטאָן „שטיקלעך". זי פלעגט זיך אַרומיאָגן מיט אונז „שקצים, לאָבוסעס". טראָץ דעם אַלעם האָבן מיר זיך אויסגעלערנט אַביסל לייענען עברי.

נאָך עטלעכע זמנים לערנען אין אייניקע חדרים בין איך אָנגעקומען צום רבין ר' איטשקע. דאָ האָבן געלערנט גרעסערע און קלענערע יינגלעך. דאָ האָט מען געלערנט חומש, רש"י און גמרא. אין דעם חדר בין איך געבליבן אייניקע זמנים.

*

עס איז געבליבן ביי מיר אין זכרון אַ ל"ג־בעומר"־„מלחמה", וואָס האָט זיך פאַר אונז חדר־יונגלעך פאַרענדיקט זייער טרויעריק. מיר האָבן שוין

דעמלס ביי ר׳ איטשען געלערנט דעם צווייטן, צי דעם דריטן זמן און באַלד נאָך פסח האָבן מיר, די תלמידים, וואָס האָבן זיך שוין גוט געקענט, באַשלאָסן צו מאַכן אַ ל״ג־בעומר־„מלחמה״. אַלס קעגנערישן צד האָבן מיר אויסגעקליבן די תלמידים פון ר׳ משה דייטשס חדר. ווי דער שטייגער איז האָט אונזער חדר געשיקט צו יענע תלמידים אַן אָנזאָג אויף „מלחמה״, אויף וואָס זיי האָבן מסכים געווען.

די תלמידים פון ר׳ איטשקעס חדר האָבן זיך גענומען שטאַרק גרייטן צו דער „מלחמה״ נישט מיט פייל און בויגן, נאָר טאַקע מיט „מאָדערן געווער״. געווען ביי אונז אין חדר ספּעציאַליסטן, ווי אייזיק מאַסס, וואָס האָבן פון האָלץ אויסגעאַרבעט „ריכטיקע ביקסן״ און „האַרמאַטן״ אויף רעדלעך. דערווייל ביז ל״ג־בעומר איז צווישן „מיליטער״ פוןביידע חדרים פאָרגעקומען „פּאַרטשעפּונגס קאַמפן״, ווי עס האָבן זיך נאָר געטראָפן די יונגלעך פון ביידע חדרים — האָט מען זיך באַלד געשלאָגן, פון וואָס איך אַליין בין געווען אַ קרבן.

ענדלעך איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטעטער טאָג פון ל״ג בעומר. איך בין שוין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן און ווי אַ „זעלנער״ געטראַכט פון דער מאָרגנדיקער „שלאַכט״ און פון נצחון פון אונז תלמידים פון ר׳ איטשקעס חדר. אין פרימאָרגן האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט ביי אייזיק מאַסס, ווו עס האָט זיך געפונען אונזער „געווער־לאַגער״. פון דאָרט האָבן מיר אַרויסמאַרשירט יעדער מיט אַ „ביקס״ מיט אַן אַרויפגעזעצטן „שפּיז״. די 4 „זעלנער״ האָבן געשלעפּט די „האַרמאַטן״, צוויי פון פאָרנט און צוויי פון הינטן.

מיר זענען אַרויס אויפן זאַקשעווער וועג. דאָס „מיליטער״ פון משה דייטשס חדר האָט מאַרשירט דורכן גראַדזשיסקער וועג. טרעפן האָבן מיר זיך געדאַרפט ביי יצחק ראַדעס טאַרטאַק. דאָרט האָט געזאָלט פאָרקומען די „שלאַכט״.

פלוצים אין סאַמע מיטן גאַנג זענען אַרויס דעם קוימענקערערס שקצים. זיי האָבן זיך אויף אונז געוואָרפן, גוט צוקלאַפּט אייניקע פון אונז און צוגענומען דאָס גאַנצע געווער. מיט געוויין זענען מיר געלאָפן צוריק אין שטעטל. עס האָט אונז געטראָפן משה שמולעוויטש. ער האָט אונז פאַרהאַלטן און אויסגעפרעגט, וואָס עס איז געשען. מיר האָבן אים דערציילט אַלץ און ער איז מיט אונז אַוועק צום קוימענקערער. ער האָט ביי זיינע זין, די שקצים, אָפּגענומען אונזער געווער און אַלץ צוריקגעגעבן. די „מלחמה״ איז אָבער שוין געווען געשטערט. זי איז נישט פאָרגעקומען.

*

אין יאָר 1913־1914 האָב איך געלערנט אין חדר פון רבין ר׳ משה שאַיאָוויץ,

אָדער ווי מ'האָט אים גערופן ר' משה דייטש. אין דעם חדר זענען געגאַנגען געקליבענע קינדער ווי: לייבל דעם רבס ,יצחק פייגע, משה זעלקאָוויטש, ישעיה ענזעל, אריה דודעק, יוסף לייב זאַלטעבראַצקי, צוויי צווילינג־ברידער: יוסף און יחיאל אריה גוטערמאַן, מענדל כאַרזעווסקי, לייב שמולעוויטש און אַנדערע.

מיר האָבן געלערנט חומש, רש"י און גמרא, יעדע וואָך האָט דער רב צוגעשיקט דעם מלמד אַ רשימה פון חשובע באַלעבאַטים, חסידים צו וועמען מ'דאַרף שיקן די תלמידים צו פאַרהערן אין לערנען. די באַלעבאַטים האָבן געדאַרפט ענטפערן דעם רב, ווער פון די תלמידים עס לערנט גוט און ווער שלעכט.

ר' משה דייטש האָט זיינע תלמידים נישט געשלאָגן. מיר זענען געווען אין עלטער פון 10—11 יאָר און דער רבי האָט אונז געהאַלטן בכבודיק. אין דעם חדר האָב איך געלערנט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מ'האָט אויפגעהערט צו לערנען. ר' משה איז געשטאָרבן אין אָנהויב מלחמה.

מיין לעצטער מלמד איז געווען דער געלער משהלע. דאָ האָב איך שוין געלערנט, אַ חוץ גמרא און תוספות ,אויך לייגן תפילין. אין חדר זענען געווען 10 תלמידים. דער רבי אַליין האָט אויך געהאַט 10 זין. אַזוי, אַז עס איז געווען אַ „גרויס חדר".

דאָס לערנען האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי. אין די קורצע ווינטער־טעג זענען מיר געגאַנגען אין חדר, ווען עס איז נאָך געווען שטאַרק פינצטער. האָט געטראָפן איינמאָל, אַז איך האָב זיך איבערגעוועקט אינמיטן נאַכט. דער זייגער איז געשטאַנען און איך האָב געמיינט, אַז עס איז שוין פאַרטאָג. גראָד איז געווען אַ לבנה נאַכט. איך האָב שטיל אָפּגעגאָסן נעגל וואַסער, געזאָגט „מודה אני", גענומען די תפילין און אַוועק אין חדר.

אויפן וועג האָב איך אָנגעקלאַפּט צו מיין חבר לייב שמולעוויטש. אויך ער האָט געמיינט, אַז עס איז שוין צייט צו גיין אין חדר. ער האָט זיך אָנגעטאָן און מיר זענען געגאַנגען. פלוצים זענען אונז באַפאַלן אַ כאַפּטע ווייסע הונט. מיר האָבן זיך פון זיי נישט געקאָנט אָפּיאָגן. אויף אונזערע געשרייען, איז אַרויס יונתן קורצבארד. ער האָט פאַריאָגט די הינט און אונז געפרעגט ווו מיר גייען אינמיטן נאַכט. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז אין חדר אַריין.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז ערשט איינס אַ זייגער. אַהיים האָבן מיר מורא־געהאַט צו גיין און געבליבן זיצן ביז אינדערפרי ביי יונתנס טיש. אַזוי זיצנדיק האָט מיר מיין חבר לייב פאַרטרויט אַ סוד, אַז ער האָט פאַרגעסן

אַנצוטאָן דעם טלית קטן און די הינט זענען אוודאי געווען „שדים". מיר האָבן טאָקע „פעסטגעשטעלט", אַז אויף דער זייט, ווי מיר האָבן געהאַלטן די תפילין זענען די הינט נישט צוגעלאָפן.

ווען מיר זענען צוזאַמענגעקומען אין חדר האָבן מיר דערציילט די מעשה מיט די „שדים". אַ צייט לאַנג האָט דאָס שטעטל געקאָכט מיט דער מעשה, ווי „בּישט גוטע" זענען באַפאַלן צוויי יינגלעך, וואָס זענען איינס בײַנאַכט געגאַנגען אין חדר, ווייל זיי האָבן נישט געוווסט ווי שפּעט עס איז. אַ לענגערע צייט בין איך אויך געווען שטאַרק איבערגעשראָקן און מורא געהאַט בײַנאַכט אַרויס־צוגיין פון שטוב. איך בין געווען זיכער, אַז די ווייסע הינט זענען געווען שדים.



שרה בראַטט, פּאַריז

# בענקשאַפט צו בילדונג און וויסן

כ'בין געבוירן געוואָרן ביי פּשוטע פרומע עלטערן. מיין פאָטער איז געווען אַן ערלעכער ייד, אַ כהן, מיין מוטער — אַ שטילע צניעותדיקע פרוי. מיין פאָטער זלמן בראַט, האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין גרויסע פאַרלאַנגען, ער האָט געלעבט מיט יענער וועלט און אויף זיין שווער לעבן געהאַט איין פאַרענטפערונג: „דאָ איז נאָר אַ פאָדערהייזל צום דאָרטן" ...צו יענער וועלט פון קדושה און אייביקן גן־עדן לעבן — מיט דעם גלויבן האָט ער שטענדיק אָנגענומען באהבה זיין אָרעם לעבן און געווען שטאָלץ מיט זיין מקיים זיין די מצוה פון דוכענען.

אין זיין גאַנץ לעבן, האָט ער זיך נישט באַנוצט מיט קיין זייגער. ער פלעגט אויפשטיין אין דער פרי, אַ קוק טאָן אין הימל אַריין צי מען מעג שוין אָנטאָן די תפילין און זיך שטעלן דאַוונען.

שלאָפן פלעגט ער גיין גלייך מיטן זון־אונטערגאַנג. מיין פאָטער האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן עול עמעצן צו פאַרזאָרגן אויף דער וועלט. קינדער האָט ער געהאַט וויפיל גאָט האָט געגעבן און גאָרנישט געזאָרגט זיך פאַר זיי; אפילו נישט, אַז מען דאַרף דעם ניי געבוירענעם „מענטש" מעלדן און אַרויסנעמען פאַר אים אַ מעטריקע.

ווען איך בין געקומען אין די יאָרן צו גיין אין שול, האָב איך מיט פאַר־געניגן געוואָלט נעמען אויף זיך דעם ערשטן ערנסטן עול און פליכט, וואָס

יעדעס קינד האָט, נעמלעך: לערנען אין שול. אָבער דאָ הויבט זיך אָן מיין ערשטע דראַמאַטישע איבערלעבונג.

כדי צו קאָנען שיקן אַ קינד אין שול, האָט מען אין יענע יאָרן אין קלאָבוצק באַדאַרפט זיין אַ ווירט פון אַ הויז מיט דריי מאָרגעס ערד. דאָס האָט געזאָלט זיין די גאַראַנטיע פאַרן שכר־לימוד. אַזוי ווי די שול האָט מער נישט פאַרמאָגט ווי צוויי צימערן, זענען אין איר פריער אָנגענומען געוואָרן די רייכע קינדער. איך האָב אויף זיך געמוזט נעמען דעם גאַנצן קאַמף אויף אָנצוקומען אין שול, ווייל מיינע עלטערן זענען ווייט געווען צו אָנערקענען די נויטווענדיקייט דערפון.

נאָך אַ סך מי און טרערן, בין איך ענדלעך אָנגעקומען אין שול. אין אַ וואָך אַרום, פאַרלאַנגט מען פון מיר אַ מעטריקע. איך פויל מיך נישט און גיי אַליין אין מאַגיסטראַט נאָכן דאָקומענט. דער באַאַמטער האָט לאַנג געזוכט אין זיינע ביכער און מיר צום סוף אין אַ בייזן טאָן געזאָגט, אַז איך עקזיסטיר נישט. ד. ה., אָפיציעל בין איך נאָך נישט געבוירן געוואָרן. שוין אַלס קינד האָב איך באַקומען די דערפאַרונג פונעם ווערט פון אַזאַ „פּאַפּירל״...

די גאַנצע מעשה מיט דער פּראָצעדור פון מאַכן אַ מעטריקע, דערצו נאָך פּאַר אַ מיידל, איז מיין פאָטער געקראָכן איך דער לינקער פּיאה. כ׳בין אָבער צוגעשטאַנען צו מיין מוטער, זי זאָל זיך דערמאָנען כאָטש דאָס יאָר פון מיין געבוירן.

— וואַרט צו מאַן קינד, — האָט זי געזאָגט — דאַכט זעך, אַז סי גיווען דראָ וואָכן פּאַר נאַ־יוואָ...

— נישט דאָס איז וויכטיק, מאַמע, נאָר דאָס יאָר, — האָב איך געזאָגט מיט אַ ציטער אין הערצל

מיין מוטער האָט זיך נעבעך געבראָכן דעם קאָפּ און צום סוף מיט אַ נצחון־טאָן אַ זאָג געטון:

— סי גיווען דעמלט פערציק גראַד פראָסט... נאָכעיאָ האָט דער צאַר אַראָפּגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס וווינען אין די דערפער מוזן פאַרלאָזן דאָס אָרט און גיין אין די שטעטלעך.

קוים מיט צרות געוווירר געוואָרן, אַז מיין געבוירן ווערן איז צוזאַמענגעפאַלן מיט אַ היסטאָרישע דאַטע. נעמלעך: די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905. און אויף דעם געבוירן־יאָר איז געוואָרן אויסגעשטעלט מיין געבורטס־שיין.

כ׳בין געוואַקסן אין בענקשאַפט נאָך בילדונג און וויסן, פאַר וועלכע מיינע עלטערן האָבן לוידער נישט געהאַט קיין פאַרשטענדניש.

# יידישע שמחות אין קלאבוצק

**ברוך שימקאָוויטש**

## שבתים, ימים טובים און חתונות

פרייטיק גאַנץ פרי האָט מען אין קלאָבוצק שוין געפילט דאָס אָנקומען פון שבת קודש.

ווייבער און מיידלעך האָבן זיך געאײַלט מיט קוכנס און חלות צו די בעקערס. אין די שטובן האָט מען געגרייט די אין קלאָבוצק באַליבטע „עפּל־קיקעלעך", אָדער „קיקעלעך" פון שוואַרצע יאַגאַדעס. מ'האָט אויך געבאַקן אייער־קיכלעך, וואָס האָט געדינט ווי אַ פאַרבייסעכץ צום קידוש שבת אינדערפרי. אַ חוץ דעם, וואָס די אייער־קיכלעך זענען געווען געשמאַק האָבן זיי נאָך געהאַט די מעלה, וואָס מ'האָט זיך צו זיי נישט געדאַרפט וואַשן און געקאָנט גלייך עסן, ווי נאָר מ'איז געקומען פון דאַווענען.

ביים טראָטואַר נעבן דוד זיגעלמאַנס הויז איז געשטאַנען דער פישער יאַקל ריפשטיין מיט אַן אויסוואַל פון פאַרשידענע סאָרטן פיש: שלייען, קאַרישעס, סענדאַק, לעשטשעס און קליינע „קעלביקלעך". דעם פישער האָבן אַרומגערינגלט כמעט אַלע ווייבער פון שטעטל. יעדע האָט געוואָלט זיין די ערשטע ביים איינקויפן. מ'האָט געשריגן, געלאַרעמט, געדינגען זיך, נאָר אַן פיש איז קיינער נישט אַהיימגעגאַנגען. אין קלאָבוצק האָט נישט געקאָנט זיין, אַז אין אַ יידישער שטוב זאָל אויספעלן פיש אויף שבת.

אַרום איינס אַ זייגער פרייטיק האָט מען שוין געזען די ערשטע יידן גיין מיט פעקלעך וועש אין מקווה אַריין. די ערשטע מקווה־גייערס זענען שטענדיק געווען: משה דאָמביער, (זיגעלבוים), יחיאל קראַשקאָווסקי, דוד זיגעלמאַן, האַרצקע גוטערמאַן און עמנואל ווילינגער. נאָך זיי איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל מאַנספערשוינען געגאַנגען אין מרחץ.

ווען מ'איז צוריקגעגאַנגען פון מקווה האָט שוין שלמה שמש גערופן אין שול אַריין. ער האָט שוין געהאַט זיין אויסגעטרעטענעם וועג: פון משה שמולעוויטש ביז אברהמטשע בלאָכאַזש. אויפן רוף פון שלמה שמש האָבן יידן געמאַכט

זייערע לעצטע איינקויפן אין די קראָמען. זעליג דער „נאַפּטשאַזש" האָט אויס־פּאַרקויפט די לעצטע קוואַרטירלעך וויין, וואָס ער האָט אַרומגעטראָגן אין די שטובן. מיידלעך האָבן זיך געאיילט מיט די „טשאָלענטער" צו די בעקערס. עס האָט אָנגעהויבן צו טונקלען און דער הייליקער שבת קודש איז אָנגעקומען אין שטעטל.

אין די פענצטער פון אַלע קלאָבוצקער יידישע שטובן האָבן אויפגעהעלט ליכט. טאַטעס מיט קינדער זענען געגאַנגען דאַווענען — אין שטיבלעך און אין שול. אונז יינגלעך האָט געצויגן אין שול אַריין, ווו עס האָט שיין מקבל שבת געווען משה שוחט. אין דער שול האָט מען נאָך קבלת שבת געמאַכט קידוש איבער אַ גלאָז וויין און מיר קינדער האָבן געטרונקען פון גלאָז. דער שמש האָט אָפּגעהיטן, אַז יעדעס יינגל זאָל באַקומען זיין חלק וויין. קוים האָט אַ יינגל צופיל געטרונקען האָט ער שוין קיינמאָל נישט באַקומען צו פאַרזוכן פון קידוש.

ווען מען איז אַרויס פון שול, האָבן שוין אויף דער גאַס געוואַרט אורחים, אָרעמע יידן, פון דער פרעמד, וואָס זענען געבליבן איבער שבת אין קלאָבוצק. כמעט יעדער באַלעבאָס האָט זיך אַהיימגענומען אַן אורח.

שבת, גאַנץ פרי, האָבן אויף די אָפּגעליידיקטע יידישע גאַסן זיך באַוויזן די אָפּגעהיטענע חסידים אין זיידענע אָדער סאַמעטענע שלאַף־רעק. מיט פאַמעלעכע טריט זענען זיי געגאַנגען אין מקווה. פון מקווה זענען זיי גלייך גע־גאַנגען אין בית המדרש, אָפּגעזאָגט ברכות און געכאַפּט אַ קוק אין אַ ספר אין אַ מדרש. פון די דאָזיקע אָפּגעהיטענע חסידים געדענק איך די נעמען: ר' יוסף בוכווייץ, ר' יעקב פישל ריזענטאַל, ר' מאַכעל דודעק, ר' ישעיה באַכינעק, ר' איצעק כאַדע און ר' איטשע מאיר שטילער.

אין שול האָט מען זיך געשטעלט זייער פרי דאַווענען, אָבער געדויערט האָט עס ביז 11 אַ זייגער, ווייל פאַר „שוכן עד" האָט מען געוואַרט אויפן רב ביז ער איז געקומען אין שול, ביי קריאת שמע און ביי שמונה עשרה האָט מען ווידער געוואַרט אויפן רב ביז ער וועט ענדיקן די תפילות.

שבת נאָכן דאַווענען האָבן קלאָבוצקער יידן זיך נישט געאיילט מיטן עסן. דער עיקר, אַז מ'איז נישט אַרומגעגאַנגען ניכטערן: מ'האָט געמאַכט קידוש און פאַרביסן מיט אַן „אייערקיכל" און מ'האָט שוין געקאָנט אַביסל וואַרטן. געוואַרט האָט מען אויפן „טשאָלנט", וואָס די בעקערס האָבן נישט אַזוי גיך אַרויסגעגעבן. אין יעדער בעקעריי האָבן זיך געמוזט פריער צונויפקומען אַלע ווייבער, וואָס האָבן דאָ געשטעלט טשאָלנט, כדי יעדע זאָל זיך אויסגעפונען אירס. עס זאָל ח"ו נישט זיין קיין טעות.

צום בעקער זענען געוויינלעך געגאַנגען די קינדער, אָבער, הגם עס איז געווען שבת, זענען אויך די מאַמעס נישט געשטאַנען ליידיק. פון כמעט אַלע שטובן האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן, דאָס האָט מען מיט אַ האַקמעסער געהאַקט די ציבעלעס, וואָס יעדער קלאָבוצקער ייד האָט געמוזט האָבן ווי אַ צווייטע שפּייז נאָך די פיש.

נאָכן מיטאָג איז מען געגאַנגען שלאָפן אויף אַ צווויי שעה — שבת־מנוחה. נאָכן שלאָף האָט מען זומער־צייט געגעסן שבת־אויבס, וואָס עס האָט צוגעשטעלט יאקל דער סעדער. יונגוואַרג האָט זיך טאַקע אַריינגעכאַפּט אין זיין סאַד, וואָס יאקל האָט יעדעס יאָר אָפּגעקויפט ביים פּוילישן דאָקטאָר, און דאָרט געגעסן עפּל, באַרנעס און פלוימען, וועלכע מ׳האָט באַקומען אויף באָרג. יאקל איז געווען אַ פרומער ייד און האָט פאַרשטענדלעך שבת נישט גענומען קיין געלט.

אין דערזעלבער צייט, ווען יוגנט האָט פאַרבראַכט ביי יאקלען אין סאַד, זענען עלטערע יידן אַוועק אין די שטיבלעך, אין גרויסן בית המדרש, ווו מ׳האָט עוסק געווען אין לערנען. זומער־צייט האָט מען געלערנט „פרקי אבות" מיטן פּירוש און מדרש שמואל. אין קליינעם בית המדרש האָבן די חשובע בעלי בתים — ר׳ שמואל שפּערלינג, ר׳ אהרן מאירס, ר׳ מאיר שפּערלינג א. אנד — געכאַפּט אַ קוק אין מוסר ספרים: „תפארת שלמה", „חסד לאברהם", „קדושת לוי" און „עבודת ישראל".

ווען די אָוונט־שאָטנס האָבן גענומען זיך אויסשפּרייטן איבערן שטעטל, האָט מען געדאַוונט מנחה אין די שטיבלעך און אין די בתי מדרשים. יוגנט האָט דעמלט שפּאַצירט איבער די וועגן, וואָס האָבן געפירט אין די אַרומיקע דערפער. פרומע יידן האָבן געהאַט זייער שפּאַציר־וועג — לענג־אויס דער שול־גאַס ביז צו דער „זשיקע" און די גרויסע „לאָווע", וואָס האָט פאַרבונדןביידע עקן פון סטאַוו.

*

די הכנות צו פסח האָבן זיך אין קלאָבוצק אָנגעהויבן נאָך אין שבת שירה. שבת שירה, נאָכן דאַוונען, האָט מען אויסגערופן אין שול, אַז איה״ש שבת־צו־נאַכטס זאָלן אַלע קומען צום רב, ווו עס וועט פאַרדונגען ווערן דאָס יום־טובדיקע מעל. ביים רב אין שטוב איז פאָרגעקומען אַ ליציטאַציע, ווער עס האָט געגעבן מער, דער האָט באַקומען דעם פּאַדריאַד אויפן מעל. אַ חודש פאַר פסח האָט מען דאָס מעל געבראַכט קיין קלאָבוצק. מ׳האָט עס באַהאַלטן אין אַ ספּעציעלער קאַמער און דער רב האָט צוגענומען דעם שליסל.

## צווייַ וואָכן פאַר פּסח

האָט מען אין שטעטל אָנגעהויבן פּילן, אַז עס דערנענטערט זיך דער גרויסער יום טוב פון יציאת מצרים — מ׳האָט אָנגעהויבן באַקן מצות. מיט באַקן מצות האָבן זיך פאַרנומען די בעקערס: מיין פאָטער מיט חיים ישעיהו בייגלבעקער, יאַקל ריפשטיין מיט יחיאלקע מייטעס, משה מענדל און קאָפּל בעקער. שבת צונאַכטס האָט מען איינגעהייצט די אויוונס. זונטיק אינדערפרי נאָכן אָנבייסן איז דער רב געגאַנגען איבערקוקן די אויוונס צי זיי זענען ווי געהעריק גע׳כשר׳ט.

דער רב האָט זיך געהאַט זיין סיסטעם אין אויספּרווון די כשר׳קייט פון די אויוונס. ער האָט מיט אַ לאַנגען אייזן געריבן אויף די ציגל און אויב ס׳האָבן אַרויסגעשפּריצט פונקן איז דער אויוון געווען כשר. דער רב איז אָבער געווען אַ חלוש. דאָס אייזן פלעגט אים אַרויספאַלן פון די הענט און קיין פונקן האָט מען נישט געזען, דעמלט האָט מען געמוזט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל הייצן — אַזוי לאַנג ביז די שוואַכע הענט פון דעם רב האָבן מיט דעם אייזן אַרויסגעקראַצט פונקן פון די ציגל. פאַר דער טרחה האָט דער רב באַקומען פון 3 — 4 רובל.

משגיח איבער די בעקערייען איז געווען ר׳ יודל אהרן גאַד, אַ פרומער, אָפּגעהיטענער ייד און אַלעקסאַנדערער חסיד. עטלעכע מאָל אין טאָג איז ער געקומען נאָכקוקן די כלים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן באַקן מצות, ווי: די קנעט־שיסלען, די עמערס אויף וואַסער, די טישן באַדעקט מיט בלעך, וואַלגער העלצער און די רעדלעך צום רעדלען די מצות. ביים באַקן מצות זענען על פי רוב געווען באַשעפטיקט פרומע און אויך געזונטע „שיקסעס״ צום וואַלגערן. ווי נאָר ר׳ יודל אהרן איז אַריינגעקומען האָבן די שיקסעס זיך גלייך אָפּגעטראָגן פון טיש. זיי האָבן געוווּסט, אַז ווי לאַנג זיי וועלן דאָרט שטיין וועט ר׳ יודל אהרן דאָרט נישט צוגיין. נאָכן אָפּקראַצן מיט גלאָז די וואַלגערהעלצער, האָט ר׳ יודל אהרן מיט די הענט געוויזן די „שיקסעס״, אַז זיי קאָנען שוין צוגיין צום טיש.

וואַסער פאַר די מצה־בעקערייען האָט מען גענומען פון דער „זשיקע״. עס האָט געהייסן „מים שלנו וואַסער״. יעדן פאַרנאַכט אין די פאַר פּסח־וואָכן איז מען מיט קאַנען און עמערס געגאַנגען שעפּן וואַסער, וואָס מ׳האָט אָנגעטראָגן אין די בעקערייען. דאָרט האָט מען דאָס וואַסער דורכגעזיגן אין פעסער, צו־געדעקט, עס זאָל זיך אָפּקילן ביז אינדערפרי, כדי עס זאָל זיין ראוי צום באַקן מצות. יעדער קלאָבוצקער ייד האָט געהאַלטן פאַר אַ מצוה צו באַטייליקן זיך אין שעפּן און אין צוטראָגן וואַסער צו די מצה־בעקערייען.

מיט „מצה־שמורה״ האָבן געהאַנדלט עטלעכע יידן חסידים: ר׳ בערל באָרוך, דער משגיח ר׳ יודל אהרן א. אנד. עס זענען געווען צוויי סאָרטן „מצה־שמירה״: אַזעלכע, וואָס מ׳האָט געבאַקן נאָנט פאַר פסח און באַנוצט נאָר צו די סדר־נעכט און „מצה־שמורה״, וואָס חסידים האָבן געגעסן גאַנץ פסח. די אמתע אַפּגעהיטענע „מצה־שמורה״ האָבן חסידים געבאַקן ערב פסח. דאָס באַקן אַליין איז געווען אַ שטיק יום טוב. די באַטייליקטע אין דער הייליקער עבודה, זענען געקומען אין בגדי יום טוב. ווען מ׳האָט די מצות אַריינגערוקט אין אויוון האָט מען געזאָגט הלל און צוגעזינגען חסידישע ניגונים.

האָט איינמאָל ביי ר׳ בערל באָרוך געטראָפן אַ פאַל, וואָס האָט אויפגע־רודערט דאָס גאַנצע שטעטל. ר׳ בערל באָרוך האָט דאָס שמורה־מעל באַהאַלטן אויפן בוידעם, כדי קיינער זאָל עס נישט אָנרירן, פאַר פסח. ווען ער האָט אַראָפּגענומען דאָס מעל איז עס געווען אינגאַנצן נאַס. ווי מ׳האָט געשמועסט האָבן קעץ זיך אויסגעזוכט אַן אָפּרו־אָרט אויפן מעל... דאָס מעל איז געוואָרן געאַסרט און אין קלאָבוצק איז דעמלס געוואַלטיק געשטיגן דער פּרייז אויף „מצה־שמורה״.

אין די שטובן פון די קלאָבוצקער יידן האָט מען זיך פון פורים אָן שוין גענומען גרייטן צום פסח. אַ חוץ דעם, וואָס מ׳האָט געשייערט, געוואַשן, געריבן און געקראַצט יעדעס ווינקל אין שטוב, איז נאָך יעדע באַלעבאָסטע געווען פאַר־נומען מיט צוגרייטן „צוויקל־באָרשט״. עטלעכע וואָכן פאַר פסח האָט מען געקויפט הערינג־פעסלעך, קליינע, גרעסערע. מ׳האָט זיי ביי דער „זשיקע״ גוט אויסגעשייערט און דערנאָך געלאָזט ווייקן אין וואַסער אַ צוויי וואָכן. נאָענט צו פסח האָט מען אַרויסגענומען דאָס יומטובדיקע מעסער. מ׳האָט צעשניטן די בוראַקעס און אָנגעשטאָפּט מיט זיי די פעסלעך. די פולע פעסלעך האָט מען פאַרדעקט מיט ריינעם לייוונט און אַוועקגעשטעלט ערגעץ אין אַ ווינקל פון שטוב. די קינדער איז אָנגעזאָגט געוואָרן למה״ש נישט צורירן זיך צו די פעס־לעך און געדראָט מיט דער גרעסטער שטראָף מן השמים.

דריי טעג פאַר פסח האָט מען געעפנט דאָס פעסל און געפּרווּוט דעם באָרשט: אויב ער האָט זיך געגאָסן געדיכט איז געווען אַ סימן, אַז דער באָרשט איז געראָטן.

ערב פסח אינדערפרי זענען די „בכורים״ געלאָפן אין שול, אין בית־המדרש, כדי צו מאַכן אַ סיום. דאָרט האָבן שוין געוואַרט די בית־המדרש־בחורים מיט גמרות און אָנגעוויזן די „בכורים״ ווו צו ענדיקן די לעצטע שורות אין

דער „מסכתא״. מ׳האָט געטרונקען „לחיים״ און דער בכור איז געוואָרן אויס־געלייזט.

נאָכן פאַרברענען דעם חמץ האָט מען אומגעדולדיק שוין געוואָרט ביז די זון וועט זיך אַראָפּלאָזן ערגעץ דאָרט אין דער אומבאַקאַנטער ווייטקייט און די פייערלעך יום־טובדיקע סדר־נאַכט וועט אַרומהילן דאָס שטעטל.

## ימים נוראים, סוכות, הושענה רבה און שמחת תורה

שוין אין ראש־חודש אלול האָט מען געפילט דאָס אָנקומען פון די ימים־נוראים. דאָס שופר־בלאָזן צום סוף פון דאַוונען האָט די יידן דערמאָנט, אַז עס גרייט זיך דער „יום הדין״. כמעט יעדער ייד האָט אין בית־המדרש זיך געלערנט בלאָזן שופר, ווייל טאָמער מאַכט זיך ראש־השנה אַ קראַנקער, אַ מקשה לילד, זאָל מען קאָנען זיך באַנוצן מיטן שופר כדי אָפּצוטרייבן די קראַנקהייט...

ווען אין שטעטל האָט זיך נאָר דערהערט דער ערשטער קול השופר, האָט זיך באַלד אין קלאָבוצק באַוויזן כתריאל דער מוכר ספרים. אין בית־המדרש ביי דער טיר האָט ער אויסגעלייגט די זעק ספרים און דערנאָך זיי געסדרט אויפן לאַנגן טיש. געווען ביי אים אַן אויסוואַל: מחזורים, סידורים, מוסר־ספרים, מעשה־ביכלעך, די נייע לוחות מיט קאַלענדאַרן, אין וועלכע עס איז געווען „נביאות״, ווען עס וועט זיין שניי, פראָסט, רעגן און זונשיין. אין ראש־חודש אלול האָט זיך אויך שוין אָנגעהויבן דער האַנדל מיט אתרוגים, וועלכע מ׳האָט געברענגט צום רב ווייזן, כדי צו באַקומען זיין הסכמה.

אין די סליחות־טעג האָבן זיך געשטאַרקט די פּאָרבאַרייטונגען צום „יום הדין״. אַ פּחד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן שטעטל. צו די ערשטע סליחות זענען אַלע געקומען, אויך פרויען מיט זייערע פּיצלעך קינדער, אין די שולן און בתי־מדרשים — 4 פאַרטאָג. פרומע יידן זענען פאַר די סליחות געגאַנגען אין מקוה.

צו די סליחות זענען אויך געקומען די „סאַדאָווניקעס״, וואָס האָבן גע־פּירט אויבסט קיין טשענסטאָכאָוו. עס זענען געקומען יידן פון אַלע אַרומיקע דערפער. פון זאלאשינער געגנט. זיי האָבן אין די גרויע פאַרטאָגן פול געמאַכט די בתי תפילות און האַרצרייסנד געבעטן אין ווערטער, וואָס נישט יעדער פון די מתפללים האָט פאַרשטאַנען זייער טייטש.

ראַש־השנה גאַנץ פרי איז יעדער געגאַנגען אין שול אַריין הערן ר׳ נטע שוחט זאָגן „פסיקי דזמרה״, בעל־שחרית איז שטענדיק געווען ר׳ ישעיה בוכיניק,

ביז עס איז אָנגעקומען קיין קלאָבוצק ר׳ משה שוחט, וואָס איז געוואָרן דער שטענדיקער בעל־תפילה.

נאָך מנחה איז מען געגאַנגען צו „תשליך״ צו דער „זשיקע״. יעדער שיכט יידן האָט זיך געהאַט זיין אָרט ביי דעם טייך: באַלעבאַטישע יידן האָבן זיך געשטעלט זאָגן „תשליך״ קייגנאיבער דער שול־גאַס, חסידים זענען געגאַנגען ווייטער, ווו ס׳וואַסער איז טיפער און די שטראָמען וועלן גיכער אַוועקטראָגן די עבירות... ראַדאָמסקער חסידים האָבן געהאַט אַ חזקה ביי דער „זשיקע״ נאָענט צו דער אָזשערע. אַזוי האָט יעדער קלאָבוצקער ייד געהאַט זיין אָרט ביים קלאָבוצקער „זשיקע״־טייך און געווען זיכער, אַז דער טייך נעמט טאַקע צו אַלע עבירות און טראָגט זיי אַוועק אין ים אַריין.

באַלד נאָך ראש־השנה האָט זיך אָנגעהויבן דער האַנדל מיט כפרות. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן שוין געוווּסט, וואָס פאַראַ „קאַפּאָרענס״ מ׳דאַרף אַריינטראָגן אין יעדער שטוב: פאַר אַ שוואַנגער־פרוי — אַ הון מיט אַ הין, פאַר אַ חסידישער משפחה — ווייסע עופות.

ערב יום־כפור צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך געפילט יום־כפורדיק. מ׳איז געגאַנגען דאַווענען מנחה און מיטגעבראַכט ליכט אין שול אַריין, וואָס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין זאַמד־קאַסטן. נאָכן אָפּעסן די סעודה מפסקת, ווען די מאַמעס האָבן געבענטש ליכט, האָט פון יעדער שטוב זיך געהערט אַ געוויין. מ׳האָט געבענטשט די קינדער, שכנים האָבן זיך געווינטשן און די ווינטשעוואַניעס באַגלייט מיט יאָמערן הויך אויפן קול.

אַלע זענען אַוועק צו כל נדרי, אין די שטובן זענען געבליבן ברענען די גרויסע נשמה־ליכט, וואָס זענען געהיט געוואָרן פון אַן עלטער קינד. אין קיטלען און טליתים, אין זאָקן אָדער אין שטעק־שיך, מיט פחד און מורא פאַרן יום הדין — איז מען געגאַנגען אין שול, איך די בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך. דאָרט האָט מען זיך ערשט רעכט צעוויינט ביי „תפילה זכאי״. דערנאָך איז געוואָרן אַן איינגעהאַלטענע שטילקייט.

דער רב און ר׳ נטע שוחט האָבן אַרויסגענומען ספרי תורות, צוגעטוליעט זיי צום האַרץ און מיט הקפות אַרום באַלעמער געזאָגט מיט אַ ווייכער, האַרציקער גאָטספאָרכטיקער שטים: „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה״. דערנאָך איז געקומען דאָס „כל־נדרי״־געזאַנג פון ר׳ דוד הערש שוחט, וואָס האָט יעדן איינעם פון די מתפללים דורכגענומען מיט יראת הכבוד און גאָטספאָרכטיקן ציטער.

דער יום־כיפור־טאָג איז אין קלאָבוצק אַדורך ווי אין אַלע יידישע שטעטלעך אין יענער צייט. די יידישע גאַסן און געסלעך זענען געווען ווי אויסגע־



ר׳ דוד הירש שוחט און חזן

שטאַרבן. קיין נישט־ייד האָט זיך דאָרט נישט באַוויזן. דער געלער פלאַם פון די נשמה־ליכט האָט פון יעדן פענצטער אומהיימלעך זיך אַריינגעגאָסן אין דער טאָג־ליכטיקייט. פון די בתי תפילות האָבן זיך געטראָגן די האַרצרייסנדע קולות פון די מתפללים, וואָס האָבן געבעטן ביים רבונו של עולם אַ גוט יאָר, געזונט און פרנסה.

נאָך זונען־אונטערגאַנג, ווען עס האָט זיך געענדיקט דאָס דאַוונען, האָבן די פרומע יידן, נאָך אַ גאַנצן טאָג פאַסטן, זיך נישט געאיילט צו גיין אַהיים. זיי האָבן זיך נאָך אָפּגעשטעלט, מחדש געווען די לבנה און נאָכאַמאָל זיך גע־ווונטשן אַ גוט יאָר.

אויף צומאָרגנס נאָך יום־כפור זענען קלאָבוצקער יידן שוין געווען אַריינ־געטאָן אין צוגרייטן דעם יום־טוב סוכות. אַלע זענען געוואָרן בוי־מייסטערס. מ׳האָט געזעגט ברעטער, צונויפגעקלאַפּט ווענט און כמעט ביי יעדן יידישן הויז

אין אויסגעוואַקסן אַ סוכה. גלייכצייטיק איז אויך געגאַנגען דער האַנדל מיט אתרוגים און לולבים, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון טשענסטאָכאָוו.

פריילעך מיט הלל־געזאַנגען זענען אַדורך די אַכט טעג סוכות, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער גרויסער פרייד מיט דער תורה — שמחת תורה — די אמתע פאָלקס־שמחה, פאַר קליין און גרויס, פאַר פרויען און מענער, אַ פאָלקס־מאַניפעסטאַציע מיט באַצירטע פענער, ברענענדיקע ליכטלעך און קינדערשע הענטלעך לכבוד דער תורה. די דאָזיקע ימים־טובים, די ימים־נוראים מיט דעם פריילעכן דעקאָראַטיוון סוכות, האָבן באַשטראַלט און באַליכטיקט דעם שווערן גרויען הערבסט און ווינטער, וואָס האָט זיך לאַנג און פיינלעך געצויגן איבער קלאָבוצק.

## קלאָבוצקער חתונה־מנהגים

יעדעס שטעטל אין פוילן האָט געהאַט זיינע מנהגים ביי חתונות. אויך די חתונות זענען אָפטמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־פאַרווײלונג, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט כמעט אַ העלפט פון שטעטל. נישט אַלע זענען געווען פאַרבעטענע געסט, אָבער ס׳רוב יידן פון שטעטל האָבן זיך מיטגעפרייט מיט די משפחות, וואָס האָבן חתונה־געמאַכט זייערע קינדער.

אויב דער חתן איז געווען אַ קלאָבוצקער, האָט זיך די שמחה אָנגעהויבן מיט אויפרופן דעם חתן. קרובים און פריינט פון דער משפחה זענען איינגעלאַדן געוואָרן אין שול אויף שבת פרי צום דאַווענען. דער חתן איז אויפגערופן געוואָרן צו „מפטיר״. נאָך די ברכות האָט ר׳ דוד הערש געזונגען אַ פריילעכן מאַרש און פון דער ווייבער־שול האָט מען געשיט אויפן חתן צוקערלעך, ניסלעך און ראָזשינקעס.

ווען דער חתן איז געווען פון אַן אַנדערער שטאָט איז מען אים אַקעגן־געפאָרן ביז האַלב וועג. למשל: אַ חתן פון טשענסטאָכאָוו האָבן די קלאָבוצקער מחותנים געדאַרפט באַגעגענען אין גראַבאָווקע. דאָרט האָבן זיך ביידע משפחות באַגעגנט, מ׳האָט געטרונקען „לחיים״ און אַלע צוזאַמען זענען פריילעך אַריינ־געפאָרן קיין קלאָבוצק. אויב דער חתן מיט זיין משפחה זענען נישט געקומען צו דער צייט, האָבן זיך די מחותנים פון כלה׳ס צייט שטאַרק באַליידיקט און דער שאָטן פון דער באַליידיקונג האָט זיך שוין געטראָגן איבער דער גאַנצער חתונה. באַזונדערס האָבן זיך געפילט געטראָפן די מחותנ׳עסטעס.

קיין אייגענע קלעזמאָרים־קאַפּעליע האָט קלאָבוצק נישט געהאַט. געווען צוויי קאַפּעליעס — די זאלאָשינער און וולוינער. פון די וולוינער האָט מען מער

געהאַלטן .זייער קאַפּעליע איז באַשטאַנען פֿון פינף פּערזאָן. מ׳האָט דערפֿאַר זיי געצאָלט מיט צוויי רובל טייערער. די זאלאשינער האָבן נאָר געהאַט 4 מוזי־קאַנטן. אין שטעטל פלעגט מען זיי רופן „די גרעמפּלערס״. קיין אייגענעם בדחן האָט קלאָבוצק אויך נישט געהאַט. מ׳פלעגט דעריבער אַראָפּברענגען פֿון טשענסטאָכאָוו אריה מאַרשאַלעק אָדער דעם לאָמען קאָפּל.

צו דער חופה, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויפן שול־הויף, האָט מען געפירט אין די טונקל־שעהן. דורך די גאַסן, וווּ דער חתונה־צוג איז דורכגע־גאַנגען מיט מוזיק, האָט מען געשטעלט ליכט אין די פענצטער. אויפן שול־הויף ביי דער חופה איז כמעט שטענדיק געשטאַנען דאָס גאַנצע שטעטל. עס איז געווען ששון ושמחה, גילה ורינה, אַזוי ווי עס זאָגט זיך אין די חתונה־ברכות.

# מעשיות פון פאַרצייטן

נחמיה סטאַרזשינסקי

## אַ בלבול אויף יידן

צווישן קלאָבוצקער יידן האָט מען דערציילט:

געווען איז דאָס אין יאָר 1896. אין קלאָבוצק איז דעמאָלט געווען אַ מלמד, אַ ייד אַ תלמיד־חכם מיטן נאָמען ר׳ משה זלמן. האָט דער דאָזיקער מלמד ליב געהאַט אַ שטאַרקן טרונק בראָנפן און אָפטמאָל שיכור געווען, וואָס מ׳האָט עס דערקענט אין זיין רויטער נאָז.

פאַרשטענדלעך, אַז פּורים, ווען יידן מעגן טרינקען י״ש עד דלא ידע, האָט ר׳ משה־זלמן זיך געלאָזט רעכט ווילגיין. צוזאַמען מיט זיין זון מרדכי און אייניקל מענדל איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן שיכור און געמאַכט פריילעך. אויף אַ „קליטשקע״, מיט וועלכער מ׳האָט געשעפּט וואַסער פון ברו־נעם, האָבן זיי אַרויפגעזעצט אַ המן־לאַלקע, געמאַכט פון שמאַטעס און געזונגען: „ארור המן, ברוך מרדכי״. כדי די שטעטלשע גויים זאָלן פאַרשטיין האָבן זיי נאָך צוגעגעבן „המן ווישי נאַ שובעניצען״.

האָט דאָס די גויים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס יידן מאַכן זיך פריילעך איבערן צורר היהודים און זיי האָבן דערציילט דעם גלח, אַז קלאָבוצקער יידן לאַכן אָפּ פון יעזוסן, טראָגן אים איבער די גאַסן און שרייען אויף אים „האמען״. דער גלח האָט גענומען האַלטן אין קאַשטשאָל העץ־רעדעס קעגן יידן. גלייכצייטיק איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ מסירה אויף ר׳ משה־זלמן און זיין זון. זיי זענען געוואָרן אַרעסטירט. ביי יידן איז געוואָרן אַ געדריקטע שטימונג. מ׳האָט אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אַ פּאָגראָם.

די שרעק פאַר אַ פּאָגראָם איז געוואָרן באַזונדערס שטאַרק ווען מ׳האָט דערזען, אַז ביי יאַגעלסקין אויפן הויף, ווו עס איז געלעגן אַ סך האָלץ, האָבן פון אונטער די פניאַקעס אַפּוירגעבליצט לאַנגע מעסערס מיט נאָך אַנדערע כלי משחיתים אָנגעגרייט צו מאַכן אַ בלוט־באָד ביי יידן. האָט קהל געזען, אַז עס איז שלעכט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פּיעטראָקאָוו

צום גובערנאַטאָר. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון: האַרצקע פייגע, מאיר מייערטשאַק און נאָך אַ ייד.

די יידן זענען אַוועק צום גובערנאַטאָר קיין פיעטראָקאָוו און אויסגע־פועלט, אַז מ׳זאָל נישט דערלאָזן צו קיין פאָגראָם. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און קיין קלאָבוצק זענען אָנגעקומען עטלעכע רוסישע אָפיצירן. זיי האָבן פאַר־פירט אַן אויספאָרשונג. פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גויים האָבן געמאַכט אַ בלבול. די אָפיצירן האָבן געוואָרנט דעם גלח, אַז ער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן אַרויסטריט קעגן די יידן. אין פאַל פון געשעענישן וועט קומען קיין קלאָבוצק אַן אָפטיילונג פון דראגונער־קאָזאַקן. די שולדיקע וועלן פאַרשיקט ווערן קיין סיביר.

די וואָרענונג האָט געהאָלפן. די אַרעסטירטע זענען באַפרייט געוואָרן און עס איז געווען ליהודים.



ברוך שימקאָוויטש

## אפגעשוירן די האר פונעם קאפ ביים געבוירן דאס קינד

דבורה, נחמיה מאיערטשיקס פרוי, איז אין קלאָבוצק געווען דאָס ערשטע ווייבל, וואָס האָט געטראָגן אייגענע האָר. דערציילט מען וועגן איר פאָלגנדעס:

דאָס שטעטל האָט געקאָכט מיט דער דאָזיקער עבירה — סטייטש, אַ ווייבל זאָל נישט אָנטאָן קיין שייטל, ווי עס פירט זיך ביי יידן? מ׳האָט אָבער דער בעל־עבירהניצע גאָרנישט געקאָנט טאָן. מיטאַמאָל איז געקומען אַ „שעת הכושר״, ווען מ׳האָט געקאָנט מבער זיין די זינד פון צווישן יידישע טעכטער.

דבורה איז געגאַנגען שווער צום קינד. אירע קרעכצן און געוואַלדן האָט מען געהערט איבערן שטעטל. יידן, בני רחמנים, האָבן פאַרגעסן אין איר עבירה און גענומען זאָגן תהלים און געבעטן ביי גאָט, ער זאָל אָפּראַטעווען די מקשה לילד. די ווייבער אָבער האָבן נישט פאַרגעסן אין דבורהס זינד און געקומען צום אויספיר, אַז ווי לאַנג מ׳וועט איר נישט אָפשערן די האָר, וועט גאָט זיך נישט מרחם זיין אויף איר און זי קאָן חס־ושלום גיין פון דער וועלט צוזאַמען מיטן קינד.

די דרייסטע גבאי׳טע, הינדע מרים גרין, האָט גענומען אויף זיך דעם

חוב צו ראַטעווען די מקשה לילד. הינדע איז אַוועק צו איר אין שטוב און נישט געקוקט אויף אירע ווייען און גוואַלדן — אָפּגעשוירן איר די האָר.

### אַ ווייבערישער בונט קעגן רב

אין וועלכן יאָר דאָס איז געווען געדענק איך נישט. געשען איז דעמאָלט אָט וואָס:

פסח איז מען געקומען זאָגן דעם רב, אַז איניקע קלאָבוצקער מיידלעך האָבן געגעסן חמץ, געטרונקען ביר א.אַז.וו.

האָט דער רב צוזאַמענגערופן אַן אַסיפה פון שיינע באַלעבאַטים און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער רב זאָל האַלטן אין שול אַ דרשה קעגן די פאַרשייטע מיידלעך, און ראש־השנה און יום־כפור זאָל מען די ווייבער נישט אַריינלאָזן אין דער ווייבער־שול דאַוונען, ווייל זיי היטן נישט אָפּ זייערע טעכ־טער פון עבירות.

און כך הוה: ראש השנה אינדערפרי, ווען די ווייבער זענען געקומען מתפלל זיין, האָבן זיי געטראָפן די „עזרת נשים" פאַרמאַכט. די פרומע ווייבער האָבן נישט געשוויגן, געמאַכט אַ טומל, זיך אַריינגעריסן אין דער מענער־שול און געשטערט דאָס דאַוונען.

עטלעכע אָנגעזעענע באַלעבאַטים האָבן זיך אַריינגעמישט און אויסגע־פועלט ביים רב, ער זאָל באַפעלן עפענען דעם „עזרת נשים". דער שמש האָט געעפנט און דער ווייבערישער בונט איז געוואָרן איינגעשטילט.

### שריפות און די יידישע פייערלעשער

קלאָבוצק, ווי דאָס רוב יידישע שטעטלעך מיט הילצערנע הייזלעך, האָט געהאַט אָפטע באַזוכן פון „רויטן האָן". יידן אין קלאָבוצק האָבן, וויזט אויס, נישט צו שטאַרק געהאַלטן פון זייערע שריפות און מען האָט שטענדיק נאָר גערעדט פון די שריפות אין דערבייאיקן שטעטעלע קאמיק. ווי נאָר עס האָבן זיך אין קלאָבוצק באַוויזן די רויטע פייער־צינגען, האָט מען געזאָגט: „עס ברענט אין קאמיק".

קלאָבוצק האָט געהאַט אירע יידישע פייערלעשער. ווי נאָר עס האָט אויס־געבראָכן אַ שריפה, האָט זיך באַוויזן אין גאַס דער פייערלעשער הערשל קושע־פיצקי מיטן גרויסן טראָמפּייט. ער איז געגאַנגען איבער די געסלעך ביזן מאַרק און געבלאָזן אין טראָמפּייט מיט קולי קולות. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען לייבקע שניידער מיט אַ קלענערן טראָמפּייט און געשאַלט, גערופן די איינוווינער קעגן

דעם פייער־שונא. באַלד האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע איבעריקע יידישע פייער־לעשער: יאָקל ריפשטיין, מרדכי ראָזן, ברוך לעווקאָוויטש, חילקע מייטעס, איציק אליהו בעסער, ברוך שפערלינג און הערצקע פייגע דער נאַטשאַלניק.

אין דערזעלבער צייט זענען אויך אָנגעקומען צו לויפן די פוילישע פייער־לעשער. ווען אַלע זענען געווען אויפן אָרט, האָט מען זיך געלאָזט כאַפּן פערד צו ברענגען וואַסער.

אויב אַזאַ שריפה האָט אויסגעבראָכן אין אַ מאַרקטאָג, האָט מען געכאַפּט די פערד פון די פויערים, וואָס זענען געקומען אויפן קלאָבוצקער יריד. די פויערים האָבן שוין וועגן דעם געוווּסט פאָרויס און ווי נאָר עס האָט זיך דער־הערט דאָס שמוצערן פון טראָמפּייט — האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן פונעם שטעטל. על פּי רוב האָט מען געמוזט אָנקומען צו היימישע בעל־עגלות, וועמענס פערד מ׳האָט אַרויסגעפירט פון די שטאַלן נישט פרעגנדיק די באַלעבאַטים זייערע. ווען מ׳האָט באַקומען די פערד איז מען מיט זיי אַוועק אין מאַרק צו דער „סטראַזשאַצקער שאַפּע״. פון דאָרט האָט מען אַרויסגעטאַשטשעט דאָס פעסל און שנעל געפאָרן צו דער „זשיקע״, ווי מ׳האָט גערופן דעם שטעטלדיקער טייך, כדי צו ברענגען וואַסער.

ביז וואַנען אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, ביז מ׳האָט פאַרלייגט די גומענע קישקע, האָט זיך דאָס פייער דערווייל געטראָגן פון הויז צו הויז. אין ס׳רוב פאַלן איז אַלץ פאַרברענט געוואָרן. איך געדענק אַזאַ שרפה, וואָס האָט אויס־געבראָכן שבת בייטאָג אין הויז פון ר׳ מאכל דודעק.

ר׳ מאכל איז אַרויס פון דער שרפה מיט צוויי חלות אין די הענט. ווען מ׳האָט אים שפּעטער געפרעגט: היתכן, וואָס האָט ער געראַטעוועט בלויז די צוויי חלות? האָט ער געענטפערט, אַז לויט אַ דין פון שולחן־ערוך, אויב עס ברעכט אויס אַ שרפה אין שבת טאָר מען גאָרנישט ראַטעווען אַ חוץ די חלות צו דער סעודה.

דער פּשוטער עולם איז אָבער געווען אין אַן אַנדערער מיינונג און פון ר׳ מאכלס שטוב אַרויסגעראַטעוועט אַלע זאַכן. דאָס הויז איז אַוועק מיטן פייער.

# דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן

משה ווײַנמאַן, פּאַריז

## די פּרנסה־קוואַלן

די פּרנסה־קוואַלן, פון וועלכע קלאָבוצקער ייִדן האָבן געצויגן זייער חיונה, זענען געווען פאַרשידנאַרטיקע. ווי אין אַלע שטעטלעך, האָבן אויך אין קלאָבוצק אָן אַנגעזען אָרט פאַרנומען די ספּעציפֿישע ייִדישע מלאכה׳שע פאַכן: שניידער־טאַנדייטערס, וואָס האָבן זייער פּראָדוקציע פאַרקויפט אויף די מערק; באַשטעלטע שניידער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע קונדן אין שטעטל צווישן דער פאַרמעגלעכער ייִדישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג; היטלמאַכער האָבן אויסגעאַרבעט אַלערליי היטלען, „ליציפּעטקעס״, ווינטער־היטן, ייִדישע טוכענע און סאַמעטענע היטלעך; שוסטערס פון גאַנצע שיך און פון שטיוול, און שוסטערס, וואָס האָבן זיך בלויז פאַרנומען מיט צורעכטמאַכן שוכוואַרג; קאַמאַשן־שטעפּעריי האָט מען געהאַלטן פאַר אַ בכבודע מלאכה און מיט דעם פאַך האָבן זיך פאַרנומען בעיקר חסידישע ייִדן.

כמעט דער גאַנצער מסחר אין שטעטל איז געלעגן אין ייִדישע הענט. אין די ייִדישע שניט־קראָמען האָבן זיך געפונען וואָלשטאָפן, ווייסע לייוונט, פֿויערישער געקראַטעוועטער שטאָף אויף ציכן און איינשיט. געבלימלטע קאָפּטיכלעך און שווערע ווינטער־טיכער. אויך די קאָלאָניאַל־קראָמען זענען על פּי רוב געווען ייִדישע. דער דאָרטיקער תבואה־האַנדל איז געלעגן אין ייִדישע הענט. די מיל, וואָס האָט געמאָלן ווייץ און קאָרן און צוגעשטעלט עלעקטרישע באַלייכטונג פאַרן שטעטל אין די דריי זעגווערק, וואָס האָבן געשניטן בעלקעס און ברעטער — האָבן געהערט צו ייִדן.

צו די קלאָבוצקער ייִדישע פּרנסות דאַרף מען אויך צורעכענען די דאָרפסגייער. זיי האָבן געהאַנדלט אין די אַרומיקע דערפער, געשלעפּט זיך אויף די וועגן אין היץ און אין קעלט און קוים אַרויסגעשלאָגן די בידנע פּרנסה. אַ ספּעציעלער חיונה־קוואַל פאַר אַ באַדייטנדע צאָל ייִדישע משפחות אין קלאָבוצק איז געווען דער האַנדל מיטן נאָענטן טשענסטאָכאָווו. באַלעגאָלעס האָבן געפירט

סוחרים קיין טשענסטאָכאָווע, וואָס זענען נאָך דעמזעלבן טאָג אין שפּעטן אָוונט צוריקגעקומען מיט סחורה. געווען אויך אין שטעטל יידישע טיי־הייזער, אייל־קלאַפּערס, „סאַדאָווניקעס", וואָס האָבן אָפּגעדונגען די סעדער ביי די פּאַר־מעגלעכע פּויערים און פּריצים אין דער אומגעגנט. פריזירס, קצבים, אַן אייזן־קראָם און כלי־קודש פּרנסות: שוחטים, מלמדים, דינים און אַ רב.

אַמאָליקע יאָרן האָט קלאָבוצק אויך געהאַט אַ ספּעציעלע קאַטעגאָריע יידן, וואָס האָבן געמאַכט נישט קיין שלעכטע געשעפטן פון שמוגל פון נאָענטן דייטשלאַנד קיין פּוילן. די גרענעץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט דייטשלאַנד פון פּוילן, ד.ה. פון רוסלאַנד, איז געווען 17 קילאָמעטער פון קלאָבוצק. געשמוגלט איז געוואָרן — טאַבאַק, סאַכאַרין און זיידנס.



ברוך שימקאָוויטש

# יידישע בעלי־מלאכות און סוחרים

די קלאָבוצקער יידישע בעל־מלאַכות זענען על פּי רוב געווען פרומע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן אין סאַמע רעכטן ברען פון דער אַרבעט געקאָנט אַלץ לאָזן שטיין, אָפּגעוואַשן די הענט, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דאָס צייגענע כאַלאַטל און געלאָפן אין בית־המדרש דאַוונען מיט מנין. איז ווער געווען אַ שטיקל בעל־תפילה, אַ בעל־קורא, האָט ער נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט ער זאָל זיך נישט צוכאַפּן צום עמוד אָדער צום באַלעמער לייענען דאָס ספר. פון בית־המדרש איז מען אַהיימגעגאַנגען צופרידן — אָפּגעגעבן דעם רבונו של עולם דאָס זייניקע.

די דאָזיקע פּשוטע יידן האָבן אַוועקגעגעבן די לעצטע גראָשנס, כדי זייערע קינדער זאָלן לערנען תורה ביי די בעסטע מלמדים. „מאַכן די קינדער פּאַר מענטשן" איז געווען אַ הייליקער חוב ביי יעדן פון די האָרעפּאַשנע קלאָבוצקער יידן. און די קלאָבוצקער יידישע עדה האָט זיך נישט געהאַט צו שעמען מיט אירע מענטשן. געווען דאָ תלמידי חכמים, ראשי ישיבות, גוטע פּאַכלייט, גרויסע סוחרים, פּאַרטיי־פירערס און כלל־טוער. עס איז כדאי צו פאַראייביקן



אברהם לייב כאָרזשעווסקי און זיין משפחה,
געבליבן לעבן 2 טעכטער און א זון — וווינען אין ישראל

אין אונדזער יזכור־בוך די טיפּן און געשטאַלטן פון אָט דער האָרעפּאַשנער פּיל־פאַרביקער יידישער עדה.

אברהם לייב כאָרזשעווסקי האָט געהערט צו דער בראַנזשע פון באַשטעלטע שניידער. ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ קליין בערדל. מ'האָט אים גערופן דער וורענציצער שניידער, ווייל איידער ער האָט זיך באַזעצט אין קלאָבוצק האָט ער געוווינט אין וורענציצע. אברהם לייב האָט מיינסטנס געאַרבעט פאַר קריסטלעכע הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, וואָס האָבן געוווינט אַרום קלאָבוצק: אין זאגארזש, אין „קייזערלעכן הויף", און פאַר פּריצים פון אומגעגנט.

דער באַשטעלטער שניידער איז געווען אַ ראַדאָמסקער חסיד. זיין זון עמנואל האָט געקאָנט גוט לערנען. אברהם לייבס זון און 3 טעכטער: איטע, פּעסע און יהודית לעבן אין ישראל.

ליפּמאַן האָלצמאַן און זינדל זיגעלמאַן, באַשטעלטע שניידער, האָבן זיך פאַרנומען נאָר מיט נייען יידישע בגדים: שיינע שניט־רעקלעך, פּעלצן, פּאַלטנס, מעלאַנשענע און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס.

די אַזוי גערופענע טאַנדייט־שניידער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן מאַרק, זענען אין קלאָבוצק געווען אין אַ גרויסער צאָל. זיי האָבן אין טשענסטאָכאָוו איינגעקויפט גרויסע באַלעמס סחורה. מייסטנס אויף באָרג און אויסגעאַרבעט אַנצוגער, פּאַלטנס, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אויף די ירידים אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך. איז געווען אַ גוטער מאַרקטאָג, האָט מען געהאַט צו באַצאָלן דעם סוחר פאַר דער סחורה און עס איז נאָך געבליבן אַ פיינער ריוח. און טאָמער איז מען אָפגעשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אָן אַ פדיון און נאָך געמוזט צולייגן די הוצאות הדרך — איז געווען ביטער. עס איז נישט געווען פונוואַנען צו באַצאָלן דעם סוחר און אין שטוב האָט מען געהונגערט.

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ צווישן די טאַנדייט־שניידער איז געווען ר׳ ליפּמאַן בירענבוים. ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די פויערים, וואָס האָבן ביי אים געקויפט צוליב זיין גוטער באַציאונג צו זיי. בעת ר׳ ליפּמאַן איז געשטאַנען אויפן מאַרק ביים פאַרקויפן זיין סחורה, האָט ער שטענדיק מיט זיך געהאַט אַ שיין פּושקעלע מיט שמעק־טאַבאַק. איז דורכגעגאַנגען אַ פויער, האָט ר׳ ליפּמאַן אים מכבד געווען מיט אַ שניפּ־טאַבאַק און דערביי „צודעקלאַמירט" אויף זיין פּויליש: „ניע ביטש טאַק, טילקאָ זאַזשיוואַטש טאַבאַק". ביי אַזאַ פריינטלעכן קבלת פנים, האָט דער פויערישער קונה געלאָזט זיך אָנמעסטן דעם אַנצוג און גיך דורכגעקומען מיטן פּרייז. ר׳ ליפּמאַן האָט דערביי אַ זאָג געגעבן צו זיין ווייב: „ביילע, גיך פּאַק איין דעם אַנצוג, פאַרבינד גוט מיט אַ סך שפּאַגאַט"...

ר׳ ליפּמאַן האָט געהאַט זין בני־תורה, בעלי־תפילה. איין זון שלמה איז פון די עלטסטע קלאָבוצקער אין ישראל.

מיט נייען פרויען־מלבושים האָט זיך פאַרנומען הערשל ריפּשטיק. איציק זייבעל איז געווען פון די אָנגעזעענע וועש־נייערס. ער איז פיל יאָרן געווען דער גבאי פון חברה קדישא. איציק איז געווען אַ קענער אין די קליינע אותיותלעך. זיין אַמביציע איז געווען צו דאַווענען ביים עמוד און צו לייענען אין ספר. זיין טאָכטער בתיה לעבט אין ישראל.

שווער איז געווען דאָס לעבן פון די שוסטערס. זיי זענען כמעט אַלע געווען גרויסע אָרעמעלייט. אויב ס׳האָט נישט ווער צו־פאַרדינט ביי האַנדלען מיט עופות אָדער מיט אויבס, האָט ער נישט געהאַט קיין פרנסה. טראָץ זייער אָרעמקייט האָבן קלאָבוצקער יידישע שוסטערס שטענדיק געזאָרגט דערפאַר, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען. מ׳האָט אָפּגעשפּאָרט פון מויל און געצאָלט די מלמדים. דער שוסטער יעקב גאָלדבערג האָט געהאַט אַ זון, וועלכן מ׳האָט גע־

רופן — דער וולוינער עילוי, ווייל ער האָט געוווינט אין וולוין. ער איז געווען דער מחבר פון אייניקע ספרים.

די יידן אין קלאָבוצק זענען געווען פאַרטרעטן כמעט אין אַלע מלאכהשע פאַכן. געווען פאַכן, וואָס האָבן באַשעפטיקט נאָר צו צוויי אָדער דריי פערזאָן. קאַמאַשן־שטעפער זענען געווען 3: יעקב פייגע פון דער אַלטשטאָט, ניעדזיעלע, וואָס האָט געוווינט אויף די זאַוואַדעס, און חיים זיידמאַן, וועמענס זון וווינט אין ישראל; צוויי בלאַכאַרעס: בעסער און מענדל פייגע. בעסער האָט געאַרבעט ביי רינעס צו הייזער, געדעקט דעכער. פון צייט צו צייט האָט ער צורעכט געמאַכט דעם דאַך פון דער שול, וואָס איז ביי אים געווען אַן עבודת קודש. מענדל פייגע האָט זיך פאַרנומען מיט היימישע אַרבעט, ווי: צורעכט מאַכן וואַנעס, באַליעס, טעפּ. אויף חנוכה האָט ער אויסגעאַרבעט פאַרשידענע חנוכה־לאָמפּן. פון די צוויי היטלמאַכער האָט איינער — איציקל לאַפּידעס געאַרבעט פאַר קריסטן, בעיקר פוטערנע ווינטער־היטלען און געהאַט שיין פרנסה. דער צווייטער — איציק זאַגעלמאַן, האָט געהאַט יידישע אַרבעט, געפאָרן אויף די מערק און שווער זיך אויסגעשלאָגן די פרנסה. טראָץ דעם איז ער שטענדיק געווען אין גוטן הומאָר, ליב געהאַט אַ ווערטל, אַ וויץ און קיינמאָל זיך נישט געקלאָגט אויף זיין גורל.

אין פאַרבעריי־פאַך זענען געווען צוויי יידן: ר׳ מאיר הערש, אַ הויכער, שטילער, באַשיידענער ייד, און שלמה ראָזן, וועמענס זון וווינט אין ישראל.ביידע פאַרבערס האָבן געהאַט דאָרפישע אַרבעט. פויערים האָבן געברענגט ווייסע וואָל צו פאַרבן אויף פאַרשידענע קאָלירן. די געפאַרבטע וואָל האָט מען שטענדיק געזען הענגען אויף שטאַנגען פאַר די הייזער פון די בעלי מלאכות.

געווען צוויי יידן, אייל־פּרעסערס. זיי האָבן געהאַט בדוחק פרנסה און געמוזט האָבן נעבן־באַשעפטיקונגען. איינער פון זיי — משה יעקב ראָזענטאַל, האָט געהאַלטן אַ מלומדות, געלערנט מיט חומש־ און רש״י־קינדער, דערצו איז ער נאָך אַלע פרייטיק געווען אַ פריזיער. ער האָט געשווירן מייסטנס חסידים. דעם צווייטן האָט מען גערופן שלמה ראָזענטאַל, אָדער שלמה אַליאַרזש. ביידע אייל־פּרעסער האָבן געהאַט אַרבעט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. פויערים האָבן געברענגט „שעמיע״, פון וועלכע די אייל־פּרעסערס האָבן מיט פרימיטיווע מיטלען אַרויסבאַקומען דעם בוימל. דער גרעסטער סעזאָן איז געווען „פאָסט־צייט, ווען די קאַטאָליקן עסן נישט קיין פלייש און באַנוצן אַ סך בוימל. די אייל־פּרעסער האָבן דעמאָלט געאַרבעט טאָג און נאַכט. פון דעם סעזאָן האָבן זיי בדוחק אַרויסגעשלאָגן די פרנסה אויף אַ גאַנץ יאָר.

אַ גוט פאַך, וואָס האָט געגעבן פרנסה איז געווען דאָס בעקער־פאַך. עטלעכע יידישע בעקערייען האָט קלאָבוצק געהאַט. דאָס רוב פון זיי האָבן זיך גערופן אויף די נעמען פון די פרויען פון די בעקערס, ווי: גיטל קאָפּלס, בריינדל זלמנ׳ס, פערל ליפּמאַנס. ווייטער זענען געווען בעקערייען מיט מאַנס־פערשווינישע נעמען, ווי: משה דוד ריפשטיין, יאָסל בעקער און אברהם איטשע האָלצמאַן.

די יידישע בעקערייען האָבן אויסגעבאַקן: ברויט, חלות, זעמל, בייגל, ראָגאַלקעס „קייזערקעס" — אַזעלכע געפלאָכטענע זעמל אדג"ל. אַחוץ די שטענדיקע אָפּנעמער פון געבעקס האָבן אויך די קריסטלעכע שענקן און רעסטאָראַנען געקויפט ביי די יידישע בעקערס. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז אַ פּאָליאַק האָט געעפנט אַ בעקעריי און צוגענומען אַלע קריסטלעכע קונדן ביי די יידישע בעקער. עס איז אינטערעסאַנט, אַז דער פּוילישער בעקער האָט באַשעפטיקט אַ יידישן פאַכמאַן, ווייל אַליין איז ער נישט געווען בכוח צו קאָנקורירן מיט די אויסאַרבעטונגען פון די יידישע בעקער. מיט דעם יידישן פאַכמאַן האָט ער אויך געוואָלט געווינען יידישע קונים.

די יידישע בעקער האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער פּוילישער קאָנקורענץ און געזוכט הילף ביי די רביים. בעקערס זענען געפאָרן צו די רביים פון ראַדאָמסק, ראספּזשע און טשענסטאָכאָוו און געבעטן מתפּלל זיין, אַז דעם גוי׳ס געבעקס זאָל נישט גערעאָטן. איינער פון די צדיקים האָט פאַרזיכערט, אַז דער קריסט וועט זיין בעקעריי פאַרמאַכן. כך הוה: דער יידישער בעקער־געזעל איז אַוועק פון זיין קריסטלעכן באַלעבאָס. בעת די קריסטלעכע סוף־יאָר־חוגאות איז דעם פּוילישן בעקער נישט געראָטן דאָס ספּעציעלע יומטובדיקע געבעקס. אַ צווייט מאָל איז אים דאָס געבעקס פאַרברענט געוואָרן. לסוף האָט ער געשלאָסן די בעקעריי. פאַרשטענדלעך, אַז חסידים האָבן אין דעם געזען אַ מופת פון צדיק. אין אַ צייט שפּעטער האָט זיך געעפנט אַ צווייטע קריסטלעכע בעקעריי.

די 4 קלאָבוצקער יידישע קצבים — מרדכי אונגליק, וואָלף געלבאַרד, קאָפּל געלבאַרד און מאַנטשע אונגליק — זענען געווען גרויסע בעל־צדקה און אָפּגעהיטענע יידן. זיי האָבן אנטייל גענומען אין אַלע צדקה־אַנשטאַלטן און געהאָלפן אָרעמע לייט. מאַנטשעס ווייב ראָדל איז דאָנערשטיק געשטאַנען אין יאַטקע צוזאַמען מיטן מאַן און אין אירע פרייע שעהן פיל געטאָן פאַר אָרעמע לייט. זייער טאָכטער אַדעלאַ, וואָס לעבט אין אויסטראַליע, האָט מיט אַ צייט צוריק באַזוכט ישראל. וואָלף געלבאַרדס זון אברהם וווינט אין ישראל

אַ חוץ די אויסגערעכנטע פאַכן האָט קלאָבוצק נאָך געהאַט: אַ יידישן

טישלער — ר׳ יוסף גליקסמאַן, אַ גלעזער — ר׳ בעריש, זיין טאָכטער לעבט אין ישראל, און אַ זייגערמאַכער — ר׳ מאיר בלוי, אַ ראַדאָמסקער חסיד.

דער טישלער מיטן גלעזער האָבן געהאַט פּרנסה בדוחק. בעסער איז שוין געווען דעם זייגערמאַכער, וועלכער האָט זיינע קינדער דערצויגן אין גייסט פון תורה. דער עלטסטער זון יעקב אהרן איז געווען אַ למדן. ר׳ מאיר בלויס טאָכטער בלומע לעבט אין ישראל.

קלאָבוצק האָט אויך געהאַט צוויי יידישע מייסטער פון ליימענע טעפּ (ערדענע). מ׳האָט זיי גערופן: מענדל טעפּער און ברוך טעפּער. זיי האָבן גע־ברענגט ליים פון פּאַדקאַמיעניצער וועג און מיט אַלטע פּרימיטיווע מאַשינען, וואָס זענען ווי אַ שניידער־מאַשין באַוועגט געוואָרן מיט די פיס, האָבן זיי אויס־געאַרבעט פאַרשידענע טעפּ, בלומען־טעפּ. געווען אויך אייניקע פורמאַנעס, טרעגערס, אויבס־הענדלער, סאַדאָווניקס און יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט: אַליין געזייט, געאַקערט און געשניטן.

## שפּייז־געוועלבער און שניט־קראָמען

די שפּייז־קראָמען האָבן געהערט צו חסידישע יידן. מייסטנס זענען זיי געווען געוועזענע קעסט־איידעמס, וואָס ווען זיי זענען געוואָרן „פאַר זיך" האָבן די שוויגער־עלטערן איינגעאָרדנט פאַר זיי שפּייז־געוועלבלעך. די קעסט־איידעמס, געוועזענע בית־המדרשניקעס אָדער ישיבה־בחורים, האָבן קיין פאַך נישט גע־האַט. זיי האָבן דעריבער געמוזט ווערן אָדער מלמדים אָדער קרעמער.

יידן אין קלאָבוצק, ווי ס׳רוב שטעטלעך אין פּוילן, האָבן געהאַט אין זייערע הענט כמעט דעם גאַנצן האַנדל, ווי: שניט־געוועלבער, תבואה־קראָמען, שיך־געשעפטן, צוקערניקעס אדג״ל.

די קלאָבוצקער „פּאַראָווע" מיל האָט געהערט צו די שותפים יוסף מאיר קורלאַנד און משה זיגעלבוים. דער אייגנטימער פון דער וואַסער־מיל איז געווען אַ פּאָליאַק. די צוויי טאַרטאַקעס (זעגווערק) האָבן געהערט צו יידישע שותפים — חסידישע יידן. יעדער טאַרטאַק האָט געהאַט צוויי שותפים, וואָס זענען געפאָרן צו באַזונדערע רביים.

די קלאָבוצקער יידישע סוחרים פון פערד און קי האָבן מיט זיך פאַר־געשטעלט אַ באַזונדערן שיכט. די פערד זענען איינגעקויפט געוואָרן אין פאַר־שידענע ערטער אין פּוילן און אַריבערגעפירט געוואָרן אין שכנותדיקן דייטש־לאַנד. דאָרט זענען זיי אויפגעקויפט געוואָרן פון דייטשע פערד־הענדלער. די יידישע פערד־סוחרים פון קלאָבוצק האָבן זיך געטיילט אין צוויי גרופּן. יעדע

גרופּע האָט געהאַט אירע שותפים. די באַשעפטיקטע אין דעם מסחר האָבן גע־האַט אַ לייטישע פּרנסה.

אויך דער קי־מסחר איז געווען געטיילט אין גרופּן. יעדע גרופּע מיט אירע שותפים. די בהמות זענען איינגעקויפט געוואָרן אויף די מערק אין פּוילן און דורך „ספּעציאַליסטן״־אונטערטרייבער געבראַכט געוואָרן קיין קלאָבוצק.

די קלאָבוצקער יידישע סוחרים פון פערד און קי זענען געווען בכבודע מענטשן. פון זיי האָבן זיך רעקרוטירט דאָזאָרעס און גבאים. זיי זענען געווען יידן בני תורה. כמעט אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיי געזען פאַרשטויבטע אין גראָבע מלבושים, יוכטענע שטיוול מיט לאַנגע שטעקנס אין די הענט צו טרייבן די פערד און קי. איז געקומען דער הייליקער שבת זענען זיי געוואָרן אַנדערע מענטשן. עס איז געווען להבדיל בין קודש לחול. ווען מ׳איז פאַרבייגעגאַנגען שבת פאַרן פענצטער פון הערשל זאַקס, האָט מען געקענט באַמערקן, ווי ער זיצט איבער אַ מדרש רבה. שבת נאָכמיטאָג האָט מען געקענט טרעפן ר׳ מאיר שפּערלינג אין בית־המדרש ביי דער שאַנק ספרים זוכן עפּעס אַ גוט מוסר־ספר.



מאיר שפּערלינג

עס איז דעמאָלט שווער געווען צו גלויבן, אַז די באַלעבאַטישע פרומע יידן זענען פערד־הענדלער. דעסגלייכן אויך די קי־סוחרים יעקב פישל ריזענטאַל, שמואל שפּערלינג מיט דער שיינער באָרד — זיי האָבן שבת נישט געוואָלט הערן פון

**קיין מסחר. זיי האָבן דערצויגן זין לומדים און געהאַט איידעמס, וואָס האָבן עוסק געווען אין תורה און אין מצוות.**

**אַזוי האָט אויסגעזען דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן פון די קלאָבוצקער יידן. דער גרעסטער רוב פון זיי האָט מיט שווערער מי זיך ארויסגעשלאָגן די פרנסה.**

(אינפאָרמאַציעס באַקומען פון גיטל גאָלדבערג ז״ל און משה פייגע).

*

**אין די יאָרן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויגוסט 1914, איז קלאָ־בוצק, אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, נישט געווען קיין שטעטל (מיאַסטעטש־קאָ״), נאָר אַ ישוב („אָסאַדאָ״). בראש פון ישוב זענען געשטאַנען: דער וואָיט און צוויי סאָלטיסעס. פון מיינע יינגלשע יאָרן, ד.ה. פאַר 1914, געדענק איך דעם וואָיט סוכיינסקי, אַ הויכער גוי מיט לאַנגע וואָנסעס און די סאָלטיסעס — קלעפאַץ און דזשעמבא.**



די אַמאָליקע פּני פון קלאָבוצק מיט צוויי יידישע פאָרשטעער
רעכטס: עמנואל ווילינגער, לינקס — דוד זיגעלמאַן
און צווישן זיי דער וואָיט, גלח און סאָלטיס

די קאָנצעלאַריע איז געווען דאָס דאָרטיקע „רעגירונגס־הויז", וווּ ס'זענען פאָרגעקומען אַלע זיצונגען, אויף וועלכע עס זענען באַהאַנדלט און באַשלאָסן געוואָרן אַלע ענינים פון ישוב. אָפטמאָל האָט מען צו אַזעלכע זיצונגען אויך איינגעלאַדן אַ דריי־פיר יידן, באַזונדערס ווען מ'האָט געדאַרפט באַשליסן וועגן נייע שטייערן.

קלאָבוצק האָט אויך געהאַט אַ מערקווירדיק אַרעסט־הויז, וועלכעס מ'האָט גערופן, ווי אין אַלע שטעטלעך, די „קאָזע". דאָרט זענען געזעסן לייכטע „פאַר־ברעכער", ווי, למשל: אַזעלכע, וואָס האָבן באַקומען אַ חודש אַרעסט פאַר שלאָגן זיך, פאַר האָבן אַ פאַלשע וואָג, און יידן — פאַר אָפן האַלטן די קראָמען זונטיק אין דער שעה, ווען מ'איז געגאַנגען אין „קאָשטשאָל" און אויך פאַר נישט אויס־קאַלכן די רינשטאָקן אדג"ל.

די „קאָזע" האָט זיך געפונען נעבן קאַנצעלאַריע. דער שומר פון די „אַרעסטאַנטן" האָט זיך גערופן ווילק דער ציין־רייסער, ווייל אַ חוץ זיין שמירה האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט רייסן ציין. ער האָט געהאַט אַ וווינונג אין הויז פון דער קאַנצעלאַריע. ווען ווילק האָט געדאַרפט גיין אין גאַס דערליידיקן זיינע עסקים, האָט ער אַרויסגעלאָזט זיינע אַרעסטאַנטן אויף אַ שעה אָדער צוויי און זיי געבעטן זיי זאָלן זיך נישט פאַרזוימען, ווייל עס קאָן אָנקומען דער נאַטשאַלניק און עס וועט נישט שיין זיין ווען ער וועט טרעפן אַ ליידיקע „קאָזע".

אַ באַזונדערע פריווילעגיע האָבן געהאַט ביי ווילקן די בעקערס און קצבים, וואָס זענען אָפּגעקומען אַ שטראָף פאַר נעמען צו הויכע פרייזן אָדער פאַר נישט ריין האַלטן די בעקערייען און יאַטקעס. אַזעלכע „פאַרברעכער" זענען אָפּגעלאָזט געוואָרן אַהיים אויף גאַנצע נעכט, די בעקערס — אויף אָפּ־צובאַקן אַ געבעק ברויט און די קצבים — אויף צוצוגרייטן דאָס פלייש צום פאַרקויף. דאָס האָט שוין געמוזט געטאָן ווערן מיטן וויסן פון „וואָבמיסטזש", ווי מ'האָט טיטולירט דעם אָרטיקן פאָליציי־קאָמענדאַנט.

די קלאָבוצקער פאָליציי איז אין יענער צייט באַשטאַנען פון אַ „וואָכ־מיסטזש" און 5־6 פאָליציאַנטן (סטראַזשניקעס), דריי זשאַנדאַרן און דריי „סמאָטשניקעס", אַ מין גרענעץ־וועכטער, וואָס האָבן געדאַרפט באַקעמפן דעם שמוגל, וועלכער איז געגאַנגען פון דער דייטשער גרענעץ, 17 קילאָמעטער פון שטעטל.

פון קיין געדרוקטע מעלדונגען האָט מען נאָך, דעמאָלט, אין דער קלאָ־בוצקער קאַנצעלאַריע נישט געוווּסט. די אָרטיקע „נייעס" האָט מען צעוויסן

געטאָן דער באַפעלקערונג דורך אַ פויקער. ווען ער האָט אָנגעהויבן פויקן, זענען זיך קינד און קייט צוזאַמענגעלאָפן און אים נאָכגעגאַנגען. דער פויער האָט געפירט דעם עולם ביז צו דער פלומפּ, קעגנאיבער הערצקע גיטערמאַן, דאָרט האָט ער אויפסניי אָנגעפויקט און מיט אַ הייזעריק שיכורדיק קול אויסגעשריגן די „נייעס". דהיינו: דער פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר דאַרף קומען אויף באַזוך אין שטעטל; די פייערונג („גאַלוווקע) לכבוד דעם קייזער אָדער קייזערין איז אָפּגעלייגט געוואָרן צוליב אַ קראַנקייט; וועגן צושטעלן די פערד צו סטעמפּלען און וועגן פאַרבלאָנדזשעטע חזירים, וואָס מ'איז מחויב אָפּצוגעבן דעם באַלע־באָס.

די פּאָליציי־לייט זענען געווען רוסן. קיין פּאָליאַקן האָט מען אין דינסט נישט אָנגענומען. אַזוי האָט זיך קלאָבוצק געפירט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ד.ה. — ביז אויגוסט 1914.



בתיה איזראַעלעוויטש־זייבל

## דער מארק־פּלאַץ אין יידישע הענט

אין מיין צייט האָבן 4 יידן — זיינוול ריפשטיין, לייבקע אינגליק, לייב זיידעל און מיין פאָטער איציק זייבעל — געהאַט אָפּגעדונגען דעם מאַרק־פּלאַץ (טאַרגאָוויסקאָ). איך געדענק, אַז מיר האָבן געהאַט שיין פרנסה פון אונדזער שותפות צום מאַרק. מיין פאָטער האָט אָפּגעשפּאָרט געלט און אָפּגעקויפט די לאָנקע נעבן שול־הויף.

אַלע צוויי וואָכן מיטוואָך איז פאָרגעקומען אַ מאַרקטאָג. ביי די טויערן זענען געשטאַנען שומרים און האָבן גענומען דעם אָפּצאָל פאַר אַריינגיין אין מאַרק.

שפּעטער, בעת דער פּוילישער מלוכה, האָבן שוין די אַנטיסעמיטן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג נישט דערלאָזט, אַז יידן זאָלן אָפּדינגען דעם מאַרק־פּלאַץ. ער איז איבערגעגאַנגען אין פּוילישע הענט. איינציקווייז האָבן פּאָליאַקן איבערגענומען אויך אַנדערע יידישע פרנסות אין דעם שטעטל.

# די ערשטע וועלט־מלחמה
# און איר ווירקונג אויף די יידן אין קלאַבוצק

משה ווייסמאַן

## פאַגראָם־שרעק בעתן בייליס־פּראָצעס

די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה אין יאָר 1904 און די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון יאָר 1905 האָבן קיין גרויסע אויפטרייסלונגען נישט אַריינגע־בראַכט אין שטעטל. אייניקע קלאָבוצקער יידן, וואָס זענען געווען אין רוסישן מיליטער־דינסט, האָבן זיך באַטייליקט אין דער מלחמה און שפּעטער, לאַנגע יאָרן דערציילט פון זייערע איבערלעבונגען ביי „פּאָרט אַרטור", ווען מ'האָט זיך געשלאָגן מיט די „יאַפּאָנטשיקעס". די יידישע „אחדות" פון יאָר 1905 האָבן אין קלאָבוצק נישט געהאַט קיין ספּעציעלע ווירקונג. בלויז עטלעכע קלאָבוצקער זענען געווען טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו, געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר.

אַ באַזונדערע אויפטרייסלונג האָבן יידן אין קלאָבוצק איבערגעלעבט בעתן בלוט־בלבול אין יאָר 1912־1913, ווען עס איז פאָרגעקומען אין קיעוו דער פּראָצעס קעגן ייד מענדל בייליס, אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט פאַרפייניקט אַ קריסטלעך ייִנגל, כדי צו באַנוצן זיין בלוט אויף מצות. בעת די צוגרייטונגען צום פּראָצעס, אין די זומער חדשים 1913, שניט־צייט, ווען פרומע פּאָליאַקן האָבן עולה רגל געווען צו דער הייליקער מוטער אויף „יאַסנאַ גוראַ" אין טשענסטאָכאָוו — האָבן קלאָבוצקער יידן געלעבט אין טויט־שרעק. איבער אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין טשענסטאָכאָוו, זענען געגאַנגען די פּראָצעסיעס מיט די הייליקע בילדער. מ'האָט דערוואַרט זייער אָנקומען אויך קיין קלאָבוצק און געריכט זיך אויף אַ פּאָגראָם.

צו קיין פּאָגראָם איז נישט געקומען. ווי מ'האָט געשמועסט איז עס געווען דערפאַר, ווייל די פרומע אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן האָבן געהאַט מיט זיך צו טאָן. בעת די צוגרייטונגען צום בייליס־פּראָצעס, האָט זיך אויך געגרייט

אַ משפט קעגן הויפּט־גלח פון טשענסטאָכאָווו — מאַצאָך, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין אַרויסגנבענען אַ בריליאַנטן אויג פון דער הייליקער מוטער אויף „יאַסנאַ גוראַ״.

אין יענער צייט, ווען שקצים האָבן אויף אונדז יינגלעך געשריגן — „ביילישע״, האָבן מיר אָפּגעענטפערט מיט — „מאַצאָך״. שפּעטער נאָך ביי־ליסעס באַפרייאונג האָט מען נאָך צוגעגעבן אַ גראַם אויף פּויליש: „ביילים זשיע, אַ מאַצאָך גניע״. דאָס איז געווען אַ רמז אויף דעם, אַז ביילים איז פון בלוט־בלבול באַפרייט געוואָרן און מאַצאָך פוילט אין תפיסה.

## די שווערע איבערלעבונגען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

אַ שווערע צייט האָבן קלאָבוצקער יידן איבערגעלעבט בעתן אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אויגוסט 1914, וואָס איז געקומען פאַרן שטעטל כמעט אומגעריכט. צייטונגען האָט מען דעמאָלט קנאַפּ וואָס געלייענט. מ׳האָט אָנגעהויבן שמועסן, אַז עס גרייט זיך אַ מלחמה. הגם מ׳האָט אין דעם נישט געגלויבט, זענען דאָך די הערצער פון דער יידישער באַפעלקערונג אָנגעפילט געוואָרן מיט שרעק. יידן האָבן אין רויטן זון־פאַרגאַנג געזען דאָס פייער פון אָנקומענדיקן קריג.

פּלוצים, אין אַ זוניקן פרימאָרגן פון חודש אב, האָט זיך דערהערט אַן אומגעוויינלעך דונערן... דאָס איז געווען אויף צומאָרגנס נאָך מלחמה־אויסברוך. די דייטשע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו קלאָבוצק און פאַרנומען סטראַ־טעגישע פּאָזיציעס אַרום שטעטל, באַשיסנדיק דעם רוסישן גאַרניזאָן, וואָס האָט זיך געהאַט פאַרפעסטיקט אין זאַגאָזשער „קייזערלעכן שלאָס״. קלאָבוצק האָט, אַזוי אַרום, באַלד אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1914 דערפילט אַלע מלחמה־גרוילן.

איבער צוויי שעה האָט געדויערט די שלאַכט. עס זענען געפאַלן טויטע און פאַרוואונדעטע. הייזער אויף פּאָדקאָמעניצע האָבן זיך אָנגעצינדן, פלאַמען האָבן זיך אויפגעהויבן. דער הימל איז געוואָרן שוואַרץ פון די רויך־וואָלקנס. די דייטשן האָבן פאַרנומען קלאָבוצק. זייער ערשטער באַפעל איז געווען: אַלע איינוווינער מוזן אין משך פון צוויי שעה פאַרלאָזן דאָס שטעטל. עס איז אַנט־שטאַנען אַ בהלה. עס האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז דאָס שטעטל וועט ווערן אונטערגעצונדן דורך די דייטשן, כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַריאָגן אַלע רוסישע מיליטער־לייט און די שפּיאָנען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די הייזער. די, וואָס וועלן נישט אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, וועלן ווערן דערשאָסן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מוראדיקער געלויף. יעדער האָט געכאַפּט פון זיין שטוב, וואָס ער האָט געקאָנט און געלאָפן וווהין די אויגן האָבן געטראָגן. די וועגן, וואָס האָבן געפירט אין די שכנותדיקע דערפער, זענען געווען פאַרפלייצט מיט דער פּליטים־כוואַליע. עס האָבן זיך געשלעפּט פול־געפּאַקטע פורן מיט דעם געראַטעוועטן ביסל אָרעמקייט. קראַנקע און מידע האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער, הונגעריקע, דורשטיקע, האָבן אָנגעקלאַפּט אין פּויערישע כאַלופּעס און געבעטן אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל וואַסער.

איניקע יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע היימען, מורא־האָבנדיק, מ׳זאָל נישט צעראַבעווען זייער האָב און גוטס, זענען אויסגעפינען געוואָרן פון די דייטשן. מ׳האָט זיי, די באַהאַלטענע יידן, צונויפגענומען און אַוועקגעפירט אויפן קריסטלעכן צמענטאַזש צו דערשיסן — דאָס איז געווען נישט אין היטלערס צייטן, נאָר בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט איז אָבער דאָך געווען אַנדערש. די דייטשן זענען נאָך נישט געווען אַרומגעכאַפּט פון יידן־אויסראָטונגס־שגעון. עס האָט זיך אַריינגעמישט דער ליבידזער פּריץ, וואָס האָט געשטאַמט פון דייטשן און האָט אינטערווענירט ביי דער מיליטערישער מאַכט לטובת די יידן. די דערשיסונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן. לסוף האָט מען אַלע יידן באַפרייט און פאַרטריבן פון שטעטל.

דער פראָנט האָט זיך אַוועקגעטראָגן ווייטער. צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען פאַמעלעך זיך גענומען צוריקקערן אין די היימען, וועלכע מ׳האָט געטראָפן אויסגערויבטע. ביסלעכווייז האָט זיך דאָס לעבן איינגעשטעלט אויפן מלחמה־שטייגער. טייל סוחרים און פריש אויפגעקומענע הענדלער האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען און פאַרנומען זיך מיט שמוגל פון לעבנס־מיטל, האַנדל מיט פאַרמיליטאַריזירטע סחורות. אַ געוויסער צאָל יידן זענען געווען באַשעפטיקט ביי אַרבעט פאַר די דייטשן. דער גרעסטער רוב קלאָבוצקער יידן זענען אָבער געבליבן אָן פּרנסה. זיי האָבן געהונגערט. עס האָט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט צוגענומען אַ סך קרבנות.

הגם די דעמאָלטדיקע דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין ספּעציעלער יידן־פאַרפאָלגונגען, האָבן דאָך יידן געהאַט אויסצושטיין אַ סך גזירות רעות. מ׳האָט יידן געצווונגען צו האַלטן אָפן שבת די קראָמען, כדי די דייטשע זעלנער זאָלן האָבן ווו צו קויפן. אַ שווערע גזירה פאַר פרומע יידן איז אויך געווען די פאַראָרדנונג צו פאָטאָגראַפירן זיך מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ בעת דער פּאַספּאָרטיזאַציע. מ׳האָט געצווונגען יידן צו לאָזן זיך אָפּשערן די בערד בעתן אויספאַרען זיך אין „אַנטלויזונגס־אַנשטאַלט", וואָס

איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין בנין פון דער זאגארזשער בראָנפן־ברענעריי, וועלכער האָט אין די רוסישע צייטן פּראָדוצירט בראָנפן, די אַזוי גערופענע „מאָנאָפּאָלקע״.

גרויסע צרות האָבן די שפּיון־קראָמען און בעקערייען געהאַט אויסצו־שטיין פון דייטשן ריינקייט־אינספּעקטאָר. דער אָפיציר, אַ קליין נידעריק מענטשל מיט אַ קורץ געשוירן בערדל, וואָס יידן האָבן אים גערופן פאַרשטעלט — „דאָס בערדל״, האָט אין די קראָמען און בעקערייען זיך געטשעפּעט צו יעדן שטוי־בעלע. פאַר דעם מינדעסטן חטא האָט ער געשלאָגן אויף אַכט טעג די שפּייז־אונטערנעמונגען. ביסלעכווייז האָבן יידן זיך איינגעלעבט מיט דער דעמאָלט־דיקער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכע איז דאָך געווען בעסער ווי די פריער־דיקע צאַרישע פּאָגראָמען־הערשאַפט.

נאָכן צוזאַמענברוך פון דער דייטשער אַרמיי און וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך איז פּוילן געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מדינה און אויך פאַר די יידן אין קלאָבוצק האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי פּאָליטיש אוןווירטשאַפטלעך לעבן אויפן באָדן פון דער גלייכבארעכטיקונג, וואָס די נייע פּוילישע מאַכט האָט געגעבן די יידן.



ברוך שימקאָוויטש

# זכרונות פון ערשטן וועלט־קריג

תשעה באב 1914, דאָנערשטיק פאַרמיטאָג, האָט דאָס דייטשע מיליטער אַריינמאַרשירט קיין טשענסטאָכאָוו און נישט באַגעגנט קיין שום ווידערשטאַנד מצד די רוסן, וועלכע האָבן פריער פאַרלאָזט די שטאָט. אויך פון קלאָבוצק איז אַוועק די רוסישע מאַכט און די אָנפירונג איבערן שטעטל האָבן איבער־גענומען די פייערלעשער („סטראַזש״) מיט די פּאָליאַקן קלעפּאַץ, סוכיינסקי און דזעמבא בראש.

די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין גרויס שרעק. מ׳האָט זיך גערעכנט אויף אָנפאַלן אויף יידן די שרעק איז נאָך געשטאַרקט געוואָרן דורך די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט, אַז אין דער אומגעגנט האָבן זיך אָרגאַניזירט באַנדעס, וואָס רופן זיך „קאָסאַרזשעס״, ווייל זיי אָפּערירן מיט קאָסעס

און העק. מ׳האָט נישט געוווסט קעגן וועמען טרעטן אַרויס די באַנדעס. מ׳איז אָבער געווען זיכער, אַז דאָס ערשטע „כפרה־הינדל״ וועט זיין דער ייד.

אַ חודש צייט, בערך, איז קלאָבוצק געווען אונטער דער הערשאַפט פון די פייערלעשער און אומגעריכט האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ דייטשער פּאָרפּאָסטן, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע רייטער. זיי האָבן גערופן צו זיך די אָנפירער פון שטעטל און זיי אויסגעפרעגט, צי זיי ווייסן נישט, ווו ס׳געפונען זיך רוסישע זעלנער. די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט פון די פני העיר, אַז זיי זאָלן אויפפאָדערן די באַפעלקערונג צו פאַרהאַלטן זיך רואיק און אויב עס וועלן אָנקומען רוסישע זעלנער, זאָל מען וועגן זיי גלייך מעלדן די דייטשן. נאָך דער דאָזיקער מעלדונג איז דער פאָרפּאָסטן אַוועק און קלאָבוצק איז ווידער געבליבן אונטער דער אויפזיכט פון די פייערלעשער, וועלכע האָבן אין די נעכט געהיטן דאָס שטעטל.

צוויי וואָכן פאַר ראש־השנה, זונטיק אַ זייגער 8 פרי, זענען אין קלאָ־בוצק אַריין רוסישע דאָנער קאָזאַקן, דורכגעריטן דאָס שטעטל און אַוועק אין דער ריכטונג פון זאלאשין. צווישן די איינוווינער איז געוואַקסן די שרעק. מ׳האָט געוווסט, אַז קיין פריילעכע זאַכן קאָן פון דעם נישט אַרויסקומען. ווו צו לויפן איז נישט געווען, ווייל מ׳האָט געשמועסט, אַז אויף די וועגן באַוועגן זיך מיליטער־מחנות פון די פיינטלעכע צדדים. מיט צוויי שעה שפּעטער האָט מען טאַקע באַמערקט, ווי פון טשענסטאָכאָווער וועג קומט אָן דייטשע קאַוואַ־לעריע. אייניקע פון זיי זענען אַריין אין שטעטל און געטריבן די מענטשן אין די שטובן.

איך האָב אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרע פון פענצטער און געזען ווי די דייטשן מאַכן פּאָזיציעס אין די גאַסן ביי די ווענט. באַלד איז פון זאגאזשער וועג אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קעגנזיי־טיקע שיסעריי, וועלכע האָט געדויערט צוויי שעה. פון די קוילן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די שטובן, איז דערהרגעט געוואָרן די טאָכטער פון יעקב פּישל, יאָסקע בערלינעס פרוי.

ווען די שיסעריי האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט מען אויף די גאַסן געזען ליגן טויטע רוסן און פערד. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן וועלן באַשיסן קלאָבוצק מיט האַרמאַטן, און אַזוי איז טאַקע געשען: אַרום 3 אַזייגער האָבן גענומען דונערן האַרמאַטן. דער הימל איז געוואָרן רויט פון פלאַמען און שוואַרץ פון רויך. עס האָט געברענט אַרום שמולעוויץ. ווען דאָס האַרמאַטן־פייער האָט זיך עטוואָס אָפּגעשטעלט, האָט מען אין גרויס פּאַניק

אָנגעהויבן צו אַנטלויפן פון שטעטל. מ׳איז געלאָפן צופוס און אויף פערד און וועגן אין די אַרומיקע דערפער. אַלע יידן זענען אַוועק. עס איז געבליבן בלויז ר׳ דוד הערש שוחט מיט זיין משפחה. ער האָט געזאָגט „הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל״. זיי האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט זייער אַ שווערע נאַכט. דער קלאָבוצקער רב מיט זיין משפחה זענען אַוועק קיין וואַרשע צו זייערע קרובים.

צומאָרגנס, ווען עס האָט זיך שוין געהאַט אַביסל באַרואיקט, האָבן מענטשן, איינציקווייז, זיך אָנגעהויבן צוריקצוקערן אין שטעטל. פאַרנאַכט איז מען צודיק אַוועק פונוואַנען מ׳איז געקומען. לסוף האָבן עטלעכע מענטשן ריזי־קירט צו בלייבן נעכטיקן אין פינצטערע פאַרהאַמערטע שטובן. אויך מיין פאָ־טער מיט דער גאַנצער משפחה איז געבליבן איבער נאַכט.

מיר האָבן געהאַט אַ בעקעריי און זעענדיק ווי מענטשן קומען צוריק האָבן מיר ריזיקירט און גענומען באַקן ברויט פון מעל, וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער פעסט־פאַרמאַכטן לאַגער. מיר האָבן נישט געהאַט קיין טעות: די קלאָבוצקער זענען צוריקגעקומען אין שטעטל און פּאַמעלעך האָט זיך צוריק איינגעשטעלט אַ לעבן, אָבער קיין סטאַביליזירטע מאַכט האָט נאָך קלאָבוצק אַלץ נישט געהאַט.

ראש־השנה, יום־כפור איז אַדורך רואיק. יידן האָבן געדאַוונט אין שול און אין די בתי־מדרשים. פאַר סוכות איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג פון דייטשע זעלנער מיט זשאַנדאַרן און האָבן פאַרנומען די בנינים פון דער פריערדיקער רוסישער מאַכט און מיר האָבן זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

נאָך סוכות האָט דורך קלאָבוצק אָנגעהויבן דורכמאַרשירן דאָס דייטשע מיליטער. דאָס שטעטל איז געוואָרן אַ וויכטיקער עטאַפּ־פונקט. די ערשטע פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט איז געווען: יעדע וווינונג מוז אויפ־נעמען אויף קוואַרטיר דייטשע זעלנער. די צאָל קוואַרטיראַנטן איז אָפּהענגיק פון דער צאָל צימערן, וואָס געהערן צו דער וווינונג, די באַפעלקערונג האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט דער דאָזיקער פאַראָרדענונג. אַן אָפיציר האָט געפירט גרופּן זעלנער און צעטיילט איבער די וווינונגען.

די דייטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען נאָך נישט געהאַט דערגאַנגען צו דער שרעקלעכער מדרגה פון פעלקער־מערדער. זיי האָבן געהאַט נישט קיין שלעכטע באַציאונג צו דער ציווילער באַפעלקערונג און צו יידן. עס האָבן זיך אין קלאָבוצק איינגעשטעלט מלחמה־פרנסות. מ׳האָט געהאַנדלט

מיט די דייטשן. זייער גוט האָבן דעמאָלט פאַרדינט די קצבים און די בעקער, וואָס האָבן צוגעשטעלט פלייש און ברויט פאַר דער דייטשער אַרמיי. די דייטשע מאַכט האָט צוגעשטעלט מעל פאַר די בעקערייען און בהמות פאַר די קצבים.

## דייטשן ווילן צווינגען יידן צו חלול־שבת

נאָענט פאַר חנוכה האָבן די דאָזאָרעס באַקומען אַ מעלדונג זיך תיכף צוצושטעלן צום קאָמענדאַנט פון דער שטאָט קלאָבוצק. די דאָזאָרעס אברהם יאַקובאָוויטש און אהרן זאַקס זענען אַוועק צום קאָמענדאַנט. דאָרט האָבן זיי באַקומען אַ באַפעל, אַז די יידישע בעקער און קצבים מוזן אַרבעטן אין שבת. דער קאָמענדאַנט האָט זיך פאַרענטפערט: „עס איז קריגס־צייט, דאָס מיליטער מוז האָבן ברויט מיט פלייש, דעריבער מוזן די בעקערס באַקן אין שבת און די קצבים שעכטן און צוגרייטן דאָס פלייש.״

די פרומע רעליגיעזע דאָזאָרעס האָבן אַלץ געטאָן, כדי אָפּצושרייען די גזירה. מ׳איז געלאָפן מיט שתדלנות און לסוף אויסגעפּועלט, אַז אויף שבת זאָלן די דייטשן אַריינשטעלן אין די יידישע בעקערייען און יאַטקעס זייערע מענטשן, וואָס וועלן אַרבעטן אנשטאט די יידן. איך דערמאָן זיך ווי קאָמיש עס האָט אויסגעזען ביי אונדז אין שטוב שבת: מיר זענען אַהיימגעקומען פון שול, דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש ביי דעם שבתדיקן טיש, מ׳האָט געזונגען זמירות און די בעקעריי האָט געבאַקן, דער אויוון האָט געברענט. דאָס האָט אַזוי געדויערט עטלעכע וואָכן.

## אַ מחלוקה אין שטעטל

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע, האָבן פון דאָרט גענומען זיך אומקערן אַהיים די קלאָבוצקער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן אין די בהלה־טעג. צווישן די צוריקגעקומענע האָט זיך אויך געפונען דער קלאָבוצקער רב, הרב הענעך גאָלדבערג. באַלד נאָך זיין אָנקומען האָט זיך אין שטעטל אָנגעהויבן אַ שאַרפע מחלוקה. די סיבה פון דער מחלוקה איז געווען, וואָס דער רב האָט געפאָדערט, אַז די שוחטים זאָלן אים צוריקגעבן זיין חלק שחיטה־געלט פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז נישט געווען אין שטעטל.

די שוחטים האָבן געטענה׳ט — היתכן? פאַרוואָס קומט עס דעם רב אַזאַ רח״ש. ראשית האָבן זיי שוין דאָס געלט פאַרנוצט נישט אויף קיין לוקסוס, נאָר פשוט אויף דורכצולעבן דעם טאָג, והשנית — ער איז דאָך נישט געווען אין קלאָבוצק, איז וואָס פאַראַ טענות קאָן האָבן דער רב.

די הויפּט־מחלוקה איז פאָרגעקומען צווישן רב און ר׳ דוד הערש שוחט. משה שוחט האָט נישט געוואָלט איינרייסן מיטן מרא דאתרא, וואָס האָט אים, משהן, געהאָלפן ווערן שוחט אין קלאָבוצק. באַלד האָבן זיך געשאַפן צוויי לאַגערן: די חסידים מיט זייערע אָנהענגער האָבן געהאַלטן מיטן רב, אַז אים קומט זיין חלק שחיטה־געלט פאַר דער צייט, וואָס ער איז נישט געווען אין קלאָבוצק. די פּשוטע באַלעבאַטים פון שטעטל האָבן געהאַלטן מיט ר׳ דוד הערש שוחט און אים אונטערגעשטיצט אין זיין שטעלונג דעם רב נישט צוריקצוגעבן קיין געלט.

## דייטשן צווינגען צו פאָטאָגראַפירן זיך און יידן זענען קעגן מחמת פרומקייט

אָנהויב זומער 1915. קיין דייטש מיליטער איז שוין אין קלאָבוצק נישט געווען. עטלעכע זשאַנדאַרן מיט אַ וואַכמייסטער האָבן געהיט די אָרדענונג. מיטאַמאָל איז אַרויס אַ נייע „גזירה״ אויף קלאָבוצקער יידן: אַ באַקאַנטמאַכונג האָט געמאָלדן אַלע קלאָבוצקער איינוווינער, אַז זיי מוזן אין אַ באַשטימטן טאָג צושטעלן פּערזענלעכע פאָטאָגראַפיעס פון אַ באַשטימטער מאָס. ווער עס האָט נישט קיין פאָטאָגראַפיעס, וועט 10 אַזייגער אינדערפרי זיך מוזן צושטעלן אויפן ליידיקן פּלאַץ, קעגנאיבער דעם דאָקטאָר, ווו ספּעציעלע פאָטאָגראַפיסטן פון טשענסטאָכאָוו וועלן דעם עולם אָפּפאָטאָגראַפירן.

די „גזירה״ האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אויפרעגונג ביי די פרומע יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז פאָטאָגראַפירן זיך איז חוקת הגוי, וואָס קיין ייד טאָר נישט נאָכמאַכן. אויך די נישט־פרומע האָבן שטאַרק נישט געהאַלטן פון „אָפּמענטשלען זיך״ און געחוזקט פון דייטשס איינפאַלן. אין קלאָבוצק האָט זעלטן ווער זיך פאָטאָגראַפירט. געווען אַפילו אַ יידישער פאָטאָגראַפיסט — מאָטל, די געררטנעריגס זון, אָבער ער האָט געהאַט אַרבעט נאָר פון קריסטן.

טראָץ דעם ווידערווילן פון די יידן צו פאָטאָגראַפיעס, האָבן אין באַ־שטימטן טאָג, מאָנטיק 10 אַזייגער פרי יידן זיך פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ קייגנ־איבער דעם דאָקטאָר און מ׳האָט זיי גרופּנווייז, 10 פערזאָן צוזאַמען אָפּפאָטאָ־גראַפירט. דערביי האָט מען נאָך געמוזט באַצאָלן צי פופציק פעניק פאַר אַ קאָפּ. דער ווייט גרעסטער רוב קלאָבוצקער יידן האָט זיך דעמאָלט צום ערשטן מאָל אין לעבן פאָטאָגראַפירט. שפּעטער האָבן יידן באַקומען דייטשע פּעסער און געוואָרן בירגער פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

משה ווײנמאַן

# מחלוקה צוליב א חזן און שוחט

צו אַ גרויסן סקאַנדאַל אויפן געזעלשאַפטלעכן באָדן איז געקומען ווען עס איז געשטאָרבן דער אַלטער חזן און שוחט — ר׳ דוד הירש דאַווידאָוויטש.

ר׳ דוד הירש, אַ קלײנגעוויקסיקער מיט אַ לאַנגער ווײסער באָרד, רירעוודיק ווי קוועקזילבער, איז געווען שטאַרק באַליבט בײ דעם פּשוטן עולם. צו זײן לויה איז געקומען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. אין דער גרויסער שול, וווּ דוד הירש איז לאַנגע יאָרן געווען חזן, זענען אָפּגעריכט געוואָרן הספדים. עס האָט אים אויך מספּיד געווען דער רב.

נאָך ר׳ דוד הירשן זענען געבליבן יתומים — זין און טעכטער. אײן זון איז געווען אַ שוחט אין אַ קלײן שטעטל און געהאַט שוואַך פּרנסה. קלאָבוצקער ײדן האָבן דעריבער געהאַלטן, אַז שלמה דאַרף זײן דער ממלא מקומו פון זײן פֿאָטער. צווײ זין פון פֿאַרשטאָרבענעם, יאַנקל און שמואל, זענען אַוועק צום רב און פֿאַרלאַנגט, אַז זײער ברודער זאָל באַשטימט ווערן אַלס שוחט און חזן אין שטעטל. דער רב האָט אויף דעם נישט געוואָלט געבן זײן הסכמה.

עס האָט זיך צעפּלאַקערט אַ מחלוקה אין שטעטל. ס׳האָבן זיך געשאַפֿן צווײ צדדים. פון אײן זײט — ז׳ער רב מיט די חסידים, און פון דער צווײטער — די בעלי־מלאכות און אָרעמע הענדלער. שלמה איז געקומען קײן קלאָבוצק און זיך גענומען דערפילן זײן פונקציע אַלס שוחט. דער רב האָט געאסר׳ט דאָס פלײש פון זײן שחיטה. אײניקע קצבים מיט קאָפּלען בראש האָבן פֿאַרקויפֿט דאָס געאסרטע פלײש. מיט יעדן טאָג האָט זיך די מחלוקה פֿאַרשאַרפט.

אין אײנעם אַ פּרײטיקצונאַכטס האָט שלמה פֿאַרנומען דעם עמוד אין דער גרויסער שול, און הגם ער איז נישט געווען קײן גרויסער בעל־מנגן, האָט ער דאָך אויסגענומען בײם פּשוטן עולם מיט זײן קבלת שבת. דער עולם האָט מיטגעזונגען מיטן חזן און געפרײט זיך מיט זײן נצחון. דער רב האָט, ווײזט אויס, נישט געוואָלט פֿאַרשאַרפן די מחלוקה אין שבת און איז נישט געקומען אין שול. ער האָט געדאַוונט בײ די גערער חסידים.

די מחלוקה האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ פּאָר וואָכן און לסוף האָט דער אָרטאָדאָקסישער צד אָפּגעשטעלט דעם שטרײט און שלמה איז געבליבן שוחט און חזן. מיט זײן אויסזען האָט ער דערמאָנט זײן פֿאָטער און אויך מיט דעם האָט ער געוווּנען די סימפּאַטיע פון זײנע בני עיר.

# דאס יידישע געזעלשאפטלעכע לעבן

ברוך שימקאָוויטש

## די ערשטע צדקה־אינסטיטוציעס און לומדי תורה־חברות

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין קלאָבוצק האָט, פונקט ווי אין אַנדערע שטעטלעך, זיך אָנגעהויבן פון צדקה־אינסטיטוציעס און לומדי־תורה חברות.

ווען איך דערמאָן זיך אין די אַלטע יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אַמאָל געווען אין קלאָבוצק, גייט אויף אין מיין זכרון די פרומע איבערגעגעבנקייט, די מעשים טובים לטובת הכלל פון די דעמאָלסטיקע יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. עס איז געווען אַ טעטיקייט טאַקע לשמה, לטובת דער זאַך, נישט פאַר קיין געלט. די דאָזיקע מאָראַלישע דערהויבנקייט פון עסקנים בדרכי ציבור, האָט זיך שפּע־טער איבערגעטראָגן אויך אין די מאָדערנע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און פאַרטייען, וואָס זענען געווען טעטיק אין קלאָבוצק.

די עלטסטע יידישע אינסטיטוציעס אין קלאָבוצק איז געווען די „חברה חיי אדם". אַמאָל האָט זי געהייסן — „חברה לומדי תורה". לויט דער מסורה, האָט די דאָזיקע חברה אויפגעשטעלט דער שוין דערמאָנטער רבי, ר' יאַנקעלע זצ"ל. די חברה האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרשפּרייטן תורה, דיני תורה און פרומקייט צווישן פשוטע יידן, זיי זאָלן וויסן די עיקרים, וואָס יעדער ייד דאַרף קענען, דהיינו: אַביסל זיין באַקאַנט אין תורת משה און אין דיני און מנהגי ישראל.

די חברה „חיי אדם" האָט געהאַט איר שטיבל, ווו מ'האָט געדאַווענט שבת און יום־טוב. פאַרן דאַוונען, אינדערפרי, האָט מען צוויי שעה געלערנט די דינים פונעם „חיי אדם". נאָכן שבתדיקן „טשאָלנט", נאָכן כאַפּן אַ דרימל, האָט מען ווידער געלערנט: זומער — פרקי אבות מיטן פירוש פון „מדרש שמואל" און ווינטער צייט — עטלעכע פרשת השבוע און „מדרש תנחומא".

די רבי׳ס, ווי מ׳האָט זיי גערופן, זענען אין דער חברה געווען די יידן לומדים: ישעיהו באַכינעק, יוסף בוכווייץ, איציק כאַדי, שלמה בירנבוים — דניאל קצבס זון. די חברה האָט געהאַט גבאים, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן אויף זייער אַ טשעקאַווען אופן.

אַלע יאָר, הושענה רבה, ביים זאָגן תקון, האָט מען אויסגעקליבן פינף בוררים, וועלכע האָבן געדאַרפט ביז שמחת תורה באַשטימען דריי נייע גבאים. שמחת־תורה נאָכמיטאָג, ווען אַלע זענען געווען בגלופין, זענען זיך צוזאַמענגעקומען די מיטגלידער פון דער חברה און די בוררים האָבן מגלה־סוד געווען, ווער עס זענען די נייע גבאים. מ׳האָט נישט אויסגערופן זייערע נעמען, נאָר יעדן אויסגעוויילטן געהויבן אין דער הויך. דעם ערשטן ,וועלכן מ׳האָט אויפגעהויבן, איז געווען גבאי ראשון און אַזוי ווייטער לויטן סדר.

אויף וויפיל איך געדענק האָבן צו דער חברה „חיי אדם״ געהערט פאָלגנדיקע קלאָבוצקער יידן: משה שפערלינג, איציק טשוכנע, אליהו ווייכמאַן, אליהו מאַסס, הערשל שפערלינג, יוסל שימקוביץ, איטשע אנגליק, איטשע ווילקאָוויעצקער, אברהם לוביצקי, הערשל ריפשטיין, וואָלף געלבאַרד, יונעס קירצבאַרד, זלמן יוסל שווערטשעווסקי, כילקע קירצבאַרד, משה מענדיל פרידמאַן, מרדכי אנגליק, לייב שפערלינג, קאָפּל ראָזענצווייג, לייב זייבעל קאָפּל ווייכמאַן.

## „ביקור חולים״

„בקור־חולים״ האָט אין קלאָבוצק געהערט צו די עלטסטע יידישע אינסטיטוציעס. לויט די תקנות האָט די דאָזיקע אינסטיטוציע געגעבן אָרעמע קראַנקע אומזיסטע מעדיצינישע הילף, ווי: אַ דאָקטאָר ,אַ פעלדשער און אויך אויסגעבאָרגט מעדיצינישע מכשירים: אַ טערמאָמעטער, באַנקעס, גומי־קישקעס אדג״ל די מכשירים האָבן אין „ביקור חולים״ אויך געקאָנט באַקומען פאַרמעגלעכע מענטשן פאַר באַצאָלן אָפּנויץ־געלט

די מיטגלידער פון „בקור־חולים״ האָבן אויסגעהאַלטן די אינסטיטוציע מיט פאָלגנדע מיטלען: מיטגלידס־אָפּצאָל, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. וואָס דער שמש פון בית־המדרש האָט יעדן חודש איינגעמאָנט, און נדרים ביים אויפרופן צום ספר. די מיטגלידער פון דער חברה האָבן על פי רוב געדאַוונט שבת אין גרויסן בית־המדרש, געהאַלטן זיך שטענדיק צוזאַמען. די וואָס האָבן געדאַוונט אין חסידים־שטיבלעך האָבן וויניקסטנס איינמאָל אין חודש געמוזט

קומען צום דאַווגען אין בית־המדרש, כדי צו קאָנען מנדר זיין פאַר „ביקור־חולים". דער חזן ר' משה זאַנדער האָט זיך מתחייב געווען עטלעכע מאָל אין יאָר, ווען עס איז אויסגעפאַלן שבת ראש־חודש, ווי אויך שבת־חנוכה — צו דאַווגען אין בית־המדרש. צו זיינע תפילות זענען געקומען אַ סך מענטשן און עס זענען געפאַלן פיל נדרים פאַר „ביקור־חולים". אויך ר' משה זאַנדער אַליין האָט מנדב געווען פאַר דער אינסטיטוציע, ווייל ער האָט נישט געקאָנט מקיים זיין די מצוה פון „ביקור חולים" און גיין נעכטיקן צו קראַנקע, וואָס דאָס איז געווען איינע פון די הויפט־אויפגאַבן פון דער אינסטיטוציע.

איינער פון די גרינדער און אָנגעזעענסטע טוער אין „ביקור חולים" איז געווען חיים זיידמאַן.



חיים זיידמאַן און משפחה
איין זון לעבט אין ישראל

אַלע יאָר אין זונטיק פרשת וירא, אין וועלכער עס דערציילט זיך ווי מלאכים זענען געקומען מבקר חולה זיין אברהם אבינו נאָכן מל'ע זיין זיך — האָט די חברה „ביקור־חולים" איינגעאָרדנט די „סעודת מצוה", וועלכע איז שטענדיק פאָרגעקומען ביי וואָלף געלבאַרד, איינער פון די ערשטע גבאים. ער האָט שטענדיק צו דער סעודה געלאָזט שעכטן אַ קעלבל. די שמחה האָט זיך אָנגעהויבן מיט דאַווגען מערב אין גרויסן בית־המדרש. בעת דער תפילה

האָט מען אָנגעצונדן אַלע ליכט. ביים „יומטובדיקן" מאַלצייט האָט משה שוחט געזונגען אַ יומטובדיקן שיר המעלות.

אויך עטלעכע קלאָבוצקער פרויען האָבן זיך באַטייליקט אין דער טעטי־קייט פון „ביקור־חולים". זיי האָבן געשאַפן געלט און אויך געוואַכט ביי קראַנקע. וואָס דאָס איז געווען דער עיקר־טעטיקייט פון חברת „ביקור חולים" צו זיצן ביי קראַנקע און באַדינען זיי.

„ביקור־חולים" איז געווען אַ באַשיידענע אינסטיטוציע, וועמענס מיטגלי־דער האָבן מיט גרויס אהבת ישראל דערפילט זייער חוב פאַר אָרעמע קראַנקע.

## „גמילת חסדים"

די גמילת חסדים־קאַסע איז אַנטשטאַנען אין אייזיק כלאָפּאָקס שטיבל, ווו מ'האָט יעדן שבת געדאַוונט און געלייענט די תורה. פון די נדרים ביים לייענען האָט זיך געהאַט אָנגעקליבן אַ היפּשע סומע. די מתפללים, מיינסטנס יונגעלייט, חתונה־געהאַטע און בחורים, האָבן נישט געוווּסט, וואָס מ'טוט מיטן געלט און באַשלאָסן צו גרינדן אַ קאַסע אויף צו העלפן נויטבאַדערפטיקע. די קאַסע האָט מען שפּעטער געגעבן דעם נאָמען „חברת גמילת חסדים".

מתחלת האָט די „גמילת חסדים" געשטיצט נויטבאַדערפטיקע מענטשן מיט איינמאָליקע סומען, וואָס זענען נישט צוריק איינגעמאָנט געוואָרן. שפּעטער



אשר און גיטל גאָלדבערג,ביידע געשטאָרבן אין ישראל

איז די חברה אַוועק פון איזיק כלאַפּאַק און געדונגען אַן אַנדער שטיבל צום דאַוונען. די „גמילות חסדים" האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אָנפּראָצענטיקע הלוואות.

די ערשטע מיטגלידער פון „גמילת חסדים" זענען געווען:

בעריל כלאַפּאַק, איציק זייבעל, אשר גאָלדבערג, אהרן זאַקס, לייב זאַקס, לייב ווייכמאַן, איציק שפּערלינג, אהרן ווייכמאַן, איצעק ריפּשטיין, זיינוול ריפּשטיין, חיים בעו'ל ווייכמאַן, חיים מענדיל מאָסס, כילקע ווייספּעלנער

*

געווען אויך אין קלאָבוצק אַ חברה „הכנסת אורחים", וואָס האָט זיך געפונען ביי ישעיהו באַכינעק אין הויז. די „הכנסת אורחים" איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע צימערן מיט עטלעכע געלעגערס פאַר אָרעמע דורכגייער. זיי האָבן דאָרט באַקומען אַן אָרט איבערצונעכטיקן און אַ נאַכט־עסן. דער לאָמער לייבעלע מלמד איז דאָרט געווען דער שטענדיקער גבאי.

## די „חברה בחורים", וואָס האָט באַקעמפט דעם „פּראָגרעס" אין שטעטל

דער „פּראָגרעס" אין קלאָבוצק האָט זיך אָנגעהויבן מיט אָרגאַניזירן ביבליאָטעקן, איינאָרדענען פאָרלעזונגען און מאַכן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין דער „שאָפּע" פון פייערלעשער. אויף וויפל איך געדענק, איז די ערשטע פאָרשטעלונג געגעבן געוואָרן פון אַ טעאַטער־אַנסאַמבל, וואָס איז געקומען פון לאָדזש קיין קלאָבוצק. די בית־המדרש־בחורים, צווישן וועלכע איך האָב זיך אויך געפונען, האָבן באַשלאָסן צו באַקעמפן די כפירה, וואָס האָט זיך אַריינבאַקומען אין קלאָבוצק.

אויף אונדזער זייט זענען געווען די חסידים און דער רב. מ'האָט אָנגעהויבן צו ווירקן אויף די עלטערן, זיי זאָלן נישט דערלאָזן זייערע קינדער זאָלן גיין אין די ביבליאָטעקן און לייענען די „טריפה פסול"ס, ווי מ'האָט גערופן די ביכער פון די ביבליאָטעקן. דער רב האָט גערופן אַן אַסיפה אין בית־המדרש און געוואָרנט די קלאָבוצקער יידן קעגן דער סכנה, וואָס שטייט פאַר צוליב דער אַפּיקורסות און אַרויסגעגעבן אַן „איסור חמור" צו באַזוכן טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

את חטאי אני מזכיר היום — איך בין אויך געווען איינער פון די פאַנאַטיש־פרומע בית־המדרש־בחורים, וואָס האָבן זיך גענומען שטאַרק צו דער

זאַך — אויסצוגראָטן די „כפירה". מיר האָבן געפּרוווט ווירקן מיט גוטן אויף די גרינדער פון די קלובן און ביבליאָטעקן, זיי זאָלן שליסן זייערע זינדיקע שטובן און אַרויף אויפן דרך־הישר. ווען אונדזער מוסר־זאָגן האָט נישט געהאָלפן, האָבן מיר זיך גענומען צו אַנדערע מער ווירקזאַמע מיטלען. עס איז דערגאַנגען צו געשלעגן. אַזאַ געשלעג האָט אויסגעבראָכן גראָד אין שמחת־תורה נאָך די הקפות. אין קליינעם בית־המדרש האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויכוח צווישן די פרומע בחורים מיט די אויפגעקלערטע. באַלד האָבן זיך אין וויכוח אַריינגע־מישט די הענט און עס איז געוואָרן „לעבעדיק פריילעך". דאָס גאַנצע בית־המדרש איז געוואָרן אַ „מלחמה־פּלאַץ". מיר, די פרומע בחורים האָבן באַ־קומען פאַרשטאַרקונגען פון די חסידים־שטיבלעך און עס איז געוואָרן אַ מאַסן־געשלעג.

די דאַזאָרעס, וואָס האָבן נישט געקאָנט באַרואיקן דעם עולם, האָבן גע־ברענגט פּאָליציי. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע צוואַנציק פּערזאָן, צווישן זיי מיין פאָטער און איך. מ'האָט אונדז לאַנג נישט געהאַלטן אין אַרעסט. אין אַ צייט אַרום איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס. איך דערמאָן זיך נישט ווער עס האָט דעם פּראָצעס פאַרפירט. אין געריכט האָבן ביידע צדדים געשלאָסן צווישן זיך שלום.

די פרומע בחורים האָבן גענומען באַקעמפן דעם „שונא" מיט זיינע מיטלען. עס איז נעמלעך געשאַפן געוואָרן אַ חברה „תפארת בחורים", וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אַריבערצוציען די יוגנט אויף אונדזער זייט. צו דעם צוועק איז געדונגען געוואָרן אַ „שטיבל", ווו מיר זאָלן צוזאַמען דאַוונען און לערנען אין די אַלטע יידישע ספרים. דאָס „שטיבל" האָט זיך געפונען אין מאַרק ביי משה מענדל פרידמאַן אין הויז. ביי אַ סופר איז באַשטעלט געוואָרן אַ ספר־תורה, וועלכע איז מיט גרויס פּאַראַד אַריינגעפירט געוואָרן אין שטיבל. די „תפארת בחורים" האָט אַרום זיך גרופירט אַ גרעסערע צאָל בחורים, זין פון באַלעבאַטישע עלטערן. אין זכרון זענען מיר פאַרבליבן פאָלגנדע נעמען:

איציק לייב אייזנער, אברהם אינגליק (איצט אושר), איציק שפּערלינג, אברהם אינגליק (מרדכה קצב'ס), אליהו שפּערלינג, אהרן ניעדזועלע, אברהם ריזענטאַל, אהרן ווייס, אליהו פרידמאַן, איציק זאַקס, איציק געלבאַרד, אברהם אשר שמולעוויץ, ברוך שימקאָוויטש, בעריל שפּערלינג, גרשון אייזנער, גרוינעם מאַסס, דוד בעסער, מרדכי שפּערלינג, הענעך פייגע, הערצל גאָלדבערג,

לייבעלע גוס, וואָלף שפּערלינג, מרדכי געלבאַרד, יהושע אינגליק, יעקב גראַנעק, יעקב דאַווידאָוויטש, יעקב זיגעלמאַן, יוסף מענדלעוויטש, יחיאל ראָזען. פון דער גאַנצער גרופּע זענען געבליבן לעבן: ברוך שימקאָוויטש און אברהם אושר — ביידע אין ישראל. און יהושע אונגליק לעבט אין קאַנאַדע.

די חברה „תפארת בחורים" האָט געפירט איר טעטיקייט ביזן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין 1920—1921, ווען מ'האָט אַ סך יינגעלייט געראופן אין פּוילישן מיליטער, און די פּויליש־סאָוויעטישע מלחמה האָט אויסגעליידיקט דאָס שטעטל פון יונגוואַרג — איז זיך די חברה „תפארת בחורים" צעפאַלן.

# די ציוניסטישע באוועגונג

**יעקב שפערלינג**

## דער אידעישער געראנגל און די ערשטע מזרחי־ארגאניזאציע

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין קלאָבוצק, ווי אין אַנדערע יידישע שטעטלעך אין פוילן, זיך אָנגעהויבן ביי יידן אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג. אין קלאָבוצק האָט זיך אָרגאַניזירט די י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל יידישע ביכער. כמעט יעדן שבת נאָכמיטאָג זענען אין דער ביבליאָטעק פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס זענען געפירט געוואָרן שמועסן מיט די לייענער וועגן די שרייבער און זייערע ווערק. עס איז אויך געווען טעטיק אַ דראַמאַטישער קרייז, אונטער דער אָנפירונג פון שמואל פראנק, וואָס האָט אָרגאַניזירט טעאַטער־פאָרשטעלונגען מיט אייגענע קרעפטן אָדער מיט צוגעפאָרענע פון טשענסטאָכאָוו.

אין יענער צייט איז נאָך אין קלאָבוצק געווען שוואַך פאַרשפּרייט דער ציוניסטישער געדאַנק. עלטערע יידן האָבן געוווּסט פון ד״ר הערצל, סאָקאָלאָוו און ד״ר וויַיצמאַן. עס איז צווישן באַלעבאַטישע יידן געווען פאַרשפּרייט דאָס ווערטל: אַ יידישע מלוכה מיט ענגלישע פּעסער. אַזאַ פאָרשטעלונג האָט מען געהאַט וועגן דעם ישוב, וואָס בויט זיך אין ארץ־ישראל. די פאַנאַטיש־פרומע האָבן נאָך דעמאָלט געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף וואַרטן אויף משיח׳ן און אין דער מלחמה און אין די רעוואָלוציעס האָבן זיי געזען משיח׳ס צייטן. אַזוי האָט אויך געדרשנט דער קלאָבוצקער רב, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט די גייסטיקע השפעה אויפן רוב יידן פון שטעטל.

געווען אויך געציילטע אויסנאַמען צווישן די באַלעבאַטישע קלאָבוצקער יידן. צוויי יידן — ר׳ איציק כאָדא און ר׳ אליהו פרידמאַן, דער צוקערבעקער, ביידע פרומע יידן, האָבן גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע אין קלאָבוצק. צו דעם צוועק האָבן זיי געדונגען אַ לאָקאַל ביי

יחיאל קראשעווסקי און דאָרט איינגעאָרדנט אַ מנין, ווו מ׳האָט יעדן שבת גע־דאַוונט. ר׳ איציק כאַדאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ באַוועגונג מוז האָבן אַ יונגן עלעמענט און האָט גענומען פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון שיבת־ציון צווישן דער יוגנט און אין רעזולטאַט פון זיין אַגיטאַציע איז געשאַפן געוואָרן אַ „צעירי מזרחי״־אָרגאַניזאַציע.

עס איז כדאי געגויער צו שרייבן וועגן ר׳ איציק כאַדע, איינער פון די ריינסטע און חשובסטע באַלעבאַטים פון קלאָבוצק, וואָס האָט אין יענע יאָרן פאַרמאָגט אַ נשמה פון אַן אידעאַליסט און אַ סך צייט און מי אַוועקגעגעבן דעם ציון־אידעאַל. ער איז געווען אַן אייגנטימער פון אַ האָלץ־טאַרטאַק, גע־פירט גרויסע געשעפטן מיט טשענסטאָכאָווער סוחרים און אָפּגעקויפט ביי די פּריצים באַדייטנדע וואַלד־שטחים אין דער אומגעגנט. ער איז געווען דאָכט זיך דער איינציקער אין קלאָבוצק, וואָס האָט געצאָלט יעדעס יאָר גרעסערע סומעס געלט פאַרן קרן־היסוד.

וויאַזוי ר׳ איציק כאַדע איז געקומען צום ציוניסטישן געדאַנק און געוואָרן אַן ענטוזיאַסטישער אַגיטאַטאָר פאַר דעם „שיבת־ציון״־אידייע, איז נישט באַוווסט. ער איז געווען אַ בן־תורה, האָט געדאַוונט צוזאַמען מיט די גערער און אַלעקסאַנדער חסידים, וועלכע האָבן באַקעמפט דעם ציוניזם און דאָך איז ער געווען אַ פאַרערער פון הרב קוק ז״ל און ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער אַגיטירט פאַר ציון. מיט דער צייט איז ער געוואָרן דער מאַסן־רעדנער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פאַרשפּרייט דעם געדאַנק פון שיבת־ציון צווישן די קלאָבוצקער יידן.

אין די פרום־אָרטאָדאָקסישע קרייזן האָט מען ר׳ איציקן פיינט געהאַט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינמאָל, ווען ער איז געווען אין טשענסטאָ־כאָוו און געגאַנגען דאַוונען אין אַ גערער שטיבל, האָבן די חסידישע מתפללים נישט געוואָלט אָנהייבן דאַוונען ביז ר׳ איציק כאַדע וועט פאַרלאָזן דאָס „שטיבל״. אויך אין קלאָבוצק האָבן די קעגנער פון ציוניזם מיט הרב ר׳ הענעך גאָלדבערג בראש, געפירט אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם פרומען ציוניסט. טראָץ די אַלע רדיפות האָט ר׳ איציק געשאַפן די ערשטע „צעירי מזרחי״־אָרגאַניזאַציע אין קלאָבוצק, באַזאָרגט די יונגע מזרחי־חברים מיט ליטעראַטור און עס האָט זיך אָנגעהויבן אין שטעטל אַ ציוניסטישע באַוועגונג.

באַלד האָבן זיך, צווישן די יידן אין קלאָבוצק, געשאַפן צוויי צדדים: פרומע אָרטאָדאָקסישע קעגנער פון ציוניזם און פרום־גלויביקע יידן — אָנהענגער פון „שיבת־ציון״־געדאַנק.ביידע צדדים האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט רעדנער, וועלכע

זענען אויפגעטרעטן אין בית־המדרש אָדער אין שול. מזרחי האָט אַראָפּגעבערענגט פון טשענסטאָכאָוו דעם באַוווסטן פּובליציסט און מזרחי־עסקן ר׳ משה האַלטער. די אָרטאָדאָקסן ווידער האָבן געבראַכט דעם ווּלוינער רב, וואָס האָט געשמט אַלס גוטער בעל־תפילה און התלהבותדיקער מטיף. מיט זיין קבלת שבת און דאַוונען שחרית האָט ער געוווּנען דעם עולם.

פאַר קריאת התורה האָט דער ווּלוינער רב געדרשנט. ער האָט נישט גערעדט אַזוי קעגן ציוניזם, ווי קעגן די נייע אָרגאַניזאַציעס, ווּ עס קומען זיך צונויף בחורים מיט מיידלעך: „מיידלעך — די קומענדיקע יידישע מאַמעס״. מיט אויסערגעוויינלעכן פּאַטאָס האָט ער פאַרענדיקט זיין דרשה: „גוואַלד יידן! עס ברענט אַ פייער, ראַטעוועט! ווי לאַנג עס איז נאָך צייט.״

ר׳ איציק כאַדע האָט זיין אַגיטאַציע־אַרבעט געפירט צווישן יונגע בחורים. ער האָט צו זיי גערעדט פּאַטערלעך און איבערצייגנד און זיי געוווּנען פאַר דער אידייע פון צעירי מזרחי. ער האָט זיך אַזוי ווייט אַריינגעלאָזט אין זיין ציוניס־טישער טעטיקייט, אַז ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיינע פּריוואַטע געשעפטן. איינציקוויז איז ער אַראָפּ פון זיין גבירישקייט און ממש געוואָרן אַ יורד. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו.

*

דער צווייטער מזרחי־טוער — ר׳ אליהו פרידמאַן איז פון פאַך געווען אַ צוקערבעקער. אין שטעטל האָט מען צו זיין נאָמען אויך צוגעגעבן דאָס פאַך, ווייל עס איז געווען אין קלאָבוצק נאָך אַ ייד מיטן נאָמען אליהו פרידמאַן. פרידמאַן דער צוקערבעקער האָט געשטאַמט פון דאָרף רעמביעליץ. זיין פאָטער ר׳ זלמן רעמביעליצער האָט כל ימיו געוווינט אין דאָרף, געהאַנדלט מיט די פּויערים און אויף די ימים־נוראים געקומען דאַוונען אין דער קלאָבוצקער שול. זיין זון אליהו האָט ער געשיקט קיין לאָדזש לערנען דאָס צוקערבעקער־פאַך.

אליהו האָט אין לאָדזש נישט בלויז געלערנט אַ פאַך, נאָר אויך זיך גייסטיק אַנטוויקלט. ער האָט זיך אויסגעלערנט העברעיש און גענומען לייענען די מאָדערנע העברעישע און יידישע ליטעראַטור: פּרץ, שלום עליכם, אַש, מפּו, י. ל. גורדון, ביאַליק, סמאָלענסקין אאַנד. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין קלאָבוצק איז ער שוין געווען אַ גייסטיק־רייפער מענטש. ער האָט געקאָנט בעל פה טיילן פון תנ״ך. ליב געהאַט זיך צו גריבלען אין פילאָזאָפישע פראַגן און אין סטראַ־טעגיע. אין פּאָליטיק איז ער געווען אַ בן בית. זיין פּאָליטישע חכמה האָט ער

געשעפּט פון דער וואַרשעווער צייטונג „היינט״, פון די אַרטיקלען פון גרינבוים, ד״ר טהאָן, ראָטענשטרייך און איטשעלע יאושזאָן.

אין דער פּרנסה איז ר׳ אליהו צוקערבעקער נישט געגאַנגען אַזוי גוט. ער האָט זיך צוקערגעבעקס, זומער אייזקרעם, פאַרקויפט אויפן מאַרק און בדוחק זיך אויסגעשלאָגן דאָס אויסקומעניש. אויף זיין גורל האָט ער זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט. ער איז געווען באַגייסטערט פון דער חיבת־ציון אידייע. ווי אַ רעליגיע־זער ייד האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער מזרחי באַוועגונג און צוזאַמען מיט ר׳ איציק כאָדע געגרינדעט די „צעירי־מזרחי״־אָרגאַניזאַציע. אויף עפנטלעכע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען איז אליהו פרידמאַן אַרויסגעטרעטן מיט באַגייסטערטע רעדעס און גענומען דעם עולם מיט ווערטלעך און הומאָריסטישע פאָלקס־מעשיות.

מיר זענען נאָך ביז היינט געבליבן אין זכרון פרידמאַנס רעפעראַטן איבער ציוניסטישע פערזענלעכקייטן, פאָלק און רעליגיע, די הייליקע מקומות אין ארץ־ישראל אאנ״ד. ער איז געווען אין דער מיינונג, אַז אָן רעליגיע קאָן נישט עקזיס־טירן קיין יידיש לאַנד. זיין השפעה אויף דער קלאָבוצקער יוגנט איז געווען אויסערגעווינלעך גרויס.

## „התאחדות״, „גורדוניה״ און אַנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען

יעקב כאָדע, דער זון פון מזרחי־טוער ר׳ איציק, איז נישט געגאַנגען אין זיין טאַטנס דרכים. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון קאָמוניזם און אַ לענגערער צייט געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג. מיטאַמאָל איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך אין זיינע איבערצייגונגען און ער האָט זיך דער־נענטערט צו דער ציוניסטישער אידייע. מיט יוגנטלעכן ברען האָט ער זיך גענו־מען אָרגאַניזירן די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע „התאחדות״.

דער יונגער כאָדע איז אַלס רעדנער איבערגעשטיגן זיין פאָטער. אים האָט זיך איינגעגעבן צו געווינען די ציוניסטיש געשטימטע יוגנט פון קלאָבוצק און ער איז געוואָרן זייער גייסטיקער פירער. באַלד נאָך „התאחדות״ האָט כאָדע געשאַפן די „גורדוניה״־אָרגאַניזאַציע.ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געפונען אין איין לאָקאַל.

עס איז אויסגעוואַקסן אַ פיל־פאַרצווייגטע ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונג. עס זענען געווען טעטיק פאַרשידענע קאָמיסיעס און סעקציעס, ווי: סעקציע פאַר ליטעראַטור, דראַמאַטישער קרייז, קאָמיסיעס פאַר קרן־קימת, קרן היסוד



„התאחדות"



„גורדוניה"

אאנ"ד. יעדעס יאָר זענען געפייערט געוואָרן די געדענק־טעג פון הערצל און גורדון. אין כמעט אַלע סעקציעס און קאָמיסיעס איז כאַדע געווען טעטיק. ער איז געווען דער פּאַקטישער גייסטיקער אָנפירער פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. מיט זיינע רעדעס, רעפעראַטן און שמועסן האָט ער אין די הערצער פון די קלאָבוצקער בחורים און מיידלעך אָנגעצונדן דעם פלאַם פון ציוניסטישן אידעאַל.

א סך ענערגיע האָט כאַדע אוועקגעגעבן פאַר דער ביבליאָטעק: „וואָס מער לייענער און וואָס מער ביכער דאַרף האָבן די ביבליאָטעק" — איז געווען זיין לאָזונג. ווען עס איז געבליבן אַביסל געלט פון אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט כאַדע באַלד געפּלאַנט צו קויפן ביכער, בעיקר ביכער פון אַ נאַציאָנאַל־ציוניסטישן אינהאַלט. ער האָט רעקאָמענדירט צו לייענען און שטודירן הערצלס „אַלט־ניילאַנד", פינסקער'ס „אויטאָעמאַנציפּאַציע", די שריפטן פון א. ד. גורדון, אחד העם, ביאַליק און די ווערק פון מאַקס נאָרדוי.

כאַדע האָט געלערנט די יוגנט: נעמט זיך אַראָפּ אַ מוסר־השכל פון א. ד. גורדון. איר זאָלט נישט וואַרטן ביז פופציק יאָר, כדי פון אַ בוכהאַלטער צו ווערן אַן ערד־אַרבעטער. מ'דאַרף ווערן חלוצים נאָך אין דער יוגנט און פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אויף דעם באַדן פון איינקויפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק פלעגט אָפט קומען צו שאַרפע שטרייטן צווישן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. אייניקע חברים האָבן פאַרלאַנגט נאָר שיינע ליטעראַטור: שאַפונגען פון די קלאַסיקער, די ווערק פון שלום אַש. כאַדע האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ליטעראַטור מיט אַ ציוניסטישן אינהאַלט. ווען ער האָט דאָס זייניקע אויסגעפירט, האָט ער צו אונדז געזאָגט: איצט קאָנט איר קויפן ראָמאַנען און שיינע ליטעראַטור, וועלכע איז אויך אינטערעסאַנט צום לייענען.

ביי די דאָזיקע שטרייטן האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ ביבליאָטעק פון עטלעכע הונדערט ביכער, ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער, ראָמאַנען, געשיכטע און פּובליציסטיק.

די „התאחדות"־אָרגאַניזאַציע האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט גייסטיק־דערציערישער טעטיקייט. זי האָט אויך געווירקט אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון קלאָבוצק, זיך באַטייליקט אין די וואַל־קאַמפּאַניעס צו דער קהילה און שטאָטראַט און געהאַט אירע פאָרטרעטער אין די דאָזיקע קערפּערשאַפטן, אין דער קהילה אַלס דאָזאָר — פנחס אונגליק און אין שטאָטראַט — איציק לייב שפּערלינג.

## הכשרה און חלוצים

אויף דער איניציאַטיוו פון יעקב כאַדע, האָט די החלוץ־צענטראַלע אין וואַרשע מסכים געווען צו אָרגאַניזירן אַ הכשרה־פונקט אין קלאָבוצק. עס האָט נישט געדויערט לאַנג און אין קלאָבוצק האָבן זיך באַוויזן חלוצים און חלוצות, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן הכשרה־פונקט אין אונדזער שטעטל. די ערשטע אַרבעט פאַר די חלוצים האָט טאַקע געשאַפן כאַדע אין זיין טאַטנס מיל און אין דער זעג־פאַבריק. די חלוצים האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט קריסטלעכע אַרבעטער: געטראָגן די לאַנגע קלעצער צו דער זעג־מאַשין, אַרויסגעפירט די צעשניטענע ברעטער און זיי סאָרטירט לויט דער מאָס.

אייניקע פון די דאָזיקע חלוצים האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון. איך געדענק נחמנען, דעם עלטסטן חלוץ. ער האָט זיך אויסגעצייכנט ביי דער אַרבעט אין קורלאַנדס־מיל, וועלכע איז געווען טעטיק כמעט דעם גאַנצן מעת לעת. אין דער מיל האָט ער זיך אויפגעפירט מעשה אויפזעער: געהיטן עס זאָל



אויף הכשרה אין קלאָבוצק



אויף הכשרה אין קלאָבוצק

נישט קאָליע ווערן קיין קערנער, די כלים זאָלן זיין גאַנץ, ער האָט אונטערגעיאָגט די חלוצים, זיי זאָלן געוויסנהאַפט אויספירן זייער אַרבעט און נישט בלייבן הינטערשטעליק לגבי די קריסטלעכע אַרבעטער.

אין הויז פון די קורלאַנדס איז נחמן געווען אַן איינגייער. ווינטער־צייט, ווען עס איז אים געוואָרן קאַלט, איז ער אַריין צו די קורלאַנדס און זיך אַוועקגע־שטעלט מיט די פּלייצעס צום הייסן קאַפּל־אויוון אַביסל אויסוואַרעמען די ביינער. זומער, ווען פון שטויב אין דער מיל איז אים געוואָרן טרוקן אין האַלדז, איז ער אינמיטן דער אַרבעט אַוועק צו די קורלאַנדס און רבקה׳לע די מילנערין האָט אים דערלאַנגט קאַלטע זויער־מילך פון אַ גרויסן ערדענעם טאָפּ. ער האָט זיך דערקוויקט די נשמה און צוריק אַרויס צו דער אַרבעט.

שפּעטער האָט ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אין 1946, בעת די געשעענישן אין לאַנד, איז ער געפאַלן פון אַן אַראַבישע קויל. שטיל, אָן קרובים און נאָענטע, האָט ער אין „הדסה״־שפּיטאָל אין תל־אביב אויסגעהויכט זיין אידעלע נשמה.

אַ חוץ דער אַרבעט אין דער זעג־פֿאַבריק און אין דער מיל, איז פֿאַר די חלוצים שווער געווען צו באַקומען באַשעפֿטיקונג. די פֿרומע קליינע פֿאַברי־קאַנטן האָבן געטענהט, אַז שווערע אַרבעט איז אַן ענין פֿאַר גויים אָבער נישט פֿאַר קיין יידן. אונטער אַזעלכע און אַנדערע אויסריידן האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו באַשעפֿטיקן חלוצים פֿון דער הכשרה. נישט קיין לייכט פּראָבלעם איז געווען דאָס באַקומען אַ דירה פֿאַר די חלוצים. וועלכער באַלעבאַטישער ייד האָט דאָס געוואָלט אַריינלאָזן די חלוצים אין זיין הויז? און וואָס וועט זאָגן דער רב? וואָס וועט מען טענהן אין בית־המדרש און אין די שטיבלעך.

יעקב כאָדע האָט לסוף אויסגעפֿונען אין קלאָבוצק אַ בכבודיקן ייד, אַ לייטישן באַלעבאָס, וואָס האָט מסכים געווען אַריינצונעמען אין זיין הויז די חלוצים. דער דאָזיקער ייד, ר׳ איציק זייבעל, פֿאַרדינט, אַז מ׳זאָל אים באַזונדער באשרייבן אין אונדזער יזכור־בוך.

ר׳ איציק זייבעל איז געווען אַ ייד, אַ האָרעפּאַשניק. ער מיט זיין פֿרוי און עטלעכע מיידלעך האָבן געאַרבעט פֿון אינדערפֿרי ביז שפּעט ביינאַכט ביי די ניי־מאַשינען און גענייט וועש און בעט־איבערצוג פֿאַר די קלאָבוצקער חתנים און כלה׳ס. די מלאכה האָט אים נישט געמאַכט פֿאַרגרעבט. ר׳ איציק איז געווען אַ יודע ספֿר. ער האָט געוווינט נישט ווייט פֿון דער שול און טראָצדעם, וואָס ער איז געווען שטענדיק באַשעפֿטיקט, האָט ער דאָך אויסגעפֿינען צייט זיך אַריינצוכאַפּן אין בית־המדרש, אַריינצוקוקן אין אַ ספֿר. אַז ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דעם אָנגעהויבענעם פּרק, האָט ער געמאַכט אַ קנייטש אין ספֿר, כדי מאָרגן נישט צו דאַרפֿן זוכן אויף וועלכן אָרט ער האָט געלערנט.

אַ חוץ מיט נייען וועש האָט ר׳ איציק זייבעל זיך אויך פֿאַרנומען מיט פּויערישע מלאכות. ער האָט געהאַט אייגן פֿעלד, וועלכעס ער האָט אַליין באַ־אַרבעט, אַליין געשניטן די זאַנגען און געדראָשן די קערנער אין זיין אייגענער „סטאָדאָלע". ער האָט אויך געהאָדעוועט ראַסאָווע הינער, לויט די מעטאָדן און ביכער, וואָס ער האָט באַקומען פֿון אַמעריקע. די דאָזיקע דאָרפֿישע אַרבעטן האָבן ר׳ איציקן דערנענטערט צו דער חלוצישער אידייע. זיין זון, משה מרדכין, האָט ער געשיקט אויף הכשרה קיין טאָמאַשאָוו אָדער ראַדאָמסק, און זיין הויז געעפֿנט פֿאַר די חלוצים פֿון קלאָבוצק.

דעם קלאָבוצקער רב האָט די מעשה שטאַרק פֿאַרדראָסן און ער האָט געלאָזט רופֿן צו זיך ר׳ איציקן. צווישן ר׳ איציק זייבעל און דעם רב איז פֿאָר־געקומען אַזאַ שמועס:

— גוט מאָרגן רב. וואָס האָט איר מיך עפּעס מטריח געווען אין מיטן טאָג צו קומען צו אייך, אוודאי אַ וויכטיקער ענין.

מיט כעס האָט דער רב זיך געוואָנדן צו איציקן:

— יאָך וועל נישט דערלאָזן ביי דיר זאָלן זיין שקצים מיט שיקסעס!

דערויף האָט ר׳ איציק גוטמוטיק געענטפערט:

— קלאָבוצקער רב, זיי זענען נישט קיין שקצים און קיין שיקסעס, נאָר אָרנטלעכע יידישע זין און טעכטער, אַזוי אָרנטלעך ווי אייערע קינדער.



איצעק זייבעל מיט זיין משפחה — אַ טאָכטער לעבט אין ישראל

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער שמועס צווישן דעם רב און ר׳ איציק זייבל און די חלוצים זענען געבליבן ביי אים וווינען.

נישט לייכט איז געווען צו פירן אין קלאָבוצק די ציוניסטישע אַרבעט. פרומע פֿאַנאַטישע יידן און די בית־המדרש בחורים האָבן נישט אַזוי לייכט אויפֿגענומען דעם געדאַנק פון „שיבת ציון". זיי האָבן געהאָפט אויף משיחן און די ציוניסטן געהאַלטן פאַר אַפּיקורסים, וועלכע מ'דאַרף עוקר מן השורש זיין. אָפטמאָל איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַ שווערן געראַנגל בעתן דורכפירן אַ ציוניסטישע פאַרזאַמלונג אָדער מיטינג אין שול.

איך דערמאָן זיך: זומער 1930 האָבן איך באַקומען אַ מעלדונג פון דירעקטאָריום פון קרן קימת אין וואַרשע, אַז אין שליחות פון קק"ל וועט הרב יאַקובסאָן פון ארץ־ישראל באַזוכן אונדזער שטעטל. די עסקנים פון די ציוניסטישע גרופּירונגען: „התאחדות", „גורדוניה" און אַנדערע האָבן געמאַכט אַלע נויטיקע פאָרבאַרייטונגען, אַז עס זאָל פאָרקומען אַן אימפּאָזאַנטער מיטינג פאַר קרן קימת. מ'האָט געפּועלט ביי מיין פעטער ר' משה שפּערלינג, וואָס איז דעמאָלט געווען קהילה־פּרעזעס, אַז ער זאָל אָפּגעבן די שול אויף דעם מיטינג. ספּעציעלע פּלאַקאַטן האָבן צעוויסן געטאָן וועגן דער גרויסער אסיפה.

אין באַשטימטן טאָג צווישן מנחה און מעריב איז די שול געווען פול געפּאַקט מיט אַן עולם, וואָס איז געקומען הערן הרב יאַקובזאָן פון ארץ־ישראל. דאָס הדרת־פּנים פון רב און ארץ־ישראל־שליח, זיין אינהאַלטסרייכע רעדע, וואָס איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט מאמרי חז"ל און מיט בילדער פון ארץ־ישראל־לעבן, האָבן געהאַלטן צוגעשמידט דעם עולם. פּלוצים האָט פאַר די פענצטער פון דער שול זיך באַוויזן אַ פייער און באַלד האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „ס'ברענט!"

אין שול איז געוואָרן אַ מהומה. מ'האָט גענומען זיך שטופּן צו דער טיר. די אין דרויסן שטייענדיקע חברים האָבן באַוויזן איינצולעשן דאָס פייער און די אָנפירער פון מיטינג האָט זיך קוים איינגעגעבן צו באַרואיקן דעם עולם. הרב יאַקובסאָנס רעפעראַט איז פאַרענדיקט געוואָרן מיטן געזאַנג פון „התקוה". דאָס פייער אויפן שול־הויף, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז געווען אַן אומפאַראַנטוואָרטלעך שטיקל אַרבעט פון די קעגנער פון ציוניזם.

די מכלומרשטע שריפה איז געמאַכט געוואָרן פון אויפגעהעצטע יונגע יינגלעך, וואָס האָבן געלערנט אין בית־המדרש. זיי האָבן אויפן שול־הויף אונטערגעצונדן צוגעגרייטע בינט שטרוי, כדי אַרויסצורופן אַ מהומה צווישן די פאַרזאַמלטע אין שול, וואָס זענען געקומען הערן דעם ציוניסטישן שליח פון ארץ־ישראל. דער רעזולטאַט פון דאָזיקן מיאוסן שטיקל אַרבעט איז געווען אַ פּונקט־

פאַרקערטער: אויף צוזאַמענגנס האָבן כמעט אין אַלע קלאַבוצקער ידישע הייזער געהאָנגען די בלוי־ווייסע קרן־קימת־פושקעס.

נאָך דעם אַרויסטריט פון הרב יאַקובסאָן האָט זיך אָנגעהויבן אין קלאַבוצק אַן אינטענסיווע געלט־זאַמלונג פאַר די ציוניסטישע קרנס. פון די „בלימל־טעג" און אַנדערע שפּענדונגען זענען הונדערטער זלאָטעס אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער צענטראַלע פון קרן־קימת.

מיט אַ צייט שפּעטער איז געקומען צו אַ גרעסערן סקאַנדאַל אויף אַ פאַר־זאַמלונג אין שול וועגן זאַמלען געלט פאַרן קרן היסוד. בעת דער שליח פון קרן היסוד ה׳ אייזנער האָט אָנגעהויבן ריידן צום פאַרזאַמלטן עולם אין שול וועגן קרן היסוד, איז אָנגעקומען דער רב אין באַגלייטונג פון עטלעכע בחורים. ער איז אַרויף אויפן באַלעמער און מיט דעם געשריי „שגץ, אַרויס פון שול!", האָט ער גענומען אַראָפּשטופּן דעם רעדנער. עס איז געוואָרן אַ טומל. ס׳האָבן זיך באַלד געשאַפן צוויי צדדים. די פאַרזאַמלונג איז פאַרענדיקט געוואָרן מיטן געזאַנג פון „התקוה".

די אַלע שטרייטן, וועלכע ביידע צדדים האָבן געפירט „לשם שמים", האָבן אויפגעטרייסלט דאָס שטעטל. מ׳האָט דיסקוטירט און דער ציוניסטישער געדאַנק האָט וואָס ווייטער אַלץ מער געוווּנען אָנהענגער. אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן זענען אַרויסגעפאָרן אויף פאַרשידענע הכשרה־פּונקטן די חברים: יעקב סטאַרזינסקי, מאיר ראָטבאַרט, שמואל גאָלדבערג, דניאל שפּערלינג, רחל כאדע, בתיה זייבל, משה מרדכי זייבל, קאָפּל מאָסס און דער שרייבער פון די שורות.

אין יאָר 1932 האָבן מיר געמאַכט דעם ערשטן פּרווו פון אומלעגאַלער עליה, וואָס איז נישט געלונגען. עס זענען אַרויסגעפאָרן פון קלאַבוצק די חברים: מנחם כאַרזאָווסקי, דניאל שפּערלינג און לאה בירנבוים. זייער צוריקקומען האָט שלעכט געווירקט אין שטעטל. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַלע דריי האָבן באַקומען סערטיפיקאַטן און לעגאַל עולה געווען קיין ארץ־ישראל. מנחם כאַרזאָווסקי און דניאל שפּערלינג האָבן זיך איינגעאָרדנט און פאַרבליבן אין לאַנד. זייערע זין זענען שוין חיילים אין צה"ל. לאה בירנבוים איז אין יאָר 1937 אַוועק קיין פּאַריז און דאָרט פאַרבליבן.

שמואל גאָלדבערג

# ציוניסטישע טעטיקייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אין קלאָבוצק אָנגעהויבן צו בלאָזן נייע ווינטן. די ייִדישע יוגנט האָט זיך גרופּירט אין פאַרשידענע ריכטונגען: ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע. איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער איינציקער אויסוועג פאַר ייִדן איז נאָך ארץ־ישראל. איך האָב געפילט, אַז אין פּוילן ברענט דער באָדן אונטער די פיס. איך בין אין דער הינזיכט נישט געווען קיין יחיד. אַ סך ייִדן אין קלאָבוצק האָבן אַזוי געפילט און פאַר־שטאַנען.

דער ערשטער רעליגיעזער ייד אין קלאָבוצק, וואָס האָט אַלץ ליקווידירט און אַוועק קיין ארץ־ישראל, איז געווען חיים זיידמאַן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים באַגלייט.

אונטער דער אָנפירונג פון ר׳ איציק כאַדע האָט זיך אין קלאָבוצק גע־שאַפן אַ חברה „הכשרת הישוב״ צו קויפן באָדן אין ארץ־ישראל. שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן די „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע. אין יאָר 1924 איז געגרינדעט געוואָרן אין קלאָבוצק די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון דער ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות״. איר אָנפירער איז געוואָרן ר׳ איציק כאַדעס זון — יאַנקל.

איך בין געקומען אין ערשטן לאָקאַל, וואָס „התאחדות״ האָט געדונגען. דאָרט האָב איך געלערנט העברעיש, געהערט לעקציעס וועגן געשיכטע פון ציוניזם און ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניסטישן אידעאַל. איך בין אַריינ־געצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג און אנטייל גענומען אין געלט־זאַמלונגען פאַר די ארץ־ישראל־פאָנדן און בכלל אין אַלע אַרבעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין יאָר 1925 האָט „התאחדות״ געשאַפן אין קלאָבוצק אַן אייגענע „הכשרה״. די חלוצים האָבן באַאַרבעט דאָס פעלד פון ר׳ איציק כאַדע. אַ גאַנצע וואָך האָט מען געאַרבעט, פרייטיק האָט מען אַוועקגעטראָגן דאָס גרינס צו פאַר־קויפן אין ייִדישע הייזער. בראש פון דער „התאחדות״־אָרגאַניזאַציע זענען דעמאָלט געשטאַנען: אברהם גאָלדבערג, שמואל גליקסמאַן, שמואל גאָלדבערג, שלמה זיגלבוים, רחל כאַדע, יעקב כאַדע, זיסער לאַפּידעס, חיים קורלאַנד, שלמה רייבער, יעקב שפּערלינג, איציק לייב בירנבוים.



שמואל גליקסמאַן
דערשאָסן געוואָרן אין בייערן דורך די דייטשן אין 7 מאַי 1945

## די תרבות־שול אין קלאָבוצק

אין יאָר 1926 איז ביי דער „התאחדות״ געשאַפן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״. אַ באַדייטנדע צאָל יוגנטלעכע איז צוגעצויגן געוואָרן צו קולטור־טעטיקייט. די בחורים און מיידלעך האָבן באַקומען אַ גייסטיקע סבי־בה, ביכער צום לייענען אין העברעיש, יידיש און פויליש. די דיסקוסיעס און די פרייטיקצונאַכטסן זענען מיר נאָך ביז היינט געבליבן אין זכרון.

מיר האָבן געמאַכט אַ דרייסטן שריט אין אונדזער קולטור־טעטיקייט און געעפנט אַ „תרבות״־שול. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ ספּעציעלן לערער פון העברעיש. ער האָט געשטאַמט פון גאַליציש סטרי. עס איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט צו פירן די תרבות־שול. מיר האָבן געהאַט צרות צרורות מבית ומבחוץ. קעגן אונדז זענען געווען די פאַנאַטיש־רעליגיעזע יידן און בעיקר די מלמדים, וואָס האָבן זיך דערשראָקן פאַר זייער פרנסה. מ׳האָט געקעמפט קעגן אונדז מיט כשרע און נישט־כשרע מיטלען, מיט דרשות אין

בית־המדרש און להבדיל מיט „מעלדונגען" צו דער פוילישער מאַכט. מ'האָט נישט געלאָזט די קינדער באַזוכן די „תרבות"־שול.

די שול האָט געהאַט זייער שוואַכע הכנסות. דער לערער האָט געלערנט כמעט אומזיסט. ער האָט נישט פאַרדינט אַפילו אויף קיין עסן און האָט זיך געשפּייזט ביי די משפּחות: אשר גאָלדבערג, יוסף מאיר קורלאַנד, איציק כאדע, משה זיגלבוים, מענדל בירנבוים, איציק לייב שפּערלינג. דער קאָמיטעט פון דער „תרבות"־שול איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פּערזאָנען: יאַנקל כאדע, שמואל גאָלדבערג, חיים קורלאַנד, שלמה זיגעלבוים, בלומע אונגליק און אנ"ד.

צו דער ערשטער יאָרטאָג־פייערונג פון דער „תרבות"־שול זענען געקומען קלאָבוצקער, וואָס האָבן שוין געוווינט אין פראַנקרייך. די פייערונג, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון שמואל גאָלדבערג. די געסט פון פראַנקרייך האָבן אונדז וואַרעם און האַרציק באַגריסט.



תרבות־שול אין קלאָבוצק
רעכטס שטייט דער לערער געלבער

## אויף ראָווערן צו דער התאחדות־קאָנפערענץ אין וואַרשע

אין דעצעמבער 1931 האָבן מיר באַקומען אַן איינלאַדונג צו באַטייליקן זיך אין אַ „התאחדות״־קאָנפערענץ אין וואַרשע. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווער פּראָבלעם: ווו נעמט מען געלט אויף הוצאות הדרך און אויף אויסצו־האַלטן זיך אין וואַרשע. האָבן מיר באַשלאָסן צו פאָרן אָן געלט... איך און יאַנקל שפּערלינג האָבן גענומען אונדזערע ראָווערן און געלאָזט זיך קיין וואַרשע.

דריי טעג האָט געדויערט די רייזע. גענעכטיקט האָבן מיר אין די לאָקאַלן פון „התאחדות״ אין די שטעט, ווו מיר זענען אַדורכגעפאָרן. מיר זענען פּונקט אָנגעקומען צו דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ, וואָס איז אונטערן פאָרזיץ פון אברהם לעווינסאָן, פאָרגעקומען אין יידישן אַקאַדעמישן הויז.

גלייך נאָך דער קאָנפערענץ האָבן מיר זיך געטראָפן מיטן באַוווּסטן זשורנאַליסט ד״ר יהושע גאָטליב און מיט אים זיך בעראַטן וויאַזוי צו פאָרן אומלעגאַל קיין ארץ־ישראל. מיר האָבן געהאַט בדעה צו דינגען אַן אויטאָ און לאָזן זיך אין וועג, שוואַרצן די גרענעץ און גיין ווייטער דורך אומלעגאַלע וועגן ביז מ׳וועט קומען קיין ארץ־ישראל. ד״ר גאָטליב האָט אונדז אָפּגערעדט, ווייל עס איז צו ריזיקאַליש. ווען מיר זענען צוריקגעקומען קיין קלאָבוצק האָבן מיר דאָך באַשלאָסן עולה צו זיין, אומלעגאַל, קיין ארץ־ישראל. דריי אונדזערע חברים: דניאל שפּערלינג, מענדל כארזעווסקי און לאה בירנבוים, האָבן פאַרלאָזט קלאָ־בוצק. נאָך אַ שווערן פיינלעכן וועג האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו די ברעגעס פון אויסגעבענקטן לאַנד. דאָרט האָט מען זיי געכאַפּט און צוריקגעשיקט.

אין אַ צייט אַרום זענען די זעלבע מענטשן ווידער געפאָרן און אָנגעקומען אין לאַנד. נאָך זיי האָט עולה געווען יאַנקל שפּערלינג. אויף הכשרה זענען דעמאָלט געפאָרן: יעקב סטאַזשינסקי, משה מרדכי זייבעל, שמואל גאָלדבערג, רחל כאדע, ליפשה אונגליק אנ״ד.

אַ דאַנק דער דעמאָלטדיקער טעטיקייט פון „התאחדות״ און „גורדוניה״ האָבן אַ באַדייטנדע צאָל קלאָבוצקער יונגעלייט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

יהודה שפערלינג

# מיין ציוניסטישע טעטיקייט

ווען איך בין אַלט געוואָרן 13 יאָר האָב איך אויפגעהערט צו גיין אין חדר און געגאַנגען זיך לערנען אַ פאַך. איך בין אַוועק אין דער לערן צו דעם טאַנדייט־שניידער הערש וואָלף פרידמאַן. 3 יאָר האָב איך זיך געלערנט דאָס פאַך. מיט מיין באַלעבאָס בין איך מיטגעפאָרן אויף די מערק קיין קזשעפיץ, רידניק, בזשעזשניצע און אין אַנדערע שטעטלעך. ווינטער אין די גרעסטע פרעסט זענען מיר אויפגעשטאַנען 2 ביינאַכט און מיט אַ בעל־עגלה געפאָרן אויפן מאַרק צו פאַרקויפן הויזן און פאַלטנס.

אין ווינטער, יאָר 1938, נאָך די חגאות (קריסטלעכע ימים־טובים) האָבן מיר צוזאַמען מיט אַלע יידן אויפגעשטעלט אונדזער „סטראַגאַן" מיט סחורה. פלוצים אַרום 12 בייטאָג האָט אויסגעבראָכן אַ פאָגראָם. דער גאַנצער מאַרק איז פול געוואָרן מיט קריסטן. זיי האָבן ראָבירט די סחורות, געשלאָגן די יידן.

## געלט־זאַמלונגען אויף ציוניסטישע צוועקן




„בלימל־טאָג" פאַרן „קרן החלוץ"



„בלימל־טאָג״ פאַרן „קרן קימת״ דורכגעפירט פון „התאחדות״

עס איז אומעגלעך געווען זיך אַרויסצובאַקומען פון מאַרק. צוויי אויטאָס מיט פּאָליציי זענען אָנגעקומען פון טשענסטאָכאָוו און געמאַכט אָרדענונג. ערשט פאַר־נאַכט איז אונדז געלונגען בשלום אַהיימצוקומען.

אַזעלכע אָנפאַלן אויף יידן האָבן זיך אָפטמאָל איבערגעחזרט. ווען מיר זענען געפאָרן אויף די מערק האָט מען אונדז באַוואָרפן מיט שטיינער.

די דאָזיקע געשעענישן האָבן מיך באַוויגן אַריינצוטרעטן אין דער ציוניס־

טישער אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות". איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין קאָמי־טעט און מיטגעאַרבעט אין דער קאָמיסיע פון קרן־קימת.

אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקה אין דער אָרגאַניזאַציע. די קריגערייי צווישן די צוויי אָנפירנדע חברים — יאַנקל כאדע און שמואל גליקסמאַן — איז געקומען צוליב אַ סערטיפיקאַט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי. איך בין מיטגעגאַנגען מיט דער גרופּע פון שמואל גליקסמאַן, צו וועלכער עס האָבן געהערט: פּנחס כלאַפּעק און רבקה ווייכמאַן אאַנ"ד. מיר האָבן געגרינדעט אין קלאָבוצק אַן אָרגאַניזאַציע פון „צ. ס." (ציוניסטן סאָציאַליסטן). די אָרגאַניזאַציע האָט געדונגען אַ לאָקאַל, וווּ מיר זענען זיך יעדן אָוונט צוזאַמענגעקומען אויף פּאַרלעזונגען און שמועסן. לסוף האָבן מיר זיך צוריק פאַרייניקט מיט „התאחדות".



אברהם גאָלדבערג, תל־אביב

# די בית"ר־אָרגאַניזאַציע

בית"ר — ברית יוסף טרומפלדור — אין קלאָבוצק, איז געווען די יונגסטע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. אין סוף יאָר 1931 איז אַנטשטאַנען די דאָזיקע נייע יוגנט־גרופּירונג, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן אַ נייע ציוניס־טישע יוגנט־באַוועגונג, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער מיט איר טעטיקייט און קרבנות־גרייטקייט. די נייע באַוועגונג איז געקומען ווי אַ שטורעם און מיטגעריסן ברייטע קרייזן פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט צוליב רעליגיעזע אָדער נאַ־ציאָנאַלע סיבות נישט געקאָנט זיך אָנשליסן אין די דעמאָלט עקזיסטירנדע יידישע אָרגאַניזאַציעס.

די פּערזענלעכקייט פון ראש בית"ר, זאב זשאַבאָטינסקי, זיינע מיינונגען און געדאַנקען אַרויסגעבראַכטע אין וואָרט און אין שריפט — האָבן געווירקט אויף אַלעמען ווי די ווערטער פון אַ נביא. די בית"ר־יוגנט האָט אָנגעהויבן זיך באַ־ווייזן אויף די קלאָבוצקער גאַסן אין איינהייטלעכע מונדירן, מאַרשירן איינהייט־לעך, אונטער די קלאַנגען פון פּייקלעך און טראָמפּייטן, וואָס ביז דעמאָלט האָט דערויף געהאַט אַ מאָנאָפּאָל נאָר דער פּוילישער „סאָקאָל".

דאָס גאַנצע שטעטל, קינד און קייט, זענען געווען אויף די גאַסן, ווען מיר האָבן דעם ערשטן ל״ג בעומר מאַרשירט דורכן שטעטל צום קאַמיקער וואַלד.

די יונגע חברים, גייסטיק־אַנטוויקלטע בחורים און מיידלעך, האָבן מיט יוגנטלעכן ברען זיך אָ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און בעת די וואַלן צום 18־טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. די בית״ר־אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט באַקומען אַן אַבסאָלוטע מערהייט.



כינוס פון „בית״ר" פון קלאָבוצק און אומגעגנט

מיר האָבן געפירט אַ ברייט פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. יעדן פרייטיק־צונאַכטס איז פאָרגעקומען אַ „קעסטל־אָוונט", בעת וועלכן יעדער אָנוועזנדער האָט אָנגעשריבן די פראַגן, וואָס האָבן אים געמאַטערט און ער האָט דאָס געשריבענע אַריינגעוואָרפן אין אַ קעסטל. רעפערענטן האָבן די פראַגן פאַרענטפערט אָדער עס זענען געפירט געוואָרן דיסקוסיעס. עס זענען אויך פאָרגעלייענט געוואָרן די אַרטיקלען פון די צייטונגען, איבער וועלכע מ׳האָט דיסקוטירט ביז נאָך האַלבער נאַכט.

דאָס יידישע לעבן אין שטעטל איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער. די זאָרג פאַרן מאָרגן, דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם, היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד — אַלץ צוזאַמען האָט נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס פאַר יידן. מיר האָבן זיך געפונען ווי אין אַ פאַרמאַכטער שטייג. אַלע טויערן פאַר

עמיגראַציע זענען געווען פאַרשלאָסן און די טויערן פון ארץ־ישראל זענען געווען פאַרמאַכט אויף זיבן שלעסער. אַלץ איז געווען קעגן דער עליה פון בית״ר־חברים קיין ארץ־ישראל.

טאָג און נאַכט זענען מיר געזעסן און געקלערט עצות, ווי אַזוי זיך אַרויס־צורייסן פון דעם פאַרכישופטן קרייז. און ווען אין וואַרשע האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל מיט אַלע מיטלען, אַפילו גיין צופוס — זענען מיר אַלע געווען גרייט דערצו. צוויי פון אונדזערע בעסטע חברים: יעקב משה ווייכמאַן און דוד דיאַמאַנד, זענען געפאָרן אויף הכשרה אין דער אַגראָנאָמישער שול פון בית״ר אין ווילנע. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געלט־אויסגאַבן, אָבער די חברים האָבן נישט געקאַרגט קיין מיטלען און ענערגיע, כדי צו דער־גרייכן צו די ארץ־ישראל־ברעגעס. ליידער זענען זיי נישט געקומען אין אויסגע־חלומטן לאַנד. יעקב משה איז דערטרונקען געוואָרן בעת דער הכשרה אין ווילנע (וועגן זיין טראַגישן טויט שרייבן מיר אויף אַן אַנדער אָרט). זיין טויט האָט איבערגעלאָזט אַ דערשיטערנדן איינדרוק אויפן שטעטל. דיאַמאַנדן האָבן די דייטשן דערמאָרדעט בעת דער מלחמה.



אַ גרופּע חברים פון קלאָבוצקער בית״ר אויף הכשרה אין ווילנע
צווישן זיי י. מ. ווייכמאַן, צווייטער פון לינקס, וואָס איז אומגעקומען אויף דער הכשרה

דער ערשטער ועד (קאָמיטעט) פון בית״ר אין קלאָבוצק איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פערזאָנען: אַדעלאַ אונגליק, יעקב משה ווייכמאַן, דוד דיאַמאַנד, ישראל רייבער און דער שרייבער פון די שורות. אַן אָנגעזען אָרט האָבן אין דער אָרגאַניזאַציע פאַרנומען געוועזענע תלמידות פון דער ליקווידירטער בית־יעקב־שול.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די 4 חבר׳טעס: מאַניאַ שפּערלינג, חיה רבקה ווייכמאַן, שרה אונגליק און כאַדע. זייער טריההייט און איבערגעגעבנ־הייט פאַר ארץ־ישראל האָט נישט געוווּסט פון קיין גרענעץ.

אָנהייב מערץ 1934 האָב איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אין יענעם טאָג זענען אין קלאָבוצק פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף יידן. כוליגאַנעס פון דער גאַנצער סביבה האָבן געבושעוועט. עס איז געווען אַ סכנה אַרויסצוגיין אין גאַס. טראָץ דעם זענען אַלע חברים, קרובים, באַקאַנטע און סתם יידן געקומען זיך צו געזעגענען מיט מיר. מ׳האָט זיך מיט מיר הייס געקושט און ווי הילפלאָזע יתומים האָבן זיי מיט די אויגן געבעטן: נעם אונדז אויך קיין ארץ־ישראל...

לײדער האָבן נאָר געציילטע פון מיינע בית״ר־חברים זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער אידעאַל און צו קומען קיין ארץ־ישראל. דער ווייט גרעסטער רוב איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן.



**אריה גוטערמאַן**

# דאס חדר „יסודי התורה" אין די „בית יעקב" שול

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1920, ווען עס איז אין קלאָבוצק געגרינדעט געוואָרן די „אגודת ישראל", האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז עס זענען אויך נויטיק ענדערונגען אין דער חדר־דערציאונג. סיי אין אופן פון לערנען און סיי אין די לאָקאַל־היגיענישע באַדינגונגען. די השכלה איז געוואָרן אַ סכנה פאַר דער רעליגיעזער דערציאונג.

מיט דער איניציאַטיוו פון רב ר׳ יצחק חנוך גאָלדבערג זצ״ל, איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון פאָלגנדע פּערזאָנען: משה זיגעלבוים, משה רייבער, שמואל פרידמאַן, יאָסל מאַרקאָוויטש, חיים זיידמאַן, וואָלף ווייס, דניאל זעליקאָוויטש. דער קאָמיטעט האָט געגרינדעט דאָס חדר „יסודי התורה". עס איז געוואָרן אָפּגעדונגען אַ גרויס הויז פון פינף גרויסע צימערן און מ׳האָט אָנגעהויבן אָנעמען תלמידים.

מתחילת זענען די שטעטלדיקע מלמדים נישט געווען צופרידן. אָבער בלית ברירה האָבן זיי געמוזט שווייגן. אייניקע מלמדים האָבן באַלד באַקומען באַשעפטיקונג אין חדר „יסודי התורה". ישראל לאַפּידעס האָט געלערנט מיט

„דרדקי״־קינדער, יוסף בוכווייץ — חומש און רש״י, אברהם קאַנאַפּניצקי און פּרץ עליאשעוויטש — גמרא. אויך אָנצופירן מיט דער שול האָט מען אַראָפּגע־בראַכט פון וואַרשע דעם מנהל זישע באַרענשטיין. דער לערער פון וועלטלעכע למודים איז געווען — פישל באַנקער פון סאָסנאָוויצע.

דאָס חדר „יסודי התורה״ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רעליגיעזע שול. מ׳האָט מער נישט געזעסן אין די לערן־צימערן קיין בעטן. ווי עס פלעגט זיין אין די אַלטע חדרים. די תלמידים זענען איינגעטיילט געוואָרן אין כיתות (קלאַסן). עס זענען פאָרגעקומען עקזאַמענס און עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן למודים־צייגנישן (תעודות).

דאָס חדר „יסודי התורה״ האָט זיך דערוואָרבן אַסך פריינט און סימפּאַ־טיקער. עס האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט די צאָל פון די תלמידים. זייערע עלטערן — באַלעבאַטישע יידן — זענען געווען צופרידן מיט די למודים. מיט דער צייט איז עס געוואָרן אַ מוסטער־חדר. עס זענען געקומען תלמידים פון די אַרומיקע שטעטלעך.

* * *

די „בית יעקב״־שול איז געשאַפן געוואָרן מיט צוויי יאָר שפּעטער, ד. ה. אין יאָר 1922. די גרינדער זענען געווען: שרה שענירער, וואָס איז געקומען ספּעציעל פון קראָקע און פריילין אשער. די רעליגיעזע שול פאַר מיידלעך, מאָדערן איינגעאָרדנט, האָט זיך געפונען אין גרויסן זאַל ביי אליע וויכמאַן. יונתן דזשאַלאָווסקי איז געווען פּרעזעס פון דער „בית יעקב״־שול. די שול האָט זיך גוט אַנטוויקלט און די מיידלעך האָבן באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג.

* * *

בראש פון דער אגודת ישראל איז געשטאַנען ר׳ יוסף דודעק, וואָס האָט פאַרנומען דעם אַמט פון פּרעזעס. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ „צעירי אגודת ישראל״־אָרגאַניזאַציע מיט אַן אייגענער ביבליאָטעק — „עקד הספרים״ און „שעורי ערב״ וווּ יוגנטלעכע האָבן באַקומען רעליגיעזע און וועלטלעכע לעקציעס.

# קולטור-טעטיקייט צווישן די צוויי וועלט-מלחמות

שרה בראַט, פּאַריז

## דראַמאַטישער קרייז אין ביבליאָטעק

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אונטערוואַקסנדע יוגנט זיך אָנגעהויבן אַרומזען, אַז זיי לעבן ווי אויף אַ ווילדן אינדזל. די געציילטע צע־שטרייונגען אין שטעטל זענען געווען: אַ חתונה, אָדער, עס זאָל זיין אָפּגע־שיידט — אַ לוויה, אין וועלכער אַלע האָבן אנטייל גענומען ווי איין גרויסע משפּחה.

דער דוחק אין שולבילדונג האָט דעם רוב יוגנטלעכע געשטויסן צו זעלבסט־בילדונג. מ׳האָט געלעכצט נאָך אַ בוך, נאָך אַ טעאַטער, אָדער אַ קינאָ. ביי דעם מצב האָבן מיר מיט דעם גאַנצן יוגנטלעכן ברען זיך גענומען צו קולטור־טעטיקייט, צו שאַפן אַ נייעם לעבנס־שטייגער. מ׳האָט אָנגעהויבן צו רופן פאַרזאַמלונגען. פון די אָפטע צוזאַמענטרעפן איז געוואָרן אַ קולטור־קרייז. די ערשטע קלאָבוצקער השכלה־פּיאָנערן, וואָס האָבן אָנגעהויבן שאַפן אַ יידיש־וועלטלעך קולטור־לעבן זענען געווען: דבורה יאָזשעמבעק, שלמה ריפּשטיין, פישל קליינבערג, לייב און בערל שמולעוויטש, פּנחס ניעדזשעלאַ, מלכה שימ־קיעוויטש א. אַ. (אַלע זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן).

די קולטור־טעטיקייט האָבן מיר אָנגעהויבן פון אויספּרווון אונדזערע „אַקטיאָרישע" פעיקייטן און געשאַפן אַן אַמאַטאָרן־טרופּע. מיר האָבן זיך פאַר־בונדן מיט טשענסטאָכאָווּ און אַראָפּגעבראַכט קיין קלאָבוצק צוויי פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן: לעווענשטיין פון דער ווילנער טרופּע און פראַנק, זיי זענען צו אונדז געקומען עטלעכע מאָל אין חודש איינצושטודירן מיט אונדז די פּיעסן.

אונדזער טעאַטראַלע טעטיקייט האָבן מיר אָנגעהויבן מיט דער פּיעסע „געלט, ליבע און שאַנדע" פון לאַטיינער. די צוויי טשענסטאָכאָווער אַקטיאָרן האָבן מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט אונדז געהאָלפן צום דערפאָלג. אונדזער



די ערשטע קולטור־טוערינס אין שטעטל:
פון רעכטס: עס שטייען — ליבע אייזנער, דבורה יאזשאַמבעק
עס זיצט — מלכה שימקעוויטש

**פאַרשטעלונג איז אַדורך זייער גוט און געבראַכט הכנסה. דער ריינער ריוח פון דער פאַרשטעלונג האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו דינגען אַ לאָקאַל און איינצוקויפן די ערשטע ביכער אויף צו גרינדן אַ ביבליאָטעק.**



פישל קליינבערג מיט זיין פרוי, אומגעקומען

וואָס ווייטער האָבן זיך אונדזערע פאָרשטעלונגען אַלץ מער געבעסערט. דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער דערפאָלג וואָלט געווען באַדייטנד גרעסער, ווען נישט די שטערונגען פון די פרומע פאַנאַטיקער פון שטעטל. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקשנותדיקער געראַנגל צווישן דעם עלטערן דור מיט דער יוגנט. דער רב מיט די באַלעבאַטים פון שטעטל זענען נישט מיד געוואָרן פון רודפן



בערל און חנה שמולעוויטש, אומגעקומען

אונדז און מיר האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון צונויפקומען זיך, שפּילן טעאַטער, לייענען ביכער און אויסלעבן זיך לויט אונדזערע פאַרלאַנגען.

ביי די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן מיר פאָרגעזעצט דאָס שפּילן טעאַטער. מיר האָבן דעמאָלט אויפגעפירט פאָלגנדע פּיעסן: „געבראָכענע הערצער" פון ז. ליבין, „דער דאָרפס־יונג" פון לעאָן קאָברין, „דער ישיבה־בחור, אָדער דער יידישער האַמלעט" פון זאָלאָטאָרעווסקי, אַנסקי'ס „דיבוק" און נאָך אַנדערע פּיעסן.

ביכער האָבן מיר געקויפט אויף ראַטעס. נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז מען האָט נישט געהאַט אויף צו דעקן דעם וועקסל פאַר די ביכער. דעמאָלט האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ לאָטעריע און אַליין געמוזט פאַרשפּרייטן די בילעטן. דאָס איז געווען אַ נישט־דאַנקבאַרע אַרבעט. כדי צו פאַרקויפן אַ בילעט האָט מען באַדאַרפט צוזאָגן גאָלדענע גליקן. די קויפער האָבן זיך נישט געקאָנט שענקען, וואָס דאָס רוב פון די בילעטן זענען געווען אויסגעשטעלט אויף צו פאַרשפּילן...

אונדזער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך כסדר פאַרשענערט און פאַרגרעסערט מיט אַן אויסוואַל פון ביכער פון יידישע און אייראָפּעישע שרייבער, האָט מען אָנגערופן אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ, וועמענס בילד ס'האָט באַצירט דער אויבנאָן. אָט דאָס שיינע פּרץ־בילד האָט שטאַרק געררייצט דעם פרומען עולם: „עפּעס אַ פּריץ מיטן בלויזן קאָפּ, מיט גרויסע וואָנסעס, האָבן זיי דאָרטן אויפגעהאָנגען" — האָבן פרומע באַלעבאַטישע יידן געטענה'ט און נישט געקאָנט זיך באַרויקן צוליב דער „אַפּיקורסות". אין אַן אָוונט, האָט אַ גרופּע פרומע יידן זיך אַריינגעריסן מיט שטורעם אין לאָקאַל און צעריסן דאָס פּרץ־בילד.

ביי אונדז אין דער היים האָט זיך געטאָן חושך. מיינע עלטערן האָבן געגלויבט, אַז אונדזער קרייז איז אַ צענטער פון אויסגעלאַסנקייט. דער עיקר, אַז אַלץ צוזאַמען וועט מיך פירן צום שמד... איך בין געווען צו שוואַך און נישט געהאַט קיין גענוגנדיקע אַרגומענטן זיי צו באַרויקן, אַז עס וועט מיר גאָרנישט געשען און כ'וועל בלייבן אַ יידישע טאָכטער.

מיר האָבן געלעבט זייער אָרעם. אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר געגעסן ווי אין די נייך־טעג — מילכיקס... דערפאַר אָבער, ווען עס איז געקומען ערב שבת, איז מיין פאָטער געוואָרן „פאַרשווענדעריש" און געלאָזט שעכטן אַ שעפּסל לכבוד שבת. ווען דער שוחט איז געקומען צו אונדז, האָט ער פאַרלאַנגט „תקיעת כף" פון מיין פאָטער, אַז זיין טאָכטער וועט מער נישט גיין אין „פּאָרעץ"־ביבליאָטעק. דאָס איז געווען אַ פּיינלעכע איבערלעבונג פאַר מיין פרומען טאַטן.



די עלטערן פון שרה בראַטט און זייערע אייניקלעך, אומגעקומען

שלמה דער שמש האָט פון צייט צו צייט געמאַכט ביי אונדז אַ וויזיט און זיך געוואָנדן צו מיין פאָטער: „זלמן, דער רב וויל דיך זעען"...

דער בלויזער אָנגעצויגענער טאָן פון דעם שמש האָט שוין געשמעקט מיט „פּולווער". מיין פאָטער פלעגט נעבעך אַהיימקומען פון רב אַ דערשלאָגענער, אַן אויפגערעגטער פון די מוסר־רייד. דער רב האָט אים פאַרווארט צו דוכענען (מיין פאָטער איז געווען אַ כהן). נאָך אַזעלכע וויזיטן ביים רב פלעג ער מיר מאַכן אַ סקאַנדאַל. זיין אויפרעגונג האָט ביי מיר געוועקט רחמנות צו אים און צו מיר אַליין אויך.

איינמאָל האָט מיין פאָטער געכאַפּט ביי מיר מאַפּאַסאַנס „דער שיינער בחור", אַ בוך פון אונדזער ביבליאָטעק. ער האָט עס צעריסן אויף פיצלעך. איך האָב געמוזט שפּעטער באַצאָלן פאַרן שאָדן און דערויף געאַרבעט אַ וואָך צייט.

די פאַנאַטיקער פון אונדזער שטעטל האָבן די ביבליאָטעק געמסרט אין דער פּאָליציי, אַז דאָרט איז אַ נעסט פון קאָמוניזם. עס איז גראָד געווען ערב אַ פאַרשטעלונג. די פּאָליציי האָט געמאַכט ביי אונדז אַ רעוויזיע און אַרעסטירט דריי חברים: בנציון שווערטשעווסקי, שלמה ריפּשטיין און בערל שמולעוויטש. דריי חדשים זענען זיי געזעסן אין פּיעטרקאָווער תפיסה און לסוף באַפרייט געוואָרן צוליב מאַנגל אין באַווייזן וועגן זייער קאָמוניסטישער טעטיקייט.

די פֿאַרשטעלונגען זענען נישט איבערגעריסן געוואָרן. מיר האָבן די דריי חברים פֿאַרטרעטן מיט אַנדערע און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אונדזער אַרבעט. נאָך לאַנגע מיזאַמע אַרבעט, ווען אונדזער ביבליאָטעק האָט שוין געציילט צוויי טויזנט ביכער, האָט זיך אונדזער געזעלשאַפֿט צוליב פּאַרטייאישע מיינונגס־פֿאַרשידנהייטן געשפּאָלטן.

אין יאָר 1928 בין איך אַוועק קיין פֿראַנקרייך. איך האָב כסדר, ביז צום אויסברוך פֿון דער מלחמה אָנגעהאַלטן אַ בריוולעכן קאָנטאַקט מיט מיינע עלטערן און פֿריינט.

בעת דעם חורבן זענען אָנגעקומען צו מיר איוב׳ס בשורות: חרוב איז געוואָרן מיין היים, און אויף אַ באַזונדערס טראַגישן אופֿן איז אומגעקומען מיין מוטער. אָט וואָס מ׳האָט מיר דערציילט:

באַלד ביים אויסברוך פֿון דער מלחמה, ווען די דייטשן האָבן קלאָבוצק באַוואָרפֿן מיט באָמבעס, זענען די איינוווינער פֿון שטעטל אַנטלאָפֿן אין בהלה. יעדער האָט געכאַפּט פֿון שטוב, וואָס עס האָט זיך געלאָזט און געלאָפֿן איבער די וויסטע וועגן.

מיין פֿאָטער איז געבליבן צו פֿאַרפּאַקן דאָס בעטגעוואַנט און מיין מוטער גיטל מיט מיין שוועסטער רייזל זענען דערווייל אַרויס אין גאַס. מיר האָבן געהאַט אַ קו און מיין מאַמע האָט ביי זיך נישט געקאָנט פֿועלן איבערצולאָזן אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש אויף הפקר. די קו וועט צעשפּאַרט ווערן פֿון דער מילך און ס׳וועט נישט זיין ווער עס זאָל זי מעלקן. האָט זי אויס רחמנות מיט־גענומען מיט זיך די קו.

די עראָפּלאַנען האָבן פֿאַרטויבט און אָנגעיאָגט אַ טויט־פּחד. מען האָט באַדאַרפֿט גיין גיכער, נאָר די קו האָט געפּענטעט די טריט. פּלוצלונג האָט מיין שוועסטער ענערגיש אַ נעם געטאָן טרייבן די קו, כדי די מוטער זאָל קאָנען פֿלינקער זיך באַוועגן, אָבער אין דעם אויגנבליק איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ באָמבע און דערהרגעט מיין מוטער מיט נאָך פֿינף און צוואַנציק יידן.

דאָס יידישע קלאָבוצק איז אַוועק מיט רויך און בלוט, אויסגעגלייכט גע־וואָרן מיט דער ערד, אַזוי ווי אַ סך יידישע קהילות. נישטאָ קיין אַלטער דור און קיין יונגער דור. נישטאָ מער קיין רבי, קיין שוחט און קיין שלמה שמש. די אכזריותדיקע דייטשן האָבן פֿאַרטיליקט די ערלעכע אַרבעטסזאַמע יידן פֿון קהילת קלאָבוצק.

זאָלן מיינע דערמאָנונגען זיין אַ זכר פֿאַר אַלע אומגעקומענע און פֿאַר־

**פייניקטע קלאָבוצקער יידן, וואָס האָבן מיט מסירות־נפש זיך איינגעשטעלט פאַר זייערע אידייען און מחשבות — די פרומע יידן, אויפצוהאַלטן זייער איינגעפונדעוועט לעבנסשטייגער און די מאָדערנע, וואָס האָבן געוואָלט איבערייסן די קייט פון דורות אָנגענומענע געוויינהייטן און טראַדיציעס, כדי צו געבן אַ נייע פאָרם דעם לעבן פון די קלאָבוצקער יידן.**



שמעון ראָזענטאַל

משה ווײנמאַן, פּאַריז

# די פּרץ־ביבליאָטעק און די געזעלשאַפט „בילדונג"

אין קלאָבוצק, ווי אין אַנדערע שטעטלעך אין פּוילן, האָט די יידישע ביבליאָטעק־טעטיקייט זיך גענומען אַנטוויקלען גענוג שפּעט. ביכער זענען געלייענט געוואָרן אין קלאָבוצק אויך דעמאָלט, ווען עס איז נאָך נישט געווען קיין ביבליאָטעק. פון צייט צו צייט פלעגט קומען קיין קלאָבוצק אַ מוכר־ספרים־ניק און אויסגעלייגט זיין סחורה אויפן גרויסן בית־המדרש־טיש. צוזאַמען מיט הבדלות און אַנדערע כלי־קודש־אַרטיקלען, האָט ער אויך פאַרקויפט מעשה־ביכלעך, וועלכע זענען מיינסטנטייל געווען באַשטימט פאַר פרויען. ביכער פון יידישע קלאַסיקער האָבן זיך אויך געפונען אין געציילטע קלאָבוצקער שטובן.

אַ פּרווו צו גרינדן אַ ביבליאָטעק איז געמאַכט געוואָרן דורך זאלע לאפּידוס, אַ זון פון ישראל לאַפּידוס, אַ פּאָפּולערער מלמד, וועלכן קינדער האָבן זייער גערן געהאַט צוליב די שיינע לשנה טובה־קאַרטן, וואָס ער האָט אַזוי קינסטלעך אָנגעשריבן. די מיטהעלפער פון זלמן לאַפּידוס זענען געווען: שמעון ראָזענטאַל און צוויי ברידער טעפּער (זייערע נעמען געדענק איך נישט).

זייער ערשטע ביבליאָטעק־פּרווו האָט זיך נישט איינגעגעבן צוליב פאָלגנדע סיבות: די אינסטיטוציע איז געשאַפן געוואָרן דורך דער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי „בונד", וואָס האָט אין קלאָבוצק נישט געהאַט קיין שטאַרקע השפּעה און ממילא נישט געקאָנט צוציען קיין גרעסערע צאָל לייענער, און אויך איז נאָך דעמאָלט געווען זייער שטאַרק די ווירקונג פון די פרומע יידן, פאַר וועמען די ביכער זענען געווען „טריפה־פּסול".

אין משך פון אַ לאַנגער צייט האָט זיך די קליינע צאָל ביכער געפונען ביי שלמה ריפּשטיין. שלמה, אַ זון פון אַ בעל־עגלה, וואָס האָט געהאָלפן זיין פאָטער בעריש יעדן טאָג פירן פּאַסאַזשירן פון קלאָבוצק קיין טשענסטאָכאָוו, האָט אין דער פרייער צייט געלייענט ביכער און געוואָרן אַ ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע איניציאַטיוו אויפן געביט פון קולטור־טעטיקייט.

אַ קליינע צאָל יוגנטלעכע האָבן ביי שלמה ריפּשטיין באַקומען אַרויסגעבאָרגט ביכער אָן אָפּצאָל. שלמה האָט נישט געוואַרט ביז מ׳וועט קומען צו אים באָרגן די ביכער, נאָר ער האָט זיך אַליין באַמיט צו געפינען לייענער. ערגער איז געווען מיט צוריקבאַקומען די ביכער. אָפטמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ פרומער טאַטע האָט דעם „טריפה־פּסול" צעריסן אויף שטיקלעך.

אין יאָר 1924, בערך, איז געמאַכט געוואָרן אַ נייער פּרוּוו אויפצושטעלן אַ יידישע ביבליאָטעק. די איניציאַטיוו איז דאָסמאָל געקומען פון אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע קאָמוניסטן. צווישן זיי זענען געווען: בנציון שוויערטשעווסקי, די ברידער בערל און לייב שמולעוויטש, שלמה ריפּשטיין, פישל קליינבערג, דבורה יאזשאמבעק און מלכה שימקאָוויטש (אַלע אומגעקומען).

ביי זייער שווערע באַדינגונגען איז די ביבליאָטעק געשאַפן געוואָרן. די פּאָליציי האָט גוט געקאָנט די פּאָליטישע טעטיקייט פון בנציון שוויערטשעווסקי, וואָס איז פאַר קאָמוניזם שוין געהאַט אָפּגעזעסן אַ טערמין אין דער פּיעטריקאָווער תפיסה, זיין שוועסטער בראָניע איז לאַנגע יאָרן געווען פאַרשפּאַרט אין אַלערליי פּוילישע טורמעס. איינמאָל, ווען מ׳האָט זי געפירט פון דער פּיעטריקאָווער תפיסה צום דענטיסט, איז איר געלונגען, טראָץ דער שטאַרקער פּאָליציייאישער שמירה, צו אַנטלויפן. שפּעטער געפינט מען זי אין דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין בערלין און דערנאָך אין ראַטנפאַרבאַנד. אויך העלאַ און מאיר שוויערטשעווסקי זענען געווען אַקטיווע קאָמוניסטישע טוער אין פּוילן.

צוליב דער קאָמוניסטישער טעטיקייט פון די גרינדער פון דער ביבליאָטעק האָט די פּאָליציי געמאַכט שוועריקייטן ביים אַרויסגעבן די לעגאַליזאַציע אויף דער קולטור־אינסטיטוציע. לסוף נאָך לאַנגע באַמיונגען איז געלונגען צו באַקומען אַ לעגאַליזאַציע אויף אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

ווען מיר האָבן שוין געהאַט די לעגאַליזאַציע האָבן זיך אָנגעהויבן שוועריקייטן מיט באַקומען געלט איינצוקויפן ביכער. דאָס ביסל געשענקטע ביכער זענען אין ווייט גרעסטן טייל נישט געווען פון קיין גרויסן ליטעראַרישן ווערט. די ערשטע ביכער האָבן געמוזט געקויפט ווערן אויף וועקסלען, וואָס זענען מיט שווערער מי געדעקט געוואָרן דורך חברים. נישט לייכט איז אויך געווען צו באַקומען אַ לאָקאַל.

לסוף איז געפונען געוואָרן אַ קליין צימער אויף קאַמינער וועג אין אַ הינטער־געסל און מיט גרויס פרייד האָבן מיר געעפנט די ביבליאָטעק. מרדכי גליקסמאַן, אַ סטאָלער בן סטאָלער, וואָס האָט געהערט צו דער פאַרוואַלטונג, האָט געמאַכט דאָס קליינע ביכער־שענקל און כדי עס זאָל אויסזען גרעסער, האָט מען עס אַרויפגעשטעלט אויף אַ בענקל. די ביבליאָטעק־ווענט זענען באַצירט געוואָרן מיט בילדער פון י. ל. פּרץ, שלום עליכם, ש. אַנסקי און״ד.

די צאָל לייענער האָט זיך גענומען פאַרגרעסערן, אָבער לאַנג האָט די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק נישט עקזיסטירט. צוליב דער קאָמוניסטישער טעטיקייט, אין וועלכער עס האָבן אנטיילגענומען די אָנפירער פון דער ביבליאָטעק, האָבן

זיך געשטאַרקט די רעפּרעסיעס. עס זענען פאָרגעקומען רעוויזיעס און אַרעסטן אין קלאָבוצק, טשענסטאָכאָוו און אין אומגעגנט. אין רעזולטאַט פון די רע־פּרעסיעס איז אויך פאַרמאַכט געוואָרן די פּרץ־ביבליאָטעק.

דער פאַרלוסט פון דער דאָזיקער קולטור־אינסטיטוציע האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן. די יוגנט האָט געבענקט נאָך אַ יידיש בוך. דאָ איז אונדז געקומען צו הילף דער דעמאָלטדיקער אָנפירער פון דער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי" — ד"ר יוסף קרוק (היינט אין ישראל), און אַ דאַנק זיינע באַמיונ־גען ביי דער מיטהילף פון הערשעלע ערליך, אַן אָפּשטאַמיקער פון שכונותדיקן קאמיק — איז געלונגען צו באַקומען אַ פרישע לעגאַליזאַציע אויף אַ קולטור־געזעלשאַפט א. נ. „בילדונג".

די פייערלעכע דערעפענונג פון דער געזעלשאַפט „בילדונג" איז פאָר־געקומען אין פייערלעשער־זאַל. עס איז געקומען אַ גרויסער עולם, דערונטער אַ סך געסט פון די שכונותדיקע שטעט און שטעטלעך. עס זענען געווען דעלע־גאַציעס: פון טשענסטאָכאָוו — דודעק שלעזינגער, שמואל פראנק און משה'לע לעווענזאָן; פון קזשעפּיץ — אַ צוואַנציק חברים. בכלל איז געווען אָנגענומען, אַז אויף יעדער קולטור־שמחה אין אַ שטעטל פון טשענסטאָכאָווער ראַיאָן, זענען געקומען די יידישע יוגנטלעכע פון די אַרומיקע ישובים, כדי אָנוועזנד צו זיין אויף דער אימפּרעזע. די פייערלעכע דערעפענונג פון דער נייער קולטור־ געזעל־שאַפט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ באַנקעט, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט.

## דער אידעישער געראַנגל צווישן יונגען און עלטערן דור

די געוויילטע פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „בילדונג", אין די פּער־זאָנען פון: אהרן שמולעוויטש, יאַנקל משה אונגליק, משה וויינמאַן און אַנדערע אַקטיווע יוגנטלעכע — איז צוגעטרעטן צו אינטענסיווער טעטיקייט. יעדן שבת נאָכמיטאָג האָבן אָרטיקע און צוגעפאָרענע פּרעלעגענטן געלייענט רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס. עס זענען פאָרגעקומען „קעסטל"־אָוונטן. ליטעראַ־רישע „משפּטים", עס איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז. ביי דער ביבליאָטעק איז געווען טעטיק אַ לייען־זאַל, פאַרזען מיט פּרעסע און צייטשריפטן. עס זענען אָפּטמאָל אויך איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרשידענע פאַרוויילונגען.

די צאָל לייענער אין דער ביבליאָטעק האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט. באַלעבאַטישע און אַפילו חסידישע יונגעלייט האָבן, פריער באַהאַלטענערהייט און שפּעטער שוין עפנטלעך, גענומען באַזוכן די ביבליאָטעק, וואָס האָט, אַזוי




אַ גרופּע חברים פון דער געזעלשאַפט „בילדונג"

צו זאָגן, געמאַכט אַ „רעוואָלוציע" אין יידישן קלאָבוצק. די געזעלשאַפט „בילדונג" איז נישט געווען די איינציקע יידישע קולטור־אינסטיטוציע אין קלאָבוצק. אויך די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונג האָט פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק מיט אַ באַדייטנדע צאָל ביכער און אַ דראַמאַטישן קרייז. די דראַמאַטישע קרייזן פוןביידע קולטור־אינסטיטוציעס האָבן אָפטמאָל צוזאַמען איינגעאָרדנט טעאַטער־פאָרשטעלונגען. עס איז אויך אַנטשטאַנען אַ ספּאָרט־גרופּע, וואָס האָט געשפּילט פוסבאָל.

די כסדרדיקע אויסברייטערונג פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט איז פיינטלעך אויפגענומען געוואָרן פון די פרום־רעליגיעזע יידן, וואָס האָבן אין די וועלטלעכע ביכער און אין די טעאַטער־פאָרשטעלונגען דערזען אַ סכנה פאַרן אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער. און באמת האָט דאָס יידישע קלאָבוצק אין יענער צייט גענומען ווערן מער וועלטלעך. עס האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל פון בית־המדרש־בחורים. דאָס נייע מאָדערנע לעבן האָט פאַרכאַפּט די יוגנט. די רעליגיעזע יידן האָבן דעריבער זיך פאַרמאָסטן אויף אַ קעגן־אַקציע קעגן „פּראָגרעס".

די קעגן־אַקציע פון די פרומע יידן האָט אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען. לויטן מוסטער פון אַנדערע שטעט, האָבן אויך די קלאָבוצקער גערער חסידים געשאַפן זייער פּאָליטיש־רעליגיעזע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע — די „אגודה״, און אַ רעליגיעזע יוגנט־גרופּע — „צעירי אמוני ישראל״, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַן אייגענע ביבליאָטעק מיט יידישע ביכער, אַזעלכע, וואָס קאָנען נישט „אָראָפּ־פירן פונעם דרך הישר״. די ווערק פון פּרץ, מענדעלע, שלום עליכם אאנ״ד — זענען דאָרט געווען טריף. און ווייל זיי זענען געווען פאַרבאָטן, זענען אייניקע בית־המדרש־בחורים געקומען, בשתיקה, אין אונדזער ביבליאָטעק, כדי צו לייענען די טריפה׳נע ביכער. צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט: עליע ראָזענטאַל (לעבט היינט אין פּוילן), בנימין דודעק, אריה גוטערמאַן און לייבל דעם רב׳ס. זיי האָבן אפילו גענומען לייענען קאָמוניסטישע ליטעראַטור, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, די געשיכטע פון סאָציאַליזם אדג״ל.

די אָרטאָדאָקסן האָבן אויך געשאַפן אַ רעליגיעזע מיידל־שול „בית יעקב״, ווו עס האָבן זיך געלערנט טעכטער פון פרומע עלטערן.

די דאָזיקע קולטורעלע מיטלען צו באַקעמפן די „אפּיקורסות״ האָבן, ווייזט אויס, נישט געהאַט די געהעריקע ווירקונג. זענען אייניקע פאַנאַטיקער אָנגעקומען צום סיסטעם פון מסירה. מ׳האָט געמסרט, אַז די פירער פון דער ביבליאָטעק זענען קאָמוניסטן. אין רעזולטאַט פון די מסירות זענען ווידער פאָרגעקומען רעוויזיעס און אַרעסטן. די ביבליאָטעק האָט מען נישט פאַרמאַכט. די יוגנט האָט די געזעלשאַפט „בילדונג״ אַרומגערינגלט מיט דער וואַרעמסטער סימפּאַטיע. אין די באַלעבאַטישע שטובן האָט זיך געטאָן חושך. עס האָבן זיך פאַרשאַרפט די שטרייטן צווישן עלטערן און קינדער. עלטערן האָבן נישט געלאָזט זייערע זין און טעכטער גיין אין דער ביבליאָטעק. די אַהיימגעבראַכטע ביכער האָט מען צעריסן און פאַרברענט.

אַ באַזונדערע „מלחמת מצוה״ האָבן די פרומע יידן געפירט קעגן די טעאַטער־פאָרשטעלונגען. מ׳האָט אינטערוועניִרט ביי דער דירעקציע נישט צו פאַרדינגען דעם טעאַטער־זאַל און מ׳האָט זיך געוואָנדן צו דעם סטאַראָסטע נישט אַרויסצוגעבן קיין דערלויבענישן צו שפּילן טעאַטער. אַזוי ווי די טעאַטער־פאָרשטעלונגען זענען פאָרגעקומען שבתצונאַכטס, האָט דער רב, שבת פאַר תפילת מוסף געהאַלטן אַ פייערדיקע דרשה, בעת וועלכער ער האָט געקלאַפּט אין שולחן און מיט פסוקים פון דער תורה באַוויזן, אַז עס דראָט, חלילה, אַלע קינדער זאָלן אויסשטאַרבן און דאָס גיהנום וועט זיין אָפן פאַר די קלאָבוצקער

יידן, וואָס לאָזן זייערע קינדער גיין אין „טריאַטער״ אָדער אין דער ביבליאָטעק.

נאָך אַזעלכע דרשות האָבן עלטערן, מיט גוטן און מיט בייזן, גענומען ווירקן אויף זייערע קינדער, זיי זאָלן נישט גיין אין טעאַטער אָדער אין ביבליאָטעק.

איך דערמאָן זיך ווי שווער עס איז מיר אָנגעקומען דער שטרייט מיט מיין פרומער מוטער (דער פאָטער האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט). מיין פרומע מאַמע האָט ערלעך געגלויבט, אַז צוליב מיין באַטייליקן זיך אין טעאַטער־שפּיל און אין דער ביבליאָטעק־טעטיקייט, ווערט אונדזער שטוב פאַראַרעמט, וואָס עס קומט ווי אַן עונש פון גאָט. אַמשווערסטן האָב איך מאָראַליש געליטן פון איר שטיל געוויין. מיין אָרעמע מאַמע האָט נעבעך נישט „געהאַט קיין מזל״ צו אירע קינדער. מיין עלטערער ברודער פּישל איז געווען פון די גרינדער פון דער ביבליאָטעק. ער האָט געהערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, געשפּילט טעאַטער און שטאַרק אויסגענומען ביים עולם.

דער קאַמף פון די פרומע פאַנאַטיקער קעגן דער וועלטלעך געשטימטער יוגנט אין קלאָבוצק האָט לסוף געברענגט טרויעריקע רעזולטאַטן.

אין אַן אָוונט פון הושענה רבא, אין יאָר 1928, ווען יוגנטלעכע זענען געזעסן אין לייען־זאַל און געלייענט ביכער און צייטונגען, האָט זיך פּלוצים אויפגעריסן די טיר און אַ גרופּע חסידים מיטן רב בראש זענען אַריין מיט רעש. זיי האָבן גענומען רייסן פון די ווענט די בילדער פון י. ל. פּרץ, שלום עליכם, אַנסקי און אַנ״ד און די בילדער צעפּיצלט אויף שטיקלעך. די יוגנטלעכע, אויס דרך־ארץ פאַר עלטערע מענטשן, האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד און אַזוי אַרום אויסגעמיטן אַ בלוטיק געשלעג.

אויף צומאָרגנס אָוונט, שמחת תורה, האָבן צעהיצטע און דערצאָרנטע יוגנטלעכע געוואָרפן שטיינער אין די פענצטער פון רב׳ס הויז און די אַנדערע פרומע יידן.

דידאָזיקע פיינלעכע אינצידענטן האָבן אַביסל אָפּגעקילט די צעהיצטע געמיטער. עס איז שוין מער נישט געקומען צו אַזעלכע טרויעריקע סצענעס. די געזעלשאַפט „בילדונג״ האָט ווייטער געפירט איר קולטור־טעטיקייט און פּאָליטישע אויפקלערונגס־אַרבעט. בעת די מוניציפּאַלע וואַלן אין יאָר 1928, איז די קולטור־געזעלשאַפט אַרויסגעטרעטן מיט אַן אייגענער „פּראָגרעסיווער״ ליסטע, פון וועלכער עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן צוויי ראַטמענער: משה שמולעוויטש און לייבקע אונגליק. שמולעוויטש איז אויך אין די פּאָריקע יאָרן

געווען ראַטמאַן פון קלאָבוצק. דאָס אַרויסשטעלן די קאַנדידאַטור פון לייבקע אונגליק, וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער שטוב, האָט אַרויסגערופן אַ פאַר־שטענדלעכן אינטערעס ביי דער אַרבעטנדיקער יידישער באַפעלקערונג אין קלאָ־בוצק. די קאַנדידאַטן־ליסטע פון „בילדונג״ האָט טאַקע באַקומען די גרעסטע צאָל יידישע שטימען.



חברים פון דער געזעלשאַפט „בילדונג״,
געבן אָפ כבוד זייער יונג־פאַרשטאָרבענעם חבר — לוי בראַט,
ווען עס איז געשטעלט געוואָרן אַ מצבה

אין יאָר 1929 האָב איך געמוזט פאַרלאָזן פוילן. די אָנפירונג מיט דער ביבליאָטעק האָט דעמאָלט איבערגענומען אהרן שמולעוויטש, זעליק בערקאָ־וויטש און אַ צייט שפּעטער אויך יאַנקל שמולעוויטש.

די ביבליאָטעק האָט שפּעטער, צוליב פּאָליציייִשע רעפּרעסיעס, געמוזט טוישן דעם נאָמען און לסוף — אינגאַנצן געשלאָסן געוואָרן. די ביכער, אין אַ צאָל פון איינעקע טויזנט עקזעמפּלאַרן, זענען דורך דער לעצטער פאַרוואַלטונג אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און געהאַט זייער פאַרניכטונגס־סוף צוזאַמען מיט די יידן פון קלאָבוצק, וועלכע זענען, ווי דאָס גאַנצע פוילישע יידנטום פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.

יעקב שמולעוויטש

# קולטור־טעטיקייט אין די יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה

אין די יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די ביבליאָטעק געהאַט איר לאָקאַל אין צענטער שטאָט, אין הויז פון חיים מאָסס. דער קולטור־אַנשטאַלט האָט דאָרט פאַרנומען דריי צימערן אויפן ערשטן שטאָק, אין וועלכע עס זענען געווען: אַ לייען־זאַל, ביבליאָטעק־צימער, ווו מ'האָט דריי מאָל אין וואָך געקאָנט טוישן ביכער, און אַ קלוב אויף פרייע דיסקוסיעס.

ביי דער ביבליאָטעק זענען געווען: אַ קולטור־קרייז, וואָס האָט איינגע־אָרדנט פאָרלעזונגען, „קעסטל״־אָוונטן און פאַרשידענע אימפּרעזעס, אַ דראַמאַ־טישער קרייז, וועלכער האָט געגעבן פאָרשטעלונגען און רעציטאַציע־אָוונטן און אָוונט־קורסן צו לערנען די נויטיקסטע למודים מיט אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט אין זייערע קינדער־יאָרן צו לערנען אין אַ שול.

די לערער זענען געווען פאָלגנדע חברים: אהרן שמולעוויטש און זעלדע בערקאָוויטש — יידיש, שולמית מארדער — פּויליש, יעקב שמולעוויטש — רעכענען. די זעלבע חברים זענען אויך געווען טעטיק אין קולטור־קרייז און זיי האָבן אין די פּריטיקצונאַכטסן געהאַלטן רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס. נאָך די רעפעראַטן זענען פאָרגעקומען דיסקוסיעס. פון צוגעפאָרענע רעפערענטן האָט גרויס דערפאָלג געהאַט ביי דער יוגנט — ד״ר יוסף קרוק.

אַזוי האָט זיך געפירט די קולטור־טעטיקייט אין קלאָבוצק ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די קלאָבוצקער יידישע יוגנט, קינדער פון פאָלק, אין גרעסטן טייל מאַטעריעל אָרעם, אויסגעוואַקסענע אין דחקות — האָט אין בוך און אין קולטור־טעטיקייט געפונען אַ טרייסט אין שווערן לעבן. די יוגנטלעכע האָבן געלעבט מיט דער אילוזיע פון אַ פריי און גליקלעך לעבן, וואָס די קולטור און אויפקלערונג וועט ברענגען דער וועלט. אָבער אנשטאַט די אויסגעחלומטע פרייהייט איז געקומען די בלוט־פאַרפלייצונג, וואָס עס האָבן געבראַכט די דייטשע האָרדעס און געמאַכט אַ סוף צו די שענסטע אילוזיעס.

# טיפן און געשטאלטן

## ר׳ יוסף בוכווייץ און זיין ניגון

אין שטעטל האָט מען אים גערופן — ר׳ יוסף שאַמשעס אויפן נאָמען פון זיין שווער. בלויז זיין אויסזען האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ צו אים. ער איז געווען אַ הויכער, געהאַט אַ „הדרת פנים״ מיט אַ שוואַרצער באָרד, געווען אַ געטרייער אַלעקסאַנדער חסיד און געפאָרן צום רבין ר׳ ישראל יצחק, דער „בעל ישמח ישראל״.

ר׳ יוסף בוכווייץ האָט זיך אין קלאָבוצק גערעכנט צו די גרויסע לומדים. ער איז אָבער געווען אויך אַ בקי אין אגדות, מדרשים און מוסר־ספרים. אַלס מלמד האָט ער מיט זיינע תלמידים געלערנט חומש און רש״י, אַפילו תנ״ך מיט אַלע פרושים. געלערנט האָט ער מיט אַ ספּעציעלן ניגון. קיין שום תלמיד פון די קלאָבוצקער חדרים האָט נישט געקאָנט אַזוי שיין אויסזינגען די פסוקים פון שיר השירים, קהלת און רות, ווי ר׳ יוסף׳ס תלמידים.

אין דער וואָך פון שבועות האָט פון ר׳ יוסף׳ס חדר זיך געטראָגן דאָס הערלעכע געזאַנג פון „אקדמות״, „יציב פתגם״. דעסגלייכן, אַז עס איז געקומען צו פרשת „ויחי״, האָט איבערן שטעטל זיך געטראָגן דאָס געזאַנג פון „ואני — איך, בבאו מפדן ארם — ווען איך בין געקומען פון פדן ארם״ אאז״וו. דאָס זעלבע אויך — „שמעון ולוי אחים״ — אַלץ איז ביי ר׳ יוסף׳ן געזונגען געוואָרן מיטן געהעריקן טראָפּ. און צוליב דעם געזאַנג האָט קיין שום מלמד נישט געקאָנט קאָנקורירן מיט ר׳ יוסף׳ס „חדר״.

ר׳ יוסף איז אויך געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין תהלים זאָגן פאַרן עמוד. ביים זאָגן תהלים איז ער געווען דער שליח־ציבור פאַר אַלע קראַנקע פון שטעטל. יעדער איז געווען זיכער, אַז מיט זיין וויינענדיק־זינגענדיקן תהלים פועלט ער אויס ביים רבונו של עולם אַ רפואה שלמה. ווען עס איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַ מגיפה ר״ל און זי האָט שפּעטער אויפגעהערט, זענען אַלע געווען זיכער, אַז דאָס האָט ר׳ יוסף מיט זיין תהלים־זאָגן אַלס שליח־ציבור ביים עמוד — מבטל געמאַכט די ביטערע גזירה.



ר׳ יוסף בוכווייץ — פֿאַרפֿייניקט דורך די דייטשן

ר׳ יוסף האָט אויך געזאָרגט פֿאַר אָרעמעלייט. אַליין האָט ער נישט געהאַט צו געבן. ער איז נעבעך געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. נאָר אָפּטמאָל פֿלעגט ער מיט נאָך אַ חשובן באַלעבאָס זיך אַרויסלאָזן איבערן שטעטל, געגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב און גענומען ביי יידן נדבות, „מתן בסתר" פֿאַר אַ בכבודער משפּחה. זיין התנהגות פֿלעגט זיין: אין בית־המדרש ביים דאַווענען האָט ער זיך געוואָנדן צו איינעם פֿון די מתפּללים — זאָלסט וויסן, אַז איה״ש חנוכּה אָדער פּורים וועלן מיר צוזאַמען אַרויס איבערן שטעטל צו זאַמלען אַ פּאָר גילדן פֿאַר אַ בכבודער משפּחה. דער באַלעבאָס, צו וועמען ער האָט זיך געוואָנדן, האָט אַפֿילו נישט געפֿרעגט ווער עס איז דער נויטבאַדערפֿטיקער, ווייל, אַז ר׳ יוסף גייט צונויפֿנעמען נדבות, דאַרף מען אים העלפֿן.

מ׳האָט אויף אים געזאָגט אין שטעטל, אַז ער איז אַ מענטש צו גאָט און צו לייט.

ברוך שימקאָוויטש



# מיין זיידע – דער פרום־גלוּיביקער שניידער

דאָס לעבן פון מיין זיידן חיים משה און מיין באָבע פרומעט גאָלדבערג איז געווען טיפּיש פאַר אַ גרויסן טייל פון די יידן. מיטן אַריינפירן מיין זיידן און באָבע אין יזכור־בוך פון קלאָבוצקער קהילה ווערן אויך פאַראייביקט די געשטאַלטן פון די אידעלע פרום־גלויביקע יידן פון דער קלאָבוצקער עדה, וועמענס לעבנס־באַשרייבונגען זענען אונדז נישט באַקאַנט.

מיין זיידע האָט געוווינט אויף די זאַוואַדעס אַנטקעגן דער וואַסער־מיל מיט דעם ריזיקן הילצערנעם ראַד, וואָס האָט זיך באַוועגט בייטאָג און ביינאַכט. איך בין אָפטמאָל געקומען צו מיין באָבע און זיידע. זיי האָבן מיך מהנה געווען יעדער אויף זיין שטייגער — די באָבע מיט עולם־הזה: גוטן קעז און אייער־קיכלעך, וואָס זי האָט שטענדיק באַהאַלטן פאַר מיר, און דער זיידע האָט געזאָרגט פאַר מיין עולם הבא — יעדן שבת האָט ער מיך פאַרהערט אין חומש מיט רש"י.

דער זיידע האָט שטאַרק, שטאַרק געזאָרגט פאַר דער פרומקייט פון זיין אייניקל. ער האָט מיך אָפּגעהיטן איך זאָל דאַווענען פּינקטלעך יעדע תפילה אין איר צייט און איך זאָל הויך נאָכזאָגן „אמן" ביי די קדישים, ווייל אויב נישט קאָן מען נאָך בלייבן חס וחלילה אַ יתום... מיין זיידע האָט מיך אַזוי אָפּגעהיטן



חיים משה גאָלדבערג מיט זיין פרוי פרימעט

אין פרומקייט, אַזוי געהאַט אויף מיר אַן אויג, אַז איך האָב מקנא געווען די ייִנגלעך, וואָס קאָנען זיך פריי אַרומשלעפּן אויפן הויף און וואַרפן דעם וואַסער־שעפער אין ברונעם, אָדער טאָן אַנדערע קונדסישע שטיק.

יעדן יום־טוב האָט דער זיידע איבערגעלעבט אַלע פרומע געטלעכע כוונות, וואָס זענען אין יום־טוב אַריינגעלייגט געוואָרן: פּסח — יציאת מצרים, אין וועלכע אַלע ייִדן, אויך די וואָס לעבן היינט, זענען געווען מיטבאַטייליקט. היינט, דאָס בענטשן „טל״, וואָס דאָס איז אַ תפילה אויף פּרנסה אויף אַ גאַנץ יאָר; שבועות — איז קבלת התורה, וואָס איז געגעבן געוואָרן פאַר אַלע דורות און פאַר אַלע צייטן און יעדעס יאָר ווערט זי ווידער באַנייט פּונקט ווי מען וואָלט געשטאַנען אונטערן באַרג סיני. ווער שמועסט סוכות, שמחת־תורה, ווידער די פרייד מיט דער תורה, מיטן חג־האסיף, אַ דערמאָנונג פון ארץ־ישראל, ווו יעדער ייִד איז געזעסן „איש תחת גפנו ותחת תאינותו״ און געגאַנגען עולה רגל זיין קיין ירושלים, וואָס עס וועט ווידער זיין לעתיד לבוא, ווען מיר וועלן ווידער זוכה זיין דערצו — מיט אַזעלכע מחשבות האָט מיין זיידע אויפגענומען די ימים־טובים.

יעדע געשעעניש אויף דער וועלט איז ביים זיידן געווען פאַרבונדן מיט ביאת המשיח. ער האָט טאַקע באמת געהאָפט יעדן טאָג, אַז אָט, אָט קומט משיח. ער האָט זיך דעריבער נישט געזאָרגט פאַר האָבן מעבל אין שטוב. „צוואָס דאַרף איך קויפן מעבל — האָט ער געטענהט — אַז פאַר אונדז איז אַלץ דאָרט צוגעגרייט. אַ ליאַדע טאָג קאָן קומען משיח. און כדי אים צו קאָנען מקבל־פּנים זיין, מוז מען זיין ריין פון טומאה״. און ער האָט טאַקע אָפּגעהיטן די ריינקייט, געהיטן זיך פון עבירות און יעדן טאָג, סיי זומער, סיי ווינטער, האָט ער זיך געטובלט אין דער מקוה: „ווען מ׳לאָזט זיך אַראָפּ אונטערן וואַסער, פילט מען זיך ווי פאַר בריאת העולם, ווי נאָך פאַרן „חטא הקדמון״, ווען אַלץ איז געווען תוהו ובוהו״...

אויך וועלטלעכע זאַכן זענען מיין זיידן נישט געווען פרעמד. ער איז געווען אַ שטענדיקער לייענער פון „היינט״ און געקוויקט זיך מיט איטשעלעס פּאָליטישע בריוו, וואָס האָבן געהערט צו מיין זיידנס עונג שבת. איטשעלעס בריוו (יאושזאָנס) האָט דער פרומער ייִד אויסגעטייטשט און פאַרטייטשט אויף זיין שטייגער. אין אַלע פּאָליטישע געשעענישן פון יענער צייט, האָט ער געזען דאָס דערנענטערן זיך פון „מלחמת גוג ומגוג״ און דאָס אָנקומען פון „גואל צדק״.

אין יעדן שלעכטס אין שטוביקן לעבן האָט מיין זיידע געזען די טומאה,

וואָס איז דער גרעסטער שונא פון מענטש. אַ מכה, אַ געשוויר, וואָס האָט זיך געמאַכט אויפן קערפּער, דאָס מיטאָג איז נישט געראָטן, דאָס טייג צי די חלות איז נישט אויפגעגאַנגען — אַלץ איז לויטן זיידן געקומען פון טומאהדיקע, נישט געוויאַשענע הענט. אויך אין דער השפעה פון די מתים אויף די לעבעדיקע האָט מיין זיידע שטאַרק געגלויבט. „ווען נישט די מתים — האָט ער געזאָגט וואָלט שוין לאַנג נישט עקזיסטירט די וועלט" — ער האָט דעריבער שטאַרק מכון געווען די ערטער אין שמונה־עשרה, ווו עס ווערט דערמאָנט תחית המתים.

אין משך פון יאָרן האָב איך אים יעדן ערב ראש־חודש באַגלייט אויפן בית־עולם. דער זיידע איז געווען איבערצייגט, אַז ערב ראש חודש נידערן די נשמות אַראָפּ פון עולם האמת און שוועבן אויף די קברים. דעמאָלט זענען זיי גרייט אויסצוהערן די תפילות פון זייערע קרובים און איבערטראָגן זיי אין די העכערע עולמות אין הימל. עס האָבן אים קיינמאָל נישט אויסגעפעלט קיין בקשות צו די מתים: פּרנסה, געזונט, חתונה־מאַכן אַ טאָכטער, באַפרייען אַ זון פון גוישע הענט (פון מיליטער) און בכלל ישועות אויף יידן, דאָס קומען פון „גואל צדק".

באַזונדערס לאַנג פלעגט ער מתפלל זיין אויפן קבר פון זיין זיידן שמואל, וואָס איז, לויט דער מסורה אין דער משפחה, געווען אַ גרויסער בעל־נס. אין דער משפחה האָט מען דערציילט, ווי אַזוי דער עלטער־זיידע שמואל האָט אָפּגעראַ־טעוועט קלאָבוצק פון אַ שריפה. עס האָט זיך אָנגעצונדן אַ הויז און דער ווינט האָט געטראָגן די פלאַמען איבערן שטעטל. זענען חשובע באַלעבאַטים געקומען צו ר' שמואל, ער זאָל מתפלל זיין. האָט ער גענומען דעם שטעקן מיט אַן אַלטן ספר און אַוועק צום פייער. נאָך אַ קורצער תפילה האָט ער אויפגעהויבן די הענט צום הימל און ווי ער וואָלט געוויזן אין וועלכער ריכטונג דער ווינט זאָל גיין. מאָמענטאַל האָט דער ווינט געענדערט זיין ריכטונג און דאָס שטעטל איז ניצול געוואָרן.

די מצבה פון עלטער־זיידן ר' שמואל איז געווען אַ הילצערנע און זייער אַן אַלטע, באַוואַקסן מיט אַ גרין־גרויען מאָך. יעדעסמאָל ווען דער זיידע איז געקומען אויף קבר־אבות האָט ער אָפּגעווישט דעם מאָך און איבערגעלייענט די דאַטע. אין מיין צייט, אין די צוואַנציקער יאָרן איז לויטן זיידנס אויסרעכענונג דאָס קבר שוין אַלט געווען 119 יאָר „מיום הפטירה". דערנעבן איז געווען דאָס קבר פון דער עלטער־באָבע חוה. צוריקגייענדיק פון בית־הקברות האָבן יידן געווינטשן דעם זיידן: „איר זאָלט האָבן אַלדאָס גיטס גרעכט".

אַ שווער לעבן האָט געהאַט מיין זיידע. זיין פּרנסה איז געווען שניידעריי. ער האָט טאָג און נאַכט געהאָרעוועט מיט דער נאָדל, שער און מאַשין, געאַרבעט

„טאַנדייט״ צו פאַרקויפן אויף די מערק. זומער אין די היצן, ווינטער אין די פרעסט, פלעגט ער אויפשטיין אין דער האַלבער נאַכט, כדי איך פרימאָרגן צו זיין אויפן מאַרק מיט דער סחורה. ער האָט געהאַט מפרנס צו זיין אַ גרויסע משפחה פון זון און טעכטער. איין וועקסל האָט געיאָגט דעם צווייטן. ווען די זין זענען אונטערגעוואַקסן האָט ער זיי אַלע געמאַכט פאַר שניידערס. אין זיין שטוב האָבן די מאַשינען געזשומעט פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט און עס איז אויך שווער אָנגעקומען חתונה צו מאַכן די טעכטער.

ביסלעכווייז איז זיך די משפחה צעפאָרן. 4 זין זענען אַוועק קיין ענגלאַנד. דער גרויסער טיש, ווו מ׳האָט שבת געזונגען זמירות, איז געוואָרן וויסט. דער זיידע האָט מקנא געווען די משפחות, וואָס האָבן געקאָנט אויפהאַלטן דעם נעסט אין זיין גאַנצקייט.

איינמאָל, ווען דער זיידע האָט באַקומען פאָטאָגראַפיעס פון זיינע זין, האָט ער זיך אין זיי שטאַרק איינגעקוקט און געזאָגט צו מיר: „דו ווייסט דעם פירוש פון דעם פסוק „יהא חייך תלוים לך מנגד״? אָט וועל איך דיר דערקלערן״. דער זיידע האָט אויסגעטייטשט: דיינע קינדער, וואָס זענען דיר אַזוי טייער ווי דיין לעבן, וועלן אויף פאָטאָגראַפיעס הענגען אויף דער וואַנט קעגנאיבער דיר. דאָס בילד וועסטו זען אָבער זיי נישט. דאָס איז מיין גורל...

שפּעטער האָבן שוין די זין צוגעשיקט פאָטאָגראַפיעס אין פראַקן און אין צילינדערס, זייערע פרויען, די שנירן — אין דעקאָלטירטע אָוונט־קליידער. דער זיידע האָט זיך געוווּנדערט און אויף זיין שטייגער געפרעגט: הזאת נעמי? — דאָס זענען מיינע קינדער? באַלד זענען אויך אָנגעקומען פאָטאָגראַפיעס פון אונטערגעוואַקסענע אייניקלעך, און דער זיידע האָט געהאַט אַ נייע זאָרג: ער האָט אָנגעפרעגט זיינע זין, ווען די יינגלעך הייבן שוין אָן צו לערנען חומש און אין וואָס פאַראַ „חדר״ גייען זיי. דער ענטפער איז געווען, אַז זיי גייען אין „סקול״, ווו מ׳לערנט אויך „היברו״. כדי צו פאַרשאַפן נחת רוח די אַלטע טאַטע מאַמע, האָבן די זין פון ענגלאַנד געשיקט די העברעישע שול־אַרבעטן פון די קינדער.

דער זיידע האָט געהאַט גרויס נחת פון זיינע לאָנדאָנער אייניקלעך. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט די חבורים, זיי יעדן געוויזן און דערביי געזאָגט: „האַ, איר מיינט טאַקע, אַז דאָרט ווערן די קינדער גויים. אָט זעט, דאָ האָט איר לשון קודש, פּרוּווט איר אָנשרייבן אַזאַ בריוו אין לשון קודש מיט נקודות. ניין, די תורה וועט נישט ווערן פאַרגעסן פון מיינע קינדער און קינדס קינדער״.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער אַליין זיך געוואָלט באַרואיקן. אָבער

שטילערהייט האָט דער ספק געפייניקט זיין מוח. איינמאָל אין אַ שבת נאָכן לערנען פרק אבות, האָט ער צו מיר געזאָגט מיט אַ געבראָכענער שטים:

„אברהם, איך האָב געהאָפט, אַז ווער עס איז פון מיינע קינדער וועט זיין אַ בן תורה און ממשיך זיין די ירושה פון דורות. ליידער האָב איך דאָס נישט זוכה געווען. וואָלט איך וועלן, אַז ווייניקסטנס מיינס אַן אייניקל זאָל איבער־נעמען די דאָזיקע ירושה. דו האָסט דאָך אַ גוטן קאָפּ צום לערנען. ווען דו זאָלסט וועלן קאָנסטו דאָך ווערן אַ רב".

אין זיינע ווערטער האָבן זיך געפילט תחנונים. קיין רב בין איך נישט געוואָרן, אָבער איך האָב געלערנט מיט גרויס התמדה. ווען איך האָב זיך אויס־געצייכנט אויף אַ בחינה פון „גמרא" און „מפרשים", וואָס עס האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג ביי גרויסע לומדים — האָב איך געפילט, אַז איך פאַרשאַף מיין זיידן גרויס נחת רוח. מיין פאָטער, אין פאַרשטענדיקונג מיטן זיידן, האָט מיך געוואָלט אָפּגעבן אין אַ ישיבה, אָבער איך בין שוין דעמאָלט געווען פאַרכאַפּט פון ציוניסטישן געדאַנק און נישט געהאַט קיין חשק זיך אַוועקצוזעצן אויף יאָרן קנייטשן די באַנק און עסן טעג...

ווען דער זיידע איז אַריין אין די זיבעציקער יאָרן, האָט זיך זיין מצב לחלוטין געענדערט. זיינע זין אין ענגלאַנד זענען געוואָרן רייך און האָבן נישט פאַרגעסן אין די עלטערן. די זין האָבן פאַר דער אַלטער טאַטע־מאַמע באַשטימט אַ לעבנסלענגלעכע פּענסיע. דער זיידע האָט שוין נישט געדאַרפט אַרבעטן. ער האָט מיט זיין אַלטיטשקע געקאָנט לעבן בריוח און טיילן צדקה ביד רחבה. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט באַפרייען פון דער מלאכה און אָפטמאָל געכאַפּט זיך צו דער שער און נאָדל, פּשוט אויס געוווינהייט. דאָס גוטס איז זיי אָבער נישט איינגעגאַנגען. דאָס אַלטע פּאָרפאָלק האָט אָנגעהויבן קרענקען. דער זיידע האָט זיך מיט די פרישע צרות נישט איבערגענומען און זיין דעמאָלסטיקן מצב דערקלערט מיט אַ פּירוש רש"י: רש"י זאָגט: „ביקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו רוגזו של יוסף" — יעקב האָט געוואָלט לעבן אין רו, האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט די צרה מיט יוסף'ן, איז מה דאָך יעקב אבינו — האָט דער זיידע געלערנט פּשט — וואָס זיין בילד איז אויסגעקריצט אין כסא־הכבוד, האָט נישט געקענט אויסבעטן עולם הזה מיט עולם הבא, וועט אַזאַ קליינער בשר ודם, ווי איך, קענען דאָס דערגרייכן צו לעבן אויף דער וועלט אינגאַנצן אָן יסורים. איך קאָן דאָך, ר"ל, אויפעסן אויף דער וועלט אַלץ וואָס איך האָב אָנגעגרייט אויף יענער וועלט". דער זיידע האָט מצדיק הדין געווען און רואיק איבערגעטראָגן די יסורים, וואָס זענען געקומען מיט דער עלטער.

דאָס אַלטע פּאָרפאָלק האָט זיך זייער ליב געהאַט. זייער גאַנץ לעבן איז אַדורך אין האַרמאָניע, אין צוזאַמענאַרבעט און אין קעגנזייטיקער הילף. ווען ער האָט זיך פאַרנומען מיט שניידעריי, האָט זי מיט אויסערגעוויינלעכער פלינקייט אויסגענייט לעכלעך אין בגדים און צוגענייט קנעפּלעך. דערביי האָט זי געפירט דיווירטשאַפט. די ריינקייט אין אירע שטובן איז געווען אַ שם־דבר, הגם דאָרט זענען געווען הילצערנע פּאָדלאָגעס. אויך די באָבע איז געווען פרום־גלויביק, ווי דער זיידע און האָט אויסגעוויינט אירע אויגן ביי תחינות און ליכט־בענטשן. פונקט ווי דער זיידע האָט זי אויך נאָר געבעטן ביים רבונו־של־עולם פאַרן בני בית: די זין זאָלן באַפרייט ווערן פון גוייִמס הענט, עס זאָל זיין אין דער שטוב פרנסה, די טאָכטער זאָל באַקומען דעם געהעריקן זווג אדג״ל.

די באָבע און דער זיידע האָבן אויף זייערע עלטערע יאָרן אויך אין זינען געהאַט יענע וועלט. אַ חוץ וואָס זיי האָבן זיך באַמיט צוצוגרייטן מיט מצוות און מעשים טובים, איז זייער זאָרג אויך געווען נישט צו ווערן חס וחלילה צע־שיידט נאָכן טויט.

גרויס נחת האָט דעם אַלטן פּאָרפאָלק פאַרשאַפט זייער זון שמואל, וואָס איז געקומען צוגאַסט פון ענגלאַנד. דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיט אים געקאָכט. ביי עלית התורה האָט ער ביד רחבה מנדר געווען אויף אַלע צדקה־אַנשטאַלטן און בכלל געטיילט צדקה. דער זיידע האָט אויף זיין שטייגער געפירט זיך רייכן זון אויף קבר אבות און ביי אים געבעטן אָפּצוקויפן אַ שטיקל קרקע, ווו ער, דער זיידע, זאָל קאָנען רוען במנוחה צוזאַמען מיט זיין אַלטיטשקער.

שמואל האָט זייך אַלטן טאַטן געוואָלט באַרואיקן, אַז עס איז נאָך צו פרי צו טראַכטן פון יענער וועלט. דער זיידע האָט אים געענטפערט מיט אַ פּסוק „בכל עת יהיו בגדך לבנים״ — „אין יעדער צייט זאָלן דיינע קליידער זיין ווייס״ — אַ רמז פון זיין שטענדיק גרייט צום טויט. דער זון איז נאָכגעקומען דעם רצון פון טאַטן. די „טראַנזאַקציע״ איז געוואָרן געשלאָסן. „חברה קדישא״ האָט גענומען אַ מטמון מיט געלט און די באָבע מיטן זיידן האָבן באַקומען אַ קרקע נאָך ביים לעבן.

*

וועגן טויט פון דער באָבען האָט מיין פאָטער ז״ל דערציילט: ער פלעגט אָפּטמאָל באַזוכן דעם זיידן אין די פרימאָרגן שעהן. אין איין פרימאָרגן האָט מיין פאָטער, ווי שטענדיק געטראָפן דעם זיידן זאָגן תהלים און מעמדות. די באָבע איז נאָך געלעגן אין בעט. זי האָט פלוצים געבעטן דעם זיידן, אַז ער זאָל איר

לייענען דעם בריוו פון לייבלען, דעם זון. אין מיטן לייענען האָט זי געבעטן וואַסער, שנעל אַריינגעטאָן די הענט אין וואַסער און אויסגערופן: „איצט האָב איך געענדיקט״. זי איז געשטאָרבן מיתת נשיקה אין עלטער פון 69 יאָר.

מיין זיידע האָט זייער שטאַרק געטרויערט נאָך זיין חבר — ווי ער האָט גערופן זיין ווייב, ער האָט זיך נישט געלאָזט טרייסטן און זיין צער אויסגעטייטשט מיט אַ פסוק, ווי יעקב אבינו האָט געקלאָגט איבער רחלען: מיתה עלי רחל — רחל איז מיר אָפּגעשטאָרבן. עס האָט אויך נישט געהאָלפן וואָס די טאָכטער יוכבד איז אַריינגעגאַנגען צו אים וווינען און האָט אים באַהאַנדלט מלכותדיק. — דער זיידע האָט נישט אויפגעהערט צו טרויערן. ער האָט זיך פאַרטיפט אין מוסר־ספרים און שטענדיק גערעדט וועגן לעבן פון די נשמות אויף יענער וועלט. ער האָט געהאָפט אויף דעם טאָג, ווען ער וועט זיך קאָנען באַהעפטן מיט זיין חבר אויף יענער וועלט אין גן־עדן.

די לעצטע בקשות, וואָס מיין זיידע האָט געהאַט צו די אייניקלעך זענען געווען: מיר זאָלן עוסק זיין אין תורה, אָפּהיטן יידישקייט און ווען עס וועט קומען זיין צייט אַריבערצוגיין פון „עולם השקר״ אויפן „עולם האמת״, זאָל מען אים נישט לאָזן ליגן איבער שבת אין דער שטוב.

זיין לעצטער, לעצטער ווונטש איז טאַקע מקוים געוואָרן. נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט איז ער געשטאָרבן ערב שבת ז׳ אדר. די גסיסה האָט לאַנג געדויערט. די נשמה האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיטן גוף. מיר האָבן געהאַט פחד, אַז זיין לעצטער ווונטש וועט נישט קאָנען מקוים ווערן. אָבער פלוצים, צוויי שעה פאַר ליכט־צינדן האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה בטהרה. עס האָט געקאָסט אַ סך מי דורכצופירן אין אַזאַ קורצער צייט אַלע פאָרמאַליטעטן. מ׳האָט געדאַרפט „שמירן״ אויף לינקס און אויף רעכטס. 15 מינוט פאַר ליכט־צינדן איז ער געקומען צו קבר ישראל אין שכנות מיט זיין חבר, ווי ער האָט די באָבע גערופן ביים לעבן.

72 יאָר האָט ער געלעבט אַן ערלעך, גאָטספאָרכטיק, האָרעפּאַשנע לעבן. קיין שום מענטש האָט אין מיין לעבן נישט געווירקט אויף מיר אַזוי שטאַרק, ווי מיין זיידע. זאָלן די דאָזיקע זכרונות זיין אַ מצבה אויף זיין קבר און אויף די קברים פון אַלע אַנדערע ערלעכע קלאָבוצקער יידן פון אַלטן דור, וועמענס מצבות זענען אויסגעריסן און פאַרשוועכט געוואָרן דורך טמאדיקע גוישע הענט.

# דער עילוי פון קלאָבוצק

אברהם נפתלי, האַרצקע גאָלדבערג, מיין ברודער, איז געבוירן געוואָרן אין קלאָבוצק אין יאָר 1896. ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר האָט מען דעם טאַטן צוגענומען צום מיליטער־דינסט אין צאַרישן רוסלאַנד. פינף יאָר האָט דער פאָטער געדינט דעם קיסר און אונדזער מוטער בלומע האָט זיך געמאַטערט אַליין מיט דעם קליינעם אברהמ׳לע און אים דערצויגן. אַזוי, אַז ווען דער פאָטער איז אַהיימגעקומען פון מיליטער און די פרייד איז שטוב איז געווען זייער גרויס, זענען אַלע שכנים געקומען אָנזאָגן די בשורה: ר׳ יעקב ביי אייך וואַקסט אויס אַ זון אַן עילוי. אברהמלע האָט ווייטער געלערנט אויסערגעוויינלעך גוט.

ווען ער איז אַלט געוואָרן 9 יאָר איז אַריינגעקומען זיין מלמד צו מיינע עלטערן און זיי דערקלערט, אַז ער געפינט זיך ממש אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייל אברהם איז שוין אַ בקי אין אַלע למודים, וואָס דער רבי קאָן מיט אים לערנען. ער מוז שוין האָבן אַ מלמד אַ גרויסן תלמיד־חכם. „אייער זון קאָן שוין לערנען צוזאַמען מיט גרויסע בחורים ביים רב״.

אברהם האַרצקע איז טאַקע אַריבער לערנען צום רב אין קלאָבוצק. נאָך צוויי יאָר לערנען איז ער געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו אין דער ישיבה. אין טשענסטאָכאָוו האָט ער געשמט צווישן די לומדישע יידן. מ׳האָט אים גערופן דער עילוי־בחור.

אַביסל שפּעטער איז אברהם האַרציקע געפאָרן לערנען קיין אָסטראָוועצע אין ישיבה, ביי דעם דעמאָלטדיקן באַרימטן גאון מאיר יחיאל הלוי. דער אָסטראָווצער רבי האָט געשריבן צו מיין פאָטער, אַז ער זאָל נישט קלערן וועגן זיין זון, ער לערנט זייער גוט און ער וועט זיין אַ „גדול בישראל״.

צו בר־מצוה איז מיין ברודער אַהיימגעקומען קיין קלאָבוצק. מיינע עלטערן האָבן צוגעגרייט אַ שיינע בר־מצוה־סעודה. דער ברודער האָט געהאַלטן אַ גרויסע דרשה, אַדורכגעפלאָכטן מיט טיפן פּילפּול. די דרשה האָט ער געהאַלטן אין לשון־הקודש. דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמאָלט אויף־געווען מיט דעם צו־קונפטיקן גרויסן עילוי.

אברהם האַרציקע איז ווייטער אַוועק אין דער פרעמד לערנען. צוויי מאָל אין יאָר איז ער אַהיימגעקומען אויף פסח און צו די ימים נוראים.

צו 16 יאָר האָט ער באַקומען היתר־הוראה און סמיכה אויף רבנות, אונטערגעשריבן פון 40 באַרימטע רבנים. צו 17 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ רייכער משפחה אין אַ דאָרף נעבן וויעלון. דער וויעלונער

ב"ה

ספר

# מעשה זית

כולל חידושים ודרושים על מדרז"ל על
סדר הפרשיות

גם דרושים עץ חיים על החזקת עמלי
התורה מסודרים על סדר הפרשיות

גם נלוה בסופו חי' והערות בהלכה



בעזהשי"ת אברהם נפתלי הירצקע, ב"ר יעקב ז"ל
גאלדבערג מילידי ק"ק קלאבוצק וכעת פה וויעלון מחוז
לאדזי (פולניא)

שנת תרצג

Ułożył Rabin Abram Hercka Goldberg, Wieluń

נסדר בדפוס של ר' בנימין ליבעסקינד, ווארשא, חאלאווא 6

„ספר מעשה זית" פון אברהם הארצקע גאלדבערג

# הקדמה

**אודה** להי בפי ובתוך רבים אהללנו, על הטוב אשר גמלנו, ועשנו שאינו זוכה כזוכה, שהחיינו והגיענו לזמן הזה, להוציא לאור מחי'. חי' אגדה, על מדרז"ל, על סדר הפרשיות, וגם דרושים, עץ חיים, אודות החזקת עמלי התורה תלמידי הישיבות נר"ו מסודרים על סדר הפרשיות, אשר אמרנו ב"ה במקהלות, מדי שבת בשבתו, בדעתי הי' להוציא לאור, חי' בהלכה, ספר יד לקידושין חי' על מסכ' קידושין, אך מפני הוצאת הדפוס כי רבה, בחרתי להדפיס חי' באגדה, שהוא שוה לכל נפש, וגם באגדה יש לסלסל ולפלפל, כמו שאנו רואים בחי' אגדה מקדמונינו ז"ל, שהי' מפלפלים באגדה, בדברים חריפים ונחמדים, והי' מוצאי' בה חידושים, כמו בהלכה, כמו דאיתא בירושלמי פ"ב דסנהדרין, ה' ד', ר' לוי הוה עבר פרשתא, והוה ר' זעירא מפקד לחברייא, עלין, ושמעין קלי' דר' לוי דרש, דלית איפשר לי', דהוא מפקא פרשתא, דלא ריבוון (הוה עבר פרשתא הי' דורש את הפרשה, ואמר רבי זעירא להחבירים, שיכנסו לשמוע קולו דר' לוי דורש, שאי אפשר שהוא מוציא הפרשה, בלא ריבוון בלא חידוש) עאל ומר לון לא, (נכנס אחד, ושמע שהוא עוסק בפ' זו, ואמר להם לא, יש חידוש בדברים, שאילו דברי אגדה הן) ושמע ר' זעירא, ומר אוף באגדתי', אית ריבוון (דאף באגדתי' יש לדרוש כמה חידושים) עי"ש ובספרי פ' עקב ד"א כי אם שמור תשמרון את כל המצוה הזאת וגו', שלא תאמר למדתי הלכות די לי, ת"ל כי אם שמור תשמרון את כל המצוה הזאת, כל המצוה, למוד מדרש הלכות ואגדות וכו עי"ש, וגם כי הדרושים, עץ חיים, המה דבר בעתו, להחזיק ידים רפות, עמלי התורה, מתוך הדחק, תלמידי הישיבות נר"ו וכדי להעיר לבב התלמידי', דפסתי בסופ' מחי' בהלכה, ודפסתי מעט דפסתי, מצד הוצאת הדפוס כי רבה, והנה פעמים באי דברי' בארוכה, ופעמים בקצרה, היות כי חי' וסידור הדברים, הי' עת היתי מתגורר במקומות שונים, בטרד' ולימוד הישיבה, ומנשים באוהל תבורך אמי מורתי מר' בלומה תחי' אשר הרבה השתדלה עבורי, לגדלנו לתורה, עוד בהיותי ילד, אמרה נפשי להיות חלקי, עם עמלי התורה, אך רבות צררינו מנעורי, ובעוה"ר התלאות והעניות, אשר עברה עלי, יכלו לי, מלעלות על במתי התורה והיראה, כאשר אמרה נפשי, וחסדי הד' כי לא תמנו, שלא שם חלקי מיושבי קרנות, ובי"ה שהגיענו לזמן הזה, להוציא לאור, מחי', חי' אגדה, וגם מחי', מעט בהלכה, כן יעזרנו השי"ת ללמוד וללמד, ולא ימיש התורה מפי, וזרעי עד עולם ונזכה לחזות בשוב ה' שבות עמי אשר כהיום הזה, גזירות קשות, מתחדשי' עלינו במדינות שינות, השי"ת ירחם עלינו, ויקבץ נדחי שה פזורה ישראל לארצינו בב"א:

הכו"ח יום ה' פ' תו"מ א' אייר תרצ"ג פה ק"ק וויעלון יע"א

אברהם נפתלי הירצקע ב"ר יעקב ז"ל

די הקדמה פון ספר „מעשה זית"

רב האָט אים איינגעלאַדן ער זאָל ביי אים לערנען. ער האָט טאַקע דאָרט גע־לערנט צוויי יאָר. ער איז באַרימט געוואָרן אין פּוילן צווישן לומדים און קדושים און באַקומען אַ שם.

איינמאָל האָט ער באַקומען אַ בריוו פון וואַרשע. מ׳האָט אים איינגעלאַדן צו ווערן ראש פון דער ליבאַוויטשער ישיבה אין וואַרשע. נאָך דריי יאָר לערנען אין ליבאוויטשער ישיבה, האָט מען זיך צו אים געוואַנדן פון דער וואַרשעווער „מתיבתא" און אים צוגעזאָגט אַ גרעסערן געהאַלט. דאָרט האָט ער געלערנט אַלס ראש־ישיבה ביז דעם אָנהייב 1939 יאָר. דערנאָך איז ער אַריבער קיין לובלין לערנען אין „ישיבת חכמי לובלין". קורץ פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָט אים זיין פרוי אַהיימגערופן און די מלחמה האָט טאַקע באַלד אויס־געבראָכן.

אין אָנהויב פון דער מלחמה האָט ער צו מיר געשיקט אַ פּעקל מיט עטלעכע זיינע געשריבענע ספרים און צוגעשריבן צו מיר, אַז למען השם, איך זאָל אים די ספרים היטן, ווייל די ספרים זענען ביי אים טייערער ווי זיין לעבן.

15 יאָר האָט מיין ברודער אברהם נפתלי אַריינגעאַרבעט אין די טייערע ספרים ביז ער האָט זיי צוזאַמענגעשטעלט. טייערע ספרים מיט הסכמות פון גדולי הדור. ביז ס׳זענען געקומען די פאַרשאָלטענע רוצחים, די דייטשן, און צוזאַמען מיט מיליאָנען יידן, מיט טויזנטער הייליקע ספרים, איז אויך אומגעקו־מען אויף קידוש השם מיין ברודער אברהם האַרצקע מיט זיינע ספרים.

איין ספר, „מעשה זית", איז איבערגעבליבן און געפינט זיך אין ישראל.

משה גאָלדבערג

## ר׳ ישראל אליהו דודעק

דער נאָמען פון מיין זיידן ר׳ ישראל אליהו ז״ל (ישראל עליע) איז אין קלאָבוצק געווען אַ שם דבר. ער איז געווען געאַכטעט סיי ביי חסידים, סיי ביי פּשוטע באַלעבאַטים. ער איז געווען אַ גערער חסיד, אַ טישזיצער נאָך ביים „שפת אמת" און אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ בקי אין ש״ס און אין פוסקים. ער האָט געקענט תנ״ך פון אויסווייניק. ווען דער רב האָט אויף אַ צייט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָט ער וועגן זיין רייזע מודיע געווען ר׳ ישראל אליהו, וואָס האָט דעם רב פאַרטרעטן אין פסקענען שאלות און אין „אָפּשפּרעכן" אַן „עין הרע".

יעדן טאָג, פּונקט 11 פאַרמיטאָג, האָט מען געזען ר׳ ישראל אליהו׳ן גיין מיט טלית און תפילין אין בית־המדרש. דער ירא שמים האָט אַראָפּגעלייגט

פון זיין פנים. ביז 11 אַזייגער איז ער געזעסן אין שטוב און עוסק געווען אין תורה. פרנסה האָט ער געצויגן פון אַ שניט־קראָם, וואָס עס האָט געפירט זיין פרוי, מיין באָבע אסתר, ר׳ חיים לייביש דודעקס טאָכטער.

אסתר איז געווען די אמתע אשת־חייל. אין שטעטל האָט מען אויף איר געזאָגט, אַז זי איז אַ געבוירענע סוחרטע. סיי קריסטן, סיי ייִדן האָבן ליב געהאַט ביי איר צו קויפן. ר׳ ישראל אליהו איז אַריינגעקומען אין דער קראָם, ווען דאָרט זענען געווען אַ סך קונים און מ׳האָט געדאַרפט כאַפּן אַ בליק... שפּעטער האָט ער געהאָלפן צוזאַמענלייגן די צעוואָרפענע סחורות און נאָכן אָפּטאָן די „מלאכה", איז ער אַוועק אין שטוב און באַלד געכאַפּט אַ ספר. יומם ולילה איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה.

*

מיין זיידע איז געבוירן געוואָרן אין וולאָדאַווע. זיין פאָטער שמואל, דער וולאָדאַוועער שוחט, איז געווען אַ קאָצקער חסיד. זיין זון ישראל אליהו האָט ביי זיין פאָטער געלערנט שחיטה, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט ווערן קיין שוחט. נאָך אַלס ייִנגל האָט ער זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן עילוי און מתמיד. וולאָדאַוועער ייִדן האָבן דערציילט, אַז זייער בן־עיר פלעגט אָפּטמאָל אַזוי לאַנג זיצן אין בית־המדרש און לערנען ביז ער איז געפאַלן אין חלשות.

צו 16 יאָר האָט דער עילוי חתונה געהאַט מיט אסתרן, די טאָכטער פון זיין פעטער חיים לייבוש דודעק, וואָס האָט געהאַט אַ שניט־קראָם אין קלאָבוצקער מאַרק. ר׳ ישראל אליהו איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ קלאָבוצקער תושב. ר׳ חיים לייבוש, אַ געוועזענער קאָצקער חסיד, האָט צוגעזאָגט זיין אײדעם 14 יאָר קעסט. ר׳ ישראל אליהו איז טאַקע געזעסן און געלערנט.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז קיין קלאָבוצק געקומען ר׳ שמואל צו באַזוכן זיין זון — דעם עילוי אויף קעסט. צווישן ביידע ברידער און מחותנים איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער שמועס וועגן דער התנהגות פון ר׳ ישראל אליהו, דעם קעסט־אײדעם. ר׳ חיים לייביש האָט געזאָגט צו זיין ברודער: „איך האָב צו דיר אַ טענה. דו האָסט מיר געגעבן אַ בחור, אַן עילוי, אַ למדן, צום סוף איז ער גאָר עוסק אין נסתר־ספרים, אין קבלה. דאָס איז נישט דער דרך פון קאָצק. אין קאָצק האָט מען געלערנט גמרא, תוספות און מפרשים און נישט קיין קבלה."

ר׳ שמואל האָט אויסגעהערט די טענה און דערנאָך זיך פאַרשלאָסן אין אַ צימער מיט זיין זון אויף עטלעכע שעה. צווישן פאָטער און זון איז פאָרגע־

קומען אַ האַרבער שמועס. ר׳ שמואל האָט געזאָגט: מיין זון, וואָס איז מיט דיר געוואָרן? ביסט גאָר עוסק אין קבלה־ספרים, אין נסתרות און אַזוי יינגערהייט צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר. כדי אָפּצורייסן דעם זון פון קבלה, האָט דער פאָטער ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל שרייבן „חידושי תורה״. לשם כיבוד אב, האָט דער זון צוגעזאָגט צו שרייבן.

ר׳ ישראל אליהו האָט מקיים געווען די הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן זיין פאָטער און אָנגעשריבן דריי דיקע חיבורים, פּירושים אויף תורה און קבלה. אָבער ער האָט זיי קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט. די ראַנדן פון אַלע ספרים, אין וועלכע ר׳ ישראל אליהו האָט געלערנט, זענען געווען באַשריבן מיט הערות.

ווען דער רבי ר׳ יאַנקעלע איז אָנגעקומען קיין קלאָבוצק און אויפגעשטעלט די ישיבה, איז מיין זיידע, נאָך דעמאָלט אַ יונגערמאַן, געוואָרן ביי אים אַ יוצא ונכנס. זייער אָפט האָבן זיי זיך מפלפל געווען אין דברי תורה. ווען ביי מיין זיידן איז אונטערגעוואַקסן זיין זון יוסף, מיין פאָטער, האָט אים דער זיידע איבערגעגעבן צום רבי ר׳ יאַנקעלען אין דער ישיבה. דאָרט האָט מיין פאָטער געלערנט ביז דעם רבינס פטירה.

ר׳ יאַנקעלע האָט מיין זיידן צוגערעדט, אַז ער זאָל נעמען סמיכה און פּסקענען שאלות. ר׳ ישראל אליהו האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט. דעמאָלט האָט ר׳ יאַנקעלע געשריבן צום „שפת אמת״ קיין גער, אַז ער זאָל ווירקן אויף זיין חסיד דעם גרויסן למדן, ר׳ ישראל עליע, ער זאָל העלפן אין קלאָבוצקער רבנות און פאַרנעמען זיך מיט פּסקענען שאלות. (דעם בריוו האָט מען שפּעטער געפונען ביי מאכל דודעק).

דער „שפת אמת״ האָט געווירקט אויף מיין זיידן, אַז ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט פּסקענען שאלות. נאָכדעם, ווי אַזעלכע צוויי „שרי תורה״ — דער „שפת אמת״ און ר׳ יאַנקעלע, דער „בעל אמת ליעקב״, האָבן מיין זיידן געגעבן סמיכות, האָט ער אָנגעהויבן אין קלאָבוצק זיך צו פאַרנעמען מיט פּסקענען שאלות. ער האָט אָבער דערפון נישט געוואָלט מאַכן קיין „קרדום לחפור בה״, נהנה זיין פון דער תורה האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט נישט געוואָלט ווערן קיין שוחט, קיין רב, הגם נאָך ר׳ יאַנקעלעס פטירה האָבן די קלאָבוצקער פרנסי העיר, די דאָזיקע פאַרלאַנגט פון מיין זיידן, אַז ער זאָל איבערנעמען דעם כסא הרבנות. ער האָט פון דעם נישט געוואָלט הערן און בלויז מסכים געווען צו פּסקענען שאלות ביז דאָס שטעטל וועט אויפנעמען אַ רב.

אין עלטער פון 64 יאָר איז מיין זיידע נפטר געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו. אין זיין לויה האָבן זיך באַטייליקט רבנים און אַ גרויסע צאָל מלוים. ער איז מיט גרויס כבוד צו קבורה געקומען.

משה דודעק

## יעקב משה ווייכמאַן און זיין טראַגישער טויט

מיין חבר יעקב משה ווייכמאַן איז נישט פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן, דאָך איז זיין אומנאַטירלעכער טויט ביז היינט פאַר מיר אַ טיף־טראַגישע דערינערונג.

נאָך מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל האָב איך איבערגעלאָזט אין קלאָ־בוצק אַ סך נאָענטע חברים און חברטעס, אָבער צו קיינעם האָב איך נישט געהאַט אַזאַ קרוביש האַרציק געפיל, ווי צו יעקב משה'ן. ער האָט פאַרמאָגט אַלע מעלות, כדי צו זיין אַ גליקלעכער מענטש.

ער איז געווען שיין, געזונט, פאַרמעגלעך און געהאַט דערפאָלג אויף אַלע געביטן: אין ספאָרט, אין אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט און אין מסחר. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר דער אָרגאַניזאַציע און פאַר זיינע פריינט. אַלע דעפיציטן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט ער אויסגעגליכט. און זיינע פעיקייטן האָט ער געשטעלט אין דינסט פון דער שיבת־ציון־אידייע.

אין די יאָרן 1933—1934 זענען די טויערן פון ארץ־ישראל שוין געווען פאַרשלאָסן. אָבער דער געדאַנק, אַז זיי וועלן ווידעראַמאָל זיין אָפן, האָט יעקב משהן געבראַכט אין דער אַגראָנאָמישער שול פון בית״ר אין ווילנע. צוזאַמען מיט אים איז דאָרט געווען זיין נאָענטסטער חבר נאָך פון דער שול־באַנק — דוד דיאַמאַנד. זיי האָבן געוואָלט דאָרט דורכגיין די הכשרה און זיין גרייט צו דער עליה.

די בריוו, וואָס איך האָב פון אים באַקומען זענען געווען פול מיט בענקשאַפט צום לאַנד פון די אבות. ער האָט כסדר געשריבן וועגן זיינע פאָרשריטן אין אַגראָנאָמיע און — „נאָך אַ יאָר, נאָך אַ האַלב יאָר און מיר וועלן ביידע זיין צוזאַמען אין ארץ־ישראל״.

זיינע עלטערן האָבן וועלטן איינגעלייגט בכדי אים צו באַוועגן צום פאַרלאָזן די בית״ר־הכשרה און אַהיימקומען פירן דאָס געשעפט, פון וועלכן יעקב משה איז געווען די „נשמה״. דער איבערגעגעבענער ציון־אידעאַליסט האָט פון דעם נישט געוואָלט הערן. ער האָט זיינע עלטערן געפרוווט טרייסטן מיט דעם, וואָס אין גלות־פוילן וועלן יידן נישט האָבן קיין עקזיסטענץ. עס איז דעריבער

אַ שאָד אַוועקצוגעבן די מי פאַר אויפשטעלן יידישע געשעפטן אין פוילן, וואָס וועלן סוף כל סוף חרוב ווערן. דער שטאַרקער אַנטיסעמיטיזם, די לאָזונג פון „סוואָי דאָ סוואָגאָ״ * קאָן לאַנג נישט בלייבן אָן אויסברוך פון פאָגראָמען אויף יידן. עס איז דעריבער בעסער מיט אַ שעה פריער צו באַזאָרגן זיך מיט אַ היים אין ארץ־ישראל. דאָס אייזן־געשעפט וועט מען קאָנען פירן אויך אין ארץ־ישראל — אַזוי האָט יעקב משה ווייכמאַן געשריבן צו זיינע עלטערן.

יעקב משה האָט אָבער נישט זוכה געווען צו קומען אין צוגעזאָגטן לאַנד. דער אכזריותדיקער גורל האָט אים ביטער געטראָפן. אין אַ הייסן טאָג איז ער אַוועק זיך באָדן אין דער ווילייקע און דאָרט דערטרונקען געוואָרן. דער טראַגישער טויט האָט צונישט געמאַכט אַלע שיינע האָפענונגען.

ווען איך האָב באַקומען דעם בריוו מיט דער ידיעה פון זיין טויט, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. דער פשוטער שכל האָט דאָס נישט געוואָלט אויפנעמען: דער לעבנסשפּרודלדיקער יעקב משה און טויט?! צי איז דאָס מעגלעך? זיין טויט האָט איבערגעלאָזט ביז היינט אַ טיפע ווונד אין מיין האַרץ. און ווען דער חזן דערמאָנט אין „יזכור״ די אַלע, וואָס זענען אומגעקומען פאַרן פאָלק און לאַנד, טויכט אויף פאַר מיר די געשטאַלט פון דעם טייערן בחור, וואָס איז געבליבן אין זיין ווייטן קבר, צו וועלכן קיינער וועט נישט קומען צו לייגן דאָרט בלומען.

**אברהם גאָלדבערג**

## ר׳ משה זנדר שוחט, שליח צבור ומוהל

ר׳ משה ז״ל נולד בשנת תרמ״ט לאביו ר׳ זאב ז״ל בעירה גורשקוביץ, ע״י פיוטרוקוב. הוא היה מתלמידיו של הרב הגאון אבדק״ק פלאוונה, בעל המחבר ספר „יד הלוי״. למד שובו״ת אצל ר׳ ליבלה שוחט ז״ל מבלכטוב. נסמך לשו״ב ע״י רבנים מפורסמים כגון הרה״ג ר׳ ישכר דב זצ״ל גרוברד, הרב מבנדין וכו׳. ויצא לו שם כאחד השוחטים המומחים וכאומן יד נפלא. הוא שימש בקלובוצק באמונה בשובו״ת והנעים בנגינותיו, שבחלקם חבר בעצמו. ובתפילותיו הנעימות לפני התיבה בבית הכנסת כשנעזר ע״י מקהלת בניו במשך 17 שנה, משנת תרע״ג — תרפ״ט.

ר׳ משה היה אהוב ומקובל על כל שכבת הקהל. ביתו ולבו היו פתוחים

---

* „סוואָי דאָ סוואָגאָ״ באַדייט — „אַ היימישער צו היימישע״, ד. ה. — פּאָליאַקן דאַרפן קויפן נאָר ביי פּאָליאַקן און באָיקאָטירן די יידישע קראָמען.

אל כל איש ואת כולם הקדים וקיבל בסבר פנים יפות, ולרבים שבאו לשפוך שיחם לפניו עזר: למי בעצה טובה או בכתיבת פתקא „קוויטל״ לאיזה אדמו״ר, ולפעמים הצטרף לנסיעה עם מישהו לאיזה רבי להיות לו לפה, בכדי לקבל איזה עצה והדרכה בענינים שונים. בעצמו היה נוסע לאדמו״ר מרדומסק זצ״ל, שהיה מחסידיו ומעריציו והיה עובר לפני התיבה תמיד בבואו אצלו, והרבי גם כיבדהו בשירת זמירות בעת „השולחנות״.

בכלל מצא לכל איש מילתא דבדיחותא מתאימה בכדי לשמחו. בתקופה ארוכה היה גם מגיד שיעור ב״ג פ״ת.

אנשים שלמדו אצלו והנמצאים אתנו בארץ, כגון: מר ברוך שימקוביץ ועוד, זוכרים עדיין את השעורים שהיה אומר בטוב טעם ובשכל ישר. גם היה לומד שעור „במדרש שמואל״ בשבתות קיץ בבית החסידים דרדומסק עד סוף ימי שהותו בקלובוצק. אגב, לא במקרה בא לקלובוצק, יען כי בילדותו שהה זמן רב אצל אחיו הגדול הרב ה״ג ר׳ שלמה דוד זצ״ל (אח״כ רב בעיר סטשע־מישיץ), ששימש כפוסק שאלות אצל הרב הגדול המפורסם, ר׳ יעקב יוסף בעל „אמת ליעקב״ שהחזיק אותו בכדי שהקהל לא יטרידנו מלמודיו שהיה ידוע כשקדן גדול.

## פעולותיו כעסקן צבורי

לא היה מוסד צבורי בעיירה שר׳ משה שוחט ז״ל לא היה מהעומדים בראש, או שלא יקח חלק פעיל בו, אם זה „חדר״ או „בית יעקב״ או איזה דבר מצוה ואף לבחור מלמד מתאים לכתות הגבוהות ממקומות אחרים, שלא תמיד התאימו לתפקיד זה המלמדים המקומיים. ועשה זאת בלב ונפש ובמלוא מסירותו.

זכורני את פעולותיו הרבות בתקון „עירובין״ בשנות תרפ״ו—תרפ״ז, דבר שהיה כ״כ חסר בעיירה הדתית. ר׳ משה סידר את התכנית של העיירה כאחד האדריכלים וכן המדידות ברחובות ובמבואות, במעלות ובמורדות שהיה צורך לסידור „העירובין״ וכאן גם נעזר ע״י בניו הקטנים ובפרט ברחובות שהיו מאוכלסים גם פולנים, וזאת בכדי שלא לעורר את סקרנותם ואת חמתם כפי שזה קרה בנסיון קודם בשנים קודמות, שהפריעו בכוונה והדבר נגמר בכשלון.

המדידות נעשו בחבלים ובבית נמדדו במידת „מטר״, מתוך חשש של הפרעות, והיה גם הכרח לפעמים לסדר את ה„לחות״ בלילות ואף השתמשו בזפת או בקביעת מסמרים בתור „לחי״. הכל שלא ירגישו ולא יהיה קל לקלקל.

ואחרי עמל ויגיעה רבה ובעיקר אחרי סדור קו חשמל, כמובן קו מיוחד ובאופן מיוחד. החשמל היה בידי „הטחנה״ קורלאנד וזיגלבוים ובאיזו

אמתלא קם והיה הדבר. אין לתאר את השמחה הגדולה בעיירה בין החרדים שיש „עירובין" והקהל לא נכשל בנטילת דברים ברחובות העיירה בשבתות, ואף לא היה מקום ל־„להכעיסניקים".

לחברת „עירובין" השתייכו כמה אנשים מסורים ביותר. זכור לי במיוחד ר׳ ברוך זיידמן ז"ל בנו של ר׳ אהרון שהיה מסור ביותר. אין לתאר את השמחה של אנשי החברה, בחזרם אחרי פעולה ,מחתרתית׳ כזאת ובפרט כשהוכתרה בהצלחה.

## קופת גמילות חסדים

בתוך רשת קופות גמילת חסדים בלי רבית שנוסדו ע"י ה„ג׳וינט" האמריקאי, נמצאה גם קופת גמ"ח מס. „155" של העיריה קלובוצק — פנקסי חשבונות התנהלו ע"י ר׳ משה שו"ב ז"ל והסדר היה למופת. אחרי שעור הדרכה שקיבל ממר שלמה זיגלבוים מנהל חשבונות של „הטחנה", ניהל ר׳ משה שו"ב את פנקסי החשבונות כאחד המומחים. ובפגישה אזורית פעם בעיר בנדין לשם בקורת הקופות מטעם ועד הארצי ומנהלו מר גיטרמן — הפליגו בשבחים. להנהלת הקופה השתייכו בזמנו ר׳ משה זיגלבוים כיושב־ראש, ר׳ זלמן וויכמן — כגזבר, ר׳ יוסף מרקוביץ ועוד. בכדי להגדיל את ההכנסות הוזמן פעם החזן באַדאַש מטשנסטוכוב להופעה. החזן בליווי המנצח שלו התפלל תפילת ערבית ושר שירים שונים בבית הכנסת. מחירי הכרטיסים היו עממיים ובית הכנסת היה מלא מפה אל פה והדבר היה למאורע חשוב בעיירה.

## פעולות צבוריות בקלובוצק

בעזבי את קלובוצק הייתי בסה"כ כבן 11 ולכן הפעולות הצבוריות בעיירה הן אצלי קלושות. ברם, מה שנחרת בזכרוני הוא ה„חדר" „יסודי תורה" מיסודו של „אגודת ישראל". ה„חדר" נמצא בסוף בחדרים מרחבים בבית פייכל. המלמדים לכתות הגבוהות וגם מנהל, כאמור, הוזמנו ממקומות אחרים. לחנוך כללי ולשפה פולנית היו מורים מיוחדים.

לבנות היה בית ספר „בית יעקב", גם זה מיסודו של „אגודת ישראל", שהקיף כמעט את כל הבנות בעיירה. המורות הוזמנו מסימינריון בקרקוב. פעם אף בקרה בקלובוצק גב׳ שרה שנירר המפורסמת מיסדת של „הבית יעקב" והסמינריון. בין יתר המפלגות היו הסתדרויות צע"ג ופוא"ג אליהן השתייכו כמעט כל הצעירים הדתיים בעיירה. בספריה שלהם נמצאו כמה מאות ספר לקריאה בעברית ובאידיש ברוח היהדות הדתית.

בפורים הציגו אצל הרב ואצלנו את „דוד וגלית" וכמובן שכל העיירה מאנשים, נשים וטף באו לחזות בהצגה.

אינני יכול שלא להזכיר גם דבר שלילי שנחרת בזכרוני מימי ילדותי. משום מה עלו במוחם של הקלובוצקאים הבריונים הצעירים מ„קולטור פאריין" שיש ללמד לקח את „הכלי קודש" והזמן המתאים ביותר הוא כמובן שמחת תורה, וכך היה.

בשמחת תורה אחד עת היותנו בבית הכנסת ועורכים „הקפות" שברו הנ"ל את כל השמשות אצל הרב ואצלנו. למזלו של השוחט השני ר' שלמה דוידוביטש שהיה גר קרוב לביהכ"נ פסחו על ביתו. הרושם העגום נשאר זמן רב על התושבים היהודים ואף על השכנים הפולנים.

זכורני שהנוטריון הפולני (הגם שאינני בטוח ואיננו זוכר אם הצטיין באהבתו לישראל) הביע אז אצלנו את התמרמרותו למחזה המביש הזה ועל האמא שלי השאיר המקרה חריץ עמוק בבריאותה, היות והיא היתה לבדה בבית.

בשנת תרפ"ט נתקבל ר' משה שו"ב כשו"ב וחזן שני בבית הכנסת הגדול בעיר צ'נסטוכוב כמעט פה אחד ובלי התנגדות ע"י איזו שהיא מפלגה או חסידות — דבר נדיר בזמנו ויש אולי לציין כי גם כאן נזדקרו מבין בעלי דעה, אנשי קלובוצק לשעבר בצ'נסטכוב ובראשם ר' וולף שפערלינג שהיה מפרנסי הקהילה. ר' וולף ז"ל אף בא לקלובוצק במיוחד מטעם הקהילה בצ'נסטכוב, בכדי לעזור בהעברה לשם.

ר' משה שו"ב נתן לבניו חנוך דתי ומסורתי מאד. יחד עם זאת דאג לרכישת חנוך כללי לבניו באופן פרטי גם בקלובוצק וגם בצ'נסטכוב.

ר' משה שו"ב ואשתו שרה קראסל ובנו הקטן יעקב נלקחו לטרבלינקה בערב סוכות תש"ג כשהוא בן חמישים ושלוש ושם מתו מות קדושים.

משבעת ילדיו נשארו בחיים בנו יצחק ובתו זיסל־נעמי, הנמצאים בארץ.

(נרשם ע"י יצחק זנדר)

## ר' זעליקל

יעדעס מאָל, ווען איך טראַכט פון די ל"ו צדיקים, די פאַרבאָרגענע גאָטספאָרכטיקע, אָפּגעהיטענע יידן, אין וועמענס זכות עס האַלט זיך אויף די וועלט — דערמאָן איך זיך אין אונדזער קלאָבוצקער ר' זעליקל — אַ ייד, אַ ירא שמים, וואָס איז געזעסן גאַנצע נעכט, געלערנט תורה און דאָס שטעטל האָט וועגן אים ווייניק געוווּסט. זיין שטייגער־לעבן האָט אינגאַנצן דערמאָנט אין די מעשיות פון די ל"ו־צדיקים. ער איז געווען אַ גרויסער עניו, געלעבט אין דחקות און אויך געהאַט אַ שלעכט לעבן ביי זיין ווייב.

געוווינט האָט ער אין אַ נידעריק הייזל קייגנאיבער דעם „קאָשטשאָל".

אין קלאָבוצק האָט מען געזאָגט: קייגנאיבער דער „טומאה". צו זיין שטוב האָט געפירט אַ שמאָלער, פינצטערער קאָרידאָר, אין וועלכן עס האָט זיך אויך געפונען אַ פינצטערע קאָמער אויף פאַרשידענע איבעריקע שטוב־זאַכן. דאָרט איז אויך געווען דער „מאַגאַזין" פון ר׳ זעליקלס „סחורות", מיט וועלכע ער, ד. ה. זיין ווייב, האָט געהאַנדלט, ווי: „קאַלך, אויבס אין זומער און אַנדערע זאַכן. אַ געוויסע צייט האָט ר׳ זעליקל געהאַט אַ געוועלבל מיט שניט־סחורה און פון די אַלע פרנסות איז קיין פרנסה נישט געווען.

ר׳ זעליקלס ווייב, דאַברע רחל, איז פון דער נאַטור געווען אַ שלעכטע און איר פרומער מאַן האָט פון איר געהאַט געבערענטע צרות. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער געלעבט אין גרויס דחקות. זיין גוף איז געווען הויט און ביין. ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט געקלאָגט, פון קיינעם גאָרנישט פאַרלאַנגט און ווייטער געזעסן און געלערנט. געווען יידן אין קלאָבוצק, וואָס האָבן געקאַנט דעם מצב פון דעם פאַרבאָרגענעם צדיק און זיי פלעגן אים העלפן מיט געלט. אָבער ר׳ זעליקל האָט נישט געוואָלט הנאה האָבן פון מתנת בשר ודם, האָבן די גוטע מענטשן איבערגעלאָזט געלט אין זיין שטוב און אַוועק.

דער פרומער צדיק האָט קיינמאָל נישט געלאָזט אויסריידן קיין שלעכט וואָרט אויף זיין ווייב. ער האָט זי שטענדיק פאַרטיידיקט, ווייל זי האָט אַ שלעכט לעבן ביי אים און ער, ר׳ זעליקל, איז מקבל באהבה, ווען זיין ווייב בייזערט זיך אויף אים. ר׳ זעליקל האָט געבערענגט אַ ראיה פון די גרויסע צדיקים און אַפילו תנאים, וואָס האָבן געהאַט שלעכטע ווייבער: „מן הסתם דאַרף איך אָפּקומען אויף דער וועלט" — האָט ער זיך געטרייסט.

ווי ווייט עס איז געווען די סימפּאַטיע פון קלאָבוצקער יידן צו ר׳ זעליקל באַווייזט די ווייטער געבראַכטע מעשה, וואָס איז דערציילט געוואָרן אין שטעטל:

ומעשה שהיה כך היה — ר׳ זעליקלס ווייב, דאַברע רחל, האָט זיך איינמאָל איינגעשפּאַרט, אַז איר מאַן מוז פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו איינקויפן קאַלך. מילא, אַז דאָס ווייב הייסט, מוז מען פאָלגן. האָט זיך ר׳ זעליקל גע־פעדערט, השקם בבוקר, און אַוועק צום בעל־עגלה און געוואָלט שוין זיך לאָזן אין וועג. דאָס האָט באַמערקט דער קלאָבוצקער באַלעבאָס ר׳ ביניש האָראָוויץ, וואָס האָט געהאַט אַ רעסטאָראַן אויף אַלטשטאָט.

ר׳ ביניש האָט אַרויסגערופן זיין ווייב חנה׳לע און איר געוויזן, אַז ר׳ זעליקל שטייט עפּעס ביי אַ וואָגן און דינגט זיך מיטן בעל־עגלה. ביידע זענען צוגעגאַנגען צום צדיק און ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן וואָס עס

האַנדלט זיך, האָבן זיי ר׳ זעליקלען פאַרבעטן אין רעסטאָראַן. זיי האָבן אים נישט געלאָזט פאָרן, נאָר אויף זיין אָרט געשיקט אַ גוי, וואָס זאָל איינקויפן קאַלך אין טשענסטאָכאָוו און ברענגען צו ר׳ ביינישעס רעסטאָראַן.

כך הוה, ר׳ זעליקל איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן און מעיין געווען אין אַ ספר. ר׳ ביניש האָט אים מאכיל ומשקה געווען. פאַרנאַכט האָט דער גוי געברענגט דעם קאַלך פון טשענסטאָכאָוו. ר׳ ביניש האָט אָנגעזאָגט ר׳ זעליקל, אַז ער זאָל נישט מוסר סוד זיין פאַר זיין ווייב דאברע רחל, וואָס דאָ איז געשען און זיי האָבן דעם צדיק מיטן קאַלך אַוועקגעשיקט אַהיים.

עס איז כדאי אויך צוצוגעבן, אַז ר׳ ביניש מיט זיין ווייב חנהלע זענען געווען גוטע, האַרציקע מענטשן. עס איז נישט געווען קיין איין אינסטיטוציע אין שטעטל, אין וועלכער עס זאָל זיך נישט באַטייליקן די משפחה האראָוויץ.

**גיטל גאָלדבערג**

## ר׳ מאיר סופר

ר׳ מאיר סופר איז געווען דער נסתר פון קלאָבוצק. מ׳האָט אים כמעט קיינמאָל נישט געזען אין שטעטל. ער האָט נישט געקענט די קלאָבוצקער גאַסן און זעלטן ווען גערעדט מיט עמעצן פון די קלאָבוצקער באַלעבאַטים. ער איז געווען אַ סופר סת״ם און דערפון געצויגן זיין חיונה. פרומע יידן ירא שמים האָבן געהאַלטן פאַר אַ זכות צו דאַווגען אין תפילין מיט פרשיות, געשריבן פון ר׳ מאיר סופר אָדער דורכגעקוקט דורך אים.

ר׳ מאיר סופר האָט געוווינט אין דער שול־גאַס. ער איז כמעט שטענדיק געווען פאַרנומען מיט זיין הייליקער עבודה. יידן פון קלאָבוצק און אומגעגנט פלעגן וואַרטן לאַנגע חדשים ביז ער האָט פאַר זיי אָנגעשריבן אַ פּאָר „פרשיות״. ווען ער האָט געדאַרפט שרייבן דעם שם הויה, איז ער פריער געגאַנגען אין מקוה טובל זיין זיך. ער האָט געדאַוונט אין בית־המדרש און בעת דער תפילה געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן ארון הקודש.

איינמאָל האָט מיט ר׳ מאירן געטראָפן אַ מעשה, מיט. וועלכער עס האָט געקאָכט דאָס גאַנצע שטעטל. געשען איז אָט וואָס:

אין שכנות מיט ר׳ מאיר סופר האָט געוווינט דער בהמות־טרייבער פנחס בראַט. אינמיטן נאַכט, ווען ער האָט זיך געגרייט אין וועג, איז ער אַרויף אויפן בוידעם אַראָפּנעמען די שווערע שטיוול. מיט אַ ליכטל אין האַנט האָט בראַט געזוכט זיינע שטיוול און פלוצים האָט ער באַמערקט, אַז עס שטייט

אַ מענטש איינגעהילט אין אַ טלית און שאָקלט זיך און קרעכצט. בראָט האָט אין גרויס שרעק געגומען אַראָפּלויפן און אַראָפּגעפאַלן פון לייטער.

דער איבערגעשראָקענער ייד האָט געמאַכט אַ גוואַלט. עס זענען זיך צונויפגעלאָפן די אויפגעוועקטע שכנים און מיט פחד אויסגעהערט, וואָס פנחס בראָט האָט דערציילט. מ'האָט אים נישט געגלויבט, אָבער ער האָט אַזוי שטאַרק פאַרזיכערט אין אמת פון זיינע רייד, אַז די מער דרייסטערע שכנים: יחיאל בער, יאָקיל ריפשטיין און ר' יוסף בוכווייץ, זענען מיט אַן אָנגעצונדענעם לאָמטער אַרויף אויפן בוידעם און דאָרט געטראָפן טאַקע ר' מאיר סופר איינ־געהילט אין אַ טלית. דער פרומער סופר האָט אָפּגעריכט חצות. ער האָט געבעטן די שכנים זיי זאָלן נישט מאַכן קיין טומל און גיין שלאָפן.

פון דעמאָלט־אָן האָט מען געוווסט, אַז ר' מאיר איז פון די נסתרים, די פאַרבאָרגענע יידן, און פאַר זיינס אַ פּאָר תפילין האָט מען געצאָלט זייער הויכע פרייזן.

**ב. שימקאָוויטש**

## ר' שמואל פרידמאַן

אויף דער וועלט פירט זיך, אַז קיין זון שרייבט נישט וועגן זיין פאָטער. עס איז בעסער, אַז וועגן די מעלות פון אַ מענטשן זאָל שרייבן אַ פרעמדער נישט קיין קרוב, בפרט אַ זון. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז עס איז קיינער נישט געבליבן פון מיין פאָטערס דור, וואָס זאָל קאָנען אים באַשרייבן. איך דערלויב זיך דעריבער אַליין אויסצופירן די הייליקע מיסיע און אַריינפירן מיין פאָטער אין דעם ספר יזכור, ווי ער, ר' שמואל, האָט עס כשר פאַרדינט.

מיין פאָטער איז יאָרן לאַנג געשטאַנען אין דער אָנפירונג פון דער קלאָבוצקער תלמוד־תורה און געזאָרגט פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם דאָזיקן רעליגיעזן אַנשטאַלט. ר' שמואל איז געווען באַוווסט אין שטעטל, ווי אַן עסקן „בצרכי ציבור באמונה לא על מנת לקבל פרס". ער האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אין אַ גאַנצער ריי יידישע אינסטיטוציעס און באַמיט זיך צו העלפן יידן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. אייניקע פאַקטן פון זיין טעטיקייט, וואָס האָבן מיר זיך איינגעקריצט אין זכרון וויל איך דאָ אָנגעבן:

אין איינעם אַן אָוונט, צווישן מנחה און מעריב, ווען מיין פאָטער צוזאַ־מען מיט אַנדערע יידן זענען געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט, האָט ער פלוצים פאַרמאַכט די גמרא און אַוועק אין גאַס. שפעט ביינאַכט, ווען מיר אַלע אין שטוב זענען שוין געווען שטאַרק דענערווירט צוליב זיין פאַרזוימען

זיך, האָט זיך פּלוצים באַוויזן דער טאַטע און מיט גרויס פריידֿ האָט ער דער־
ציילט, וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַר קלאָבוצקער אָרעמעלייט.

צופעליק האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער מאַגיסטראַט האָט באַשטימט
אַ געוויסע סומע געלט צו פאַרטיילן צווישן נויטבאַדערפטיקע. אין אים האָט
זיך אויפגעכאַפּט דער עסקן און ער איז תיכף אַוועק צום בירגערמייסטער און
פאַרלאַנגט, אַז פון די אונטערשטיצונגס־געלטער זאָל אויך געניסן די יידישע
אָרעמע באַפעלקערונג. נאָך אונטערהאַנדלונגען מיטן בירגערמייסטער איז גע־
לונגען אַרויסצובאַקומען אונטערשטיצונגען פאַר אָרעמע קלאָבוצקער יידן.

דער טאַטע איז געווען גבאי אין דער חברה „ביקור־חולים", אין וועל־
כער עס האָבן באַקומען מעדיצינישע הילף בעיקר אָרעמע קראַנקע. די „ביקור־
חולים" האָט זיך אויסגעהאַלטן פון קליינע באַשטייערונגען, וואָס קלאָבוצקער
יידן האָבן געגעבן. פון די דאָזיקע באַשטייערונגען איז נישט געווען צו צאָלן
אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל באַדינען די קראַנקע. עס זענען אויסגעפּועלט געוואָרן
אין דער אַפּטייק הנחות אויף מעדיצינען, אָבער די טייערע רפואות איז נישט
לייכט געווען צו באַקומען.

ר' שמואל, וואָס איז געווען פון שטאָטראַט פאַרטרעטן אין דער בודזשעט־
קאָמיסיע, האָט גוט געדענקט אין די שוועריקייטן פון „ביקור חולים" צו געבן
מעדיצינישע הילף פאַר אָרעמע יידישע קראַנקע. און ווען אין דער בודזשעט־
קאָמיסיע איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון מעדיצינישע הילף פאַר דער
אָרעמער באַפעלקערונג, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז אויך אָרעמע יידן זאָלן קאָנען
געניסן פון מעדיצינישע הילף. ר' שמואלן איז געלונגען אויסצופּועלן הילף
פאַר יידישע קראַנקע אין פאָרם פון בחנמדיקע מעדיצינען.

אויך אין אָפּשרייען פאַרשידענע גזירות און אַנטיסעמיטישע „שיקאַנעס"
קעגן יידישע בעל־מלאכות איז מיין פאָטער שטענדיק געווען אויפן אָרט. איך
דערמאָן זיך, ווי איינמאָל איך אַ דאָנערשטיק איז מיט אַ צעבראָכן האַרץ גע־
קומען צו אונדז אַ בעקער־מייסטער און דערציילט, אַז די פּאָליציי האָט פאַר־
מאַכט די בעקעריי.

עס איז געווען אין דער צייט, ווען דער סאַנאַציע־מיניסטער סקלאַדקאָוו־
סקי האָט געפירט זיין עקאָנאָמישע אויסראָטונגס־פּאָליטיק קעגן יידן. די פּאָלי־
צייאישע און סאַניטאַרע מאַכט האָט זיך געטשעפּעט צו יעדער קלייניקייט און
פאַרלאַנגט אַזעלכע אויסבעסערונגען אין די בעקערייען, וואָס די יידישע בעקערס
זענען נישט געווען בכוח נאָכצוקומען.

דער ייד, וואָס איז געקומען זיך קלאָגן פאַר ר' שמואלן, איז געווען

פון די דאָזיקע ווייניק־פאַרמעגלעכע בעקערס. אַ גאַנצע וואָך איז זיין בעקעריי געווען געשלאָסן און דאָ איז דאָנערשטיק, ווען מ׳קאָן עפּעס פאַרדינען אויף שבת און די פּאָליציי לאָזט נישט אַרבעטן.

מיין פאָטער איז באַלד אַוועק צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן ביז דער קאָמענדאַנט איז מיט אים געגאַנגען אין דער בעקעריי און אַראָפּגענומען די פּלאָמבע פון די פאַרמאַכטע טירן. די פרוי פון בעקער האָט מיט טרערן אין די אויגן געדאַנקט דעם קאָמענדאַנט און געוואָלט אים קושן די הענט, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט און געזאָגט: איר דאַרפט דאַנקען דעם פאַן שמואל פרידמאַן, וואָס ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן ביז איך וועל נאָכקומען זיין בקשה.

מיין פאָטערס פּרנסה איז געווען דער טאַרטאַק (זעג־פאַבריק). אויך דאָ ביי דער אַרבעט האָט ער אַרויסגעוויזן זיין מענטשלעכע באַציאונג צו אָרעמע לייט. צו דער זעג־פאַבריק זענען אָפּטמאָל געקומען אָרעמע פרויען און אויפ־געקליבן דעם האָלץ־אָפּפאַל, וואָס האָט געדינט אין ווינטער צו באַהייצן זייערע אָרעמע שטובן. דער טאַטע האָט די פרויען שטענדיק געהאָלפן אָנצופילן די זעק. אויך מיך האָט ער געשיקט איך זאָל זיי העלפן און צוטראָגן דעם שווערן זאַק.

מיין מוטער אסתר חיה איז געווען די לעבנס־באַגלייטערין פון מיין פאָטער. זי האָט פּונקט ווי דער טאַטע שטענדיק געדענקט אין אָרעמע און אין קראַנקע. זי האָט קראַנקע באַזאָרגט מיט דער געהעריקער אויפזיכט, געהאָלפן מיט פאַסיקע שפּייז און פּריוויטיק האָט זי אירע קינדער געשיקט מיט שפּייז־פּעקלעך צו מענטשן, וועלכע עס האָט ר״ל אויסגעפעלט אויף שבת. אסתר חיה, פּונקט ווי איר מאַן, האָט זיך פאַרנומען מיט טעטיקייט לטובת הכלל. זי איז געווען פאַרטרעטן אין אַלע יידישע פרויען־אינסטיטוציעס, וואָס קלאָבוצק האָט פאַרמאָגט.

**יעקב פרידמאַן**

## ר׳ שלמה ראזענטאל („אָלעיאַזש״)

אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט די ליכטיקע געשטאַלט פון ר׳ שלמה ראָזענטאַל אָלעיאַזש (איילשלעגער), ווי מ׳האָט אים גערופן נאָך זיין פאַך. ער איז געווען אַ ייד פון אַלטן דור, אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ גע־דיכטער שוואַרצער באָרד. אַ בעל מדות טובות. שטיל, אָן רעש, האָט ער

מענטשן געטאָן טובות. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מ׳זאָל וויסן, אַז ער האָט געטאָן.

געוווינט האָט ער אין זיין הייזל אין אָנהויב פון די „זאַוואַדעס״. זיין פּרנסה איז געווען די „אָלעיאַרניע״ (איילפּרעסערײַ). די פּויערים פון די אַרו־מיקע דערפער האָבן אים געברענגט „זשעפּאַק״, פון וואָס ער האָט מיט פּרימיטיווע מיטלען אויסגעקוועטשט דעם אייל. דער הויפּט־סעזאָן איז געווען „פּאָסט־צייט״, ווען די קריסטן עסן נישט קיין פלייש. דעמאָלט זענען די קונים געשטאַנען אין דער ריי ביי ר׳ שלמה׳ס איילשלעגערײַ.

אין זיין הייזל האָט ר׳ שלמה פאַרנומען דריי צימערן. אין איין צימער איז געווען די אייל־פאַבריק, דאָס צווייטע האָט געדינט אויף אַ וווינונג און דאָס דריטע צימער האָט ער אָפּגעגעבן לשם מצוה דער חברה „חיי אדם״ צום דאַוונען שבתים און ימים־טובים. קיין דירה־געלט פאַר דעם חדר האָט ער נישט גענומען. האַרבסט אָדער ווינטער, אין קאַלטן מאַרק־טאָג איז ר׳ שלמה „אָלעיאַזש״ אַרומגעגאַנגען אין מאַרק און פון אַ קריג געטיילט הייסן טיי מיט צוקערלעך די פרעמדע יידישע הענדלער, וואָס זענען פון דער סביבה געקומען קיין קלאָבוצק פאַרדינען אויף פּרנסה.

ווען ר׳ שלמה האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ ייד איז געענגט אין געלט, האָט ער אים אַריינגעטראָגן אין שטוב אַ געוויסע סומע און געזאָגט: „איך באָרג דיר אַ גמילת חסד, „עד שירחיב״ — ווען דו וועסט האָבן וועסטו מיר אָפּגעבן.

פּונקט אַזוי, ווי ער איז געווען גוט צו מענטשן, גרייט שטענדיק יענעם צו טאָן אַ טובה, אַזוי איז ער געווען כעסדיק בייז קעגן נישט־פרומע און אַפּיקורסים און קעגן יידן, וואָס באַגייען עוולות לגבי זייערע מיטמענטשן. אין אַזעלכע פאַלן איז שווער געווען צו שטילן זיין אויפרעגונג.

ר׳ שלמה׳ס ברודער, ר׳ יעקב פישל, איז געווען אַ כלל־טוער, אַ בן־תורה און אַ ראַדאָמסקער חסיד. ער האָט געהאַט אַ נאָמען אין קלאָבוצק. ר׳ שלמה פלעגט זאָגן בדרך הלצה: „מיר איז בעסער ווי מיין ברודער, אַז איך וועל טאָן אַ שידוך מיט מיינע קינדער וועל איך קאָנען זיך יחוסן מיט מיין ברודער ר׳ יעקב פישל. עפּעס אַ קלייניקייט? אָבער מיין ברודער וועט ביי אַ שידוך נישט האָבן אויף וועמען זיך צו פאַרופן. ווען מ׳וועט פרעגן ווער זיין ברודער איז — לאָמער בעסער נישט דערמאָנען: „שלמה „אָלעיאַזש״ דער משוגענער״...

מיט אַזאַ עניוות האָט ער געקוקט אויף זיך אַליין. ער איז געווען אַ טייערער ייד פונעם אַלטן דור.

**בתיה איזראַעלעוויטש־זיידל**

## ר׳ ברוך שפערלינג

מייַן פעטער ברוך שפערלינג איז געווען אַ בעל־מלאכה, פון פאַך אַ בלע־כער. געוווינט האָט ער די גאַנצע יאָרן אין טשענסטאָכאָוו, וווּ ער האָט פאַר־נומען צוויי צימערן. אין איין צימער איז געווען די בלעכעריי און דאָס צווייטע האָט געדינט ווי אַן אויפנאַם־צימער, אַ סאַלאָן, אַן עס־צימער.

שטענדיק האָט מען ר׳ ברוכן געזען גיין מיט אַן עמערל איינגעפּאַקט מיט כלים, אייגעריסט, די הענט פאַרסמאָליעט. ער האָט פאַרלייגט רינעס צו די דעכער, אָדער געשמירט זיי מיט סמאָלע. ביי זיין האָרעוואַניע איז דער פעטער ברוך קיינמאָל נישט געווען פאַרביטערט. יעדן האָט ער אויפגענומען מיט אַ ברייטן שלום עליכם, זיך אויסגעפרעגט אויף אַלע, אויף דער גאַנצער משפּחה. זיין גאַנץ לעבן האָט ער נישט אויפגעהערט צו קלאַפּן מיטן העמערל. ער האָט ליב געהאַט זיין פאַך. אין קהילה־ענינים האָט ער זיך נישט געמישט, אָבער דערפאַר איז ער געווען באַקאַנט אין גאַנץ טשענסטאָכאָוו מיט זיינע דריי זין, וואָס ער האָט פון זיין אייגענער „פּראַצע״ זיי געלאָזט לערנען.

דער עלטסטער זון יאַנטשקע (יאַן) האָט געענדיקט אַלס אַדוואָקאַט און אין משך פון עטלעכע יאָר געווען ריכטער אין טשענסטאָכאָווער אַפּעלאַציע־געריכט, ביז עס האָט זיך אין פּוילן פאַרשאַרפט דער אַנטיסעמיטיזם (1936־37). ביי דעם אַנטיסעמיטישן קורס האָט מען פון אים פאַרלאַנגט, ער זאָל זיך שמדן, וועט ער קאָנען ווייטער פאַרנעמען זיין אַמט, אַלס ייד — נישט. יאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט, געעפנט אַן אייגן ביוראָ און מצליח געווען.

דער צווייטער זון, גרוינעם, האָט געענדיקט אַלס אינזשיניער און דער דריטער, יצחק, — דאָקטאָר־כירורג. פאַרשטייט זיך, אַז דער פּשוטער ייד, דער בעל־מלאכה האָט געהאַט גרויס נחת פון זיינע דריי זין און טאָכטער. די גע־לערנטע זין מיט אַקאַדעמישע פּראָפעסיעס זענען געווען צוגעבונדן צו זייערע עלטערן — צום טאַטן דעם בלעכער און צו דער מאַמען, וואָס האָט געטראָגן אַ שייטל. אָפטמאָל האָט מען געזען דעם עלטערן זון גיין צוזאַמען מיט די עלטערן אין שול. דאָס איז געווען ר׳ ברוכ׳ס נחת און שטאָלץ. ער האָט זיך געגרויסט דערמיט, וואָס מיט זיין קלאַפּן מיטן האַמער אין די בלעכן, האָט ער אויסגעאַרבעט די מעגלעכקייט פאַר זיינע זין צו שטודירן און צו ענדיקן דריי באַזונדערע פאַקולטעטן.

קיינער פון די דאָזיקע זין איז נישט געבליבן לעבן. צוויי זענען דער־מאָרדעט געוואָרן דורך די די־טשן. דער דאָקטאָר, איגנאַץ שפערלינג, איז בעת

דער דייטשער אָקופּאַציע געווען הויפּט־דאָקטאָר אין דער „האסאג״־פֿאַבריק אין טשענסטאָכאָוו און איבערגעלעבט די מלחמה. צוזאַמען מיט זיין פרוי איז ער נאָך דער באַפֿרייאונג דערמאָרדעט געוואָרן דורך פּוילישע פֿאַשיסטישע באַנדעס.

## ר׳ הערשל שפּערלינג

ווען איך הייב אָן שרייבן, אָדער ריכטיקער געזאָגט — זאָגן קדיש — נאָך מיין טאַטע, מאַמע, ברודער און שוועסטערן מיט זייערע משפּחות, שוועבן פֿאַר מיינע אויגן די געשטאַלטן פֿון מיין גרויסער, פֿיל־פֿאַרצווייגטער משפּחה, וואָס זענען אומברחמנותדיק פֿאַרפּייניקט געוואָרן. אָט זע איך זיי אַלע: דעם טאַטן מיט דער מאַמען, מיין ברודער מרדכי מיט די שוועגערין הינדע און זייערע 4 קינדער; מיין שוועסטער חנה מיט איר מאַן בערל שמולעוויטש און זייער איינציקע טאָכטער צעשאַ; מיין שוועסטער רבקה מיט איר מאַן שלמה אונגליק און זייערע צוויי זין — משהלע און איטשעלע; מיין שוועסטער צעריל מיט איר מאַן ירחמיאל מאַרקאָוויטש מיט זיין קינד, וועמענס נאָמען איך האָב פֿאַרגעסן, ס׳איז געבוירן געוואָרן דעמאָלט ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, און לסוף מיין ייִנגסטע שוועסטער מאַניע, וואָס איז קוים אַלט געווען 14 יאָר ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

מיין טאַטע, דער זעקסטער פֿון זיינע ברידער, איז אין דער משפּחה געווען דער לעבעדיקסטער, דער שאַרפֿזיניקסטער, אויף יעדער זאַך האָט ער געהאַט אַ משל, אַ גלייכוווערטל, ער האָט שטענדיק געשפּרודלט מיט הומאָר אַפֿילו אין די טרויעריקסטע מאָמענטן, ווי עס טרעפֿט אַמאָל אין אַ משפּחה, האָט ער געפֿונען די נויטיקסטע ווערטלעך, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן הייטערקייט און דערמונטערונג.

ווייזט אויס, אַז צוליב זיין שטענדיקן אָפּטימיזם האָט יעדע אונטערנעמונג זיינע זיך גוט איינגעגעבן. קיין פּרנסה האָט נישט געפֿעלט. נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער טאַטע צעלייגט דאָס קליינע הייזל און אויפֿגעבויט אַ גרויס הויז, אין וועלכן ער האָט פֿאַרנומען 4 צימערן.

אין הויז האָט מען זיך אַריינגעצויגן אין 1914, קורץ פֿאַרן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט מען אַלץ איבערגעלאָזט און געלאָפֿן, ווייל ביי אונדז אין שטעטל איז געווען דער ערשטער צוזאַמענשטויס פֿון די דייטשן מיט די רוסן.

נאָך עטלעכע טעג האָבן די יידן אָנגעהויבן צוריקקומען אין זייערע

דירות און אין זייערע הייזער. אַמיינסטן שויבן זענען געווען אויסגעשלאָגן, די סחורות פון די קראָמען — צעראַבירט, אָבער דאָס לעבן האָט זיך ווידער סטאַביליזירט. פרנסות זענען שוין געווען אַנדערע. ר׳ הערשל שפּערלינג האָט ווידער נישט פאַרלוירן דעם מוט. ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען און ווייטער געלעבט.



הערשל שפּערלינג מיט זיין משפּחה
איין איין זון לעבט אין ישראל
אַ חוץ אים זענען אַלע פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט דער טאַטע זיך צוריק גענומען צו דער פריערדיקער טאַנדייט בראַנזשע און שוין געבליבן ביי איר ביזן סוף. ער איז געפאָרן אויף ירידים, ווו ער האָט פאַרקויפט זיינע אויסאַרבעטונגען. קיין וועקסלען האָט ער קיינמאָל נישט אויסגעשטעלט, און אויב עס האָט גערעגנט אָדער געשנייט האָט ער רעזיגנירט פון יאַריד. „דאָס וועקסל וועט נישט גיין צום פּראָטעסט" — האָט ער געפּלעגט זאָגן.

נאָך ניי־יאָר, ווען ס׳האָט זיך געענדיקט דער סעזאָן און די אַרבעט איז געווען שוואַך, דעמאָלט איז געווען צייט פאַר קהלהשע ענינים. ר׳ הערשל

איז געווען קאַסירער פון דער האַנדווערקער־באַנק, אליהו ווייכמאַן — פרעזעס, איציק זייבעל — וויצע־פאַרזיצער, אברהם אשר שמולעוויטש — סעקרעטאַר.

ביי אונדז אין שטוב זענען פאַרגעקומען פאַרשידענע באַראַטונגען, סיי ביי אויפנעמען אַ חזן־שוחט, סיי ביים באַשטימען אַ פרעזעס פאַר דער קהילה. אויך ווען מ׳האָט געדאַרפט אַראָפּזעצן דעם בירגערמייסטער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און באַשטימען אַ נייעם — איז דאָס געוואָרן באַשלאָסן ביי אונדז אין שטוב.

דער טאַטע איז אַלע יאָרן געווען גבאי פון גרויסן בית־המדרש, ווו „עמך" האָט געדאַוונט. דאָס געלט פון נדרים איז געוואָרן צוזאַמענגעלייגט אויף צו מאַכן אַ קידוש שמחת־תורה. אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן יאָר־איין און יאָר־אויס. עס איז כדאי צו באַשרייבן אַ כאַראַקטעריסטישע שידוך־מעשה אין אונדזער משפחה, וואָס אילוסטרירט די באַציִונגען פון בעל־מלאכשע עלטערן צו זייערע קינדער.

מיין טאַטע האָט זיך משדך געווען מיט ר׳ משה שמולעוויטש. מיין שוועסטער חנה איז געוואָרן די כלה פון בערל שמולעוויטש, וואָס איז געווען פאַרכאַפּט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע. ווען עס איז געקומען צום אָפּשמועסן דעם זמן חתונה, האָט ר׳ משה שמולעוויטש פאַרלאַנגט פאַר זיין זון 10 טויזנט זלאָטעס נדן צווישן מיין טאַטן און זיין מחותן איז דעמאָלט פאַרגעקומען אַזאַ שמועס:

— אפשר איז כדאי, אַז אייער זון זאָל צוּוואַרטן אויף דער ירושה. ס׳איז דאָך גאָרנישט שיין, אַז אַ קאָמוניסט זאָל זיך פאַרנעמען מיט האַנדל.

— מיין זון איז דאָך אַפילו נישט קיין בעל־מלאכה, מוז ער דאָך האָבן געלט אויף צו מאַכן זיך אַ קרעמל.

דערויף האָט זיך מיין פאָטער שטאַרק צעלאַכט. אויף דער פראַגע פון ר׳ משה שמולעוויטש, וואָס ער לאַכט — האָט דער טאַטע געענטפערט:

— איך לאַך פון דעם, וואָס איר האָט אויפגעהאָדעוועט אויסטערלישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך אַפילו נישט געלערנט קיין מלאכה, נאָר איר ווילט זיי זאָלן האַנדלען און איך, וואָס אַרבעט כל ימיו, בין גאָר אַ בורזשוי...

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן אין גוטן הומאָר. ר׳ הערשל שפּערלינג האָט נישט דערלאָזט, אַז צוליב נדן זאָל אָפּגיין אַ שידוך. ער האָט געגעבן דעם געהעריקן נדן און עס איז מיט מזל באַשטימט געוואָרן דער זמן חתונה.

פאַרן ערשטן מאַי, ווען מ׳האָט אַרעסטירט אַלע קאָמוניסטן אין קלאָבוצק, האָט מען מיין שוואָגער אויך נישט געשוינט. איז געקומען צו אונדז דער מחותן

מיט אַ טענה: „וואָס הייסט מ׳קאָן דאָך נישט לאָזן זיי זיצן. מען דאַרף אים אַרויסנעמען אויף דער פריי. פאַר געלט קאָן מען אים באַפרייען.״ דערויף האָט מיין פאָטער געענטפערט: „ס׳איז דאָך אייער זון, טאָ גיט איר געלט.״ ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, משה שמולעוויטש האָט געגעבן אויסקויף־געלט און מ׳האָט זיין זון באַפרייט.

קורץ פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דער אַלטער שמולעוויטש געשטאָרבן. דער זון זיינער, מיין שוואָגער בערל, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, איז געווען אַ שלעכטער קרע־מער. ס׳האָט אים נישט צוגעשפילט דאָס מזל ביי קרעמעריי. קיין פאַך האָט ער נישט געהאַט און סתם גיין אַרבעטן אַלס שרייבער אין אַ טאַרטאַק צי עפּעס אין אַ פאַבריק, האָט זיך אים נישט געוואָלט.

## מיין שוואָגער, דער קאָמוניסט, „פּאָרט״ קיין בירא־בידזשאַן און איך בין עולה קיין ארץ־ישראל

איינמאָל האָט בערל דערציילט, אַז ער באַקומט אַ פּאָסטן אין קאַטאָוויץ. ער האָט זיך כמעט נישט געזעגנט און אָוועקגעפאָרן. אין אַ צוויי וואָכן אַרום ווערן מיר געוואָר, אַז דער איידעם בערל איז געפאָרן קיין בירא־בידזשאַן.

מיין פאָטער האָט געשיקט נאָך מיין שוועסטער חנה און זי געפרעגט: „וואָס טייטש? בערל איז געפאָרן קיין בירא־בידזשאַן, האָסטו געפונען פאַר נויטיק צו שווייגן, נאָר ערשט פרעמדע מענטשן מוזן מיר דערציילן?״

די שוועסטער האָט געלייקנט און פאַרזיכערט, אַז ער האָט באַקומען אַ פּאָסטן. זעט אויס, אַז זי האָט געהאַט אַ שטרענגן אָנזאָג צו האַלטן די זאַך בסוד, עס זאָל נישט דערגיין צו דער מאַכט.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען איך בין געווען אין וואַרשע אויפן הויפּט־וואָקזאַל, האָב איך צו מיין דערשטוינונג באַמערקט מיין שוואָגער בערל. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז טאַקע געפאָרן קיין בירא־בידזשאַן, נאָר די סאָוויעטן האָבן אים צוריקגעשיקט. ער האָט מיך געבעטן צו האַלטן דעם ענין „קאָנספּיראַטיוו״, ווייל מ׳קאָן אים לייכט אַרעסטירן.

ווען איך בין שוין געווען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, האָט די פּוילישע פּאָליציי אים אַרעסטירט פאַר אַריבערגיין אומלעגאַל די סאָוויעטישע גרענעץ. ער איז שפּעטער באַפרייט געוואָרן.

איך האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל דינסטיק דעם 28־טן אויגוסט 1934. צו מיין אָפּפאָרן זענען געקומען מיך באַגלייטן: מיינע עלטערן, די שוועס־טער, דער פרויס משפחה, אַלע חברים פון דער פּאַרטיי, מיינע שוואָגערס און די שוועגערין.

נישט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען דאָס אַוועקגיין פון דער שטוב. עפּעס אַ מאָדנע פיינלעכקייט האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב זיך צום לעצטן מאָל אַרומגעקוקט אַרום די פיר ווענט, צווישן וועלכע איך בין געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן. יעדע שטוב־זאַך, דאָס בעט, די שאַפע, די בילדער אויף די ווענט, די מעשענע לייכטער, איבער וועלכע די מאַמע האָט יעדן שבת ליכט געבענטשט — אַלץ, אַלץ איז מיר געוואָרן ליב און טייער! ווען איך דערמאָן זיך היינט דעם מאָמענט פון געזעגענען זיך מיט מיין היים, גייט מיר אַדורך אַ פראָסט דורכן גאַנצן לייב.

מיר זענען שטיין געבליבן פאַרן פוילישן צמענטאַזש. דער פּאָרזיצער פון דער „התאחדות״־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן אַ געזעגענונגס־רעדע, וואָס האָט גערירט ביז טרערן. אַלע האָבן זיך גענומען געזעגענען מיט מיר. יעדער האָט מיר געווינטשן ס׳בעסטע. זייער שווער איז מיר אָנגעקומען דאָס צעשיידן זיך מיט מיינע שוועסטער און ברודער און מיטן טאַטן. ביי די שווערסטע איבער־לעבונגען איז ער קיינמאָל נישט געווען אַזוי גערירט, אַזוי סענטימענטאַל, אַז עס זאָל דערגיין ביז טרערן. איך געדענק נישט, אַז איך זאָל ווען עס איז האָבן געזען מיין פאָטער וויינען. ווען איך האָב זיך מיט אים האַרציק געזעגנט און ביידנס ליפּן זענען געקומען אין באַרירונג, האָט ער ספּאָנטאַן אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין. אויך איך האָב זיך צעוויינט.

מיט טרערן אין די אויגן האָט מיין פאָטער געזאָגט בזה הלשון: „איך בין שוין אַלט און צעבראָכן, שוין אין די זיבעציקער. איך קאָן שוין נישט אַר־בעטן. אַלע צעפאָרן זיך. איך מיט דער מאַמען בלייבן איבער אויף דער עלטער, און ווער ווייסט העלפן, מיר בלייבן עלנט!" צום סוף האָט ער נאָך צוגעגעבן: „ווער ווייסט צי מיר וועלן האָבן די זכיה זיך אַמאָל צו זען...

איך געדענק נישט וואָס איך האָב דערויף געענטפערט. איך ווייס נאָר, אַז איך האָב שטאַרק געוויינט.

מיט מיין מאַמען איז דאָס געזעגנען שוין אָנגעקומען אַביסל לייכטער. זי האָט געוויינט אויפן קול, ווייל אַ מאַמע וויינט שטענדיק ביי יעדע געלעגנהייט, בפרט נאָך, ווען מ׳צעשיידט זיך מיט אַ קינד און מ׳ווייסט נישט צי מ׳וועט

זיך נאָך אַמאָל זען. שטיקנדיק זיך מיט טרערן האָט די מאַמע געבעטן ביי מיר כ׳זאָל תיכף שרייבן בריוו, נישט לאָזן טראַכטן...

אַזוי האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין משפחה און מיט דעם שטעטל קלאָבוצק.

*

אַ ניי קאַפּיטל האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר און פאַר אַלע מיינע נאָענטע. מיך פאָרן קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט נאָך עולים האָט אין יענער צייט אויפגערודערט די וועלט. וואָכן און חדשים האָבן מיר געבלאָנקעט אויף אַ גרי־כישער לאַסט־שיף אויף די וואַסערן אויפן מיטללענדישן ים. אַלע פּאָרטן זענען פאַר אונדז געווען פאַרמאַכט. מיר זענען אַרויסגעפאָרן לייכט אָנגעטאָן, זומערדיק. אין די חדשים יאַנואַר, פעברואר האָבן מיר נאָך אַלץ אַרומגעבלאָנ־דזשעט אויף די וואַסערן. מיר האָבן געליטן הונגער, קעלט און פאַרשידענע קראַנקייטן. ביים פּרווון אַראָפּגיין פון דער שיף זענען 3 יידן דערטרונקען גע־וואָרן, איינער איז געשטאָרבן. אונדזערע פירער זענען געווען די חברים פון מפא״י — סווערדלאָוו און צביק. אונדזערע צרות און ליידן זענען געווען שרעקלעכע. ערשט פון אַ שטאָט אין גריכנלאַנד האָבן מיר געהאַט די ערשטע געלעגנהייט אַהיימצושרייבן.

די יידישע צייטונגען אין פּוילן האָבן שוין געהאַט געמאָלדן, אַז די שיף „וועלאָס״, וואָס פירט 400 חלוצים איז פאַרשווּנדן און לויט אַלע סימנים איז זי אונטערגעגאַנגען. אַיך ידיעה האָט סותר געווען די צווייטע. מיין מאַמע האָט איינגעלייגט וועלטן, נישט געקאָנט שלאָפן גאַנצע נעכט. זי האָט שפּעטער צו מיר געשריבן, אַז מ׳האָט איר נישט געוואָלט זאָגן דעם אמת, ביז ס׳איז געקומען דער ערשטער בריוו פון מיר האָט זיך די מאַמע דאַן באַרויקט.

איך האָב באַקומען פיל בריוו פון מיינע חברים: אשר ווייכמאַן, שמואל גליקמאַן, איציק לייב בירנבוים — אַלע האָבן מיך געטרייסט און אויסגעדריקט מיטגעפיל צו מיינע ליידן. מיינע שוועסטער און ברודער האָבן מיר געשריבן, אַז איך זאָל זיך האַלטן, ווייל איך האָב פאַר זיך אַ גרויסן ציל אין לעבן — קומען אין לאַנד פון די אבות.

דער טאַטע האָט אין זיינע בריוו צו מיר געהאַט טענות: פאַרוואָס קומט עס אים, אַז דווקא פון זיינע קינדער זאָל ער אויסשטיין געבערענטע צרות. „בערל איז געפאָרן קיין בירא־בידזשאַן און צוריקגעקומען; שלמה איז פון סאָסנאָוויצע אַן אויסגעליידיקטער געקומען אַהיים, אָבער דאָס ערגסטע וועט

זיין, ווען דו וועסט דאַרפן צוריקקומען. וואָס וועלן זאָגן די גוים? איך ווינטש דיר, אַז דו זאָלסט וואָס שנעלער אָנקומען צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל, און אונדזערע הערצער, וואָס זענען צעבראָכן פון דיינע צרות און האָבן אַזויפיל געבלוטיקט, זאָלן זיך שוין דערפרייען און ס׳זאָל קומען די אמתע גאולה.״

פון גריכנלאַנד זענען מיר צוריקגעשוווּמען דורך קאָנסטאַנץ קיין פּוילן אין זאַלעשטשיקי. דאָרט האָבן מיר געוואַרט 2־3 חדשים ביז צו דער לעגאַלער עליה.

איך האָב אויסגעהאַלטן און נישט צוריקגעפאָרן קיין קלאָבוצק. מיין פאָטער האָט מיר געראָטן, אַז איך זאָל נישט קומען אַהיים. „עפּעס פּאַסט נישט — האָט ער געשריבן צו מיר — צוויי מאָל זיך צו געזעגענען; צוויי מאָל צו צעברעכן די הערצער״. ער האָט אַלץ געטאָן, אַז מיין פרוי זאָל קומען צו מיר צו פאָרן.

אין יאָר 1938 האָט ער מיר געשריבן, אַז שוואַרצע כמאַרעס רוקן זיך אָן אויף די הימלען פון פּוילן און דער שעיר לעזאזל וועט זיין דער ייד. ער האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז ער האָט בדעה אַלץ צו פאַרקויפן און קומען צו פאָרן.

אין 1939, ווען מ׳האָט שוין געגראָבן אָקאָפּעס אַרום קלאָבוצק, האָט ער געשריבן, אַז די יידן האָבן שוין פאַרשפּעטיקט די באַן. עס רוקט אָן דער סוף פון פּוילישן יידנטום, און אין 1940 האָב איך באַקומען דעם לעצטן בריוו, געשיקט דורך אַמעריקע. עס האָבן געשריבן אַלע מיינע שוועסטער. דער טאַטע האָט צוגעשריבן בקיצור וועגן אַלע גרויזאַמקייטן פון די דייטשן און אַז „איצט זענען מיר פאַרלוירן״. מער קיין ידיעות האָבן מיר נישט דערהאַלטן. עס איז געקומען דער סוף.

ווען מיט דער קלאָבוצקער קהילה האָבן אָנגעהויבן פאַרוואַלטן די יודנראַטן, האָבן זיי גענומען רודפן די פריערדיקע ערלעכע כלל־טוער. אַזוי האָבן מיר איבערגעגעבן עדי ראיה, וואָס האָבן אויף זייערע אייגענער הויט געפילט די ווירקונג פון יודענראַט. עס איז געוואָרן גערודפט דער פאַרמלחמהדיקער פּרעזעס פון דער קהילה ברוך שפּערלינג. מיין ברודער מרדכי, וואָס איז געווען דאָזאָר, האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן ביי גויים אין די דערפער, אין לאָבאָדנע, קאלאצקיעוויטש און ווילקאָוויעץ. מיין טאַטן האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון זיינע שטובן, אַלץ צעבראָכן און פאַרניכטעט און צוזאַמען מיט דער מאַמען האָבן זיי אים פאַרטריבן ווייט אויף די זאַוואַדעס. דאָרט האָבן זיי געוווינט אין אַ צעבראָכענער נאַסער קאַמער. אַזוי האָבן די יודענראַטלער באַהאַנדלט די

ערלעכע כלל־טוער, וואָס האָבן נישט געוואָלט דינען די דייטשן און צוהעלפן זיי אין דער אויסראָטונג פון די יידן אין קלאָבוצק.

פון מיינע נאָענטסטע קרובים איז קיינער נישט געבליבן לעבן, נאָר איך אַליין, וואָס געפין זיך אין ארץ־ישראל זינט 1934.

**יעקב שפּערלינג**

## ר׳ משה שפּערלינג

מייַן פעטער, משה שפּערלינג, האָט כל ימיו געוווינט אין קלאָבוצק און געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אין שטעטל. נאָך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געוואָרן געוויילט אַלס דאָזער. שפּעטער האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג אים אויסגעוויילט אַלס פּרעזעס פון דער יידישער גמינע. בעת עס איז נפטר געוואָרן ר׳ דוד הערש שוחט און דאָס רוב קלאָבוצקער יידן האָבן פאַרלאַנגט, אַז זייַן זון ר׳ שלמה זאָל ממלא מקומו זיין, איז דער רב ר׳ העניך גאָלדבערג מיט אַלע גערער חסידים געווען קעגן דעם, ווייל ר׳ שלמה איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד. ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ ביטערער קאַמף אין דער קהילה, וואָס האָט געדויערט חדשים. ס׳איז אַפילו געקומען צו געשלעגן און צו משפּטים. ביז ר׳ משה שפּערלינג, וואָס האָט געהאַט אַ דעצידירנדע דעה אַלס פּרעזעס, האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון „עמך״, און ר׳ שלמה איז געוואָרן אויפגענומען אַלס שוחט.

נאָך עטלעכע יאָר זיין שוחט אין קלאָבוצק, האָט ר׳ שלמה שוחט נישט געקאָנט גובר זיין דעם שווערן קאַמף, וואָס די גערער חסידים האָבן געפירט קעגן אים און ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

אין יאָר 1934, ווען איך בין שוין געווען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, האָט מען מיר געשריבן, אַז דער פעטער משה איז קראַנק געוואָרן, מ׳האָט אים אָפּגעפירט אין יידישן שפּיטאָל אין טשענסטאָכאָוו. אויפן צווייטן טאָג האָט ער פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים אַהיימנעמען, ס׳דאַכט זיך אים, אַז ער וועט שטאַרבן, וויל ער דווקא שטאַרבן אויף זיין בעט. ווען ער איז שוין געווען אויפן וועג אַהיים, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

בעת דער לויה האָט דאָס גאַנצע שטעטל געוויינט איבער דעם טויט פון ר׳ משה שפּערלינג, וואָס איז קנאַפּע 20 יאָר געווען פּרעזעס פון דער יידישער קהילה אין קלאָבוצק, פאַר וועלכער ער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן.

נאָך ר׳ משה שפּערלינג זענען געבליבן 6 זין: איציק, אליהו, יוסף,

בערל, יעקב, וואָלף און אײן טאָכטער בתיה. אַלע זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייער מאַמען הענע. זיי האָבן פאַרענדיקט זייער פיינלעך לעבן — ווער אין די דייטשע לאַגערן און ווער אין טרעבלינקע. קיין זכר איז נישט געבליבן אַפילו פון זייערע קינדער. נאָר נאָך איציק שפערלינג איז געבליבן אַ זון. ער געפינט זיך אין גלאַסגי (סקאָטלאַנד).

## טיפּן פון אַמאָליקע קלאָבוצקער יידן



ר׳ שמואל דאַווידאָוויטש דער ראספּערשער רב — דוד הערש שוחט׳ס זון



כולקע ווייספעלנער און פרוי — רעכטס, חיים מענדל מאס און פרוי — לינקס
אומגעקומען אין טרעבלינקי



יהודה ומרים צינצינאַטעס



בעריש ריפשטיין און פרוי יאַכעט
מיט אייניקלעך — אומגעקומען



הערשל ראָטבאַרט
מיט זיין פרוי און משפחה



יעקב דאווידאָוויטש אין פּאַריז




די מצבה פון רייזל לאה דזשאַלאָווסקאַ
עס שטייט דערנעבן איר זון חיים דזשאַלאָווסקי
וואָס איז מיט זיין פאַמיליע פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן

# דער לעצטער ראש-הקהל פון קלאָבוצק

מיין פעטער ר' משה שפּערלינג איז לאַנגע יאָרן געווען פּרעזעס פון קלאָבוצקער קהילה. פאַר זיין פּטירה האָט ער איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז זיין ברודערן-זון, מיין פאָטער, ברוך שפּערלינג, זאָל ווערן ראש-הקהל, ווען ער, משה שפּערלינג, וועט אַריבער אין עולם האמת.

ר' משה שפּערלינג איז נפטר געוואָרן און די קהילה האָט זיך צוגעפּאַסט צו זיין צוואה און אויסגעוויילט מיין פאָטער אַלס קהילה-פּרעזעס. דאָס איז געווען אין יאָר 1934. איך בין דאַן אַלט געווען 9 יאָר.

אין אונדזער משפּחה איז מען פון דעם אויסוואַל געווען זייער צופרידן, ווייל דאָס שטיין בראש פון דער קהלה איז אין אונדזער משפּחה איבערגעגאַנגען בירושה. ביי אונדז אין דער היים האָט מען שטענדיק דערציילט, אַז מיין זיידע ר' שמואל שפּערלינג איז געווען דאָזאָר אין דער קהלה און ער האָט אויפגענומען דעם קלאָבוצקער רב ר' הענעך גאָלדבערג. מיט טיפן יראת הכבוד האָט מיין זיידע זיך באַצויגן צום רב ביז ער איז נסתלק געוואָרן.

ווען מיין פאָטער ר' ברוך שפּערלינג האָט איבערגענומען זיין אַמט אַלס קהילה-פּרעזעס, האָט ער זיך גענומען איינפירן פאַרבעסערונגען אין אַלע איינריכטונגען פון דער קהילה. אין דער שול, וואָס איז געווען איינע פון די היסטאָרישע בתי-תפילות אין פּוילן, האָט ער אַריינגעפירט קרישטאַלענע הענגלייכטער און עלעקטרישע באַלייכטונג. די ווענט זענען באַפּוצט געוואָרן מיט מאַכאַגאָניע-פאַניר לויטן מוסטער פון דער יידישער סינאַגאָגע אין טשענסטאָכאָוו.

די אינערלעכע מאָלעריי פון דער שול איז נאָך געווען אַן איבערבלייבעכץ פון מיין פעטער משה שפּערלינג, וואָס האָט בשעתו אַראָפּגעברענגט די בעסטע קונסט-מאָלער, וועלכע האָבן דעם סופיט פון דער שול געגעבן אַן אויסזען פון אַ הימל מיט שטערן און אויף די ווענט אַרויסגעבראַכט די מזלות און די עמבלעמען פון די שבטים.

טראָץ אַלע געלט-שוועריקייטן, האָט ר' ברוך שפּערלינג געזאָרגט דערפאַר, אַז די שול זאָל האָבן אַ בלעכענעם דאַך. די אַרבעט איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן אַלע קלאָבוצקער בלעכער, כדי עס זאָל קיינער נישט באַוועלט ווערן. די קלאָבוצקער יידן האָבן פאַרשטאַנען ווי דאָס אָפּצושאַצן און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי זענען געווען שטאַרק באַלאַסטעט מיט שטייערן, וועלכע עס האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט די פּוילישע רעגירונג, האָט דאָך יעדער געגעבן פון די לעצטע, אָפּגעשפּאַרטע געלטער זיין תרומה פאַר קהלהשע

באַדערפעניש. דערפאַר האָט יעדער ייד געהאַט אַ נחת, ווען ער איז געזעסן אין קלאָבוצקער מקום קדוש. ביי די שפּעטערדיקע וואַלן צו דער קלאָבוצקער קהלה איז מייַן פאָטער ווידער געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזעס פון דער קהלה. ער האָט באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען.

אַ חוץ פּרעזעס פון קהילה איז ר׳ ברוך שפּערלינג אויך געווען פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט „טאָז" — „טאָוואַזשיסטוואָ אָכראַני זדראָוויאַ זשידוווּ" („געזעלשאַפט צו שיצן דאָס געזונט פון די יידן"), וואָס האָט געשפּילט אין קלאָבוצק אַ גרויסע ראָל ביים אָפּהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעל־קערונג. „טאָז" האָט געשיקט לונגען־ליידנדע קינדער קיין אָטוואָצק זיך היילן. אין דער אַרבעט פון „טאָז" האָבן זיך אויך באַטייליקט קלאָבוצקער יידישע פרויען. איך געדענק די נעמען פון פאָלגנדע „טאָז"־טוערינס: פרוי לאַפּידעס, טאָבע אונגליק (לעבט אין ישראל), פרוי מאַסס, פאָלאַ לוביצקי, בעלאַ קורלאַנד־זיגעלבוים (לעבט אין ישראל) און מיין מוטער שרה. די געזעלשאַפט „טאָז" האָט געגעבן מעדיצינישע הילף פאַר אָרעמע און געשאַפן קינדער־קאָלאָניעס. איינע אַזאַ קאָלאָניע האָט זיך געפונען אין קלאָבוצק גופא, וועלכע איז געפירט גע־וואָרן דורך העלקאַ וויינרייך, אַ לערערין, וואָס האָט איינגעאָרדנט פאַר די קינדער פאַרשידענע שפּילן און פאַרווייִלונגען.

אַלס ראש־הקהל האָט ר׳ ברוך שפּערלינג געטראָגן די פולע אחריות פאַרן לעבן און עקזיסטענץ פון דער קלאָבוצקער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט נישט געקוקט אויף קיין פּערזענלעכע סכנות, ווען מ׳האָט געדאַרפט העלפן און פאַרהיטן דעם כלל פון אַ געפאַר.

אַזוי איז געווען אין טרויעריקן פּעריאָד אין די דרייסיקער יאָרן, ווען דער ענדעקיש־פאַשיסטישער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן אָנעמען פּשוטע פּאָגראָם־פאָרמען און דערגרייכט אויך קיין קלאָבוצק. מיין פאָטער האָט דאַן נישט געקאַרגט קיין מי און איינגעשטעלט זיין לעבן ביז ער האָט פאַרזיכערט דאָס לעבן און עקזיסטענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קלאָבוצק (וועגן אַנטיסעמיטיזם אין קלאָבוצק אין די דרייסיקער יאָרן שרייבן מיר אויף אַן אַנדער אָרט).

אַזוי האָט ר׳ ברוך שפּערלינג געפירט די קהילה ביז עס זענען אָנגע־קומען די דייטשע רוצחים.

בעתן מלחמה־אויסברוך, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס בהלהדיקע לויפן אין פחד פאַר די אָנקומענדיקע דייטשן, זענען מיר צוזאַמען מיט אונדזער פאָטער אויך געלאָפן אויף זייטיקע פעלד־וועגן. די דייטשן, וואָס האָבן אָנגע־

טראָפן די לויפנדע פּליטים, האָבן אַלע מענער פאַרהאַלטן און די פרויען מיט די קינדער געלאָזט גיין ווייטער. די מענער אין גרעסערע גרופּן האָט מען געטריבן צופוס אין דער ריכטונג פון וולאָשטשאָווע.

מיין פאָטער איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די דייטשן. ער איז געלאָפן אויף צוריק צו זיך אַהיים. ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט ער געטראָפן די שטוב ליידיק, אַלץ איז שוין געווען צעראַבירט, אַ טייל דורך די דייטשן און אַ טייל דורך די פּאָליאַקן.

נאָך צוויי וואָכן זיין אין שטוב, האָבן אים די דייטשן אַרעסטירט, צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה און מיטן רב ר׳ העניך גאָלדבערג. זיי זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער שול און די דייטשן האָבן פאַר באַפרייען די אַרעסטירטע געפאָדערט אַ גרויסע סומע געלט, און אויב דאָס געלט וועט נישט צוגעשטעלט ווערן צו דעם באַשטימטן טערמין, וועלן אַלע ווערן דערשאָסן.

מיין מוטער האָט איינגעלייגט וועלטן, געלאָפן צו וועמען זי האָט נאָר געקאָנט און קיין געלט נישט באַקומען. מיין פאָטער האָט ביי דער דאָזיקער סכנה נישט פאַרלוירן דעם קלאָרן שכל און אים איז איינגעפאַלן זיך צו ווענדן צו די דייטשן זיי זאָלן אים אַרויסלאָזן און ער וועט שוין צושטעלן די באַשטימטע סומע. די דייטשן האָבן אויף דעם מסכים געווען.

דער באַפרייטער ברוך שפּערלינג האָט אָנגעהויבן די אַקציע פון זאַמלען געלט. אַלע האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר דער דאָזיקער סכנה, וואָס עס האָט געדראָט די ראשי הקהילה אין פאַל ווען דאָס געלט וועט נישט איינגעצאָלט ווערן. געווען אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס לעצטע אַוועקגעגעבן צו ראַטעווען יידן. דאָס זענען גראָד געווען אַזעלכע מענטשן, פון וועלכע מ׳האָט נישט געפאָדערט קיין געלט. דווקא די יידן האָבן געברענגט דאָס לעצטע צירינג, ווייל קיין געלט האָבן זיי נישט געהאַט. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די יידן, וואָס האָבן אין דער דאָזיקער עת צרה דערפילט זייער חוב פון פדיון שבויים: די אלמנה פּערל איזראַעלעוויטש פון מאַרק האָט געברענגט אַ גאָלדן קייטל, אַן אָנדענק פון איר מאַן. ר׳ יחיאלקע איזראַעלעוויטש און די רונדיקע יתומים, די קינדער פון מאַרעק (ראָזענטאַל) האָבן אָפּגעגעבן זייער לעצט ביסל פאַרמעגנס אין גאָלד. די טאָכטער פון ר׳ שלמה ווייס — פּעסעלע האָט אַוועקגעגעבן גאָלד־חפצים פון אַ גרעסערן ווערט. אַזוי אַרום איז געוואָרן געשאַפן די געפאָדערטע סומע און אַלע זענען באַפרייט געוואָרן.

אַ קורצע צייט נאָך דער באַפרייונג איז אָנגעקומען געסטאַפּאָ פון

טשענסטאָכאָוו און געזוכט דעם פּרעזעס פון דער יידישער געמיינדע. מ׳האָט זיי אָנגעוויזן אויף ר׳ ברוך שפּערלינג. די געסטאַפּאָ־לייט זענען געקומען צו אים און פאַרלאַנגט ער זאָל ביז אַ באַשטימטער צייט צושטעלן אַ רשימה וויפל יידן ס׳געפינען זיך אין קלאָבוצק. די רשימה דאַרף איבערגעגעבן ווערן דער הויפּט־קאָמענדאַטור פון דער געסטאַפּאָ אין טשענסטאָכאָוו צו דער באַ־שטימטער צייט, ווען נישט — וועט ער, דער פּרעזעס פון דער געמיינדע, דערשאָסן ווערן.

דאָס גיין אין גאַס איז דעמאָלט געווען אויסגעשטעלט אויף סכנות נפשות. ר׳ ברוך שפּערלינג האָט געמוזט גיין פון הויז צו הויז און פאַרעגיסטרירן די איינוווינער. אַ מיליטערישע אָפּטיילונג האָט אים פאַרהאַלטן אויף דער גאַס און אָפּגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור. דאָרטן האָבן אים די דייטשן געגומען סאַדיסטיש פּייניקן. זיי האָבן אים אויפגעהאָנגען ביי די פיס און מערדערלעך געשלאָגן. ווען אונדזער משפחה האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, זענען אַלע קרובים געלאָפן צו דער קאָמענדאַנטור און דאָרט געשריגן, געוויינט ביז די דייטשן האָבן אויפגעמאַכט די טיר און מיין פאָטער אַרויסגעוואָרפן אַ צעשלאָגענעם, אַ באַגאָסענעם מיט בלוט אינגאַנצן אַ באַוווּסטלאָזן.

מ׳האָט אים אַהיימגענומען. עס איז נישט געווען קיין דאָקטאָר, וואָס זאָל אים געבן די ערשטע הילף. מ׳איז געלאָפן צופוס קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרט האָט קיין דאָקטאָר נישט געוואָלט איינשטעלן זיין לעבן צו קומען קיין קלאָבוצק.

איך בין נאָך דעמאָלט געווען זייער יינג און זיך געפונען אין טשענ־סטאָכאָוו. ווען איך האָב דערהערט וועגן דעם אומגליק, האָב איך געכאַפּט אַ דראָשקע און שנעל געפאָרן קיין קלאָבוצק און פון דאָרט געברענגט מיין פאָטער קיין טשענסטאָכאָוו אין דער וווינונג פון מיין פעטער איצעק לייב שפּערלינג.

קיין שפּיטאָל איז דאַן נישט געווען טעטיק. מיין קוזין ד״ר שפּערלינג האָט מיין פאָטער אויסגעהיילט. די קוראַציע האָט געדויערט 6 וואָכן. ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט ער שוין נישט געטראָפן דאָס דייטשע מיליטער. זייער אָרט האָט פאַרנומען די דייטשע פּאָליציי, וואָס האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין ספּעציעלע שנאה צו די אָרטיקע יידן און נאָר פאַרלאַנגט לאָיאַליטעט. די פּאָליציי האָט פאָרגעלייגט צו עפענען דריי יידישע קראָמען, אין וועלכע עס וועט צוגע־שטעלט ווערן באַשפּייזונג פאַר יידן. איין קראָם האָט באַקומען מיין מומע פייגל. די צווייטע — די טאָכטער פון מאַנטשע אונגליק, וואָס איר מאַן איז געוואָרן

דערשאָסן דורך די דייטשן. די דריטע קראָם האָט געהאַט אייזיק ווייספּעלנער, מאיר שפּיגלערס איידעם. אין יענער צייט איז די יידן אין קלאָבוצק נישט געווען שלעכט. זיי האָבן געהאַנדלט און פאַרדינט און זיך פריי באַוויגן.

דער דאָזיקער גוטער מצב האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז צום אָנקום פון די „שיינע יידן" פון סאָסנאָווצער יודענראַט: יאַסנע, ווינער און מעריז. זיי האָבן זיך געוואָלט אויסצייכענען פאַר די דייטשן דערמיט, וואָס זיי וועלן אַרויסשיקן וואָס מער יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן און שאַפן פאַר די דייטשן געלט יעדן חודש. מיין פאָטער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם אַרויסשיקן יידן אויף אַרבעט און קעגן כסדרדיקן צאַפּן געלט, מיט דער פאַרענטפערונג, אַז ער האָט נישט קיין מענטשן און די יידן זענען אָרעם.

די קאָמיסאַרן פון סאָסנאָווצער יודענראַט האָבן געזען, אַז מיט מיין פאָטער וועלן זיי נישט פאַרטיק ווערן, האָבן זיי אויסגעפונען אַנדערע מענטשן, וואָס זענען געווען גרייט פאַר זייערע פּריוואַטע אינטערעסן מיטצואַרבעטן מיט דעם סאָסנאָווצער יודענראַט.

גראָד אין דער צייט האָט זיך געביטן די פּאָליציי. עס איז אָנגעקומען אַ נייע פּאָליצייאישע מאַכט. די סאָסנאָווצער יודענראַטניקעס האָבן תיכף אויס־גענוצט די געלעגנהייט און אָפּגעגעבן אַ מסירה אויף דעם קהילה־פּרעזעס ברוך שפּערלינג, אַז ער איז אַ רייכער שווינדלער און סאַבאָטירט די דייטשע פאַראָרדענונגען.

די פּאָליציי האָט אַרעסטירט מיין פאָטער און קאָנפיסקירט זיין גאַנץ האָב און גוטס. דריי טעג האָט געדויערט דאָס אַרויספירן אַלץ פון הויז. די דייטשן האָבן דערביי געדראָט, אַז דאָס הויז וועלן זיי פאַרברענען און מיין פאָטער אַוועקשיקן אין אַ לאַגער.

דער ליבידזער שרה (גוט־באַזיצער) איז דעמאָלט געווען בירגערמייס־טער. ער האָט פיל גוטס געטאָן יידן. טראָץ דעם, וואָס ער האָט געשטאַמט פון דייטשן און געווען אַ שוואָגער פון דעם טרויעריק באַרימטן גובערנער פראַנק, איז ער, דער גוטבאַזיצער, געווען אַ פּוילישער פּאַטריאָט. דער זעלבער פריץ איז שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַ טויטן־לאַגער, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אונטערשרייבן די דייטשע פאָלקס־ליסטע. מתחילת אָבער, ווען ער איז געווען בירגערמייסטער פון קלאָבוצק, האָט ער אינטערווענירט ביי די דייטשן לטובת דעם פאָטער און מיט גרויס מי, דורך איינצאָלן אַ היפּשע סומע געלט איז געלונגען מיין פאָטער צו באַפרייען.

נאָך דער באַפרייונג איז שוין ר׳ ברוך שפּערלינג מער נישט געווען

פרעזעס פון דער קהילה. די קהילה האָט געהאַט אַנדערע אָנפירער, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער סאָסנאָוויצער יודענראַט־צענטראַלע. מיין פאָטער האָט זיך מיט קהילה־ענינים מער נישט פאַרנומען. דערפאַר האָט מען אים געשיקט צו שווערער אַרבעט אונטער דער שטאָט. די פוילישע אויפזעערס האָבן אים געשאַנעוועט און אים אינגאַנצן אַהיימגעשיקט פון דער אַרבעט. אויך מיין ברודער אהרן דוד שפערלינג, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר, האָט מען אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט, הגם „נאָרמאַל" האָט מען געשיקט פון 18 יאָר. אָבער דאָס איז אויך געווען אַן אַקט פון נקמה, קעגן מיין פאָטער און זיין משפחה.

ווען די דייטשן האָבן גענומען רעקוויזירן יידישע בנינים איז אונדזער הויז געווען דאָס ערשטע, וואָס זיי האָבן פאַרנומען. אונדזער גאַנצע משפחה האָט מען געשיקט קיין קושעפיץ. נאָך גרויסע באַמיונגען איז מיין פאָטער געלונגען צו קומען צוריק קיין קלאָבוצק און ער האָט געוווינט ביי זיין מוטער אין מאַרק.

אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1942 האָבן די יידן אין קלאָבוצקער געטאָ שוין געלעבט אין שרעק. מ׳האָט דערוואַרט די ענטגילטיקע ליקווידאַציע פון געטאָ. אין יוני 1942 האָט מען שוין געוווּסט אויף זיכער, אַז עס קומט דער סוף פון געטאָ. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט קרובים און באַקאַנטע און זיך געלאָזט אין וועג דורך די פעלדער און וועלדער, וואָס האָבן זיך גע־צויגן לענג־אויס די סמוגעס. מיין פאָטער מיט גרוינעם ווייפעלנער האָבן גע־קאָנט אַ גוי, וואָס האָט געוווינט אויף דער „גרענעץ" פון „רייך" און „גענעראַל גוווערנעמענט".

פאַר אַ גרעסערע סומע געלט האָט דער פויער אַריבערגעפירט איבער דער גרענעץ אַ גרופע יידן פון אַן ערך 30 מאַן, — אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן ס׳האָט געדראָט טויט־שטראָף. אַלע זענען אַריבערגעגאַנגען בשלום קיין טשענ־סטאָכאָוו. נאָכן אָפּזיצן דאָרטן בערך 3 חדשים, אין יום־כפור 1942, איז געקומען די אַלגעמיינע „אויסזידלונג" פון די טשענסטאָכאָווער יידן קיין טרעבלינקע.

מיינע עלטערן האָט מען, צוזאַמען מיט אַלע יידן פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט, אַוועקגעשיקט אין טויטן־לאַגער. איך בין געבליבן איינזאַם אַליין, אָן משפחה, אָן באַקאַנטע. מיין ברודער איז געוואָרן פאַרשיקט ערגעץ־ווו אין אַן אַרבעטס־לאַגער און איך האָב פון אים נישט געהאַט קיין ידיעות.

בערך 3 חדשים שפּעטער האָט אַ ייד, וואָס איז אַנטלאָפן פון טרעבלינקע,

געבראַכט מיר אַ גרוס פון מיין פאָטער, אַז ער לעבט און איז באַשעפטיקט אין אַן אַרבעטס־קאָמאַנדע אין טויטן־לאַגער.

נאָך דער מלחמה האָט ישעיהו לאַכמאַן פון זאלאשין, איינער פון די 7 יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט טרעבלינקע, מיר דערציילט, אַז מיין פאָטער האָט געלעבט מיט אים צוזאַמען און האָט זיך באַטייליקט אין טרעבלינקער אויפשטאַנד קעגן די תלינים פון לאַגער. דער גרעסטער טייל פון די אויפ־שטענדלער איז אומגעקומען אין דעם נישט־גלייכן קאַמף און צווישן זיי איז געווען דער לעצטער ראש־הקהל פון קלאָבוצק: מיין פאָטער ר׳ ברוך שפערלינג זכרונו לברכה.

**זכרונות פון דאָראַ ווייס**
**פאַרשריבן: יעקב שפערלינג**

# די יידישע דאָקטוירים

אין קלאָבוצק האָבן מיר געהאַט דריי יידישע דאָקטוירים: יצחק דזשאַ־לאָווסקי, אהרן מאַסס און ראָדעל מאַנטשעס. יעדער פון די דאָקטוירים האָט זיך געהאַט זיין באַזונדערע פונקציע.

יצחק דזשאַלאָווסקי איז געווען אַ ספּעציאַליסט פאַר „לייכטע" קראַנקהייטן: אַ פאַרקילונג, אַ גריפּע, אַנגינע אָדער אַ ייד האָט סתם באַקומען היץ האָט מען גערופן יצחק דזשאַלאָווסקי. ווען עס איז ח״ו דעם קראַנקן נישט בעסער געוואָרן האָט מען געבראַכט אהרן מאַסס.

אהרן מאַסס פלעגט גיין פּאַמעלעך, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן. ער האָט געוווּסט זיין חשיבות. דער שטעקן איז פאַר די שטוביקע אויך געווען אַ סימן, ווי עס האַלט מיט דעם קראַנקן. אויב דער דאָקטאָר איז אַוועק און פאַרגעסן מיטצונעמען זיין שטעקן, האָט מען געוווּסט, אַז עס האַלט שמאָל מיט דעם קראַנקן...

ראָדעל מאַנטשעס איז געווען אַ קינדער־דאָקטאָרין. ווען עס איז אין אַ שטוב קראַנק געוואָרן אַ קינד, איז מען געלאָפן צו ראָדעלן. ראָדעל איז שטענדיק געווען גרייט אויף יעדן רוף. בלויז איר קומען האָט אַריינגעברענגט באַרואיקונג אין דער שטוב מיט אַ קראַנק קינד. מיט איר באַגריסן זיך מיט די אָנוועזנדע האָט זי געברענגט היילונג.

אַ מוטער פלעגט שטיין מיט פאַרבראָכענע הענט און געקלאָגט זיך פאַר דער דאָקטאָרין: „אוי, דאָס קינד איז פאַרביי". ראָדא האָט געגעבן אַ צי דאָס קינד ביי די פּיסלעך, ביי די הענטלעך, געשמוצקעט מיט די ליפּן צום קינד. דאָס קליינע האָט אָנגעהויבן צו לאַכן — די מאַמע איז גליקלעך און זאָגט צו דער דאָקטאָרין: „זי זענען אַריינגעקומען אין אַ מזלדיקער שעה"...

ראָדל דערקלערט, אַז ס'איז גאָרנישט. ס'קינד איז אַ ביסל פאַרקילט, האָט אַ רויט העלדזעלע. מ'דאַרף אַביסל וואַרים זאַמד אַריינשיטן אין אַ זעקעלע און צולייגן צום העלדזעלע.

די דאָקטאָרין פאַרלאָזט די שטוב און די מוטער פונעם קראַנקן קינד באַגלייט זי מיט האַרציקע ברכות.

**פישל פייגע**

# יידישע פרויען - בלל - טועדינס

געווען אין קלאָבוצק יידישע פרויען, וואָס האָבן זייער אַ סך געטאָן אין שטעטל צו העלפן אָרעמעלייט, געפאַלענע סוחרים און מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע צדקה־געזעלשאַפטן. דריי פון די דאָזיקע פרויען, וועלכע איך געדענק, וויל איך דאָ מזכיר זיין.

## שיינדל ברוכ׳ס

שיינדל אייזנער, אָדער ווי מ׳האָט זי גערופן: שיינדל ברוכ׳ס — איז געווען מיין באָבע, איינע פון די עלטסטע תושבים פון קלאָבוצק.

אין מיינע יינגלשע צייטן איז זי אַלט געווען איבער זיבעציק יאָר. איר מאַן, ברוך, מיין זיידע, איז דורך אַן אומגליקלעכן צופאַל געהרגעט געוואָרן אויף זאַגאָזשער וועג. בעת ער איז געפאָרן אין אַ וואָגן, האָבן די פערד זיך פאַר עפּעס דערשראָקן און זיך צעבריקעוועט. זיי האָבן איבערגעדרייט דעם וואָגן און מיין זיידע האָט נישט באַוויזן אַראָפּצושפּרינגען און געהרגעט געוואָרן.

נאָך זיין טויט האָט מיין באָבע שטענדיק געלעבט אין אָרעמקייט. גע־וווינט האָט זי אין אַ קליין שטיבל אויף שמואל לייב פייגעס הויף. זי האָט זיך מפרנס געווען פון „קליינהאַנדל״. איר מסחר איז באַשטאַנען פון ראָזשינקעס, געטריקנטע פלוימען, ציבעלעס, קנאָבל. אויף פּסח האָט זי באַזאָרגט די קלאָ־בוצקער באַלעבאָסטעס מיט פּסחדיקן קלייען־באָרשט און מיט מצה־מעל פון דעם אייגענעם מילכל.

דאָס מילכל איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע רונדע שטיינער, פאַר־פעסטיקט אין פיר לאַנגע העלצער. צווישן די שטיינער איז געווען אַ מין עפּע־נונג, ווו מ׳האָט אַריינגעלייגט די צעבראָכלטע מצה, וואָס באַלעבאָסטעס האָבן געבראַכט. פון פאָרנט איז געווען אַ הענטל. בעת מ׳האָט געדרייט דאָס הענטל, האָבן די שטיינער זיך באַוועגט און צעריבן די מצה אויף מעל. פאַרן אַריינלייגן די מצה אין מילכל האָט מען זי צוערשט געמוזט צעברעקלען אין אַ „סטעמפּע״ — אַזוי האָט געהייסן דער הילצערנער בעקן מיט אַ שטויסל.

צו דער פסחדיקער פרייד פון די קלאָבוצקער יידישע קינדער האָט אויך געהערט די אַרבעט אין שיינדל ברוכ׳ס מילכל. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל קינדער איז צו איר געקומען מאַלן מצות. מיין באָבע האָט נישט סתם אַזוי צוגעלאָזט צו איר יומטובדיק מילכל. פאַר דער שטוב איז געשטאַנען אַ קריג מיט וואַסער און יעדעס קינד האָט געמוזט פריער אָפּוואַשן די הענטלעך אידער ס׳איז צוגעגאַנגען העלפן אין דער פסחדיקער אַרבעט פון פאַרוואַנדלען גאַנצע מצות אין מעל.

אַ חוץ די אַלע פרנסות האָט נאָך מיין באָבע פאַרקויפט ווייַן אויף קידוש פון דער אייגענער פראָדוקציע.

## חיה׳לע ווייס

חיה׳לע ווייס איז געווען אַ חסידישע פרוי מיט אַן אידל פנים. זי האָט געשטאַמט פון ראָספּשער רבינס הויף און שטענדיק געווען פול מיט ענערגיע צו אַ דבר מצוה. זי האָט געמוזט וויסן פון אַלע שווערע הערצער און אין וועמענס שטוב עס איז נישטאָ אויף שבת אָדער אויף יום־טוב.

חיה׳לע האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיטן שטאָטישן דאָקטאָר, ער זאָל אין קיין אָרעמע שטובן נישט נעמען באַצאָלט פאַרן וויזיט, נאָר ער זאָל איר צו־שיקן אַ צעטעלע, וועט זי באַצאָלן. דער דאָקטאָר האָט דעם אָפּמאַך געהאַלטן און חיהלע האָט געצאָלט. זי האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט „הכנסת אורחים״ און געזאָרגט דערפאַר, אַז דער אָרעמאַן, וואָס דאַרף איבערנעכטיקן אין קלאָבוצק, זאָל האָבן אַ ריין געלעגער און זאָל אויך נישט גיין שלאָפן אַ הונגעריקער.

געווען אין שטעטל דריי בלינדע פרויען, איינזאַמע. מיט זיי האָט זיך פאַרנומען חיה׳לע ווייס. זי האָט זיי באַזאָרגט מיט עסן, אַ שטוב וווּ צו וווינען און אַ ריין געלעגער. חיה׳לע איז אויך געווען טעטיק אין „בקור חולים״.

## הינדע מרים

הינדע מרים איז געווען אַ טיפּ פון אַ פאָלקס־פרוי. זי האָט בעיקר זיך פאַרנומען מיט אָרעמע כלות און... קימפּעטאָרינס. ווען זי האָט זיך דער־וווּסט פון אַן אָרעמער שטוב, ווו מ׳דאַרף חתונה־מאַכן אַ כלה־מיידל און עס איז נישטאָ אויף קיין אויסשטייער, איז זי אַריין אין דער שטוב און פשוט געפאָדערט מ׳זאָל איר שוין זאָגן אין וואָס די כלה נויטיקט זיך. אַזוי האָט

הינדע מרים אויך געטאָן ביי קימפּעטאָרינס. מ׳האָט איר אַלץ געמווזט דער־ציילן.

ווען הינדע מרים האָט שוין געהאַט אויפן צעטל אין וואָס מ׳נויטיקט זיך, איז זי אַוועק צו וואָלף ווייס אין שניט־קראָם און גענומען לייוונט מיט צודאַטן און אַלץ אַליין אויפגענייט, אָדער אויסגעשניטן ווינדעלעך פאַר קימפּעטאָרינס. זי האָט באַזאָרגט די אָרעמע כלות מיט וועש, איבערצוג און אַמאָל אויך מיט חתונה־קליידער.

געלט אויף צו דעקן די אויסגאַבן האָט הינדע מרים באַקומען אויפן זעלבן אופן, ווי די אויבנדערמאָנטע כלל־טוערינס: מ׳איז געגאַנגען צו די מער־פאַרמעגלעכע באַלעבאָסטעס און מ׳האָט צונויפגענומען.

די פרויען כלל־טוערינס פלעגן אָפטמאָל זיך צוזאַמענקומען ביי חיה׳לע ווייס אין שטוב און זיך געעצה׳ט, וויאַזוי צו העלפן די נויט־ליידנדע יידישע משפּחות אין קלאָבוצק. די כלל־טוערינס האָבן שטענדיק געהאַט ארום זיך אַ גרופּע פרויען, וואָס האָבן געהאָלפן אין דער צדקה־טעטיקייט. זייערע נעמען זענען געווען: פריידל אהרונס, פריידל האַרצעס, רחל זיגעלמאַן, שרה איטשעס, פריידל מאירס, חנה ביינישעס, בריינדל ליבערמאַן, חנה׳לע זייד־מאַן, די מאַכלטע, מיין מוטער ליבע יאָסלס און לייטשע איטשע יאַנקלס.

ווי קלאָבוצקער האָבן איבערגעגעבן איז הינדע מרים גרין ביי איר טיר דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן.

## רבקה׳לע קורלאנד

רבקה קורלאַנד איז געווען אַ שותּפטע צו דער קלאָבוצקער מיל. איר האַרץ און טאַש איז שטענדיק געווען אָפן אויף אַרויסצוהעלפן אַ ייד, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין איר הילף. געווען אין קלאָבוצק אָרעמע בייגל־בעקערס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ זעקל מעל, האָט רבקה זיי אַריינגעשיקט מעל מיט דער אָנווייזונג: „ווען עטץ וועט האָבן געלט, וועט עטץ מיר אָפּגעבן״.

רבקה האָט זיך שטענדיק צייט גענומען צו טראָגן הילף פאַר אָרעמע קראַנקע, באַזאָרגן זיי מיט אַ דאָקטאָר, אַ פעלטשער און אויך מיט מעדיצינען. ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אז אין וועלכער עס איז שטוב איז נישטאָ מיט וואָס יום־טוב צו מאַכן, האָט זי זיך באַלד געוואָנדן צו אַ חשובער באַלעבאָסטע און ביידע זענען אַוועק איבערן שטאָט צונויפזאַמלען אַביסל געלט פאַר דער

**פאַראָרעמטער משפּחה. חנוכה, פורים און הושענה־רבא איז געווען איר „סעזאָן". דעמאָלט איז זי געגאַנגען איבער די פאַרמעגלעכע הייזער און האָט צוזאַמענ־גענומען גרעסערע סומעס פאַר נויטבאַדערפטיקע. קלאָבוצקער לצים האָבן איר דערפאַר געגעבן דעם צונאָמען — „די פושקע־קלאַפּערין".**

**ב. שימקאָוויטש**



נאָך דער באַפרייאונג איז געוואָרן געלייגט אַ מצבה אויפן קבר פון רבקלה קורלאַנד.
די טאָכטער מיטן איידעם, וואָס שטייען ביי דער מצבה, האָבן געפונען דאָס קבר

## טיפּן פון אַמאָליקע קלאָבוצקער יידישע פרויען



ש׳יינדל איזנער
(שיינדל ברוכ׳ס)



רבקה — די פרוי פון
דוד הירש שוחט



פערל זיידמאַן
פנחס זיידמאַנס פרוי



פייגל פייגע
פרוי פון דניאל פייגע

# קלאבוצקער חסידי אומות העולם

## דאקטאר בזשאזאווסקי – א פאליאק וואס האט געראטעוועט יידן פון א פאגראם

צווישן די טיפן און געשטאַלטן פון אַמאָליקן יידישן קלאָבוצק ווילן מיר אויך אַריינעמען אַן אינטעליגענטן פּאָליאַק, אַ סאָציאַליסט, אַן אמתער מענטשנפריינט, וואָס האָט זיין לעבן איינגעשטעלט פאַר יידן און זיי געראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם. מיר מיינען דאָ דעם אַמאָל אין קלאָבוצק גוט־באַקאַנטן ד״ר בזשאָזאָווסקי.

אַ חוץ זיינע קוואַליפיקאַציעס אַלס גוטער דאָקטאָר־מעדיצין, איז ער אויך געווען באַוווסט אַלס גוטער מענטש. ביי אָרעמע קראַנקע האָט ער נישט גענומען געלט פאַרן וויזיט. זיין יידן־פריינטשאַפט האָט ער אַרויסגעוויזן ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט בפועל ממש געקעמפט קעגן אַנטיסעמיטיזם פון די קלאָבוצקער גלחים און קעגן בויקאָט אויף יידן, וואָס אַנטיסעמיטן האָבן געוואָלט דורכפירן אויך אין קלאָבוצק.

שוין זיין אויסזען האָט אים דערנענטערט צו יידן. ער איז געווען פון נידעריקן וווקס און געהאַט אַ לאַנגע שאַטינע באָרד. נאָך אין די צאַרישע צייטן האָט מען געוווסט אין שטעטל, אַז ד״ר בזשאָזאָווסקי איז אַ סאָציאַליסט. פאַר זיין אָנגעהעריקייט צו דער פּ.פּ.ס. איז ער געזעסן צוויי יאָר אין דער פּיעטריקאָווער תפיסה. צוזאַמען מיט אים איז אויך געווען אַרעסטירט דער יידישער פעלטשער — שלמה באמס.

*

די מעשה מיטן פּאָגראָם אויף יידן אין קלאָבוצק, וואָס איז אויסגעמיטן געוואָרן אַדאַנק דעם ד״ר בזשאָזאָווסקי — איז מיר פאַרבליבן אין זכרון נאָך פון די יינגלשע יאָרן.

ווי מ׳האָט דעמאָלט דערציילט, האָט די שנאה צו יידן אין קלאָבוצק זיך

אָנגעהויבן אין די ניינציקער יאָרן. מ׳האָט דאָס פֿאַרבונדן מיט אַ געשעעניש, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין יאָר 1890. אין יענעם יאָר, אין פּורים, האָט זיך דעם קלאָבוצקער ר׳ משה זלמן, אַ ייד אַ תּלמיד חכם, וואָס האָט ליב געהאַט דעם טרונק, פֿאַרגלוסט זיך פֿריילעך צו מאַכן איבער המנ׳ען. ווען ר׳ משה זלמן האָט געמאַכט די ריכטיקע כּוסה, האָט ער פֿון שמאַטעס געמאַכט אַ לאַלקע און זי אויפֿגעהאָנגען אויף אַ האָק מיט וועלכן מ׳האָט אַרויסגעצויגן עמערס פֿונעם ברונעם.

מיט דעם האָק און מיט דער קוקלע איז דער שיכּורער ר׳ משה זלמן געגאַנגען איבער די גאַסן און געשריגן: „פּאַטששע יאַק האַמאַן ווישי״. גויים זענען אַוועק צו די גלחים אין קאָשטשאָל און דערציילט, אַז יידן לאַכן אָפּ פֿון יעזוסן.

געווען דעמאָלט אין קלאָבוצק דריי גלחים, צוויי פֿון זיי, וואָס צוליב זייער אויסזען האָבן יידן זיי אָנגערופֿן — „דער גראָבער און דער רויטער״ — זענען געווען אויסגעשפּראָכענע יידן־שונאים. זיי האָבן אויסגענוצט די מעשה מיט דעם אויפֿגעהאָנגענעם המן און ביי דער מיטהילף פֿון „וועלטלעכע״ אַנטיסע־מיטן, מיטן ענדעק וויטמיינסקי׳ן בראש, אָנגעהויבן צו העצן קעגן יידן, אַז זיי לאַכן אָפּ פֿון געפּייניקטן יעזוס. ווי מיר שרייבן אויף אַן אַנדער אָרט איז אויך דעמאָלט שיער נישט געקומען צו קיין פּאָגראָם. דאָס אָבער וואָס עס האָט זיך דעמאָלט די אַנטיסעמיטן נישט איינגעגעבן, האָבן זיי זיך באַמיט אויסצונוצן אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד.

אין יאָר 1906, ווען איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך געטראָגן די כוואַליע פֿון פּאָגראָמען, האָבן אויך די קלאָבוצקער גלחים מיט זייערע מיטהעלפֿער גענומען זיך גרייטן צו אַן אָפּרעכענונג מיט די יידן. אין קאָשטשאָל, ווו עס זענען יעדן זונטיק זיך צוזאַמענגעקומען די פּויערים פֿון דער אומגעגנט, האָבן די גלחים אָפֿן גערופֿן צו אַ פּאָגראָם, וואָס האָט געזאָלט פֿאָרקומען אין אַ זונ־טיק. מ׳האָט די פּויערים אויך אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן קומען מיט שטעקנס, העק און אייזנס, כּדי אויפֿצורייסן די יידישע קראָמען און מאַכן דעם ריכטיקן „ראַבונעק״.

דאָקטאָר בזשאָזאָווסקי האָט זיך דערוווּסט, וואָס עס גרייט זיך אויף יידן און ער איז אַוועק צו די גלחים און זיי געוואָרנט, זיי זאָלן נישט באַשמוצן דאָס פּוילישע פֿאָלק מיט כוליגאַנישע רציחות. זיין וואָרענונג האָט נישט גע־האָלפֿן. וועגן דעם האָט מען גערעדט צווישן יידן.

עס איז געוואָרן אַ מהומה. יידן האָבן געוווּסט, אַז זיי האָבן זיך נישט

אויף וועמען צו פאַרלאָזן. אין קלאָבוצק איז דעמאָלט געווען 6 רוסישע פּאָליציאַנטן מיט אַ וואַכמייסטער, אויך אַ גרויסער אַנטיסעמיט. מ׳האָט ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן אויסגעקוקט אויף עפּעס אַ נס...

אין באַשטימטן זונטיק זענען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער געקומען אין „קאָשטשאָל" גרייט צו פּאָגראָמירן די יידן. אויך דער דאָקטאָר בזשאָזאָווסקי איז אַוועק אין קאָשטשאָל. בעת די העץ־דרשות פון די גלחים, האָבן די „מתפּללים" זיך געוואָרפן אויפן דאָקטאָר. פון אַלע זייטן האָט מען געשריגן: „דערהרגענען דעם זשידאָווסקי פּאַכאָלעק". דער דאָקטאָר איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. מ׳האָט אים נאָכגעשאָסן. ער האָט איבערגעלאָזט זיין פּעלץ (עס איז געווען ווינטער) און געלאָפן אָנזאָגן יידן, וואָס זיי דערוואַרט.

ד״ר בזשאָזאָווסקי איז אַוועק אַהיים און פאַרבעטן צו זיך די יידן משה שמולעוויטש, שמואל שפּערלינג און דוד זיגעלמאַן. ער האָט זיי אָנגעוויזן אויף דער סכנה, וואָס עס שטייט פאַר די יידן: אין צוויי שעה אַרום דאַרף זיך אָנהייבן דער פּאָגראָם און „ראַבונעק". דער דאָקטאָר האָט געראָטן אויסצוגעפינען צוויי גוטע רייטער מיט פלינקע פערד, וועלכע זאָלן רייטן צום פּאָוויאַטאָווע (קרייז) נאַטשאַלניק קיין טשענסטאָכאָוו, וועלכער איז זיינס אַ גוטער באַקאַנטער און אים איבערגעבן, וואָס עס גרייט זיך אין קלאָבוצק.

מ׳האָט באַלד צוגעשטעלט די רייטערס, וועלכע זענען געווען די דריי יידן: אברהם, מיכאל און אהרן מאַסס. דער דאָקטאָר האָט מיטגעגעבן צוויי בריוו אַדרעסירט צום קרייז־נאַטשאַלניק און צום מיליטערישן נאַטשאַלניק. פּונקט צו די צוויי שעה זענען קיין קלאָבוצק אָנגעקומען עטלעכע הונדערט קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט איבערן שטעטל. די גויים זענען געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין קאָשטשאָל. די מאַכט האָט אַרעסטירט אייניקע פירער פון די ענדעקעס, דערונטער אויך דעם שונאי־ישראל, וויטמיינסקי. קלאָבוצק איז אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ פּאָגראָם אַדאַנק דעם מענטשנפריינטלעכן ד״ר בזשאָזאָווסקי.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע, האָט ד״ר בזשאָזאָווסקי געראָטן די יידן, ניי זאָלן אין אַ וואָס גרעסערער צאָל זיך פאַרשרייבן אין דער „סטראַזש אָגניאָתאָ" (פייערלעשער־געזעלשאַפט), כדי אַזוי אַרום צו בילדן אַן אָרגאַניזירטן כוח צו קאָנען שטעלן אַ ווידערשטאַנד ווען די אַנטיסעמיטן וועלן באַפאַלן יידן. קלאָבוצקער יידן האָבן געפאָלגט די עצה און זיך פאַרשריבן אין דער פייערלעשער־געזעלשאַפט, בראש פון וועלכער עס איז טאַקע געשטאַנען דער דאָקטאָר בזשאָזאָווסקי. דזשעמבאַ, זיין פאַרטרעטער, איז אויך נישט געווען קיין אַנטי־

סעמיט. הארצקע פייגע איז געווען דער נאַטשאַלניק פון די יידישע פייער־לעשער.

אין נישט־צושטאַנד געקומענעם פּאָגראָם האָבן פרומע קלאָבוצקער יידן געזען אַ נס מן השמים. דאָס זענען יידן געראַטעוועט געוואָרן אין זכות פון הייליקן צדיק ר׳ יאַנקעלע. ער האָט מגין־געווען אויף דער קלאָבוצקער קהילה...

**ב. שימקאָוויטש**



**פישל פייגע**

## דער ליבידזער גוט־באַזיצער, וואָס האָט געראַטעוועט יידן פון אַ סכנה בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

זיין נאָמען געדענק איך נישט. אין קלאָבוצק האָט מען אים גערופן דער ליבידזער גוטבאַזיצער. ער האָט געשטאַמט פון דייטשן. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן פון עטלעכע צענדליק יידן און פּאָליאַקן. געשען איז דעמאָלט אָט־וואָס:

אין אויגוסט 1914, ווען די דייטשע אַרמיי האָט מאַרשירט אויף פּוילן, איז ביי קלאָבוצק פּאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט. דער גרעסטער טייל איינוווינער, יידן און פּאָליאַקן, זענען אַנטלאָפן פון שטעטל אין די נאָענטסטע דערפער. דערווייל איז אויפן וועג צווישן קאָמיק און קלאָבוצק געהרגעט געוואָרן אַ דייטשער אָפיציר. דעם טויטן האָט מען אַריינגעלייגט אין קעלער פון קריסטלעכן זקנים־הויז.

די דייטשע מיליטער־אָנפירונג האָט זיך דערוווּסט וועגן טויט פון אָפיציר און באַשולדיקט די דאָרטיקע איינוווינער. אַז זיי האָבן אים דערמאָרדעט. פופציק פערזאָן, יידן און פּאָליאַקן, זענען אַרעסטירט געוואָרן. צווישן די יידן האָבן זיך געפונען: חיים לייביש און אליהו דודעק, דוד הערש שוחט, דער לאָמער ישראל מאיר בלאו און זיין פאָטער לייבעלע, ליפּמאַן ביעלאָס, בירנבוים, אשר גאָלדבערג אאנ״ד.

אַלע אַרעסטירטע האָט מען, מיט אויפגעהויבענע הענט, געפירט אין

קאַשטשאַל. די דייטשן האָבן זיי געוואָלט דערשיסן און פאַרברענען קלאָבוצק אויס נקמה פאַרן דערהרגענען דעם אָפיציר. וועגן דעם האָט זיך דערוווּסט דער ליבידזער גוטבאַזיצער. ער איז תיכף געקומען קיין קלאָבוצק און האָט אינטערוועניִרט אין דער דייטשער קאָמענדאַנטור. ער האָט אויפגעוויזן, אַז קיינער פון דער ציוויל־באַפעלקערונג האָט זיך נישט באַטייליקט אין דער דערמאָרדונג פון דייטשן אָפיציר. ער האָט אונטערגעשריבן, אַז ער איז פאַר־אַנטוואָרטלעך מיט זיין קאָפּ פאַר די יידן און פאַר די רו אין שטעטל. אַזוי־וי די דעמאָלטדיקע דייטשן זענען נאָך געווען אַביסל צוריקגעהאַלטן אין זייער מאַסן־מאָרד־מלאכה, האָבן זיי זיך געלאָזט איבערצייגן און נישט אויסגעפירט זייער ווילדן נקמה־אַקט. די אַרעסטירטע זענען באַפרייט געוואָרן.

אין פיל יאָרן שפּעטער, ווען דער ליבידזער גוטבאַזיצער איז געשטאָרבן, האָבן פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה מיטן רב בראש זיך באַטייליקט אין דער לויה. עס זענען אויך געלייגט געוואָרן בלומען אויף זיין קבר. קלאָבוצ־קער יידן האָבן שטענדיק דערמאָנט דעם „שררה" צום גוטן.

אויך זיין זון איז געגאַנגען אין די דרכים פון פאָטער. אין די ערשטע וואָכן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן שוין אכזריותדיק געוועלטיקט אין פוילן, איז דעם גוטבאַזיצערס זון געווען בירגערמייסטער פון קלאָבוצק. ער האָט זיך זייער גוט באַצויגן צו די געפּייניקטע יידן. מ׳האָט געשמועסט, אַז ער איז אַ קעגנער פון היטלעריזם. ער האָט טאַקע אַרויסגעוויזן זיין קעגנערשאַפט.

די דייטשע מאַכט האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אונטערשרייבן די ליסטע פון פאָלקס־דויטשן און שיקן זיין זון אין דער היטלער־אַרמיי. דער גוטבאַזיצער האָט דערקלערט, אַז ער איז אַ פּאָליאַק און בלייבט אַ פּאָליאַק.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אים גענומען און אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. אין 10 טעג אַרום האָט זיין משפחה באַקומען צוגעשיקט אַ קעסטל אַש מיט דער צושריפט, אַז ער איז געשטאָרבן אין לאַגער.

חיים קורלאַנד

# די יידישע מיל וואס האט באזארגט קלאבוצק מיט עלעקטרי

די קלאָבוצקער מיל, אונדזער מיל, דאָרטן בין איך געבוירן און דערצויגן געוואָרן. איטלעכעס שטיינדל, איטלעכעס שרייפל ליגט מיר נאָך גוט אין זכרון. מיר האָבן אין דער מיל מיטגעמאַכט גוטע און אויך שלעכטע צייטן. איך וועל דעריבער אַרויסברענגען אַביסל זכרונות פון דער מיל.

זייט יאָרן זענען געווען אין קלאָבוצק צוויי מילן, אַלטמאָדישע, ווי אין יענע צייטן, וואָס זענען געוואָרן געטריבן דורך וואַסער־שטראָם: איינע ביים זאַוואָדער סטאַוו (אָזשערע) מיט אַ גרויסער ראָד, וואָס האָט זיך שטענדיק געדרייט לאַנגזאַם. און די צווייטע מיל ביים זאַקשעווער סטאַוו, וואָס איז שטענדיק געווען אָפּגעדונגען דורך מיין זיידן זיסקינד. ער האָט זי געהאַלטן אין אַרענדע אַסך יאָרן.



יוסף מאיר קורלאַנד מיט זיין משפחה

מיט דער צייט, ווען ס'זענען אויפגעקומען נייע, מאָדערנע מילן, זענען די אַלטע פאַמעלעך אונטערגעגאַנגען. מיין פאָטער יוסף מאיר, אַ מעל־סוחר, וואָס האָט געוווינט אין טשענסטאָכאָוו איז אָפטערס געקומען אין קלאָבוצק. ער האָט איינגעזען, אַז אין קלאָבוצק איז פאַראַן אַ פאַסיק אָרט אויף צו בויען אַ שיינע, מאָדערנע מיל. אין דער זעלבער צייט האָט מיין פעטער משה זיגעלבוים, דעם זיידן זיסקינדס זון געהאַלטן אַ געדונגענע מיל אין דאָרף דאמביע ביי טשענסטאָכאָוו. מיין פאָטער האָט אים פאָרגעלייגט אַ פלאַן צו בויען אַ מאָדערנע מיל אין קלאָבוצק און אים אויפגעוויזן די אויסזיכטן אויף דער צוקונפט, וואָס ס'קאָן געבן אַ שיינע פרנסה.

אין יאָר 1905 איז מען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, מ'האָט אָנגעהויבן אין קלאָבוצק, אויף גראָדזיסקער וועג, צו בויען אַ גרויסע מיל. אין יאָר 1906 איז די מיל פאַרטיק געוואָרן, זי האָט געהאַט צוויי פאָר וואַלצן מיט צוויי פאָר שטיינער. איין „פערלאַק" צומאָלן גרויפּן, איין „יאַגיעלניק" אויף צו מאָלן הירזש.

די ערשטע צייטן איז די מיל געוואָרן געטריבן דורך אַ דיזל־מאָטאָר, שפּעטער, אַזוי ווי די אַרומיקע שכנים האָבן זיך אָפטערס באַקלאָגט, אַז ס'שטערט זיי צום שלאָפן, ווייל דער מאָטאָר האָט ווירקלעך שטאַרק גערוישט, האָבן מיר געקויפט אַ דאַמף־מאַשין, וואָס איז געוואָרן געטריבן דורך קוילן און האָט שטיל געאַרבעט.

אין דער מיל איז געוואָרן געמאָלן מעל. די בעקערס האָבן איידער עס איז אַנטשטאַנען די מיל געברענגט מעל פון טשענסטאָכאָוו און פון נאָענטן שטעטל קזשעפּיץ, פון קאָוואַלסקעס מיל. די בעקערס האָבן ממש אויפגעלעבט. זיי האָבן נישט געדאַרפט אָנקומען צו קיין מעל־סוחרים, שטענדיק אויס־קוקן ביז מ'וועט ברענגען דאָס זעקל מעל פון טשענסטאָכאָוו. קיין גרויסן לאַגער מעל האָט קיין קלאָבוצקער בעקער קיינמאָל זיך נישט געקאָנט אָנגרייטן, ווייל ער האָט נישט פאַרמאָגט די געהעריקע סומע געלט איינצוקויפן זאַפּאַסן, דעריבער זענען די בעקערס אויפגעריכט געוואָרן.

די יידישע מיל, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך מיין פאָטער איז געוואָרן אַ מין פאָלקסטימלעכע אינסטיטוציע. ווען דער בעקער האָט געדאַרפט אַ האַלב זעקל מעל אויף ברויט אָדער אויף זעמל איז מען געגאַנגען אין דער מיל און גענומען אַ זעקל מעל. אפילו ווען דער בעקער האָט נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן, איז ער אויך נישט אַהיימגעגאַנגען ליידיק. אויך פּויערים פון די דערפער האָבן געבראַכט קערנער און ווייצן צו מאָלן זייערע תבואות און אַהיים־געפאָרן צופרידן.

## די מיל באַלייכט קלאָבוצק

ווי אין אַלע שטעטלעך אין יענער צייט איז אויך אין קלאָבוצק קיין עלעקטרישע באַלייכטונג נישט געווען. אין די אָוונט־שעהן איז מ׳געזעסן ביי נאַפט־לאָמפּן. אַזוי ווי די מיל האָט געהאַט אַ גרויסן דינאַמאָ־מאָטאָר, האָבן די בעלי־בתים פון דער מיל, מיין פאָטער מיטן פעטער משה זיגעלבוים, באַשלאָסן איינצופירן עלעקטרישע באַלייכטונג אין שטעטל.

אין יאָר 1918 האָבן מיר צוגעשטעלט עלעקטרישע באַלייכטונג פאַר דער קלאָבוצקער באַפעלקערונג. מ׳האָט איבעראַל אַוועקגעשטעלט הילצערנע סלופּעס און געצויגן דראָטן אין אַלע הייזער. איינמאָל אין אַ זומער־טאָג, נאָכן זון אינ־טערגאַנג, איז פּלוצים געוואָרן ליכטיק אין די הייזער. קיין באַזונדערע שאַלטערס אין די שטובן איז נישט געווען, נאָר דאָס אָנצינדן און אויסלעשן איז געקומען דורך דער מיל. די מיל איז געווען דער שר האור און ס׳איז געווען פיין און גוט.

## די שריפה

אין יאָר 1920 איז פּלוצים אויסגעבראָכן אַ שריפה אין דער מיל און דאָס גאַנצע מעל איז אַוועק מיטן רויך. ס׳האָט געברענט דריי מעת־לעת, ווייל דער מיל־לאַגער איז געווען פול מיט תבואות. מיר זענען געבליבן בערום ובחוסר כול אָן אַ גראָשן געלט. און דערצו איז די מיל געווען ווייניק פאַרזיכערט, די פאַרזיכערונג האָט קוים געדעקט אויף אַ ביסל שטיינער מיט נעגל. מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן אויף צוריק אויפצובויען די מיל. אַזוי ווי מיינע עלטערן מיטן פעטער משה זענען געווען באַליבט און געאַכטעט ביי אַלע קלאָבוצקער איינוווינער, סיי ביי יידן, סיי ביי קריסטן — איז מען געקומען צו אונדז און פאַרגעלייגט הילף, מ׳זאָל צוריק בויען די מיל. אויך דער דאַמאָלסדיקער ליבידזער שררה האָט אונדז פאַרגעלייגט געלט־הילף, אַז מ׳זאָל צוריק שטעלן די מיל.

מ׳האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און אין יאָר 1922 איז די מיל צוריק געשטאַנען און אָנגעהויבן צו מאָלן. צוליב טעכנישע סיבות האָט מען נאָך גלייך נישט געקאָנט באַלייכטן דאָס שטעטל. ערשט אין יאָר 1925 האָט מען צוריק אָנגעהויבן צו באַלייכטן קלאָבוצק דורך עלעקטרי.

מיין פאָטער מיט משה זיגלבוים האָבן צוגעזאָגט צו געבן עלעקטרי פאַר דער שול און בית־המדרש אָן שום אָפּצאָל, און זיי האָבן זייער הבטחה מקיים געווען. איך בין געוואָרן דער אינקאַסענט פון דעם אָפּצאָל פאַר עלעקטרי. יעדן

חודש בין איך געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און ס'האָט געהייסן „עלעקטרע־געלט". ס'האָט זיך געפירט אַלץ ווי געהעריק. אין יאָר 1933 האָב איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל, און מיין פאָטער האָט מיך דורך דער צייט באַזוכט אין ארץ.

## דער סוף פון דער יידישער מיל...

ווען ס'איז געקומען דער חורבן און די דייטשן האָבן פאַרנומען קלאָבוצק, האָבן זיי גלייך באַהערשט די מיל, זיי האָבן אַריינגעזעצט אַ דייטש אַלס זייער פאַרטרויונגס מאַן און מיין פאָטער האָבן זיי באַשטימט אַלס אויפזעער אין דער מיל. דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט ביז די דייטשן זענען צוגעטראָטן צו דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פון די קלאָבוצקער יידן.

ס'איז געשאַפן געוואָרן דער לאַגער אין זאַגאָרזש און מ'האָט מיין פאָטער מיט מיינע שוועסטער געשיקט אין לאַגער. דער פעטער משה מיט דער פרוי זענען אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן. זיי זענען אומגעקומען פון הונגער און פון קעלט.

נאָך דער מלחמה איז מיין לעבן־געבליבענע שוועסטער רחל געקומען קיין קלאָבוצק. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער מיל האָבן געבאַלאַבאַטעוועט פרעמדע, דער גאַנצער בעל הבית איז געווען אַ געוועזענער אַרבעטער ביי אונדז מיטן נאָמען מאַטינסקי. רחל האָט געפאָדערט צוריק די מיל. דער נייער „באַלעבאָס" האָט געזאָגט, אַז די מיל איז זיינע. מיין שוועסטער האָט זיך געווענדעט צו טשענסטאָכאָווער געריכט און נאָך גרויסע שוועריקייטן האָט זי קוים באַקומען איר טייל פון דער מיל צוריק. זי האָט איר טייל פאַרקויפט צו אַ צווייטן קריסט און איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן, ווייל דער קריסט מאַטינסקי האָט איר דערפאַר געדראָט מיט טויט.

# אנטיסעמיטיזם אין קלאבוצק

פישל פייגע

## רוצחישע אנפאלן אויף יידן

פון די יינגסטע יאָרן אָן געדענק איך ווי מ׳פלעגט אין שטעטל דערציילן וועגן גזלנים, מערדער, וואָס זענען אויף די וועגן באַפאַלן קלאָבוצקער יידן און זיי דערהרגעט. מיט אימה פלעגן מיר קינדער זיך צוהערן צו די דאָזיקע מעשיות. שפּעטער האָב איך זיך איבערגעצייגט, אַז דאָס זענען נישט סתם קיין מעשיות, נאָר טאַקע רציחות, וואָס גויישע גזלנים האָבן אויסגעפירט איבער יידן. איך וועל דאָ דערמאָנען אייניקע פון אַזעלכע רציחות, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון.

אין אונדזער הויז ביי דער מיל האָט געוווינט אַ ייד יעקב כאַדע. אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין פּרנסה, האָט ער זיך מיטן בני בית אַריבערגעצויגן אין דאָרף בוכאַווע, ווו זיין פאָטער האָט געהאַט אַ מיל און אַ טאַרטאַק.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אַ פינצטערער נאַכט זענען אַ באַנדע גזלנים באַפאַלן דאָס הויז פון דער משפחה כאַדע און האָבן דערהרגעט יעקב כאַדע מיט זיין פאָטער און שווער פאַרווונדעט יעקב צוקערמאַנען, דעם געוועזענעם מקווה׳ניק.

*

יצחק טשוכנע, אַן עלטערער ייד, איז געגאַנגען אין דאָרף איינהאַנדלען אַ פעלעכל, אַ קעלבל, אַביסל אייער, הינער במקח. צוויי קלאָבוצקער שקצים זענען אים נאָכגעגאַנגען ביז אין וואַלד, וועלכן מ׳האָט גערופן „מקום־וואַלד" אָדער „מאָקרע וואַלד". דאָרט זענען די שקצים באַפאַלן דעם ייד, אים דערהרגעט און צוגענומען די פּאָר קערבלעך (רובלס — דעמאָלטדיקע רוסישע וואַליוטע) און אַראָפּגעצויגן פון אים די שטיוול.

דער מאָרד איז אַנטדעקט געוואָרן. די מערדער — קארקוטיק און אלבערט, זענען געמשפּט געוואָרן. נאָכן אָפּזיצן דעם טערמין, זענען זיי אַהיימגעקומען.

אַלבערט איז אין אומאָפּהענגיקן פּוילן געוואָרן אַ פּאָליציאַנט, אַ היטער פון גערעכטיקייט...

*

פון טשענסטאָכאָווער מאַרקטאָג זענען אַהיימגעקומען קלאָבוצקער פערד־סוחרים. אויף דער בריק צווישן גראַבווקע און עלגאָטא זענען זייערע פורן פאַרהאַלטן געוואָרן פון צוויי פּאָליאַקן, וואָס האָבן אַלץ איבערגענישטערט. איינער פון די סוחרים, יצחק זאַקס, האָט זיך געהאַט פאַרשפּעטיקט און אָנגעקומען דער לעצטער. עס איז שוין געהאַט צוגעפאַלן די נאַכט און די צוויי רוצחים האָבן דערשאָסן זאַקסן. קיין געלט האָבן זיי ביי אים נישט צוגענומען און די פור מיטן טויטן קערפּער געטריבן אין שטאָט אַריין.

*

אין דאָרף אָסטראָוו האָט געוווינט וואָלף אייזנער, אַ געבוירענער קלאָבוצקער. רוצחים זענען באַפאַלן זיין הויז און אים דערמאָרדעט.

*

אַן אויסטערלישע געשיכטע האָט געטראָפן מיט דעם בהמות־הענדלער יעקב רייבער, וואָס האָט געוווינט אין קאַמיק. ווי דער שטייגער איז געווען האָט ער די בהמות איינגעקויפט אין די דערפער און על פּי רוב זיך געפונען אונטערוועגס.

איינמאָל האָט אים אין וואַלד באַגעגנט דער דעמאָלט באַוווּסטער וואַלד־גזלן — סלאָמטשינסקי, וואָס איז יאָרן לאַנג געזוכט געוואָרן פון דער פּאָליציי. מ'האָט אים נישט געקאָנט כאַפּן, ווייל, ווי מ'האָט דערציילט, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הייל טיף אונטער דער ערד. פון צייט צו צייט האָט ער געשיקט דראָונגס־בריוו צו די רייכע סוחרים און צו פּריצים מיט דער פאָדערונג אָוועקצולייגן גרויסע סומעס געלט אויף אַ באַשטימטן אָרט אין וואַלד. אויב נישט וועט ער זיי דערשיסן.

ווען סלאָמטשינסקי האָט דערזען דעם ייד, האָט ער אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט וווּהין ער גייט. רייבער האָט געענטפערט, אַז ער גייט אין דאָרף, ווו אַ פּויער האָט אים באַשטעלט, אַז ער זאָל קומען קויפן אַ קעלבל. דערביי האָט דער איבערגעשראָקענער ייד אַרויסגענומען זיין אָרעם געלט און געוויזן דעם גזלן. סלאָמטשינסקי האָט אים געפרעגט צי ער האָט נישט מער קיין געלט.

ווען ער האָט באַקומען אַ תשובה, אַז ניין, האָט דער גזלן אַרויסגענומען געלט און געגעבן דעם ייד, ער זאָל קאָנען קויפן אַ קו, ווייל פון אַ קעלבל קאָן מען נישט האָבן קיין פּרנסה...

ווען גזלן סלאָמטשינסקי האָט מען געזאָגט, אַז ער באַראַבעוועט נאָר רייכע. ווען ער טרעפט אָן אָרעמען יידישן דאָרפס־גייער, גיט ער אים נאָך צו געלט, אַז ער זאָל קאָנען אַרויסשלאָגן זיין פּרנסה.

סוף כל סוף איז דער בהמות־הענדלער יעקב רייבער אומגעבראַכט געווואָרן דורך רוצחים. וועגן זיין טויט האָט מען דערציילט:

אין איינעם אַ טאָג איז ער אַוועק פון זיין היים און איז נישט צוריקגעקומען צו דער באַשטימטער צייט. עס זענען אַדורך טעג און וואָכן — מ׳הערט נישט, מ׳זעט נישט. די פרוי און קינדער וויינען און קלאָגן. מ׳זוכט אים אויף אַלע וועגן און עס איז נישט פאַראַן אפילו קיין שפור פון אים.

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער קלאָבוצקער רב, הרב יצחק חנוך זצ״ל געשיקט רופן צו זיך עטלעכע יידן פון זיינע מקורבים. ווען זיי זענען געקומען האָט דער רב זיי מודיע געווען, אַז ס׳האָט זיך אים געחלומט אַ חלום — יעקב רייבער איז דערהרגעט געוואָרן און ליגט אין וואַלד אויף אַ באַשטימטן אָרט צוגעדעקט מיט צווייגלעך. דער רב האָט זיך געוואָנדן צו די מקורבים, זיי זאָלן רופן נאָך יידן און צוזאַמען זאָל מען גיין אין וואַלד אויף דעם און דעם אָרט, ווו מ׳וועט אָפּגעפינען דעם הרוג.

דער קלאָבוצקער רב האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט אָנגעזען דעם וואַלד, אָבער זיין וואָרט איז פאַר אַלעמען געווען הייליק. די יידן זענען אַוועק אויף דעם אָרט, ווו דער רב האָט אָפּגע׳משל׳ט און דאָרט האָט מען טאַקע געפונען יעקב רייבערן אַ דערמאָרדעטן.

*

ביי הערש שפערלינג האָט געוווינט אַ ייד. מ׳האָט אים גערופן דער גרויסער אליהו. קיין גביר איז ער נישט געווען. ער האָט געלעבט פון דאָרף־האַנדל, געהאַט אַ געליימטע, קראַנקע פרוי און קליינע קינדערלעך. געשטאַמט האָט ער פון דאָרף מיעדזינע און דאָרט האָט ער געהאַנדלט.

איינמאָל איז ער אַוועק אויפן דאָרף און מער נישט צוריקגעקומען. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אים געפונען אַ טויטן. די געליימטע אלמנה האָט זיך שפּעטער מפרנס געווען פון אַ קליינעם האַנדל מיט גרינצייג, וואָס זי האָט געפירט פאַר דער טיר פון איר וווינונג.

אין דאָרף פאסיידאָווקע האָט געוווינט א ידישער שררה מיטן נאָמען שידלאָווסקי. אין איינער אַ נאַכט זענען באַנדיטן באַפאַלן זיין הויז. די באַנדיטן האָבן אָבער נישט באַהערשט אַלע צימערן. די משפחה־מענטשן האָבן גענומען שרעקלעך שרייען. די אָנפאַלער האָבן זיך דערשראָקן און אַנטלאָפן. זיי האָבן אָבער באַוויזן צו צעשטעכן דעם שררה.

דער יידישער שררה האָט באַלד אויפן צווייטן טאָג פאַרלאָזט דאָס דאָרף און זיך אַריבערגעצויגן קיין קלאָבוצק. ער האָט געוווינט ביי אונדז אין הויז ביי דער מיל.

*

אַזוי זענען יידן אין אונדזער געגנט געווען אויסגעשטעלט אויף סכנות נפשות, נישט זיכער מיטן לעבן. אין די לעצטע יאָרן זענען די יידן פון דער סביבה אַוועק פון די דערפער און זיך באַזעצט אין קלאָבוצק. בלויז אין דאָרף מיעדזינע האָבן נאָך געוווינט יידן.

די אַלע אויבנדערמאָנטע הרוגים זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל אויפן קלאָבוצקער בית־הקברות.

יעקב שפּערלינג

# ענדעקישער טעראָר און בויקאָט אויף יידן

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען אין פּוילן האָט זיך געשטאַרקט דער אַנטי־סעמיטיזם, האָט עס אויך נישט אויסגעמיטן קלאָבוצק. בראש פון דער ענדעקיש־אַנטיסעמיטישער באַוועגונג *) איז קלאָבוצק איז געשטאַנען די דאָרטיקע פּוילישע „אינטעליגענץ": דער רעיענט בוגאַנסקי, דער אַפּטייקער, אַ פּוילישער דאָקטאָר און די גלחים. די ענדעקעס האָבן ווי אומעטום אין די פּוילישע שטעטלעך געהאַט אַ ספּעציעלע גרופּע פון כוליגאַנעס, שלעגער־שקצים, „באָיוווקע", וואָס האָט אויסגעפירט כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף יידן. בראש פון דער גרופּע איז געשטאַנען אַ הינקנדיקער פּאָליאַק, וואָס האָט געאַרבעט אין דער מיל.

אין פּורים, אין יאָר 1933, זענען די כוליגאַנעס באַפאַלן אַ גרופּע יידישע יונגעלייט, וואָס זענען אַרויס פון דער וווינונג פון משה שמולעוויטש, ווו זיי האָבן פריילעך פאַרבראַכט דעם אָוונט. דריי יידן: אהרן שמולעוויטש, דוד ציגעלמאַן און וואָלף קירצבאַרט, זענען שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אויף זייערע הילפּס־רופן זענען זיך צונויפגעלאָפן יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט ראַטעווען די פאַרוווּנדעטע, וועלכע האָבן געשוועבט צווישן לעבן און טויט.

מ'האָט די פאַרוווּנדעטע אָפּגעפירט אין שטאָטישן שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דעם אָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען דער כוליגאַנישער אָנפאַל. די קריסטלעכע שפּיטאָל־אויפזעער האָבן נישט געוואָלט אויפנעמען די פאַרוווּנדעטע יידן, ווייל עס מוז זיין דערויף די הסכמה פון דאָקטאָר, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון הייל־אַנשטאַלט. אויך דער דאָקטאָר וואָיטשיק, אַליין אַן „ענדעק", האָט אַפילו נישט געוואָלט אויפמאַכן די טיר (עס איז געווען נאָך האַלבער נאַכט). עס האָט נישט געהאָלפן קיין קלאַפּן און אַלאַרמירן — דער דאָקטאָר איז געבליבן „טויב".

עס איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה, ווי צו טעלעפאָנירן קיין טשענסטאָכאָוו און בעטן הילף. פון טשענסטאָכאָוו איז באַלד אָנגעקומען ד"ר גייסלער און נאָכן דערטיילן די ערשטע הילף, האָט ער פאַראָרדנט אָפּ־

---

*) „ענדעקעס" — פון די ראשי־תבות נ. ד. („נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ": „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן". אַ רעאַקציאָנערע פּוילישע פּאַרטיי, וואָס האָט, פּונקט ווי דער דייטש־היטלערישער „נאַציאָנאַל סאָציאַליזם", באַזירט איר פּראָגראַם אויף דער אויסראָטונג פון יידן.

צופירן די פארוווּנדעטע אין טשענסטאָכאָווער שפּיטאָל. צוויי פאַרוווּנדעטע האָבן זיך געהיילט לאַנגע וואָכן. דוד ציגעלמאַן איז אַרויס אַ געזונטער און אהרן שמולעוויטש איז געבליבן אַן אינוואַליד.

דעם כוליגאַנישן אָנפאַל און דעם דאָקטאָרס אַנטיסעמיטישע און אַנטי־עטישע האַנדלונג האָב איך באַשריבן אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער טשענסטאָ־כאָווער צייטונג „די צייט". איך האָב פאַראורטיילט די האַנדלונג פונעם דאָקטאָר, וואָס איז אין סתירה צו יעדער הומאַניטעט און צו דער מעדיצינישער עטיק. דעם דאָקטאָר וויטשיק האָט די קאָרעספּאָנדענץ שטאַרק געטראָפן און ער האָט „איינגעלייגט וועלטן", אַז די צייטונג זאָל אָפּדרוקן אַ הכחשה. פאַרשטענד־לעך, אַז איך האָב נישט געוואָלט אָפּלייקענען דעם אמתן פאַקט און דאָ איז ר' משה זיגעלבוים, דער ראַטמאַן פון קלאָבוצקער שטאָטראַט, געקומען צוהילף דעם דאָקטאָר.

ר' משה זיגעלבוים, וואָס איז געווען באַפריינדעט מיט מיין פאָטער, אויך אַ ראַטמאַן, איז געקומען צו אים און אים געבעטן, אַז ער זאָל ווירקן אויף זיין זון, ער זאָל געבן אַ הכחשה אין דער טשענסטאָכאָווער יידישער צייטונג. אָבער אויך מיין פאָטער האָט אויף מיר נישט געקאָנט ווירקן איך זאָל פאַר־עפנטלעכן אַזאַ בריוו. דעמאָלט האָט ר' משה זיגעלבוים אין זיין נאָמען פאַר־עפנטלעכט אַ הכחשה און אַזוי אַרום ריינגעוואַשן דעם אַנטיסעמיטישן דאָקטאָר.

דער יידישער ראַטמאַן האָט ביי דער דאָזיקער טאַט געהאַט זיין כונה — נישט צערייצן די גוים. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דער טעראָר און בויקאָט־אַקציע קעגן יידן האָט פאַרכאַפּט אויך אונדזער שטעטל.

*

**שלמה בירנבוים**, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דעם דאָזיקן כולי־גאַנישן אָנפאַל שרייבט אין זיינע זכרונות:

איך בין געווען אַ חבר אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה". פון דאָרט בין איך מיט אַ גרופּע חברים אַוועק אין „התאחדות", וואָס האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע ציוניסטישע טעטיקייט און פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק פון עטלעכע טויזנט ביכער. איך בין אויסגעוויילט געוואָרן אין „התאחדות"־קאָמיטעט.

אין אָקטאָבער 1938, פרייטיקצונאַכטס, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ וויכטיקע זיצונג, וואָס האָט געדויערט ביז 12 ביינאַכט. ווען מיר זענען פון דער זיצונג אַרויס אויפן גאַס, זענען מיר באַפאַלן געוואָרן פון שקצים, וועלכע האָבן אונדז

מערדערלעך געשלאָגן. עס זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן: אהרן שמולעוויטש, אהרן ציגעלמאַן, דוד ריפשטיין, דוד יוסף זייבעל, שימשע זיידמאַן און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות. אַמערסטן האָט געליטן אהרן שמולעוויטש, וואָס איז פאַרבליבן אַן אינוואַליד.

דער כוליגאַנישער אַנפאַל האָט אַרויסגערופן אַ מהומה צווישן די יידן אין שטעטל. אויף צומאָרגנס, שבת, איז געווען אַ תשעה־באב־שטימונג. די פאַרוווּנדעטע האָבן זיך געפונען אין שפּיטאָל. ווי נאָר מיר זענען געזונט געוואָרן, האָבן מיר זיך ווידער גענומען צו דער טעטיקייט אין „התאחדות" און זי געפירט ביז סעפּטעמבער 1938, ווען די דייטשע האָרדעס זענען באַפאַלן פּוילן.



יעקב שפּערלינג

# פּאָגראָם־שרעק אין קלאָבוצק

אין די יאָרן 1936—1937 האָבן, ווי באַוווּסט, זיך געשטאַרקט די פּאָגראָם־אָנפאַלן אויף יידן אין פּוילן. אַזעלכע אָנפאַלן זענען פּראָוואָצירט געוואָרן דורך געשלעגן, וואָס זענען מכלומרשט פאָרגעקומען צווישן יידן און פּאָליאַקן. די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס אין קלאָבוצק האָבן געגרייט אַ פּאָגראָם אויף יידן אין אַ ברייטערן פאַרנעם, אויסנוצנדיק דעם געשלעג צווישן יידישן קצב און אַ פּאָליציאַנט אין בריסק, בעת וועלכן דער פּאָליציאַנט איז געהרגעט געוואָרן. גראָד איז דער פּאָליציאַנט געווען אַ קלאָבוצקער, פון אַ באַרימטער משפחה פון יידן־שונאים, וועלכע מ'האָט גערופן די „קענדזשאַרעס".

גלייך נאָך דער מעשה בריסק, האָבן אין אַ פּרייטיקצונאַכטס זיך אָנגעהויבן כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף יידן. די כוליגאַנעס האָבן אויסגעהאַקט די שויבן אין די יידישע הייזער. אויף צומאָרגנס שבת, ווען יידן זענען געווען ביים דאַוונען אין די שולן און „שטיבלעך", האָבן די ענדעקעס זיך גרופּירט ביים „קאָשטשאָל" און פון דאָרט מיט די שקצים „קענדזשאַרעס" בראש, באַוואָפנט מיט מעסערס, גענומען מאַרשירן צו דער שול. די יידן האָבן באַצייטנס זיך דערוווּסט פון דער דאָזיקער סכנה און זיך צעלאָפן יעדער אין זיין היים. די כוליגאַנעס האָבן באַוויזן מיט שטיינער צעצעשלאָגן עטלעכע יידן. די יידן האָבן

זיך אויסבאַהאַלטן אין די שטובן און אַ גאַנצן שבת זיך נישט באַוויזן אויף דער גאַס.

דער דעמאָלטדיקער ראַש הקהל — מיין פאָטער ר׳ ברוך שפּערלינג (געגנויער וועגן זיין טעטיקייט זע ז״ז 170—176) איז נישט געקוקט אויף די סכנות נפשות אַוועק אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט און געפאָדערט צו באַשיצן דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די פּאָליציי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן וועלכע עס איז הילף מיט דעם אויסרייד, אַז זיי זענען נישט אימשטאַנד צו באַהערשן די צעבושעוועטע באַנדעס. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק צו אַלאַרמירן הילף פון נאָענטן טשענסטאָכאָוו.

ר׳ ברוך שפּערלינג האָט דערפילט די אחריות, וואָס ער האָט געטראָגן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג און מיט זיין מאַשין איז ער גלייך אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו צו דער קרייז־פּאָליציי. דאָרט האָט ער קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט צו שיצן די יידישע באַפעלקערונג פון קלאָבוצק קעגן די פּאָגראָם־אָנפאַלן. זיין אינטערוועניץ האָט געהאַט דערפאָלג. דער קרייז־פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט אַראָפּגעשיקט עטלעכע מאַשינען מיט באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן אין שטאָל־העלמען. זיי האָבן פּאַטרולירט איבער די גאַסן, טאָג און נאַכט, און איינגעשטעלט די אָרדענונג. די אָנפירער פון די באַנדעס זענען געוואָרן אַרעסטירט און יידן האָבן שוין געקענט זיך צוריק באַווייזן אין גאַס.

די טשענסטאָכאָווער פּאָליציי איז אַוועק. יידן האָבן מורא געהאַט פאַר נייע אָנפאַלן און נישט געלאָזט פאַרגלאָזן די אויסגעהאַקטע פענצטער, נאָר פאַרקלאַפּט זיי מיט ברעטלעך. די פאַרקלאַפּטע פענצטער האָבן געמאַכט אַ מורא־דיקן איינדרוק. עס האָט אויסגעזען ווי אַ שטומער פּראָטעסט קעגן דער פּוילישער מאַכט. דער בורמיסטזש (בירגערמייסטער) האָט גערופן צו זיך דעם ראש הקהל, ר׳ ברוך שפּערלינג, און געפאָדערט פון אים, אַז ער זאָל ווירקן אויף די יידן, זיי זאָלן אַוועקנעמען די ברעטלעך און פאַרגלאָזן די פענצטער. דער ראַש הקהל האָט צוגעזאָגט צו ווירקן אויף די יידן אין דער ריכטונג, אָבער נאָר מיט איין תנאי: די פּאָליציי זאָל געטויטשט ווערן און דער יידישער באַפעלקערונג זאָל געזיכערט ווערן די רו. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט זיך אַרויסגעדרייט פון געבן אַ קלאָרע תשובה.

מיין פאָטער צוזאַמען מיטן רב זענען אַוועק קיין וואַרשע און ביי דער מיטהילף פון יידישע דעפּוטאַטן זענען די צוויי רעפּרעזענטאַנטן פון די קלאָבוצ־קער יידן אויפגענומען געוואָרן דורכן דעמאָלטדיקן פּרעמיער־מיניסטער פון

דער פּוילישער רעגירונג, סלאַוואָי סקלאַדקאָווסקי, וועלכער איז באַקאַנט געווען מיט זיין „אָוושעם“־פּאָליטיק לגבי יידן, וואָס עס האָט באַדייטעט אויפן פּאָליטישן לשון — באַזייטיקן יידן פון פּוילישן ווירטשאַפטלעכן לעבן, צונעמען ביי זיי די פּרנסות — „אָוושעם“, דאָס איז דערלאָזבאַר, אָבער נישט מאַכן קיין פּאָגראָמען אויף יידן. סקלאַדקאָווסקי האָט נישט אַזוי געוואָלט שיצן די יידן פון פּאָגראָמען, ווי ער האָט מורא־געהאַט, אַז די אומרועןן זאָלן זיך נישט אויסברייטערן אויך קעגן דער רעגירונג.

ווי עס זאָל נישט זיין, די אינטערווענץ פון רב און פון ראש הקהל ביי סקלאַדקאָווסקין האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן: דער קאָמענדאַנט פון דער קלאָבוצקער פּאָליציי איז געוואָרן געטוישט. דער נייער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז געווען אַ מער ליבעראַלער מענטש. באַלד ביי זיין אָנקומען האָט ער פאַרזיכערט די יידישע פאָרשטייער, וואָס זענען געקומען אים באַגריסן, אַז די יידישע באַפעלקערונג וועט באַשיצט ווערן קעגן כוליגאַנישע אָנפאַלן. אויף זיין בקשה האָט מען גערופן די יידן אין שול און דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט צו זיי גערעדט און פאַרזיכערט, אַז ווי לאַנג ער וועט זיין אין קלאָבוצק, וועט אין שטעטל הערשן רו און אָרדענונג.

דער נייער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט איינגעפירט נאַכט־פּאַטרולן פון דער פּאָליציי, וואָס האָבן דורך די נעכט געהיטן דאָס שטעטל. עס איז געוואָרן רואיק. דער ראש־הקהל ר׳ ברוך שפּערלינג האָט דעמאָלט זיך געוואָנדן צו די יידן זיי זאָלן אַראָפּנעמען די ברעטלעך פון די פענצטער און לאָזן אַריינשטעלן שויבן. יידן האָבן געפאָלגט און דאָס שטעטל האָט צוריק באַקומען זיין נאָרמאַלן אויסזען.

*

נאָך דער פּאָגראָם־אַקציע האָבן די קלאָבוצקער „ענדעקעס“ גענומען דורכפירן סקלאַדקאָווסקיס „אָוושעם“־פּאָליטיק. זיי האָבן אָנגעהויבן אַגיטירן די פּאָליאַקן נישט צו קויפן ביי יידן. ביי יידישע קראָמען זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן „פּיקעטניקעס“. דאָס אייגענע אויך אויף די מערק בעת אַ מאַרק־טאָג. די „פּיקעטניקעס“ האָבן די פּויערים און סתם קריסטן נישט געלאָזט אַריינגיין אין אַ יידישער קראָם אָדער האָבן אַ קאָנטאַקט מיט אַ יידישן הענדלער. בעת אַ מאַרק־טאָג האָבן די „פּיקעטניקעס“ פון פאַרטאָג אָן זיך צעשטעלט אויף די וועגן און געשריגן צו די פּויערים: „ניע קופּטשע או זשידוּוו“ (קויפט נישט

ביי יידן). די יידן פון קלאָבוצק, וואָס זענען געפאָרן אויף מערק האַנדלען האָבן אויף די וועגן באַקומען געשלאָגן און געוואָרן באַוואָרפן מיט שטיינער.

צו דער דאָזיקער אַנטיסעמיטיש־כוליגאַנישער טעטיקייט איז נישט געווען קיין עצה. דער ווירטשאַפטלעכער בויקאָט אויף יידן, אַפילו באַגלייט מיט „קליינע” כוליגאַנישע אָנפאַלן, איז פון דער סקלאַדקאָווסקי־מאַכט נישט געשטערט געוואָרן. מ׳האָט דעריבער געמוזט געפינען אַן אַנדער מיטל, וויאַזוי צו העלפן יידן זיי זאָלן נישט פאַרלירן די פרנסות.

ר׳ ברוך שפערלינג, דער ראש הקהל, האָט זיך דערטראַכט צו אַזאַ מיטל: ער האָט זיך דערוווּסט ווער עס איז דער פירער פון דער דאָזיקער אַנטי־יידישער אַקציע און באַשלאָסן אים אונטערצוקויפן. דער פירער איז נעמלעך געווען דער פוילישער אָנגעשטעלטער אין דער יידישער מיל — מייער, אַ הינקענדיקער גוי, אַ בלוטדורשטיקר אַנטיסעמיט, וואָס איז בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געוואָרן אַ פאָלקס־דויטש.

ר׳ ברוך שפערלינג האָט אויסגענוצט אַ פּאַסיקן מאָמענט און זיך געטראָפן מיט דעם פאַרשוין, וועלכער האָט מסכים געווען פאַר אַ באַשטימטער סומע געלט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און די בויקאָט־אַקציע קעגן יידן האָט זיך אָפּגעשטעלט.

~~~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~~~

משה וויינמאַן

# דער סך־הכול פון יידיש לעבן אין קלאָבוצק אין פעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

אין די ערשטע סיים־וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1922, האָבן די קלאָבוצקער יידן זיך מאַסנהאַפט באַטייליקט. אונטערן איינפלוס פון דער פאַרעפנטלעכטער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט אָנערקענט די רעכט פון יידן אויף אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל — האָט דער ציוניסטישער געדאַנק געפונען זיינע אָנהענגער אויך אין קלאָבוצק. די ציוניסטישע ליסטע צו די סיים־וואַלן האָט געהאַט איר פאַרטיידיקער אין דער פערזאָן פון אברהם יאַקובאָוויטש. דאָס ערשטע מאָל אין קלאָבוצק האָט אַ גרויסער עולם זיך דער־לויבט „מורד" צו זיין אין רב.

בעת אַ וואַל־מיטינג פון רעליגיעזן בלאָק, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער גרויסער שול, האָט דער רב אָנגערופן יאַקובאָוויטשן „שייגעץ". יאַקובאָ־וויטש איז נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. עס איז געקומען צו אַ גרויסן סקאַנדאַל. דער שטענדיק־שווייגנדיקער, בכבודער, באַלעבאַטישער אייזנהענד־לער — דוד זיגעלמאַן, וואָס האָט געהאַט זיין שטענדיק זיצאָרט ביי דער מזרח־וואַנט אין דער גרויסער שול, אַרומגערינגלט מיט זיינע זיבן זון — האָט גענומען עפנטלעך אַרויסווייזן זיין קעגנערשאַפט צום רב און צו זיינע פרומע אָנהענגער. דוד זיגעלמאַן מיט זיינע פריינט: משה שמולעוויטש, שלמה מרדכי גרין, איציק דזשאַלאָווסקי און שימשע לינטער, האָבן באַקומען אַן איינפלוס אויף די פשוטע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן נישט באַזונדערס ליב געהאַט די פרומע סוחרים, וועלכע זענען געגאַנגען אין רעליגיעזן בלאָק. אַזוי אַרום האָט זיך ביי די ערשטע סיים־וואַלן צעפלאַקערט אַ מלחמה צווישן רעליגיעזן בלאָק און ציוניסטן.

*

די אויפקלערונגס־טעטיקייט פון די יידישע פראָגרעסיוו־וועלטלעכע פאַרטייען און זייער קולטור־טעטיקייט האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט אַ ווירקונג אין דעם קליינעם קלאָבוצקער יידישן ישוב. אַ שטאַרקע השפעה האָט אויך געהאַט דאָס נאָענטע יידישע טשענסטאָכאָוו. אין טראַכטן פון קלאָבוצקער יידן איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש. מ'האָט אויפגעהערט

זיך שעמען מיטן בעל־מלאכה און דער בעל־מלאכה האָט אויפגעהערט צו זוכן בית־מדרש־בחורים אַלס חתנים פאַר זיינע טעכטער. אויך חסידישע עלטערן האָבן זייער אונטערגעוואַקסענע קינדער געשיקט לערנען אַ פאַך.

די צאָל פון בית־מדרש־בחורים און לומדים האָט זיך פאַרקלענערט און צווישן די, וואָס האָבן נאָך געלערנט, האָבן זיך אָנגעהויבן „אַריינגנבענען" וועלט־לעכע יידישע ביכער, וואָס מ'האָט געלייענט מתחלת באַהאַלטענערהייט, שפּעטער זענען שוין אַזעלכע בחורים געקומען אין לייען־זאַל און געלייענט ביכער.

דער נייער לעבנסשטייגער פון די קלאָבוצקער יידן, זייער דורשט נאָך קולטור און וויסן, האָט נישט אַריינגעברענגט קיין בעסערונג איך עקאָנאָמישן לעבן. פאַרקערט — נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער ווירט־שאַפטלעכער מצב פון די קלאָבוצקער יידן שטאַרק פאַרערגערט. צום ערשט די אינפלאַציע פון דער מאַרקן־וואַליוטע. שפּעטער — גראַבסקיס שטייער־סיסטעם, וואָס איז בעיקר געווען אַ רויב־צוג אויף די שווער־אויסגעהאָרעוועטע יידישע פאַרמעגנס — האָט שטאַרק פאַראָרעמט די קלאָבוצקער יידן. די קליינע קרעמער און ווייניק־פאַרמעגלעכע סוחרים האָבן פאַרלוירן זייערע קרעדיטן. די מאַרק־פאָרער: קאָנפעקציאָנערן (טאַנדייטער), שניט־סוחרים, היטל־מאַכער, שוסטער אאנ"ד — האָבן וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער געלייזט.

די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַרפלייצט די דערפער און דער־גרייכט קיין קלאָבוצק. די ענדעקישע לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ" („דער היי־מישער צו היימישע"), וואָס האָט באַדייטעט, אַז דער פּאָליאַק דאַרף קויפן נאָר ביי פּאָליאַקן, האָט געשטאַרקט דעם בויקאָט קעגן יידישן האַנדל. די גוטע באַציאונגען צווישן פּוילישע פּויערים און יידן פון קלאָבוצק און אומגעגענט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון צענדליקער יאָרן — איז כסדר געוואָרן פאַרערגערט. די אָרטיקע פּויערים, וואָס האָבן פון שטענדיק אָן געפירט אַן אָרעם לעבן, זענען אין די צוואנציקער און דרייסיקער יאָרן געהעצט געוואָרן אויף יידן ווי די איינציקע סיבה פון זייער אָרעמקייט.

יידישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געהערט צו דער קאָמוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, האָבן אין די דערפער געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַרן קאָמוניזם: זיי האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן. די פּוילישע רעאַקציאָנערע מאַכט האָט זיי שטאַרק פאַרפאָלגט און עס איז געקומען צו אַ גרויסער יידישער אויסוואַנדערונג פון קלאָבוצק.

די ערשטע עמיגראַציע פון קלאָבוצקער יידן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך

דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. שפּעטער האָט מען אויסגעראָטעט וואַנדערט אין די יאָרן 1912—1913, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, און דער לעצטער עמיגראַציע־שטראָם איז געגאַנגען אין די דרייסיקער יאָרן, ווען עס האָט זיך געשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם. לסוף איז געקומען די דייטשע יידן־אויסראָטונג, וואָס האָט שויך אין קלאָבוצק, ווי אין אַנדערע פּוילישע שטעטלעך געפונען אַ צוגעגרייטן באָדן. עס זענען פאַרפייניקט געוואָרן די קלאָבוצקער יידן און דער ישוב איז אָפּגעמעקט געוואָרן.



# די
# דייטשע אויסראטונג פונעם יידישן קלאבצוק

בערל יאַקובאָוויטש, ישראל

## די ערשטע חדשים אונטער דער דייטשער אקופאציע

### דער וואַנדער־וועג דורך טויט און פאַרניכטונג

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, זענען מיר געווען די לעצטע, וואָס האָבן פאַרלאָזט קלאָבוצק.

ביי אונדז אין שטוב זענען געלעגן די פעק איינגעפּאַקט נאָך פון אינדער־פרי, גרייט צו נעמען זיי אויף די פּלייצעס און אַוועקצוגיין. אונדזער משפחה איז באַשטאַנען פון 4 פּערזאָן: טאַטע, מאַמע, איך און מיין ברודער. זיצן מיר אַזוי פאַרמאַכט ביי אונדז אין הויז, מיין פאָטער, אַן אַלטער סאָלדאַט פון 1914—1918, האָט אונדז דערציילט, אַז עס איז בעסער שטענדיק צו בלייבן אין דער היים, ווי אין פעלד, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז אַרום קלאָבוצק, אין די פעלדער און וועלדער, געפינט זיך פּויליש מיליטער און ער איז געווען זיכער, אַז אויסער דער שטאָט וועט פאַרקומען אַ קאַמף.

עס איז שטיל. דער זייגער איז שוין באַלד פיר. מיטאַמאָל דערהערט מען אַ שטאַרקן אויפרייס. די שויבן זענען אַרויסגעפאַלן, מיר האָבן זיך אַלע דער־שראָקן. מיין מאַמע שרייט געוואַלט, אַז מען זאָל נעמען די פעקלעך און אויך לויפן, ווי אַלע זענען געלאָפן. דער אויפרייס איז געווען פון דער באַן־בריק, וואָס דאָס פּוילישע מיליטער האָט אויפגעריסן. נישט קלערנדיק, האָבן מיר אַלע פיר: טאַטע־מאַמע, איך און מיין ברודער, גענומען די פעק און פאַרלאָזן דאָס הויז. מיין פאָטער קושט די מזוזה עטלעכע מאָל מיט טרערן אין די אויגן, זאָגנדיק דערביי די תפילה „יהי רצון". מיר זענען כמעט געווען די איינציקע מענטשן אין גאַס.

גייענדיק אין גאַס באַטראַכט איך יעדעס הויז באַזונדער. די שויבן זענען אַרויסגעפאַלן, די שטובן ליידיק, עס איז טויט־שטיל. גלייכצייטיק באַמערקן מיר,

ווי די פוילישע „אַבראָנאַ נאַראָדאָוואַ“ *רייסט אויף די געשעפטן ביי יידן. אלס כלים צום אויפרייסן די געשעפטן, נוצן זיי די גרויסע פראַנצויזישע ביקסן און שפּיזן. א סך פון די באַוואָפנטע „נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקער“ ליגן שיכור, אויסגעצויגן אין די ראָוועס און שלאָפן, דאָס געווער אַוועקגעוואָרפן אין דער זייט. און א טייל האַלטן ווייטער אין איין רייסן די יידישע געשעפטן און שלעפּן אַ היים גאַנצע זעק מיט יידיש האָב און גוטס.

מיר זענען געלאָפן אין דער ריכטונג צו קאַמיק, ווו אלע זענען געלאָפן. מיר זענען פאַרביי געגאַנגען דעם יידישן בית־הקברות. מיין פאָטער האָט אַנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף דעם בית־הקברות געזאָגט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלן מקנא זיין די טויטע, ווייל זיי זענען שוין געקומען צו קבר־ישראל, ווייל פאַר אונדז הויבן זיך ערשט אָן פרישע צרות.

לויפנדיק ווייטער אין די זאַמדן, מישן מיר זיך אויס מיט פויליש מיליטער און אויך מיט דער פוילישער באַפעלקערונג מיט געפּעק אויף די פּלייצעס, מיט קליינע קינדער, וועלכע קענען נישט ווייטער גיין, ווייל די כוחות האָבן זיי שוין פאַרלאָזט.

מען האַלט אין איין לויפן, מיר זענען שוין אָנגעקומען קיין קאַמיק. די דייטשן האָבן שוין באַוויזן אַראָפּצוּוואַרפן אַ באָמבע. עס ליגן פאַרוווּנדעטע, טויטע פערד פון מיליטער. מיר לויפן ווייטער, אין דער ריכטונג צו קאַטשין. מיר זענען אָנגעקומען קיין קאַטשין. עס איז פרייטיק פאַרנאַכט, מיין מאַמע האָט טרערן אין די אויגן, זי וויל בענטשן ליכט, אָבער ליידער איז עס נישט מעגלעך. זי זאָגט אונז, אז דאָס איז איר ערשטער שבת, וואָס זי האָט נישט קיין מעגלעכקייט ליכט צו בענטשן. מיין פאָטער איז מקבל שבת און מיר עסן עפּעס. ס'איז שוין פינצטער. מיר זיצן אין קאַטשין שוין אָן ערך א האַלבע שעה. מענטשן האַלטן אין איין גיין אין דער ריכטונג צום דאָרף קלאַמניץ.

7 א זייגער אויף דער נאַכט האָבן מיר אויך גענומען אונזערע פּעקלעך אויף די פּלייצעס און מיר גייען צוזאַמען מיט דעם שטראָם מענטשן, אויסגעמישט מיט פערד, בהמות, חזירים, קאָזעס, הינט. אַזוי גייען מיר די גאַנצע נאַכט. יידן מיט בערד און פאות זענען אין גרויס פחד. אייניקע פאַרבינדן זיך די בערד מיט אַ טיכל, עס זאָל הייסן, אז די ציין טוען זיי וויי.

שבת, זעקס א זייגער אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען קיין קלאָמניץ.

---

* „אָבראָנאַ נאַראָדאָוואַ“ — נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג: האַלב־ציווילע האַלב־מיליטערישע אָרגאַניזאַציע אָפּצוהיטן די מיליטערישע אָביעקטן פון פאַרניכטונג.

אַרום 12 ביי טאָג שטאַרקט זיך די מהומה, מענטשן אַנטלויפן אין פעלד. עס קומען אָן ידיעות, אַז די דייטשן דערנענטערן זיך. מיר נעמען ווידער אונזער געפּעק און לויפן אויך אין פעלד. מ׳שמועסט שוין, אַז דייטש מיליטער איז אַדורכגעפאָרן קלאָמאַניץ און מענטשן גייען שוין ארום אין די גאַסן. מיר האָבן גענומען די פּעק און צוריקגעקומען אין דאָרף.

עס לויפן טאַנקן מיטן דייטשן האָקנקרייץ, עס פליען גאַנצע עסקאַדרעס אעראָפּלאַנען, עס האַלט אין אָנקומען דייטשיש מיליטער.

נישט לאַנג קלערענדיק נעמען מיר ווידער די פּעקלעך אויף די פּלייצעס און מיר הויבן אָן גיין אויף צוריק. עס גייען אַ סך מענטשן. אויף די וועגן גייט דייי־טשיש געפּאַנצערט מיליטער. מיר ווערן יעדע פּאָר קילאָמעטער באַזוכט, אויב מיר האָבן נישט קיין געווער. איידער זיי זענען צוגעטראָטן אונז צו באַזוכן, האָבן זיי אונז געזאָגט: ווער עס האָט ביי זיך געווער, מעסער, ראַזיר־מעסער, זאָל אַרויסגעבן, וועט אים גאָרנישט געשען, אין פאַל אָבער מען וועט ביי אים געפינען איינס פון די אויסגערעכנטע זאַכן, ווערט ער דערשאָסן.

ביז דריי אַ זייגער ביי נאַכט זענען מיר געגאַנגען און אָנגעקומען קיין קלאָבוצק. ביי דער גרויסער פאָלקס־שול ווערן מיר פאַרהאַלטן דורך דייטשיש מיליטער. מיר ווערן אויסגעשטעלט צו דער וואַנט צום שיסן. זיי זאָגן אויף אונז אַז מיר האָבן געשאָסן צו דייטשע זעלנער. מיט טרערן אין די אויגן דערקלערן מיר, אַז מיר ווייסן פון גאָרנישט. זיי האָבן אונז פאַרשלאָסן אין אַ פינצטערן קעלער פון דער שול און די פרויען אויף די שטאָקן. אין קעלער זענען שוין געזעסן עטלעכע יידן און זיי האָבן זיך מיט אונז זייער דערפרייט. אַריינשטופּנדיק אונז אין די קעלערס, באַגלייט מיט קלעפּ פון די ביקסן איבער אונזערע קעפּ, האָבן די דייטשן צו אונז געזאָגט, אַז אַזוי ווי עס וועט נאָר ליכטיק ווערן, אַזוי ווערן מיר דערשאָסן, ווייל אַלע יידן האָבן געשאָסן אויף זייער מיליטער.

## דייטשע זעלנער צינדן אונטער קלאָבוצק

דערווייל האַלט מען אין איין ברענגען אין קעלער יידן, וועלכע זענען צוריקגע־קומען אַ „היים", ביז דער קעלער איז שוין פול. האַלט מען די יידן אין דרויסן. עס ווערט טאָג. מיר זיצן אין שרעק און פּחד. אָט וועט מען אונז באַלד דערשיסן. עס איז זונטיק דער דריטער סעפּטעמבער. עס איז שוין 9 אַ זייגער אין דער פרי. מען עפנט די טיר און מען הייסט אונז אַלע אַהיים גיין. מיר ווערן באַזוכט און ווי שנעל עס איז מעגלעך דאַרפן מיר פאַרשווינדן מיט די הענט אויפן קאָפּ. מיר ווייסן נישט וווהין די פרויען זענען אהינגעקומען. מיר קומען ארויס אין גאַס און זעען דייטשע

זעלנער וואַרפן האַנט־גראַנאַטן אין די הייזער, וואָס רייסן אויף מיט אַ הילך. עס ברענען הייזער, דאָס פייער ווערט באַוואַכט פון דעם דייטשן מיליטער, אז קיינער פון דער ציווילער באַפעלקערונג זאָל נישט צוגיין עפעס נעמען אָדער פרווון צו לעשן.

מיר זענען דאָך בשלום אַהיימגעקומען. די הענט האָבן ווי געטון פון האַלטן זיי אויף דעם קאָפּ. מיין מאַמע האָט זיך שוין אויף אונז נישט געקאָנט דערוואַרטן, זי איז פריער אַהיימגעקומען.

מיר זיצן אין שטוב בערך אַ שעה, קומען צו לויפן דייטשע סאָלדאַטן און שרייען: „אַלע ראַוס אין קירך".

ווידער לויפן מיר מיט די הענט אויפן קאָפּ צו דער קירך. עס זאַמלען זיך מענטשן, עס קומט אַרויס אַן אַלטער מונדירטער דייטש מיט מעדאַלן באַהאָנגען און שטעלט זיך אַרויף אויף דעם טיש, באַוואַכט מיט דייטש מיליטער און הויבט אָן רעדן אויף דייטש. גלייכצייטיק, האָט איינער אַ פּאָליאַק, דאָס אַלץ איבערגעזעצט.

אין זיין רעדע האָט דער דייטש געזאָגט, אַז פון יעצט אָן געפונען מיר זיך אונטער זיין הערשאַפט, ער איז אונזער צייטווייליקער באַלעבאָס. די מענטשן דאַרפן זיך אויפפירן רואיק און אויפנעמען העפלעך דאָס דייטשע מיליטער. און ווער עס האָט געוווּר, זאָל גלייך ברענגען, עס וועט אים גאָרנישט געשען.

דאָס שטעטל האַלט אין איין ברענען. דער אַלטער דייטש גיט אַ באַפעל, אַז אַלע פרויען, קינדער און אַלטע לייט זאָלן אַהיימגיין. די יונגע מענטשן זאָלן גיין ברענגען פעסלעך וואַסער און אַלע כלים וואָס געהערן צו די פייערלעשער און ווי מעגלעך שנעל, אָנהויבן לעשן דאָס פייער.

מיר יונגע יידן, ווערן גלייך צוזאַמענגעשטעלט 5 אין א ריי. באַוואַכט דורך דייטש מיליטער, ווערן מיר צוגעפירט צו דער פייערלעשער שאָפּע. גייענדיק אויפן וועג, כאַפּן די דייטשן נאָך עטלעכע יידן. מיר זענען געווען בערך א דרייסיק יונגנטלעכע. דער וועכטער פון דער שאָפּע האָט אויפגעמאַכט די טויערן, מיר האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין די פעסלעך, אַזוי ווי פערד און מיטנעמענדיק אַלע כלים זענען מיר געפאָרן לעשן דאָס פייער.

5 אַזייגער באַפעלן די דייטשן צוריקצופירן אַלע פייערלעשער־כלים, ווייל עס איז קריגס־צושטאַנד און מען קען נאָר זיין אין גאַס ביז זעקס א זייגער פאַרנאַכט. מיר, די יוגנטלעכע, וועלכע זענען שוין געווען מיד און אויסגעמאַטערט פון דעם וועג, האָבן שוין געדאַנקט גאָט, וואָס מיר זענען שוין פריי געוואָרן פון דער שווערער ארבעט. דאָס פייער האָט אונז די אויגן אויסגעברענט, שוין עטלעכע טעג נישט דערשלאָפן און נישט דערעסן...

צומאָרגנס, האָבן דייטשע זעלנער גענומען כאַפּן יידן צו דער ארבעט. די פּוילישע קינדער האָבן אָנגעוויזן ווו די יידן וווינען, מען יאָגט אַרויס די יידן צו פאַרשיידענע ארבעטן. אַ טייל יידן האָבן שוין נישט ווו צו וווינען, ווייל זייערע היימען זענען אַוועק מיטן רויך. זיי זענען געבליבן נאַקעט און באָרוועס מיט קליינע קינדער. עס האָט זיך גלייך געשאַפן אַ יידישער קאָמיטעט, וועלכער האָט געזאָרגט, אַז אַלע זאָלן האָבן ווו צו וווינען.

יעדן טאָג האָבן די דייטשן ארויסגעשלעפּט יידן צו דער אַרבעט. ביז דער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט, אַז יעדער ייד זאָל גיין דריי אָדער פיר טעג אין דער וואָך אַרבעטן. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט בערך אַ זעקס וואָכן.

עס איז שוין געווען נאָך סוכות און עס האָט גערעגנט. די אַרבעט איז אַלעמאָל געוואָרן שווערער, ווייל די ערד איז געווען ליימיק. ווען עס איז געוואָרן ווינטער, האָט מען געשלעפּט די יידן אָפּצורייניקן די וועגן פונעם שניי. מען האָט יידן פאַרבאָטן צו פאָרן מיט דער באַן. קיין אויטאָבוסן זענען נישט געווען און די פּערד און וואָגנס האָט מען ביי יידן אויך צוגענומען. קלאָבוצקער יידן זענען געבליבן אָן פּרנסה...

## מען טרייבט אויף אַרבעט און די דייטשע אכזריות

נאָך עטלעכע מאָנאַטן דייטשער הערשאַפט, האָבן מיר דערפילט דעם טעם פון דער דייטשער אכזריות. דאָס דייטשע מיליטער האָט אַרויסגענומען פון שול די ספרי תורות און געמאַכט פון זיי פוטער צו זייערע שטיוול. די יידן זענען געווען הפקר מען האָט שוין נישט געהאַט ווער עס זאָל זיך מיט זיי פאראינטערעסירן. די קולטור־בנינים פון די פּאַרטייען מיט זייערע רייכע ביבליאָטעקן זענען פאַרברענט געוואָרן. אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען פאַרשווונדן, די יוגנט איז זיך נישט מער צוזאַמענגעקומען. עס איז געווען פאַרבאָטן עטלעכע מענטשן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין איין שטוב. די יידן האָבן שוין נישט געקענט מער גיין דאַווענען אין שול. באַלד ביי זייער פאַרנעמען קלאבוצק, האָבן די דייטשן געמאַכט פון דער שול א שטאַל פאַר פערד. די שויבן זענען געוואָרן אויסגעהאַקט. דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבן אַרויסצופירן סחורות פון יידישע געשעפטן און אויך לעבנסמיטל.

עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן א פאַראָרדנונג, אז אַלע יידן וועלכע באַזיצן ראָווערן, ראַדיאָס, ראַזיר־מעסערס, פאָטאָ־אפּאראטן, מוזן די זאַכן אָפּגעבן צו דער דייטשער מאַכט, ווען נישט וועט מען ווערן שטרענג באַשטראָפט. ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער, האָבן די יידן אויך געמוזט אָפּגעבן פאַר די

דייטשן זייערע פעלצן. יעדע פּאָר טעג זענען ארויס פרישע גזירות פאַר יידן: ווער עס האָט מעשענע קלאמקעס, לייכטער, קופּערנע געפעס, בליי, צין, — מוז אָפּליפערן צו דער דייטשער מאַכט. ווען מען וועט עפּעס פון די אויסגערעכנטע זאַכן געפונען, ווערט דער עלטסטער פון הויז דערשאָסן. זילבער־געלט, אויך פון פאַרן קריג, אין אַלע גרייסן, מוזן אויך ווערן אוועקגעגעבן.

דער דלות האָט אָנגעהויבן צו פייפן ביי די יידן. דער ווינטער איז געווען אַ שווערער. יידן האָבן נישט געקענט באַקומען קיין קוילן צום הייצן. אַ באַקאַנטמאַכונג האָט געמאָלדן, אַז פאַר זילבער־געלט קענען יידן באַקומען האָלץ פון וואַלד. טאָג אויס טאָג איין האָט מען גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט געאַרבעט ביים פאַרריכטן די וועגן, מען האָט אַראָפּגעלאָזט גאַנצע וועלדער און דאָס געהילץ אָפּגעפירט צו דער באַן, אויפגעלאָדן אויף די וואַגאָנען און די דייטשן האָבן עס אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

דער זומער איז געקומען, און יידן האָבן אַלץ געמוזט גיין צו דער אַרבעט. מיר זענען געפּייניקט געוואָרן פון הונגער און קלעפּ. די פּאָליאַקן האָבן זיך געפרייט, אַז יידן אַרבעטן שווער.

מיר האָבן איינמאָל אָנגעלאָדן גרויסע וועגן מיט שטרוי אין זאגאזשער הויף. מיר זענען געווען בערך א פערציק מאַן. ווען 4 וועגענער זענען שוין געווען גוט אָנגעפּאַקט מיט שטרוי, האָבן די דייטשן געברענגט שטריק און איינגעשפּאַנט אין יעדן וואָגן צו 10 יידן, אַזוי האָבן מיר געמוזט שלעפּן די וועגענער מיט שטרוי איבער דעם גרויסן באַרג, צווישן זאגאזש און קלאָבוצק. נישט קענענדיק שלעפּן, האָבן מיר געקריגן געשלאָגן מיט די ביקסן, ביז מיר האָבן דערשלעפּט קיין קלאָבוצק.

דעם גאַנצן זומער האָבן מיר געאַרבעט אָן אויפהער ביי אַלע שווערע ארבעטן. יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן אויף זיין ברוסט דעם געלן מגן־דוד צייכן, וואָס אינמיטן איז געווען אויסגענייט מיט שוואַרצע בוכשטאַבן: „יודע״.

אין שטעטל האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז מען וועט אַלע יידן, ארויסשיקן פון קלאָבוצק. עס האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים, יידן דאַוונען נישט מער בציבור, נאָר פאַר זיך, אינדערהיים. ווען מיין פאָטער פלעגט אָנטאָן דעם טלית און תפילין, פלעג איך שטיין פאַרן טויער און אַכטונג געבן, צי עס גייען נישט קיין דייטשן. אַזוי פלעגן אַלע יידן תפילה טאָן ביי זיך אין שטוב, מיט טרערן אין די אויגן.

מיט אַמאָל הערט מען א פרישע גזירה: פון יעדער שטוב מוז איינער אָדער צוויי פאָרן קיין דייטשלאַנד אַרבעטן פון צוויי ביז זעקס חדשים. מיר האָבן גלייך

פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן שוין פון דאָרט נישט מער צוריקקומען. אָבער די דייטשן מיט זייערע זיסע צוזאָגן, אַז מיר וועלן אין צוויי חדשים אַרום צוריקקומען און אַנדערע וועלן אונז פאָרן פאַרבייטן, האָבן געווירקט און א סך זענען אפילו געפאָרן פרייוויליק.

גלייך מיט דער גזירה, האָבן די דייטשן געמאָלדן דעם יידישן קאָמיטעט, אַז זיי מוזן צושטעלן 140 יידן אין עלטער פון 18 — 30 יאָר. אויב עס וועט נישט זיין די צאָל מענטשן, וועלן זיי אַלע יידן אַרויסשיקן אין „גענעראַל־גוווערנעמענט", ווייל קלאָבוצק האָט געהערט צום דריטן רייך. מיר האָבן שוין געוווּסט וואָס דאָס הייסט אַרויסשיקן אַלע יידן אין איין געטאָ, ווייל פון לאָדזשער געטאָ זענען אָנגעקומען ביטערע ידיעות צו אונז קיין קלאָבוצק. ווי שווער און ביטער, אין נויט און קעלט יידן האָבן געלעבט אין קלאָבוצק, זענען דאָך געווען יידישע הערצער. מען האָט געזאַמלט לעבנסמיטל און אָנטועכץ און געשיקט קיין לאָדזש. אָבער צי די יידן אין לאָדזש האָבן עס דערהאַלטן, דאָס ווייסן מיר נישט.

### דער טאַטע וויל זיך מקריב זיין פאַר דער גאַנצער משפחה

ביי אונז אין שטוב זענען מיר געזעסן גאַנצע אָוונטן און געקלערט וואָס צו טאָן. מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער וועט פאָרן, און ער וועט זיך מקריב זיין פאַר דער גאַנצער משפחה, אַלע דאַרפן בלייבן אין דער היים.מיין פאָטער איז דאַמאָלט אַלט געווען 52 יאָר און איז דערצו געווען געבראָכן איןביידע זייטן. ער האָט געגלויבט, אַז מען וועט אים אַ היים שיקן. מיין יינגערער ברודער, וואָס איז דאַן אַלט געווען 17 יאָר האָט געטענה'ט, אַז ער וויל זיך מקריב זיין פאַר דער גאַנצער משפחה, ער וויל ברענגען דעם קרבן פאַר אונז. ווייל ער האָט געגלויבט, אַז מען וועט אים צוריק אַ היים שיקן, ווייל ער איז נאָך נישט אַלט 18 יאָר. איך בין דאַמאָלט אַלט געווען 20 יאָר.

די מאַמע האָט אויסגעהערט דעם שמועס פון טאַטן מיט די קינדער און נישט געקענט זיך באַהערשן פון געוויין, אַז זי מוז זען ווי אירס אַ קינד גייט אַוועק, ווער ווייסט צי זי וועט אים נאָך זען. איך אַלס דערוואַקסענער, פיזיש־שטאַרקער יונגערמאַן, אויסהערענדיק די רייד פון מיין טאַטן און ברודער, האָב געזאָגט, אַז דער גורל פאַלט אויף מיר: איך וועל גיין, איך וועל קיין צווייטן נישט לאָזן גיין פאַר מיר. איך וויל, אַז איר אַלע זאָלט בלייבן אין דער היים, און אַז מען וועט לעבן, זאָלן מיר זיך אַלע צוזאַמענטרעפן ביי אונז אין הויז.

מ'האָט באַקומען צוגעשיקט צעטלן, אַז דעם 11.11.1940, מוז זיך איינער פון דער משפחה צושטעלן, בכדי צו פאָרן קיין דייטשלאַנד אויף זעקס וואָכן אָדער

צווייִ חדשים און דאַרף מיט זיך מיטנעמען וואַרעמע וועש, שיך און ראַזיר־כלים. איך האָב זיך צוגעשטעלט אויף דעם געהעריקן פּלאַץ, וואָס איז געווען באַשטימט. מיר זענען געווען בערך אַ 140 מאַן. אַממעוריסטן בחורים. פון דעם פּלאַץ האָט מען אונז אַוועקגעפירט אין שול אַריין. דאָרט איז געווען אויסגעבעט מיט שטרוי, אַזוי ווי, נישט־צעגלייכן, פאַר בהמות. שווער איז געווען דאָס פאַרלאָזן די היים, מיר האָבן זיך נישט געקענט צעשיידן פון די עלטערן, פון דער משפחה, און אויך פון דעם גאַנצן שטעטל, ווו מיר אַלע יינגעלייט האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט און פון וואַנען מיר האָבן אונזער קולטור געשעפּט און מיט איינמאָל, מוזן מיר אַלץ פאַרלאָזן.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געלעגן אין די מלבושים און נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן פאר קעלט און בענקשאַפט.

צומאָרגנס אין דער פרי, בערך 10 א זייגער זענען געקומען באַוואָפנטע מונדירטע דייטשן און אונז אַוועקגעפירט צו דער באַן. די עלטערן האָבן אונז באַגלייט מיט טרערן אין די אויגן, נישט קענענדיק צו קומען נאָנט צו געבן אונז דעם לעצטן טאַטע־מאַמע־קוש.

מיר ווערן שטרענג באַוואַכט פון די דייטשן. ביי דער סטאַציע שטייען שוין פאר אונז גרייט ליידיקע וואַגאָנען. מיטן געשריי פון די דייטשן, ווערן מיר אַריינ־געטריבן אין די וואַגאָנען, די דייטשן באַוואַכן אונז, צו עטלעכע אין איין וואַגאָן. מיר קוקן אויף דעם שטעטל קלאָבוצק און יעדער איינער טראַכט זיך: ווער ווייסט צי מיר וועלן נאָך דערלעבן צו קומען צוריק אַהיים, צו אונדזערע פרויען, צו אונזערע עלטערן. געווען צווישן אונז אַזעלכע, וואָס זענען שוין געווען פאַרהייראַט, וואָס האָבן איבערגעלאָזן פרויען מיט קינדער. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אויסגע־פייפט זיין טרויעריקן סיגנאַל און מיר זענען אַוועק פון דעם שטעטל קלאָבוצק.



יצחק שפּערלינג

# אין גערינג מיטן טויט און די דייטשע פּייניקונגען

אין קלאָבוצק ווי אין גאַנץ פּוילן האָט מען זיך געגרייט צו דער מלחמה, הגם מ׳האָט נישט געגלויבט, אַז זי וועט אויסברעכן. עס איז דורכגעפירט געוואָרן די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. דאָס גאַנצע שטעטל איז אַוועק גראָבן אָקאָפּעס קעגן שונא.

פרייטיק פרי, דעם ערשטן סעפּטעמבער, האָט שוין דאָס שטעטל געהאַט אַ נישט־געוויינלעך אויסזען. אויף די גאַסן זענען געשטאַנען גרופּעס יידן און גערעדט, אַז די מלחמה האָט שוין אויסגעבראָכן. מ׳האָט וועגן דעם געשמועסט מיט דער גרעסטער פּאַרצווייפלונג. קלאָבוצקער יידן האָבן געוווּסט, אַז אין דער דייטש־היטלערישער מלחמה וועלן יידן זיין די ערשטע קרבנות. מ׳האָט דערוואַרט יעדע מינוט דאָס אַריינקומען פון די דייטשן, ווייל קלאָבוצק איז געווען זייער נאָענט ביי דער דייטשער גרענעץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה. יידן האָבן אַלץ איבערגעלאָזט און גענומען לויפן צו ראַטעווען דאָס נפש. נאָר וווּהין קאָן מען לויפן ?

אויך אונדזער בני־בית האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג. מיין מוטער האָט שוין נישט געלעבט. זי איז געשטאָרבן דריי חדשים פאַר דער מלחמה. מיין עלטסטער ברודער יהודה איז געווען אין דער אַרמיי, מיין עלטערע שוועסטער חיה — אין טשענסטאָכאָוו. אין שטוב האָט זיך געפונען: מיין פאָטער, די שוועסטער לאה, די צוויי ברידער אהרן־מאיר און פּנחס־מנחם און איך. מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט אין שטוב אויף הפקר, מיטגענומען אַ ביסל עסן און אַוועק פון שטעטל. מיר זענען געגאַנגען קיין לאָבאָדנע און פון דאָרט ווייטער. 2 אַזייגער נאָכמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל קאָטשין, וווּ עס האָבן געוווינט עטלעכע יידישע משפּחות.

אין דעם שטעטל זענען זיך שוין געהאַט צונויפגעלאָפן אַ גרעסערע צאָל יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. מיר זענען דאָרט געבליבן פרייטיקצונאַכטס, געדאַווענט מנחה, מקבל־שבת געווען, עפּעס איבערגעביסן און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג. עס זענען געגאַנגען טויזנטער מענטשן, פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט. אַ פינצטערע נאַכט, אַ נעפּל האָט זיך אויסגעשפּרייט, אַז איינער האָט דעם צווייטן נישט געזען. מיר האָבן געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט און נישט געוווּסט וווּהין מ׳גייט.

שבת 10 פרי זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל פלאָווגע ביי גידזעל. דאָרט זענען מיר געבליבן, ווייל עס זענען שוין נישט געווען קיין כוחות ווייטער צו גיין. אַרום 12 אַזייגער האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אַ טאַנק. יידן האָבן געשמועסט, אַז דאָס זענען פּראָנצויזן אָדער ענגלענדער געקומען צוהילף פּוילן. אין אַ צווייטער שפּעטער איז שוין דאָס גאַנצע שטעטל געווען פול מיט דייטש מיליטער. עס איז שוין נישט געווען וווהין צו לויפן.

אין אַ יידיש הויז זענען מיר געבליבן איבער שבת. די נאַכט פון מוצאי־שבת האָט דאָס שטעטל געציטערט פון די שיסערייען. פאַרטאָג איז שטילער געוואָרן. זונטיק פרי האָבן מיר פאַרלאָזט פלאָווגע און אַוועק אויפן וועג צוריק אַהיים, קיין קלאָבוצק. דער וועג איז געווען פאַרלייגט מיט דייטש מיליטער, וואָס האָט פאַרהאַלטן די הונדערטער פליטים, אין ווייט גרעסטן רוב יידן. אַלע פאַרהאַלטענע טויזנטער מענטשן זענען פאַרזאַמלט געוואָרן אויף אַ פּלאַץ, באַוואַכט פון דייטשע זעלנער. אין טויט־שרעק זענען מיר דאָרט געזעסן. מ׳האָט געשמועסט, אַז מ׳וועט אונדז אויסשיסן. אַנדערע האָבן זיך געטרייסט, אַז מ׳וועט אונדז בלויז פאַרשיקן אין אַ לאַגער.

לסוף, פאַרנאַכט, ווען דער וועג האָט זיך באַפרייט פון מיליטער, האָבן די דייטשן אונדז אָפּגעלאָזט און באַפוילן יעדער זאָל גיין אין זיין היים.

מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. אויפצומאָרגנס מאָנטיק זענען מיר צוריקגעקומען קיין קלאָבוצק און געטראָפן דאָס שטעטל האַלב פאַרברענט. מענטשן זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן מיטלען צום לעבן. דאָס יידישע ביסל האָב־און־גוטס איז פאַרברענט געוואָרן און וואָס עס איז איבער־געבליבן פון דער שרפה האָבן גויים צעראַבעוועט.

מ׳האָט געדאַרפט אָנהייבן אַ לעבן פונדאָסניי. יעדן טאָג זענען געקומען פרישע גזירות אויף יידן. די דייטשן האָבן געשלעפּט אויף אַרבעט, געפּייניקט און געשלאָגן. פרומע יידן האָט מען גענומען אויף אַרבעט קיין זאַגאזש נעבן קלאָבוצק. דאָרט האָט מען זיי געצוווּנגען צו עסן טריפות פון דער מיליטערישער קיך. די דייטשן האָבן פון זיי געחוזקט און געפּייניקט מיט פאַרשידענע בעסטיאַלישע איינפאַלן.

מיר איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין מיל מיט אַ גרופּע באַלעבאַטישע יידן. עס האָבן אונדז באַוואַכט דייטשע זעלנער פון די אַזוי גערופענע „אַרבייטס־טרופּען". זיי זענען געווען ווילדע אַנטיסעמיטן און האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אונדז צו פּייניקן און צו דערנידעריקן דעם מענטשלעכן און יידישן כבוד.

בײַ דער אַרבעט האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף אַ געפּגרטן הונט. די דײַטשע זעלנער האָבן זיך אין דעם אָנגעכאַפּט און באַפֿוילן צו מאַכן דעם הונט אַ „לויה". אײנעם פֿון די אַרבעטער, אַן עלטערן באַלעבאַטישן ייִד, האָבן זײ געשיקט אַהײם, ער זאָל ברענגען זײַן װײַסן קיטל. אַנדערע האָבן זײ געהײסן אויפֿקלאַפּן אַ צלם. דער הונט איז אַרויפֿגעלײגט געװאָרן אויף אַ טאַטשקע, פֿאָרויס איז געגאַנגען אַ ייִד מיטן צלם און נעבן אים דער צװײטער ייִד אין װײַסן קיטל. הינטער זײ האָט מען געפֿירט דעם הונט אויף דער טאַטשקע און די רעשט ייִדן זענען נאָכגעגאַנגען װי אויף אַ „לויה". אַזוי האָבן די בעסטיאַלישע דײַטשן מיט אַ פֿרײלעך געלעכטער אונדז געפֿירט איבערן שטעטל.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט זיך אין קלאָבוצק געשאַפֿן אַ יודענראַט מיט ייִדישע פּאָליציאַנטן. ייִדן האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן די צענטראַלע גאַסן און אַרײַן אין געטאָ. דער יודענראַט האָט אויסגעפֿירט די באַפֿעלן פֿון די דײַטשן און זײ צוגעשטעלט ייִדישע אַרבעטער.

איך האָב געאַרבעט אין קלאָבוצק ביז אַפּריל 1942. אין אײנעם אַ טאָג זענען אויף דער אַרבעט געקומען געסטאַפּאָ און צוגענומען אַלע, װאָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען. מיר זענען אָפּגעפֿירט געװאָרן אין זאַל פֿון די פֿײַערלעשער. דאָרט זענען מיר באַטראַכט געװאָרן פֿון אַ קאָמיסיע און אויף צומאָרגנס אינ־דערפֿרי האָט מען אונדז אָפּגעפֿירט צו דער באַן און אַװעקגעפֿירט אין לאַגער נידערקירכען (אויבערשלעזיע). צוזאַמען מיט מיר איז געװען מײַן ברודער אהרן־מאיר. מ'האָט אונדז אָפּגעריסן פֿון דער משפּחה, װאָס איז געבליבן אין קלאָבוצק. שפּעטער מיט עטלעכע װאָכן האָט מען גענומען אין לאַגער מײַן עלטערע שװעסטער חיה־שרה.

מײַן ברודער יהודה־אריה און די שװעסטער לאה זענען געבליבן אין לאַגער זאַגאַזש בײַ קלאָבוצק. מײַן פֿאָטער מיטן יונגערן ברודער פּנחס־מנחם זענען צוזאַמען מיט אַנדערע קלאָבוצקער ייִדן, אַװעקגעפֿירט געװאָרן דורך די דײַטשן און זענען מער שױן נישט צוריקגעקומען.

~~~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~~~

יעקב שמולעוויטש פאַריז

# מאַניעק מערין, דער אָרגאַניזאַטאָר פון יודענראַט אין קלאָבוצק

באַלד אין ערשטן טאָג פון מלחמה־אויסברוך האָט קלאָבוצק, וואָס איז געלעגן נאָענט ביי דער דייטש־פּוילישער גרענעץ, דערזען און דערפילט די דייטשע אכזריות. פרייטיק אינדערפרי, דעם ערשטן סעפּטעמבער, האָבן זיך אָנגעטראָגן די דייטשע עראָפּלאַנען און געזייט אין שטעטל טויט און פאַרוויסטונג. עס זענען געפאַלן די ערשטע יידישע קרבנות: גיטל בראַט, יוסף מאיר לאַנגער, זיסער בערקאָוויטש, יחיאל ראָזען און אַנדערע יידישע פרויען, מענער און קינדער, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

די דייטשע שוואַרצע הערשאַפט אין קלאָבוצק האָט זיך אָנגעהויבן מיט אונטערצינדן 200 הייזער, אין גרעסטן רוב יידישע. יידיש האָב און גוטס איז אַוועק מיטן רויך. עס איז אויך פאַרברענט געוואָרן די יידישע ביבליאָטעק מיט קרוב דריי טויזנט ביכער. באַלד דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די באַקאַנטע, סיסטעמאַטישע דייטשע פאַרפאָלגונגען און אויסראָטונג פון יידן.

קלאָבוצקער יידן האָבן געמוזט טראָגן דעם באַנד מיטן „מגן דוד" און נישט געטאָרט זיך באַווייזן אין עפנטלעכע ערטער. דער פּוילישער באַפעלקערונג איז געווען דערלויבט צו קומען אין גאַס ביז 11 אָוונט, יידן — נאָר ביז 6 אַזייגער. אַלע יידן פון שטעטל, אין עלטער פון 11 ביז 55, האָבן יעדן אינדערפרי געמוזט זיך פאַרזאַמלען אין מאַרק, כדי צו גיין צו די דייטשן אויף אויפראַמונגס־אַרבעט יעדער טאָג האָט געבראַנגט נייע ביטערע גזירות.

די יידישע באַפעלקערונג אין קלאָבוצק האָט זיך געפינען אין אַ שווערן, דערדריקטן מצב. דער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט. יידן איז נישט געווען דערלויבט צו פאָרן אויף די באַנען און אויך נישט צו האַנדלען. די דייטשע מאַכט האָט פאַרכאַפּט די יידישע געשעפטן און דאָרט אַריינגעזעצט זייערע פאַרטרויאונגס־מענער, די אַזוי גערופענע „טרויהענדער".

ביי דעם דאָזיקן שרעקלעך גרויליקן מצב האָט מען גענומען ריידן צווישן די דערשלאָגענע יידן, אַז אַ געוויסער מערין, דער אָנפירער פון יודענראַט אין סאָסנאָווצע איז געקומען אין שטעטל אין באַגלייטונג פון אַ פאַרשוין מיטן

נאָמען יאַסנע *, כדי לויט דער אָנווייזונג פון דער דייטשער מאַכט צו אָרגאַניזירן אַ יודענראַט אין קלאָבוצק. אַזאַ יודענראַט מיט יאַסנע אַלס יודענעלטעסטן איז טאַקע געשאַפן געוואָרן. דער פריערדיקער פּרעזעס פון דער קהילה ברוך שפּערלינג האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן מיטן יודענראַט.

מערין האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער טעטיקייט פון קלאָבוצקער יודענראַט און אַליין גענומען אויספירן די דייטשע אכזריותדיקע באַפעלן לגבי די יידן. מיטאַמאָל האָט מערין געמאָלדן אַלע יידן פון שטעטל, זיי זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן הויף פון דער מיל. דאָס גאַנצע שטעטל יידן האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט און מערין האָט זיך צו זיי געווענדעט בזה הלשון:

„ברידער יידן, עס וועט אייך חלילה נישט פאַלן קיין האָר פון קאָפּ, קיין איין ייד וועט נישט ווערן „ווישעדלעט" (אַרויסגעשיקט), נאָר מיט דעם באַדינג, אַז אַלע מענער זאָלן פאָרן אַרבעטן קיין דייטשלאַנד. דאָס געלט, וואָס איר וועט דאָרט פאַרדינען וועט איר קאָנען אַהיימשיקן פאַר אייערע עלטערן, פרויען און קינדער."

דער פאַרזאַמלטער עולם האָט גלייך פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס גייט דאָ און זיי האָבן אָנגעהויבן צו אונטערהאַנדלען מיט מערינען, דעם יודענ־עלטעסטן פון סאָסנאָוועצער ראַיאָן, אַז ער זאָל פאַרקלענערן די צאָל פון די יידן, וואָס דאַרפן פאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, ווייל מ׳קאָן נישט רואינירן דעם קלאָבוצקער יידישן ישוב. די פאַרזאַמלטע האָבן מסכים געווען צוצושטעלן נאָר אַ טייל פון געפאָדערטן קאָנטינגענט. מערין האָט אָבער געפאָדערט מ׳זאָל אים צושטעלן 500 געזונטע יידן, ד. ה. יעדן ראש פון אַ משפחה, ווייל קלאָבוצק האָט געהאַט אין יענער צייט 500 יידישע משפחות, 2.000 נפשות, בערך.

צוויי וואָכן פאַר סוכות, אין יאָר 1940, האָבן די געפּלאָגטע יידן פון שטעטל אויפגעציטערט פון דער ידיעה, אַז מערין איז געקומען קיין קלאָבוצק אין באַגלייטונג פון געסטאַפּאָ־לייט מיט אַ קאָמיסיע פון דייטשע דאָקטוירים, וועלכע דאַרפן קוואַליפיצירן די „פּרייוויליקע" יידן, וואָס ווילן פאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. צו דער קאָמיסיע האָבן זיך צוגעשטעלט געציילטע

---

* דער נאָמען יאַסנע, וואָס ווערט דאָ דערמאָנט, האָט נישט די מינדסטע שייכות מיטן רעדאַקטאָר פון אונדזער יזכור־בוך א. וואָלף־יאַסני. א. וואָלף־יאַסני איז בלויז אַ פען־נאָמען (פּסעוודאָנים), דער פּריוואַטער נאָמען און פאַמיליע־נאָמען פון אַ. וואלף־יאסני איז אברהם וואָלף ציפּערמאַן.

מענטשן. מ'האָט צוגענומען אויף „אַרבעט" קיין דייטשלאַנד בלינדע, לאָמע און קראַנקע.

ווען די קאָמיסיע האָט פאַרענדיקט איר אַרבעט, האָט מערין צעוויסן געגעבן דער יידישער באַפעלקערונג, אַז אויב דער „קאָנטינגענט" וועט נישט ווערן צוגעשטעלט איז דער גאַנצער יידישער קיבוץ באַדראָט אַרויסגעשיקט צו ווערן פון קלאָבוצק.

8 טעג נאָך סוכות, 1940, האָבן מיר, אַ גרופּע פון 65 קרעפטיקע יונגע מענער זיך „פרייוויליק" צוגעשטעלט צו פאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי סקאָרופּע אויפן הויף און גלייך געוואָרן אַרומגערינגלט פון געסטאַפּאָ־לייט. זיי האָבן אונדז אָפּגעפירט אין דער שול. דאָרט איז שוין געווען צוגעגרייט שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע צום איבערנעכטיקן. טראָץ דעם, וואָס מיר זענען געווען באַוואַכט פון אַ באַנדע ס.ס.־לייט, זענען מיר געווען גוט געשטימט. מיר האָבן דעם מוט נישט פאַרלוירן, אָבער די דאָזיקע שטימונג האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

12 אַזייגער ביינאַכט האָט מען אָנגעהויבן אַריינברענגען פרישע קרבנות. די געסטאַפּאָווצעס האָבן געמאַכט אָבלאַוועס אויף יידן און זיי אַרויסגענומען פון די בעטן. אינדערפרי האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אויפן שול־הויף. פאַר דער שול האָבן זיך פאַרזאַמלט: מאַמעס, שוועסטער און פרויען פון מענער, וועמענס נאָענטע זענען ביינאַכט אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעטן. אויפן באַפעל פון דער „עס־עס"־קאָמאַנדאָ האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט צו דריי אין אַ ריי. די פרויען האָבן באַקומען 10 מינוט צייט אויף אָפּצוגעבן וואַליזן מיט מלבושים און עסן פאַר זייערע נאָענטע אין וועג אַריין. מיר האָבן אָפּמאַרשירט צום וואקזאַל. דאָרט איז שוין פאַר אונדז גרייט געווען אַ צוג אָפּצופאָרן אין אומבאַקאַנטן לאַגער.

אויף דער סטאַציע נאָווי הערבי האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט נאָך אַ טראַנספּאָרט פון קזשעפּיץ, יידן וועלכע זענען אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין זעלבן צוג. דער קאָנטינגענט איז נאָך אַלץ נישט געווען פול. די „עס־עס"־לייט האָבן געברענגט פון קלאָבוצק די פאָרשטייער פון דער קהילה: בנציון שוויערטשעווסקי, ישראל לעווקאָוויטש, יחיאל ראָזענטאַל און דעם פּרעזעס משה ווייספעלנער. אין אָנהויב חודש נאָוועמבער 1940 האָבן מיר פאַרלאָזט קלאָבוצק.



**משה פײַנע**

# די טעטיקייט פון יודענראַט און דער שווערער קאַמף פאַר עקזיסטענץ

אין סאָסנאָוועצע איז געווען די צענטראַלע פונעם יודענראַט, וועלכע האָט געעפנט אַ „פיליע" אין קלאָבוצק און פאַרן שטעטל באַשטימט זײַנע קאָמיסאַרן. זיי זענען געווען סאָסנאָוועצער: בערעק יאַסנע, ווינער און שמעון מערין. פון קלאָבוצקער יידן זענען געווען אין יודענראַט: בנציון שוויערטשעווסקי, יעקב כאַדע, וועלכער האָט, לײַדער, זיין אַמאָליקע, פּרעכטיקע ציוניסטישע טעטיקייט פאַרשוואַרצט מיט יודענראַטלערישע אַרבעט; ישראל לעווקאָוויטש, משה ווייס־פעלנער, יחיאל (פאָגעל) ראָזענטאַל, אברהם דיאַמאַנט, יצחק בוכווייץ און זיסער לאַפּידעס.

*

קלאָבוצק איז דורך די דייטשן געוואָרן אײַנגעשלאָסן אין דריטן רײַך. אין ערשטן מלחמה־יאָר, ווען מענטשן זענען צו זיך געקומען נאָך דער שרפה, איז מיט עסן געווען נישט שלעכט. פּאָליאַקן האָבן געבראַנגט פון לאָדזש סחורות און אָוועקגעפירט צוריק שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס האָבן דאָרט געהאַט אַ גוטן אָפּגאַנג. יידן האָבן געהאַנדלט מיט די פּאָלאַקן. דערפאַר האָט מען אין קלאָבוצק געקאָנט זיך מפרנס זיין. דאָס נאָענטע טשענסטאָכאָוו האָט געהערט צום „גענעראַל גווורנעמענט" און דאָרטיקע יידן, וואָס האָבן געהאַט משפחות אין קלאָבוצק האָבן זיך אַריבערגעשמוגלט אין שטעטל, כדי צו האָבן צו עסן. אויף די דאָזיקע „פרעמדע" יידן האָט דער יודענראַט געהאַט אַן אויג.

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער יודענראַט געשיקט דעם יידישן פּאָליציאַנט ש. זאַקס, ער זאָל אויפזוכן די „פרעמדע" טשענסטאָכאָווער יידן, וואָס זענען נישט אײַנגעמאָלדן, זיי זאָלן זיך צושטעלן אין יודענראַט אונטער דער דראָאונג, אַז ווער עס וועט זיך נישט שטעלן, וועט ווערן אַרויסגעשיקט פון קלאָבוצק. די טשענסטאָכאָווער יידן האָבן זיך צוגעשטעלט. דאָרט האָט זיי בערעק יאַסנע, דער קאָמיסאַר פון דער סאָסנאָווצער יודענראַט־צענטראַלע מיטגעטיילט, אַז זיי מוזן זיין געמאָלדן אין קלאָבוצק און פאַרן אײַנמעלדן באַצאָלן אַ באַדייטנדן סכום געלט. די „מער־פאַרמעגלעכע" יידן האָבן פון זיך פאַרקויפט, וואָס זיי האָבן געהאַט און אײַנגעצאָלט אין יודענראַט די געפאָדערטע סומע. די אָרעמערע, וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון שטעטל.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן דריי פון די דאָזיקע „פּרעמדע" יידן, וואָס דער יודענראַט האָט איבערגעגעבן די דייטשן צום אַרויסשיקן: מיין ברודער חיים־פייגע, אַ געבוירענער אין קלאָבוצק. צוליב פּערזענלעכע סיבות האָט ער פאַר דער מלחמה זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו. דאָרט איז ער געווען טעטיק אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „דרור" — „פריהייט"; לייב שפּערלינג, אויך אַ קלאָבוצקער, וואָס האָט געוווינט אין טשענסטאָכאָוו, און קאָפּל (קצב) ראָזענצווייג. די דריי יידן האָבן טאָג־טעגלעך געאַרבעט ביי שטאָטישער אַרבעט און געווען זיכער, אַז זיי דאַרפן זיך נישט איינמעלדן אין יודענראַט. מ'וועט זיי נישט אַרויסשיקן.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו זיי געקומען דער יידישער פּאָליציאַנט ש. זאַקס און געמאָלדן, אַז ער האָט אַ באַפעל פון יודענראַט זיי צו פאַרהאַלטן און איבערצוגעבן דער דייטשער פּאָליציי. דער יידישער פּאָליציאַנט האָט דעם באַפעל אויסגעפירט און די דריי יידן זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם דייטשן פּאָליציי־קאָמענדאַנט דאַטשעק און זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן. אין יאָר 1941 האָבן די פרויען פון די דריי מענער באַקומען בריוו מיט דער אונטערשריפט פון דער „עס־עס"־קאָמאַנדע, אַז זייערע מענער זענען געשטאָרבן אין לאַגער.

## דער שמוגל־האַנדל

טראָץ דעם שווערן, דערדריקנדן מצב, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די קלאָבוצקער יידן, האָבן זיי זיך דאָך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, זיך צו האַלטן און צו געפינען קוואַלן פון פּרנסה: מ'האָט זיך פאַרנומען מיט שמוגל, מ'האָט אַריינגעשמוגלט סחורה פון לאָדזש און געפירט זי קיין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט געהערט צום „גענעראַל־גווערנעמענט". פון די סחורות האָבן יידן אויך גענייט מלבושים פאַר קריסטן. אויב די דייטשן האָבן געכאַפּט אַ ייד ביי שמוגלען, האָט מען אים גענומען צו דער זשאַנדאַרמעריע. אין שטעטל זענען דעמאָלט געווען צוויי „מאַכערס" — בערטשע גרין און איציק בערקאָוויטש. זיי האָבן פאַר „שכר טרחה" געוויינלעך, אונטערגעקויפט די דייטשע זשאַנדאַרמען און יידן זענען באַפרייט געוואָרן.

די „מאַכערס" האָבן אויך געהאַט אַ צוטריט צום „לאַנדראַט", וואָס האָט זיך געפונען אין צלאַכאָוויצע. אין „לאַנדראַט" האָבן די „מאַכערס" דערליידיקט „פּשעפּוסטקעס" פאַר יידן, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. שפּעטער, ווען דער יודענראַט האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט, האָט ער באַזייטיקט די

„מאַכערס״ און אַליין גענומען אויף זיך צו דערליידיקן אַלע עסקים ביי דער דייטשער מאַכט.

דערווייל האָט זיך געביטן אויך די דייטשע מאַכט. די ממשלה איבערן שטעטל האָט איבערגענומען דער קאָמענדאַנט דאַטשעק, וועלכן די יידן האָבן געגעבן אַ נאָמען „אויבער־איכל״. דאַטשעק האָט געהאַט זיין פּאָליציי. דאָס לעבן פון יידן איז געוואָרן נאָך פּיינלעכער און שווערער.

מיט דעם סחורה־שמוגל האָבן זיך פאַרנומען: אהרן מאיר גאָלדבערג, אברהם געלבאַרד, יעקב פרידמאַן, אברהם ענזעל, בערל און לייביש אונגליק, יונה פאַנאָווער, פישל פייגע, שאַיע ענזעל, וואָווע, עליע און לייביש רייך און דער שרייבער פון די שורות. איינמאָל, ווען מיר זענען געגאַנגען אויף דער גרענעץ, זענען פונקט געווען איבונגען פון מיליטער. די דייטשע זעלנער האָבן אונדז אַרומגערינגלט, צוגענומען די סחורה, די צוגעהעריקע צום גענעראַל־גוווערנעמענט באַפרייט און מיך, משה פייגע און עליע רייך פון קושעפּיץ האָט מען אָפּגעשיקט קיין קלאָבוצק. דאָ האָבן מיר באַקומען צען טעג תפיסה. מיר זענען געזעסן אין לובליניעץ.

נאָכן באַפרייט ווערן זענען מיר ווייטער געגאַנגען אויף דער גרענעץ מיט פּעקלעך סחורה אויף די פּלייצעס און געשמוגלט קיין טשענסטאָכאָוו. די גרענעץ צווישן „גענעראַל־גוווערנעמענט״ און דריטן רייך איז געווען ביי גראַבאָווקע, נעבן דער בריק, ווו עס איז דורכגעגאַנגען דאָס קליינע טייכל. שפּעטער איז געוואָרן נאָך שווערער דער שמוגל־האַנדל. די דייטשן האָבן געיאָגט, פאַרפאָלגט מיט הינט און געשאָסן צו די שמוגלער. ישעיה ענזעל איז אַ צייט געלעגן קראַנק פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פון די דייטשן.

איינמאָל, בעת אַזאַ „גיין אויף דער גרענעץ״, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ באַנדע שקצים, וועלכע האָבן אונדז אָפּגעוואַרט מיט מעסערס. אונדזער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון משה האָפּעק, אברהם סטאַשעווסקי, מיין שוואָגער וואָווע, זיינע ברידער לייבוש און עליע — האָבן געשטעלט אַן ענערגישן ווידערשטאַנד. עס זענען צעשטאָכן געוואָרן מיין שוואָגער און זיינע ברידער לייבוש און עליע רייך. די סחורה האָבן מיר נישט אָפּגעגעבן. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בראש פון דער באַנדע איז געשטאַנען אַ קלאָבוצקער ייד — ניימאַן.

אַפילו נאָכדעם, ווען די דייטשן האָבן געמאַכט אַ געטאָ אין קלאָבוצק, וואָס פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט געדראָט דער טויט, איז נאָך אָנגעגאַנגען דער שמוגל־האַנדל, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן ביזן סוף יאָר 1941, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסשיקן אויף אַרבעט.

דאָס יונגוואַרג האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן צו אַרבעטן אין קלאָבוצקער לאַגער. עלטערע מענטשן האָט מען דאָרט נישט געוואָלט אָנעמען. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרויסשיקונגען פון געטאָ. דער יודענראַט האָט צוגעהאָלפן די דייטשן צו מאַכן קלאָבוצק יודענריין. אַ גרעסערע טייל דאָרטיקע יידן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגערן פון וואַנען זיי זענען שוין נישט צוריקגעקומען. אַ טייל האָט מען געיאָגט אויף אַרבעט צו דער „רייכס אַלטבאַנשטראַסע". דאָרט זענען זיי פון הונגער און שווערער אַרבעט געפאַלן ווי פליגן. די רעשט קלאָבוצקער יידן האָבן די דייטשן געשיקט אין די טויטנ־לאַגערן צום פאַרגאַזען און פאַרברענען.

*

אין 1942 האָב איך אין טשענסטאָכאָוו געטראָפן די געוועזענע קלאָבוצקער יודענראַטלער. זיי זענען אַנטלאָפן, ווען די דייטשן האָבן דורכגעפירט די ענד־גילטיקע ליקווידאַציע פון קלאָבוצקער יידן. איך האָב זיי דעמאָלט געזאָגט: „מערדער, איר האָט געהאָלפן די דייטשן אויסראָטן די קלאָבוצקער יידן און דערנאָך זענט איר אַליין אַנטלאָפן צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. אויב איך וועל בלייבן לעבן וועל איך נעמען אין אייך נקמה"...

בעת דער ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער געטאָ זענען די געוועזענע יודענראַטלער אַנטלאָפן צוריק קיין קלאָבוצק. די דייטשן האָבן אויף זיי געשאָסן און זיי זענען געהרגעט געוואָרן אויף די פעלדער צווישן טשענסטאָכאָוו און קלאָבוצק. איינער פון די געוועזענע קלאָבוצקער יודענראַטלער איז געבליבן לעבן.

~~~~~~~~~~

פישל פייגע

## פיין און מסירות־נפש פון פרומע יידן

### דער קאַמף קעגן יודענראַט

ווען מיר זענען אַנטלאָפן פון קלאָבוצק, האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט די פּליטים, וואָס האָבן פול געמאַכט אַלע וועגן. הינטער קאָטשין איז געפאַלן פון די דייטשע באָמבעס גיטל בראָט, די פרוי פון זלמנען. אַ סך מענטשן זענען בעת די דייטשע באָמבאַרדירונגען פאַרשאָטן געוואָרן מיט ערד. פּעסע שפּערלינג מיטן קינד האָט מען קוים אַרויסגעצויגן פון דער ערד. הינטער ראַדאָמסק איז
~~~~~~~~~~

דערשאָסן געוואָרן יחיאל ראָזען, אַ פּליט פון קלאָבוצק. מיר האָבן יחיאלס גוף אַריינגענומען קיין ראַדאָמסק און ער איז געקומען צו קבר־ישראל אויפן דאָרטיקן בית־הקברות.

צוריקגייענדיק קיין קלאָבוצק, נאָכדעם ווען עס איז שוין נישט געווען וווּהין צו אַנטלויפן פון די דייטשן, זענען מיר אָנגעקומען קיין לאָבאָדנע. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שחיטה. עס זענען דערשאָסן געוואָרן: לייב זאָמבעק, יהושע לייזער געלבאַרד, גדליה אונגליק, דער זון פון מאנטשע, זיין איידעם שמחה יאַקובאָוויטש, מאַנטשעס פרוי רודע איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט. עס זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן נאָך אַ סך יידן, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

ווען איך בין שוין געווען אין אָפּגעברענטן האַלב־חרובן קלאָבוצק, בין איך אָפּטמאָל אַריינגעגאַנגען צו מאנטשע אונגליק דאַוונען. דער אומגליקלעכער פאָטער האָט געמאַכט אַ מנין, כדי צו קאָנען קדיש־זאָגן נאָך די דערשאָסענע זין און איידעם. אַ צערפולע שטילקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דער דאָזיקער שטוב. יעדער איז געקומען צום דאַוונען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַלע וואָלטן שולדיק געווען אין טויט פון די הרוגים. דער אַלטער מאנטשע האָט קדיש געזאָגט נאָך זיין זון און דער קליינער משהלע האָט מיט זיין קינדעריש שטימעלע קדיש־געזאָגט נאָך זיין פאָטער. מיט טרערן אין די אויגן זענען די מתפללים אַוועק פון מנין.

אין קלאָבוצק גופא האָבן די דייטשן דערשאָסן: יוסף מאיר לענגנער, וועלכער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער פון זיין וווינונג, אברהם ראָזענטאַל און זיסער בערקאָוויטש. בערקאָוויטש האָט זיך באַהאַלטן אין קעלער בעת די דייטשן האָבן געטריבן אויף אַרבעט. זיי זענען אַריין אין דער וווינונג פון דעם אומגליקלעכן און דאָרט געטראָפן זיין פרוי. אויף דער פראַגע: „ווו איז דער מאַן", האָט זיך די פרוי שטאַרק דערשראָקן און אַ רוף געטאָן דעם מאַן. ער איז אַרויסגעקומען פון קעלער. די דייטשן האָבן אים אַרויסגעפירט פאַר דער שטוב און דערשאָסן.

אין דאָרף מיעדזשינא ביי קלאָבוצק, ווו עס האָבן געוווינט עטלעכע יידישע משפחות, האָבן די דאָרטיקע פּאָליאַקן פאַרמסרט די יידן, אַז זיי זענען שפּעקולאַנטן, שווינדלער. די דייטשן האָבן אַרעסטירט 14 יידן און זיי אַוועקגעשיקט. אין 8 טעג אַרום זענען אויפן אַדרעס פון דער קלאָבוצקער קהילה אָנגעקומען קעסטלעך אַש מיט נעמען פון די אַרעסטירטע. בראש פון דער קהילה איז נאָך דעמאָלט געשטאַנען די פאַרמלחמהדיקע פאַרוואַלטונג מיט

ברוך שפערלינג אַלס פרעזעס. ער האָט אָפּגענומען די קעסטלעך אַש און זיי מקבר געווען אויפן קלאָבוצקער בית־הקברות. 2 פון די 14 אַרויסגעשיקטע ייִדן — חיים בוכמאַן און בערל קלוג זענען געבליבן לעבן.

יעדן טאָג האָבן די ייִדן געמוזט זיך שטעלן אין מאַרק. די דײַטשן האָבן אונדז בעסטיאַליש געפּייניקט און זיך פאַרווײַלט מיט אונדזער פּײַן. זיי האָבן אונדז מושטירט: „בוקן זיך, נידערלייגן, אַופשטיין, זעצן זיך" און אַזוי צענ־דליקער און צענדליקער מאָל. אין דער דאָזיקער בעסטיאַלישער מלאכה האָבן זיי צוגעהאָלפן קלאָבוצקער פּוילישע שקצים און דער פּריזיער שובא, וועלכן די דײַטשן האָבן געמאַכט פאַר בירגערמייסטער.

ראש־השנה האָבן שוין ייִדן מורא געהאַט צו גיין דאַווענען מיט מנין. די גאָטספאַרכטיקייט האָט דאָך באַזיגט די מורא און ייִדן האָבן ריזיקירט און זיך צוזאַמענגעקומען דאַווענען אין פאַרשידענע ערטער. יום־כפור זענען די דײַטשע רוצחים אַרומגעלאָפן ווי משוגע און געיאָגט ייִדן צו דער אַרבעט.

איך מיט מײַן שוואָגער ישראל בלוי האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. פון דאָרט האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו די גרויל־מעשים, וואָס די דײַטשן פירן אויס אויף ייִדן. מיר האָבן געזען, ווי אויף אַ וואָגן מיט חזירים זיצט ר׳ אברהם שוחט און האַלט מיט ביידע הענט אַ חזיר. אַ דײַטש שטעכט דאָס חזיר, וואָס רײַסט זיך פון שוחט׳ס הענט און קוויטשעט מיט שרעקלעכע קולות. ר׳ אברהם מוז מיט ביידע הענט צוהאַלטן דאָס חזיר און דער דײַטש פירט אים אין שעכט־הויז, ער זאָל דאָרט שעכטן די חזירים.

סוכות האָבן די דײַטשן געטראָפן דאַווענען אַ מנין ייִדן. די דײַטשן האָבן די ייִדן אין די טליתים אַרויסגעפירט אינמיטן מאַרק און זיי געצוווּנגען אויס־צושפּרייטן די טליתים אויף דער ערד. דער זיבציק יעריקער זקן יונה פרידמאַן האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן דעם טלית. די פּייניקער האָבן מיט געוואַלט אַראָפּ־געריסן דעם טלית פון זקן. די ייִדן זענען געוואָרן געצוווּנגען אונטערצוצינדן די טליתים און יונה, אַלס שטראָף פאַר זײַן ווידערשפּעניקייט, האָט געמוזט אַ באָרוועסער טאַנצן אויף די ברענענדיקע טליתים.

ווען מ׳האָט אונדז געשיקט קיין זאגאזש אויף אַרבעט האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז מיט קיין גאַנצע אברים וועלן מיר שוין פון דאָרט נישט צוריק־קומען. מ׳האָט אונדז געשלאָגן ביז בלוט איז גערונען. די דײַטשן האָבן אונדז געפּייניקט מיט בעסטיאַלישע אײַנפאַלן, וואָס האָבן צו זיך קיין גלײַכן נישט. די׳ רוצחים האָבן געצוווּנגען בונים דודעק, אַז ער זאָל אָפּבײַסן דעם קאָפּ פון אַ געפּגרטע האַלב־צעפוילטער הון. מיר אַלע האָבן באַקומען צו עסן חזיר־

פלייש מיט דעם באַפעל: „דאָס מוסט איר יודען פרעסען". נאָכן עסן האָבן מיר געמוזט בענטשן. דער געלער אריה איז געווען דער „פאָרבעטער" און מיר אַלע האָבן געמוזט נאָכזאָגן. „וועלכער יודע ווירד דאָס געבעט ניכט מאַכען, באַקומט געשלאַגען" — האָבן מיט חוזק געזאָגט צו אונדז די פייניקער.

## דעמאָנסטראַציע קעגן יודענראַט

ווי מיר שרייבן אויף אַן אַנדער אָרט, איז דער קלאָבוצקער יודענראַט אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דריי סאָסנאָוועצער יידן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון דער אָרטיקער יודענראַט־צענטראַלע. זיי צוהילף זענען געקומען די קלאָ־בוצקער: יעקב כאַדע, בנציון שוויערטשעווסקי און ישראל לעווקאָוויטש, וואָס האָבן געבילדעט דאָס פרעזידיום פון קלאָבוצקער יודענראַט.

איינמאָל, ווען איך בין געשטאַנען פאַרן טויער פון מיין הויז קעגנאיבער דער פּאָסט, איז אָנגעקומען יעקב כאַדע, וועלכן איך האָב גוט געקענט. ער איז געגאַנגען מיטן סאָסנאָוועצער יודענראַט־אָרגאַניזאַטאָר. איך האָב אָפּגערופן יעקב כאַדע און אים געגעבן צו פאַרשטיין: „וואָס טויג דיר אַ יודענראַט, אַז דו זאָלסט אים ווייזן אַלע וועגן. אויב זיי ווילן אַ יודענראַט, זאָלן זיי זיך אַליין מאַכן. מיר קלאָבוצקער דאַרפן זיי נישט העלפן".

אַזוי ווי איך בין געשטאַנען און גערעדט מיט אים האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם: מענער, פרויען און אויך קינדער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך גע־פונען יוסף שפערלינג, מרדכי שפערלינג, פרוי שיליט און אנ"ד. זיי האָבן גענומען באַוואַרפן מיט שטיינער די יודענראַט־פאַרשוינען. ביי דעם סאָסנאָוועצער האָבן די דערמאָנטע פערזאָנען אַרויסגעריסן די אַקטן־טאַש און צעריסן אַלע פּאַפּירן. אין דער טיר פון דער פּאָסט איז געשטאַנען דייטשע פּאָליציי בראש מיט אַ רוצח, וועלכן מיר האָבן גערופן „דער פּאַטשער". דער סאָסנאָוועצער מיט יעקב כאַדע האָבן זיך געוואָנדן צו די דייטשן, זיי זאָלן העלפן צעיאָגן דעם יידישן המון.

די דייטשע פּאָליציי־לייט האָבן נישט געוווּסט צוליב וואָס די יידן שלאָגן זיך און זיי, די דייטשן, האָבן אַרויסגעשטופּט די יודענראַט־לייט פון דער פּאָסט. „לאָסען זיך די יודען שלאָגען" — האָבן געזאָגט די דייטשן. דער פאַר־זאַמלטער עולם איז געוואָרן נאָך דרייסטער און גענומען יאָגן מיט שטיינער דעם סאָסנאָוועצער מיט כאַדען, וועלכע זענען אַנטלאָפן.

נאָכמיטאָג, ווען איך בין געשטאַנען פאַרן טויער, זענען צו מיר צוגע־קומען צוויי דייטשע פּאָליציאַנטן און מיך געפרעגט: ווו עס וווינט דאָ פייגע. איך האָב זיך נישט איבערגעשראָקן און רואיק געענטפערט, אַז ער וווינט

ווייטער, דאָרט צום מאַרק צו. זיי זענען אַוועק ווייטער צום מאַרק און איך האָב זיך גלייך אָפּגעטראָגן און אויסבאַהאַלטן. פאַרנאַכט, אין דער טונקל־שעה בין איך אַרויס פון שטעטל און אַוועק מיטן ווילקאָוויעצקער וועג. איך האָב נישט געוווּסט וווּהין צו גיין און אין דער שפּעטער שעה האָב איך זיך דערקליבן צו אַ הויפן שטרוי און דאָרט זיך אַוועקגעלייגט.

נאָכן אָפּליגן אַ צוויי שעה אויף דעם געלעגער, האָב איך פּלוצים דער־הערט ווי עמעצער קומט אָן. איך האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם און אין האַלבן דרימל אָפּגעלעגן אַזוי די גאַנצע נאַכט. אינדערפרי האָב איך ווידער געהערט, ווי עמעצער גראַבלט אין שטרוי. די נייגעריקייט האָט באַהערשט מיין שרעק. איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען יוסף שפּערלינג. איך בין אַראָפּ־געשפּרונגען פון סטאָג שטרוי. מיר האָבן זיך צעקושט. די פרייד איז געווען גרויס: מיר זענען שוין צוויי. שפּערלינג האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די פּאָליציי זוכט אים. מיר האָבן זיך געלאָזט ווייטער אויפן וועג קיין ווילקאָוויעצק.

## אַ קאָמיטעט צו קעמפן קעגן יודענראַט

אונטערן וואַלד זענען מיר אַריין שלאָפן צום פּויער דאַכאָווסקי. ביינאַכט האָבן מיר דערהערט אַ געגיי פון שקצים. יוסל האָט מיר געזאָגט: „פּישל מיר געפעלט עפּעס נישט דאָס עסק". מיר האָבן לאַנג נישט געקלערט. דורך דער טיר פון דער וווינונג האָבן מיר נישט געקענט אַרויס, זענען מיר אַרויס־געשפּרונגען דורכן פענצטער מיט די שיך אין די הענט. מיר האָבן איבער־גענעכטיקט אין אַ סטאָדאָלע און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן זענען מיר אַריבער קיין ווילקאָוויעצק. דאָרט האָבן מיר באַגעגנט אַ דריטן פּליט: מרדכי שפּערלינג, וואָס איז אויך געזוכט געוואָרן פון דער דייטשער פּאָליציי.

מרדכי שפּערלינג האָט אונדז מיטגעטיילט, אַז ער האָט אַ באַקאַנטן קריסט, וואָס וווינט אין אַ הייזל אויפן פעלד. מיר זענען אַוועק צו דעם קריסט און דאָרט פאַרבליבן. מיר האָבן אונדזער רעטער געשיקט קיין קלאָבוצק צו אונדזערע משפּחות זיי מיטצוטיילן ווו מיר געפינען זיך. אונדזער באַלעבאָס איז צוריקגעקומען מיט אַ ידיעה, אַז מיין שוואָגער יעקב אהרן בלוי האָט אינטערוועניִרט אין דער זשאַנדאַרמעריע. עס האָט געקאָסט דריי גילדענע רינגען און איך קאָן שוין קומען אין מיין היים.

איך בין צוריקגעקומען קיין קלאָבוצק אָבער נישט גענעכטיקט אין שטוב. אין דער זעלבער וואָך זענען ביינאַכט געקומען צו אונדז צוויי דייטשן און

געפירט מיט זיך חיים מאַסס און הערשל פּרענק. די דייטשן האָבן מיך געזוכט. געשלאָפן בין איך דעמאָלט ביי ישעיה ענזל אויפן בוידעם.

*

דער יודענראַט האָט זיך דערוווּסט, אַז איך געפין זיך אין דער היים און מיר באַפוילן, אַז איך דאַרף זיך צושטעלן און איך וועל געשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד אין לאַגער. איך האָב זיך נישט צוגעשטעלט.

מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט מיט הערשל שפּערלינג בראש, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע — נישט לאָזן זיך פון די יודענראַטניקעס. הערשל שפּערלינג האָט אַגיטירט צווישן עולם נישט צו צאָלן די באַשטייערונגען פאַרן יודענראַט. „אַז מ׳געט נישט, נעמט מען נישט" — האָט ער געזאָגט.

דער יודענראַט האָט אַ חוץ די „נאָרמאַלע שטייערן" אויך גענומען אָפּצאָלן פאַר נישט גיין צו דער אַרבעט". ווער עס האָט נישט געוואָלט גיין אויף אַרבעט האָט געמוזט איינצאָלן פינף מאַרק אַ טאָג. ביי די וואָס האָבן נישט געצאָלט, האָט מען צוגענומען די שטוב־חפצים. די עקזעקוציעס זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון דייטשע זשאַנדאַרן. ביי הערשל שפּערלינג האָבן זיי צוגענומען ניי־מאַשינען, בעטגעוואַנט. הערשל האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט. ער האָט געזאָגט: „נעמט, אויב ס׳וועט זיין אַ וועלט, וועלן זיין מאַשינען".

צו מיר איז אַריינגעקומען „דער פּאַריזער" — אַזוי האָט מען גערופן אַ ייד, וואָס איז געווען דער שליח פון יודענראַט. דער „פּאַריזער" איז געקומען מיט אַ דייטש און פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל אים אָפּגעבן די איינציקע ניי־מאַשין, מיט וועלכע מיין פרוי האָט אַרויסגעבראַכט אַ ביסל חיונה. איך האָב דעם „פּאַריזער" עפּעס געגעבן אין יד, און ער איז אַוועק אָן דער ניי־מאַשין. דעם דייטש האָט נישט אינטערעסירט צי דער שליח פון יודענראַט האָט דערליידיקט זיין אויפגאַבע אָדער נישט. ער איז בלויז מיטגעגאַנגען, ווייל מ׳האָט אים געשיקט. דער שליח פון יודענראַט איז עטלעכע מאָל געקומען נעמען חפצים און יעדעס מאָל איז ער אַוועק מיט גאָרנישט.

לסוף האָט דער יודענראַט מיך אויפגעפאָדערט, אַז איך זאָל קומען אין ביוראָ. איך האָב זיך צוגעשטעלט. אויף דער פראַגע — פאַרוואָס איך צאָל נישט די סומע, וואָס מ׳פאַרלאַנגט פון מיר, האָב איך געענטפערט, אַז איך האָב נישט קיין געלט און מ׳קאָן נעמען, וואָס ס׳שטייט ביי מיר אין דער וווינונג. דער

יודענראַט האָט מיר געגעבן אַ טערמין פון 14 טעג אויף צוצושטעלן די גע־פאָדערטע געלט־סומע. דערווייל איז געשען אַט־וואָס:

איינמאָל אויפדערנאַכט בין איך שפּעט אַרויס פון שטוב, ווען עס איז שוין געווען נאָך דער פּאָליציי־שעה. אויף דער גאַס איז געגאַנגען אַ דייטש צוזאַמען מיט קורקאסן, אַ פּאָליאַק, אַ יידנשלעגער. דער פּאָליאַק האָט אָנגעוויזן אויף מיר: „יודע, יודע". דער דייטש מיטן פּאָליאַק האָבן גענומען זיך יאָגן נאָך מיר. איך בין אַנטלאָפן, געפאַלן, זיך אויפגעהויבן און ווייטער געלאָפן. איך בין אַהיימגעקומען מיט גרויסע שמערצן אין האַנט. ד"ר וואַיטשיק האָט מיך באַפרייט פון גיין צו דער אַרבעט. איך האָב פון דאָקטאָר באַקומען אַ צעטל, אַז איך בין באַפרייט פון דער אַרבעט און ממילא נישט געדאַרפט איינצאָלן קיין געלט אין יודענראַט פאַר נישט שטעלן זיך צו דער אַרבעט.

## אין אַ לאַגער אויף אַרבעט

דעם 20־טן מערץ 1941 האָט דער יודענראַט צוזאַמען מיט דער זשאַנ־דאַרמעריע אַרויסגעלאָזט באַקאַנטמאַכונגען, וואָס האָבן גערופן אַלע יידן זיך צושטעלן אין הויף פון סקאָרופּאַ, ווער עס וועט נישט קומען, וועט זיין ווייב און קינדער ווערן אַרויסגעשיקט. די יידן לויפן אַרום פאַרזאָרגט: „וואָס טוט מען?" „דו שטעלסט זיך?" — פרעגט איינער דעם צווייטן און קיינער ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן.

עס איז אָנגעקומען דער טאָג ווען מ'האָט זיך געדאַרפט שטעלן. עס זענען נאָך געציילטע מינוטן. יעדער איינער האָט זיך פאַרקוקט אויפן צווייטן און לסוף זענען אַלע מענער געקומען אין הויף פון סקאָרופּאַ, אַזוי ווי דער יודענראַט האָט פאַרלאַנגט. מ'האָט מורא געהאַט פאַר די פרויען און קינדער, מ'זאָל זיי נישט אַרויסשיקן.

אויך איך האָב זיך צוגעשטעלט. אויפן הויף זענען שוין געווען פאַרזאַמלט הונדערטער יידן, יידן פון זאַלאָשין און פון דער גאַנצער אומגעגנט, וואָס האָבן זיך „געראַטעוועט" קיין קלאָבוצק. די לייט פון יודענראַט ציילן די „קעפּ". מ'שטעלט זיך איין אין פירן. מ'ציילט ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל. פּלוצים קומען אָן דייטשע רוצחים מיט די העלמען אויף די קעפּ. זיי רינגלען אונדז אַרום. איך זע, אַז עס קומט דער סוף און נעם זיך רוקן נענטער צו דער לאַנקע, כדי אַנטרינען צו ווערן. אין דעם לויפט מיר נאָך אַ קלאָבוצקער, מיט וועלכן איך האָב אַמאָל צוזאַמען געלערנט אין חדר. מיין אַמאָליקער חבר לאָזט מיך נישט

אַנטלויפֿן. ער שרייט מיר נאָך: „שטיי״. אין פּחד, אַז אַ דייטש זאָל מיר נישט נאָכשיסן, האָב איך זיך אומגעקערט אויף מיין אָרט אין דער ריי.

טראָץ דער שטאַרקער שמירה פֿון די דייטשן, האָט זיך דאָך איינגעגעבן אייניקע יידן זיך אַרויסצודרייען. די וואָס זענען געבליבן אויפֿן פּלאַץ, און איך בתוכם, האָט מען אַוועקגעפֿירט אין בית־המדרש און פֿון דאָרט אין פֿייערלעשער־זאַל, ווו מ׳האָט אונדז געהאַלטן אַ צוויי־דריי טעג און דערנאָך האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט אין אַ לאַגער אויף אַרבעט.

~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~

פּעסע כאָרזעווסקי־זלאָטניק

# צוואַנגס־אַרבעט און בעסטיאַלישע מעשׂים

צוזאַמען מיט אַלע יידן בין איך פרייטיק פאַרטאָג, דעם ערשטן סעפּטעמבער, אַנטלאָפן פון קלאָבוצק, וואָס איז באַשאָסן געוואָרן פון די דייטשן. טאָג און נאַכט האָבן מיר זיך געשלעפּט איבער פעלדער און וועלדער ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין זשאַרעק (זשאַרקי). דאָרט זענען שוין געווען די דייטשן. אין דער אומגעגנט זענען ווייטער פאָרגעקומען די שלאַכטן. איך האָב געוואָלט צוריק אַהיים קיין קלאָבוצק אָבער דער וועג איז געווען פאַרלייגט מיט טויטע.

נאָך צוויי וואָכן וואַנדערן בין איך צוריקגעקומען אין מיין געבורטס־שטעטל. אין קלאָבוצק איז געווען טויט שטיל. מ׳האָט נישט געזען קיין מענטשן. באַוואָפנטע דייטשע זעלנער האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די גאַסן און אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק. יידן האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען צו זייערע פאַרוויסטע און אויסגערויבטע היימען און געמיינט, אַז עס איז ווייטער דאָס זעלבע קלאָבוצק, ווי עס איז אַמאָל געווען. אָבער באַלד האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו פּייניקן יידן און שלעפּן זיי אויף אַרבעט, ווו מ׳איז דורכגעגאַנגען ענויים קשים.

איינמאָל האָט מען מיך גענומען אויף אַרבעט. איך בין געווען אין אַ פּאַרטיע פון פופציק יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען: יהושע און ברוך אונגליק. מיר האָבן געאַרבעט ביי דער בריק אויף קושעפּיצער וועג. די דייטשע זעלנער האָבן אונדז — אַלע פופציק יידן — געצוווּנגען אַריינצוקריכן אין אַ וואַסער־רער, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער בריק צום קאַנאַל. מיט לאָפּאַטעס אין די הענט האָבן די דייטשן זיך אַוועקגעשטעלט פון ביידע זייטן רער און וועלכער ייד עס האָט געפּרוּווט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ צו כאַפּן אַ ביסל לופט, האָט באַקומען מערדערישע קלעפּ.

נעבן דער רער האָט זיך געהאַט אָנגעזאַמלט אַ סך וואַסער, וואָס איז דאָרט פאַרהאַלטן געוואָרן. די דייטשן האָבן נישט געקאַרגט קיין מי, כדי צו באַפרייען דעם וואַסער־שטראָם, וואָס איז מיט דער גאַנצער קראַפט אַריין אין דער רער, אין וועלכער עס האָבן זיך געשטיקט די פופציק יידן. נאָכן אָפּליגן אַ שעה אין וואַסער האָבן די סאַדיסטישע דייטשן אונדז באַפוילן אַרויסצוגיין. מיר זענען אַרויס דורכגעווייקט פון וואַסער. אַ קאַלטער ווינט האָט אונדז דורכגענומען און אַזוי האָבן מיר געמוזט אַרבעטן ביז פאַרנאַכט.

אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר געאַרבעט און פרייטיק האָבן זיי אונדז געמאַכט אַ ספּעציעלן פייניקונגס־טאָג. מיר האָבן געאַרבעט ביז 12 אַזייגער. דערנאָך האָבן זיי אונדז געפירט צום פּלאַץ פאַר דער שול און באַפוילן צו רייניקן דאָס אָרט. פּלוצים האָבן די דייטשן גענומען קאָנטראָלירן די מענער, צי זיי טראָגן „ציצית". ווי איז געווען דעם ייִד, ביי וועמען זיי האָבן געפונען „ציצית". די סאַדיסטן האָבן אַזאַ יידן מערדערלעך געשלאָגן און דעם טלית־קטן פייערלעך פאַרברענט.

נאָכן אָפּרייניקן דעם פּלאַץ, האָבן די פייניקער אונדז באַפוילן זיך אויס־לייגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַרויף און די סאַדיסטן האָבן אויף אונדז געטרעטן מיט די שטיוול. ווער עס האָט געהאַט אַ גרויסן בויך האָבן זיי אים געטרעטן, ער זאָל ווערן קליין און דערביי ווילד געכיכיקעט. מיט אַ גרויסער שניידער־שער האָבן זיי גענומען אָפּשניידן יידן די האָר פון קאָפּ און דערביי מיטגעשניטן די הויט.

נאָך די דאָזיקע בעסטיאַלישע מעשים האָבן די דייטשן געברענגט צו־פירן נאָך עטלעכע יידן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אויך זיסער לאַפּידעס. אַלע זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַ קעלער און דאָרט האָט מען זיי מערדערלעך געשלאָגן. די קולות פון די געפּייניקטע האָט מען געהערט אין די ווייטערדיקע גאַסן. פרויען און קינדער זענען געקומען צום פּייניקונגס־אָרט און יאָמערלעך געוויינט. אַלע זענען געווען זיכער, אַז די געפּייניקטע וועלן שוין לעבעדיקע נישט אַרויסגעלאָזט ווערן פון קעלער. פאַרנאַכט האָבן די פייני־קער אַלעמען אַרויסגעלאָזט.

*

עטלעכע וואָכן בין איך אַזוי געטריבן געוואָרן צו דער פייניקונגס־אַרבעט, ביז איך האָב באַשלאָסן מער נישט צו גיין אַרבעטן. איך בין אַוועק צום קליינעם זיסער לאַפּידעס. ער האָט געהאַט רעכט צו שיקן צו אַן אַנדערער אַרבעט. בעת איך בין געווען ביי לאַפּידעסן אין שטוב זענען אַריינגעקומען דייטשע זעלנער און האָבן מיך געצוווּנגען צו גיין אין דער האַלב־חרובער שול, וווּ עס האָבן זיך שוין געפונען אַ סך יידן, וועלכע די דייטשן האָבן געהאַלטן ווי פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער שטאָט.

צווישן די אַרעסטירטע האָט זיך אויך געפונען דער רב און ר׳ וואָלף ווייס. אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג זענען מיר געווען אין שול. דער רב האָט געבעטן די יידן צו זאָגן תהלים. די נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן. מ׳האָט געזאָגט

תהלים. 4 פאַרטאָג האָט זיך געהערט אַ שיסעריי. מיט אַ געבראָכענער שטים האָט זיך דער רב געווענדעט צו אַלעמען: „יידן זייט מתפלל צו גאָט. עס איז געשען אַן אומגליק. מיט פּאַנישע שרעק האָבן מיר דערוואַרט דאָס אָנקומען פון טאָג. 10 אַזייגער אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט געשאָסן אַ מענטש און מיר די ערוּבניקעס זענען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר. פאַרנאַכט האָט מען מיך באַפרייט. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען אַלעמען באַפרייט.

*

דער קלאָבוצקער יודענראַט איז געווען דער באַלעבאָס איבער די קלאָבוצקער יידן. אויף זיין באַפעל האָט מען געשיקט אויף אַרבעט און אויך אַוועקגעשיקט יידן אין די לאַגערן, וואָס האָט אַלעמען געקאָסט בלוט און לעבן.

דער יודענראַט האָט געפאָדערט, אַז פון יעדער שטוב זאָל איין מענטש פאָרן אין לאַגער אויף אַרבעט. עס איז אַוועק אַ טראַנספּאָרט נאָך אַ טראַנספּאָרט. מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסצונעמען פון די בעטן ביינאַכט. מיר זענען טאָג און נאָכט געלעגן באַהאַלטן. מיטאַמאָל האָט מען מיטגעטיילט, אַז הייזער פון דער גאַס טזשעטשעגאָ מאַיאַ (דריטער מאַי), ווו איך האָב געוווינט און זיך אויסבאַהאַלטן, וועלן ווערן איינגעלייגט. דער יודענראַט האָט מיר צוגעשיקט אַן אויפפאָדערונג צו פאַרלאָזן די וווינונג, ווייל דאָס הויז ווערט איינגעלייגט. איך דאַרף זיך איבערציען אין ישעיה ענזעלס הויז.

מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז, און באַלד איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך שטעלן צו דער אַרבעט איינצולייגן די גאַנצע גאַס הייזער. יידן האָבן זיך צוגעשטעלט, באַוואָפנטע דייטשן האָבן אַלעמען אָפּגעפירט אין זאַל פון די פייערלעשער. איך, אהרן שמולעוויטש און כאַסקל ראָזען זענען צו צו אַ הינטערטיר און געפּרוּווט אַנטלויפן. ווען מיר האָבן געעפנט די טיר, האָט אַ זעלנער געשריגן, אַז אָט שיסט ער. איך בין אַרויס אין גאַס און זיך געשטעלט אין אַ שאָטנדיק אָרט, מ׳זאָל מיך נישט באַמערקן. איך בין געשטאַנען הינטער אַ האַלב־איינגעפאַלענער וואַנט און געהערט ווי אין פייערלעשער־זאַל טומלט זיך מיט מיין אַנטלויפן. הערשל ווייכמאַן מיט עטלעכע דייטשן זענען אַוועק מיך זוכן. איינער פון די דייטשן האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיינע עלטערן הרגענען אנשטאט מיך. איך בין אַריין אין דער וווינונג פון עליע פרידמאַן, וואָס איז צוליב זיין אינוואַלידשאַפט געווען באַפרייט פון גיין אַרבעטן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. באַלד איז נאָכגעקומען אַ דייטש און געפאָדערט,

אַז איך זאָל אים ווייזן מיינע דאָקומענטן. אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט וואָס צו ווייזן, האָט ער מיך אָפּגעפירט צוריק אין פייערלעשער־זאָל צום עלטסטן פון דער וואַך, אַז ער זאָל מיך שיסן. דער דייטשער העכערער מיליטער־מאַן האָט ווייזט אויס געהאַלטן, אַז עס איז אַ שאָד אויסצונוצן אַ קויל פאַר דער „יודיך" און ער האָט מיך גענומען מערדערלעך שלאָגן.

איך בין געבליבן ליגן אַ פאַרחלשטע, פאַרגאָסן מיט בלוט. מ'האָט מיך פון אים צוגענומען. עס זענען געקומען די דייטשן, וואָס זענען אַוועק מיך זוכן. זייער אָנפירער האָט מיך דערזען ליגן אַ צעבלוטיקטע, האָט ער מיר מכבד געווען נאָך עטלעכע מאָל מיטן שטיוול און דאַן דערקלערט, אַז ער וועט מיך שוין דערליידיקן אין לאַגער.

איך בין געבליבן ליגן אין געהאַקטע צרות. אַ גאַנצע נאַכט זענען אָפּ־געגאַנגען טראַנספּאָרטן. פאַרטאָג זענען ווידער געקומען אויטאָס נאָך מענטשן. מיינע באַקאַנטע האָבן מיר געעצה'ט, אַז איך זאָל פאָרן ווײַט דער דייטשער מערדער נישט וויסן, ווו איך געפין זיך. קוים וועט ער ווידער מיך טרעפן, וועט ער תיכף מיך דערשיסן. איך האָב געפאָלגט די עצה און געפאָרן מיטן טראַנס־פּאָרט.

איך בין אָנגעקומען אין לאַגער קליין־מאַנגעלסדאָרף (דייטשלאַנד). דאָרט האָבן געאַרבעט אַ סך קלאָבוצקער יידן. זיי זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און שווערער אַרבעט. איך בין דאָרט אין לאַגער דורכגעגאַנגען שווערע מאַטער־ניש און פּיין. און האָב פיל מאָל געמיינט, אַז אָט עקט זיך מיין לעבן. אָבער איך האָב אויסגעהאַלטן און דערלעבט די באַפרייאונג.

ערב דער באַפרייאונג האָבן די דייטשע מערדער אונדז געטריבן פון לאַגער צו לאַגער. צום סוף האָבן זיי אונדז געבראַכט קיין האַמבורג און געוואַלט מיט אַ שיפל אונדז שיקן אויפן ים מיר זאָלן דערטרונקען ווערן. עס איז אָבער שוין נישט מעגלעך געווען צוצוקומען צום האַמבורגער פּאָרט, וועלכער איז באַשאָסן געוואָרן פון די ענגלענדער. 3 טעג האָבן מיר זיך געפונען אונטער דער שיסעריי. דאַן האָבן אונדז די דייטשן אָפּגעפירט קיין בערגן־בעלזן, וואָס איז מיט 8 טעג שפּעטער פאַרנומען געוואָרן דורך די ענגלענדער. אַזוי אַרום זענען מיר באַפרייט געוואָרן.



אַדעלע אתגליק, אויסטראַליע

# דער לעצטער יידישער קינדער־גאָרטן אין קלאָבוצק

די לערערינס זענען געווען: נאַטקע גראַנעק, די טאָכטער פון מרדכי גראַנעק און חנה׳לע פון פּאַביאַניץ. די צוויי יונגע מיידלעך האָבן אין יאָר 1941 געגרינדעט דעם קינדער־גאָרטן און אים אויפגעהאַלטן ביז דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פון די קלאָבוצקער יידן.

די קינדערלעך, ווי אַלע קינדער אין דער גאַנצער וועלט, זענען גליקלעך צעשמייכלט געגאנגען אין זייער קינדער־היים און פאַרברענגט טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך אין געזאַנג און אין טענץ, נישט וויסנדיק, וואָס עס דערוואַרט זיי מאָרגען. צארט זענען געווען זייערע פּנימלעך, אומשולדיק זייער בליק און אַזוי אומשולדיק זענען זיי אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע עלטערן און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער.

אין דער דאָזיקער לעצטער קינדער־היים איז געגאַנגען חוה׳לע מיין שוועסטערס טעכטערל. מיין אייגן קינד — אַנדערש קען איך זי נישט אָנרופן. איך האָב געזען ווי זי האָט זיך געשפּילט מיט אירע חבר׳טעס, ווי זי האָט




לעצטער קינדער־גאָרטן אין קלאָבוצק. פון רעכטס און לינקס שטייען די לערערינס

געטאַנצט און געזונגען, ווען איבער אַלעמענס קעפּ האָט דער אכזריותדיקער טייוול אויסגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגלען.

די דאָזיקע קינדער פונעם לעצטן יידישן קינדער־גאָרטן אין קלאָבוצק האָבן נישט קיינעם, ווער עס זאָל זיי דערמאָנען, ווער עס זאָל לאָזן אַ טרער אויף זייער קינדעריש פאַרשניטן לעבן. זייערע עלטערן און משפחות זענען דורך די דייטשן פאַרניכטעט געוואָרן.

זאָלן מיינע באַשיידענע שורות זיין דער יזכור נאָך די דאָזיקע אומשולדיקע קינדער פונעם לעצטן יידישן קינדער־גאָרטן אין קלאָבוצק, וואָס זענען פאַרפּייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.



צילאַ וויטעלזאָן־זאַמבעק

# קלאַבוצקער געטאָ, „סעלעקציע", פייניקונגס־לאַגערן

אויפן דריטן טאָג נאָך קריגס־אויסברוך, האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק קיין קלאָבוצק, זעענדיק, אַז עס האָט נישט קיין צוועק ווייטער צו לויפן. די דייטשן געפונען זיך שוין אומעטום. 5 קילאָמעטער פאַר קלאָבוצק האָבן דייטשן דערזען מיין פרומען פאָטער מיט דער לאַנגער באָרד. זיי האָבן אים צוגענומען און אַוועקגעפירט. מיר האָבן נישט גערוט און נאָך 14 טעג זוכן האָט מען זיין טויטן קערפּער געפונען נישט ווייט פון קלאָבוצק.

ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, האָבן די דייטשן אים געצוווּנגען, אַז ער זאָל אַליין אויסגראָבן זיין קבר און דערנאָך האָבן זיי אים דערשאָסן. ער איז געווען פון די ערשטע יידישע קרבנות אין קלאָבוצק.

מיין מוטער איז געבליבן מיט 7 קינדער. מיינע ברידער האָט מען געטריבן צו פאַרשידענע אַרבעטן און דאָרט האָט מען זיי שרעקלעך געפייניקט. אָפטמאָל האָב איך אַליין געכאַפּט די לאָפּאַטע און אַוועק אַרבעטן אויפן אָרט פון מיינע ברידער, ווייל איך האָב מורא געהאַט מ׳זאָל זיי נישט אַוועקשיקן. פאַר פרויען איז די געפאַר געווען אַ קלענערע.

אין יאָר 1940 האָט מען באַקאַנט געמאַכט, אַז עס ווערט געשאַפן דער „אַרבעטס־איינזאַץ" און אַלע מענער אין עלטער פון 18—45 יאָר מוזן זיך צושטעלן. פון סאָסנאָוויצע איז געקומען דער יודענראַטלער משה מערין מיט געסטאַפּאָ־לייט. ער האָט באַפוילן, אַז פון יעדער משפחה מוז איין יונגער מענטש פאָרן אין אַרבעטס־לאַגער. דער יודענעלטעסטער האָט צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן: מ׳וועט דאָרט אין לאַגער זיין פאַרזאָרגט מיט עסן, מ׳וועט באַקומען געהאַלט און קאָנען איבערלעבן די מלחמה. אַרויסגעוויזן האָט זיך אַנדערש: מ׳האָט די יונגע מענטשן אַוועקגעשיקט אויף קעלט און הונגער אין לאַגער אייכענוואַלד אין דייטשלאַנד. די קינדער האָבן געשריבן שרעקלעכע בריוו, מ׳זאָל זיך אויף זיי דערבאַרעמען און שיקן קוילריבן און מייערן, ווייל קיין אַנדערע פּראָדוקטן ווערן נישט אָפּגעגעבן. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע: מ׳האָט געהאַקט האָלץ אין אַ וואַלד. זייער אַ קליינער פּראָצענט פון די וואָס זענען אַוועק אויף אַרבעט האָבן אויסגעהאַלטן דאָס דאָזיקע שווערע לעבן. פון אונדזער משפּחה איז געפאָרן אויף אַרבעט מיין ברודער שלמה. ער איז מער נישט צוריק־געקומען.

עס איז געקומען אַ צווייטער „אַרבעטס־איינזאַץ״. קיינער וויל שוין נישט פאָרן. מ׳שלעפּט פון די בעטן, מ׳שלאָגט, מ׳הרגעט, מ׳לויפט יעדע נאַכט שלאָפן אויף אַן אַנדערן בוידעם, מ׳ווייסט נישט וווּ זיך אַהינצוטאָן. די וועלט איז ענג. מיין צווייטער ברודער חיים און מיין אָנקל ניעדזיעלאַ ווערן אַוועקגעשיקט — זיי זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען.

אין דער היים איז נאָך געבליבן מיין עלטסטער ברודער יצחק־וואָלף, וועלכן מיר האָבן אויסבאַהאַלטן פון דריטן „אַרבעטס־איינזאַץ״. מיין אָנקל פּנחס ניעדזיעלאַ האָט אים באַזאָרגט מיט אַרבעט אין אַ דייטשער מעלקעריי און דער יודענראַט האָט מיין מוטער געטרייסט, אַז זי האָט „דעקונג״ אין די קינדער און מ׳וועט זי נישט אַרויסשיקן. אָבער דאָס גליק האָט נישט לאַנג געדויערט.

דעם 21־טן יוני 1942 איז אין געטאָ געווען אַ מהומה: פון סאָסנאָוועצ איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די נאַכט וועט זיין „היימלעך״. זענען מענטשן אַרומגעלאָפן פאַרצווייפלטע און געזוכט מיטלען וויאַזוי זיך צו ראַטעווען.

מיין מוטער מיט די קינדער זענען אַוועק צו אַ פּאָליאַק אין דאָרף זאגאָזש און פון דאָרט האָבן זיי געוואָלט פאָרן קיין פּייענטשין, וואָס האָט זיך געפינען אין אַן אַנדערן אַדמיניסטראַטיוון קרייז. ליידער איז שוין געווען צו שפּעט. ביינאַכט איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג. איך האָב געוואָלט לויפן קיין זאגאָזש, וווּ עס האָבן זיך געפונען מיינע שוועסטער, נאָר אויפן וועג האָט מיך געטראָפן מיין אָנקל משה ניעדזיעלאַ און מיר געעצהט נישט צוריקצוגיין אין געטאָ, ווייל אויף די וועגן לויערן די דייטשע זשאַנדאַרן. זיי אַרעסטירן יעדן ייד, וועלכן זיי טרעפן.

אין דרייען — מיין פעטער, זיין פרוי און איך זענען מיר אַרויס פון געטאָ צו אַ באַקאַנטן קריסט און זיך אויסבאַהאַלטן ביי אים אין שייער. אינמיטן נאַכט האָבן מיר דערהערט שרעקלעכע געוויינען און געשרייען. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס קומט דער סוף פון די קלאָבוצקער יידן. באַלד זענען צו אונדז געקומען דער קרייז־קאָמענדאַנט מיט געסטאַפּאָווצעס, דרעסירטע הינט און יידישע פּאָליציאַנטן פון סאָסנאָוועצ. מ׳האָט אונדז אַרויסגעפירט צום זאַמלפּונקט ביים פייערלעשער־זאַל. דעם גאַנצן וועג האָט מען אונדז געשלאָגן און געשטויסן.

די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן אונדז באַרואיקט און פאַרלאַנגט מיר זאָלן נישט ספּאַזמירן. עס וועט אונדז גאָרנישט געשען. מיר פאָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער... איך האָב זיך געבעטן, אַז מ׳זאָל אָפּלאָזן מיין פעטער משה מיט דער

מומע חנה רויזע, ווייל זיי זענען עלטערע מענטשן און קאָנען נישט גיין מיט דער אויסזידלונג, אָבער מיין בעטן האָט נישט געהאָלפן. מ׳האָט אונדז ווייטער געטריבן.

אויפֿן זאַמלפּונקט אין קלאָבוצק ביים פּייערלעשער־זאַל האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס, אַז קיין מענטשלעך אויג זאָל עס שוין מער נישט זען. די דייטשן האָבן אָנגערייצט די הינט אויף די זקנים און קינדער, וועלכע זענען געוואָרן צעביסן. קראַנקע האָבן די מערדער דערשאָסן. לסוף האָט מען אונדז אַרויפגעזעצט אויף וועגענער און אונטער אַ שטרענגער וואַך, וואָס האָט נישט געקאַרגט קיין קלעפּ, האָט מען אונדז אָפּגעפירט קיין קיזניצקע. אַ קזשעפּיצער יונגערמאַן, וואָס האָט געפּרוווט אַנטלויפן, האָבן די דייטשן נאָכגעשאָסן. ער איז געפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער. די מערדער האָבן געטרעטן אויף זיין קערפּער און דערנאָך האָבן זיי אָנגערייצט אויף אים די הינט. ווען דער געפּייניקטער איז שוין געלעגן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, אַ צעביסענער פון די הינט, האָבן אים די תלינים אַריינגעוואָרפן אין אַ טייך.

אין קיזניצקע האָבן אונדז די דייטשן אַריינגעטריבן אין דער שול, ווו מיר האָבן שוין געטראָפן אַ סך קזשעפּיצער יידן. דאָרט איז פאָרגעקומען די „סעלעקציע", וועלכע עס האָט אָנגעפירט דער סאָסנאָווצער יודענעלטעסטער — משה מערין. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז מ׳קלויבט אויס צום טויט, אין גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. די יודענראַטלער האָבן איינגערעדט, אַז די זקנים און קינדער וועלן אַוועקגעשיקט ווערן אין ספּעציעלע לאַגערן. די באַשפּייזונגס־ראַציעס פאַר זיי וועלן זיין קלענערע, אָבער זיי וועלן קאָנען איבערלעבן די מלחמה.

25 יונגע מיידלעך, צווישן וועלכע איך האָב זיך אויך געפינען, און איין בחור, יעקב דימענט, זענען אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַן אַרבעטס־לאַגער. מ׳האָט אונדז אָפּגעשיקט אין דער קזשעפּיצער שול. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין מומע נעכע גראַנעק מיט די קינדער. דאָס עלטסטע מיידל איז אַלט געווען 14 יאָר, זי איז געווען פון נידעריקן וווּקס. איך האָב זי אַרויסגעגנבעט פונעם טראַנספּאָרט און אַריינגעפירט אין אונדזער מיידל־גרופּע. איך האָב איר אונטערגעלייגט אַ שטיין, זי זאָל אויסקומען העכער. אַזוי אַרום איז געלונגען אַרויסצונעמען דאָס מיידל פון לאַגער. זי איז מיטגעפאָרן מיט אונדז ביז סאָסנאָווצע, ווו עס איז געווען אַ דורכגאַנגס־לאַגער („דולאַג"). דאָרט האָט מען אונדז „מעדיציניש" אונטערזוכט... מיין קוזינע איז געוואָרן פאַרבראַקירט, ווייל זי איז צו קליין. זי איז מיט אונדז נישט מיטגעפאָרן.

נאָכן אָפּזיין 8 טעג אין „דולאג״, האָט מען אונדז, די 25 מיידלעך, אָפּגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגער גרינבערג. דאָרט האָבן מיר שווער געאַרבעט און באַקומען ווייניק צו עסן. פון טאָג צו טאָג זענען מיר שוואַכער געוואָרן און דאָך אויסגעהאַלטן.

נאָך אַ יאָר אָפּאַרבעטן איז דער לאַגער ליקווידירט געוואָרן. מ׳האָט אונדז געשיקט קיין נויזאַלץ. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ סך קלאָבוצקער, נאָך פון ערשטן „אַרבייטס־איינזאַץ״, און צווישן זיי מיין שוועסטער בעלאַ. אויך אַנדערע פון אונדזער מיידל־גרופּע האָבן דאָרט געטראָפן זייערע שוועסטער. נעמלעך: פייגעל, בליץ, חנה אונגליק און עדזשאַ גראַנעק. מירל אונגליק און עדזשאַ גראַנעק זענען אין לאַגער געשטאָרבן נאָך אַ שווערער קראַנקהייט.

מיט מיין שוועסטער בעלאַ האָב איך זיך נישט צעשיידט ביז נאָך דער באַפרייאונג. מיר זענען צוזאַמען דורכגעגאַנגען אַלע אָפּטיילונגען פון דייטשן פּייניקונגס־גיהנום. מיר האָבן שווער געאַרבעט און געוואָרן אויסגעדאַרט ווי סקעלעטן. אַ פונק האָפנונג, אַז מיר וועלן די מלחמה איבערלעבן האָט אויפגעהאַלטן אין אונדז דעם רוח החיים. זייער אַ גרויסע צאָל מיידלעך האָבן נישט אויסגעהאַלטן די שרעקלעכעליידן און זיך איינגעבראָכן.

אין דעצעמבער 1944 זענען מיר, אונטער אַ שטאַרקער וואַך פון ס.ס.־לייט געוואָרן אַרויסגעפירט פון לאַגער נויזאַלץ. עס האָט געהייסן, אַז די דייטשן וועלן אונדז „באַשיצן״ פון די רוסישע באָמבאַרדירונגען. 6 וואָכן האָבן אונדז די באַוואָפנטע דייטשן געטריבן דורך פאַרשידענע וועגן. אין האָלץ־שיך אָדער אינגאַנצן באָרוועס זענען מיר געגאַנגען אין טיפע שנייען יעדן טאָג 30 קילאָמעטער. די פיס זענען געוואָרן געשוואָלן. זייער פיל מיידלעך, צווישן זיי אויך קלאָבוצקער זענען אויף די וועגן געפאַלן אין חלשות און אַזוי פאַרענדיקט זייערע יונגע יאָרן.

מיר זענען דורכגעגאַנגען דאָס סודעטן־געביט, טשעכיע, די שיינע שטאָט מאַריענבאַד. צום סוף האָבן אונדז די ס.ס.־לייט פאַרשפּאַרט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנעס און 3 טעג אונדז געפירט אָן עסן. אַזוי האָט מען אונדז געבראַכט אין אויסראָטונגס־לאַגער בערגען־בעלזען. צו אונדזער מזל זענען מיר דאָרט געווען נאָר 4 וואָכן, לענגער וואָלטן מיר נישט אויסגעהאַלטן.

דער שמוץ און דער הונגער האָט יעדן טאָג אַוועקגעלייגט טויזנטער יידן. די מתים זענען געלעגן קופּעסווייז און די לעבעדיקע האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי גייענדיקע שקעלעטן. מיר האָבן בכלל נישט באַקומען קיין ביס ברויט, נאָר 1 מאָל טעגלעך אַ קליין ביסל זופּ. ווען מ׳האָט געבראַכט דעם קעסל זופּ

פון דער שטוב האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופעניש, און דער „קאַפּאָ“, אַ פרוי, האָט געשלאָגן איבער די קעפּ ביז בלוט האָט זיך געגאָסן. אַזוי אַרום האָט מען באַקומען דאָס ביסל וואַסערדיקע זופּ. דאָס וואַסער צום טרינקען איז געווען אָפּגעשלאָסן. דורך די 4 וואָכן האָבן מיר זיך קיין איין מאָל נישט געוואַשן, די ווערים האָבן אונדז אויפגעגעסן.

דעם 15־טן אַפּריל 1945 זענען מיר, ליגנדיק צווישן די טויטע, געוואָרן אויסגעלייזט דורך די ענגלענדער. אין לאַגער איז געווען אַ טיפוס־עפּידעמיע. די ענגלענדער האָבן אונדז אָפּגעפירט אין אַ שפּיטאָל. מ'האָט אונדז געוואַשן, גערייניקט און געהיילט. נאָך צוויי חדשים בין איך מיט מיין שוועסטער בעלאַ אַרויס פון שפּיטאָל און אַוועק קיין שוועדן.



קאַראָלאַ בענטשקאָווסקאַ

## ענטגילטיקע ליקווידאַציע פון געטאָ

מיינע עלטערן שטאַמען פון קלאָבוצק. ווען מיר זענען נאָך אַלע געווען קליינע קינדער, האָבן זיך די עלטערן איבערגעצויגן קיין לאָדזש.

די מאַמע איז אָפט געפאָרן אויף קבר־אבות קיין קלאָבוצק. אין יענע יונגע יאָרן האָב איך זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, וואָס פאַראַ דערהויבענע באַדייטונג און וויפל טיפע געפילן זענען געבונדן מיט דעם אַרויספאָרן אויף קבר־אבות. גרויס איז געווען דאָס גליק פון אונדז קינדער, ווען מ'האָט געקענט מיטפאָרן מיט דער מאַמען קיין קלאָבוצק. איך בין אויך עטלעכע מאָל געווען מיט מיין מאַמען אין יענעם שטעטל און ס'איז מיר איבערגעבליבן אנגענעמע זכרונות.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה זענען מיר צוריקגעפאָרן אין דער אַלטער היים און אַזוי אַרום זענען מיר אַלע צוזאַמען געקומען קיין קלאָבוצק.

אין אָנהייב אָקופּאַציע זענען פרויען און מענער געכאַפּט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט און מיר האָבן דאָס פּאַר ליב געגומען. מיר האָבן געמיינט, אַז מיט דעם וועט זיך דאָס אַלץ פאַרענדיקן. נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס „גליק“. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַוועקשיקן אויף אַרבעט. אין אַ קורצער

צייט שפּעטער איז ווידער אַרויס אַ נייע גזירה, אַז אויך אַלע מיידלעך מוזן זיך צושטעלן צום אַוועקשיקן אויף אַרבעט. אויך מיך האָט דער גורל נישט אויסגעמיטן.

ביינאַכט האָט מען מיך אַרויסגענומען פון בעט. איך האָב געציטערט פאַר פּחד. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָט מען מיך אַוועקגעריסן פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע — פון מיין היים.

איך האָב נישט געוווסט ווהין מ׳נעמט מיך. אָבער איך האָב געמיינט, אַז מיין פּערזאָן וועט שוין אויסלייזן די גאַנצע משפּחה פון ערגסטן. כ׳בין גרייט געווען אויסצוטראָגן אַלע קרבנות פאַר מיין משפּחה. איך האָב זיך אין יענער נאַכט נישט פאַרגעשטעלט, אַז צום לעצטן מאָל דריק איך צום האַרץ מיינע טייערע עלטערן.

נאָך היינט שטייט מיר דאָס בילד פאַר די אויגן ווי אַזוי די דייטשן האָבן אונדז געפירט צו דער סטאַציע. די מאַמע איז מיר נאָכגעלאָפן דורכן פעלד, כדי מיך כאָטש צו זען פונדערווייטנס... איך האָב געזען ווי מיין מאַמע, ביים נאָכלויפן איז געפאַלן אין פעלד, זיך שנעל אויפגעהויבן, כדי מיך נאָך צום לעצטן מאָל צו זען. ווייזט אויס, אַז זי האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז זי זעט מיך צום לעצטן מאָל.

אין 1942־טן יאָר, ווען איך בין געווען אין לאַגער, האָב איך נאָך באַ־קומען פון דער מאַמען געציילטע בריוו. אַ קורצע צייט נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די „אויסזידלונג״ פון קלאָבוצק. יעדער האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען אַזוי ווי ער האָט געקאָנט. אַלע האָבן זיך געאיילט אַנצוקומען אין אַרבעטס־לאַגער זאַגאָזש. די מאַמע האָט נישט גערוט און נישט טראַכטנדיק וועגן זיך, נאָר וועגן די קינדער, ווי אַזוי זיי אָפּצוראַטעווען און צו פאַרזיכערן זייער לעבן, האָט זי אַוועקגעפירט מיין יינגסטע שוועסטער, מאַרילע, אין אַרבעטס־לאַגער זאַגאָזש און אַליין האָט זי זיך אומגעקערט אַהיים. אין דער היים איז זי געווען מיט דער באָבע און מיט מיין שוועסטער פרימעט מיט איר קינד און געוואַרט אויף דעם ווייטערדיקן גורל פון דעם טרויעריקן לעבן.

די זעלבע נאַכט איז טאַקע פאָרגעקומען די „אויסזידלונג״. מיין שוועסטער מאַרילע האָט אין לאַגער געוווסט, אַז די מאַמע, די באָבע, די שוועסטער פרומעט מיט איר קינד זענען באַהאַלטן אונטער דער שאַפע. מאַרילאַ האָט געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי צו קאָנען קומען אין שטאָט אַריין, כדי צו דערוויסן זיך, וואָס ס׳איז געשען מיט דער משפּחה.

מאַרילאַ מיט עדזשע עפּשטיין זענען געגאַנגען אין שטאָט אַריין מיטן

קעסל עסן פאַר די אַרבעטער. זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך באַוואָפנטע דייטשן, וועלכע האָבן די מיידלעך אויסלעגיטימירט און זיי געצוווּנגען אַריינ־צוזעצן זיך אין דעם אויטאָ. דאָרט זענען שוין געזעסן דריי מענער: יחיאל מאָס, אַ פאָטער פון זיבן קינדער, דער 14־יאָריקער אונגליק און דער 13־יאָריקער דזיאַלאָווסקי. אַלע האָט מען אַוועקגעפירט אויפן יידישן בית־עולם צום דערשיסן.

מאַרילאַ מיט עדזשען זענען געשטאַנען אויסגעדרייט צו דער וואַנט און די מענער האָבן געגראָבן אַ געמיינזאַמען קבר. ווען מאַרילאַ האָט געפּרוּווט זיך אומדרייען, האָט זי באַקומען מיט אַ גומענעם קנוט איבערן קאָפּ. די אויגן זענען איר פאַרלאָפן מיט בלוט. זי האָט געוואָלט, אַז די פּיין זאָלן זיך וואָס גיכער ענדיקן, ווייל דאָס וואַרטן אויפן טויט האָט צעזעצט דעם מוח. אָבער אָפּטמאָל קומט די אויסלייזונג אַפילו אין לעצטן מאָמענט פאַרן טויט. ס'איז אָנגעקומען דער שטאָטישער קאָמיסאַר און ער האָט אָפּגעראַטעוועט מאַרילען און עדזיען (חנהקען) פון טויט.

אַזוי ווי זיי האָבן נאָר באַוויזן אָפּצוגיין אַ פּאָר טריט, האָבן זיי געהערט אַ שיסעריי. דאָס האָבן די דייטשן געמאַכט אַ סוף צו דעם לעבן פון די דריי אומשולדיקע קרבנות — די יידן.

נאָך צוויי טעג זענען אַלע איבערגעבליבענע אין זאַגאָזשער לאַגער געבראַכט געוואָרן אין שטאָט אויפצורוימען די הייזער נאָך די יידן, וועלכע די דייטשן האָבן אַרויסגעשיקט צום טויט. אויך מאַרילאַ און חנהקע זענען געווען אין דער „רוים־קאָמאַנדאָ" און דורך אַ צופאַל איז זיי אויסגעקומען צו רוימען אין אונדזער וווינונג, ווו ס'זענען געווען באַהאַלטן די מאַמע, באַבע און די שוועסטער פרומעט מיטן קינד.

מאַרילאַ האָט געבעטן דעם „אויבערשאַרפירער", אַז ער זאָל דערלויבן זיי מיטצונעמען אין לאַגער. אַלס באַלוינונג האָט זי צוגעזאָגט צו ווייזן דאָס אָרט, ווו די באָבע האָט באַהאַלטן איר אוצר. דער אויבערשאַרפירער האָט מסכים געווען און ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים אָפּמאַרשירן, זענען אָנגעקומען זשאַנדאַרן מיט אויסשפיר־הינט און אַלע פאַרנומען.

דער שכן, אַ פּאָלאַק מיטן נאָמען דזשיזבאַ, האָט געבעטן, אַז מ'זאָל אים געבן דאָס קינד, חנה'לען — פרומעטס טעכטערל. ער האָט געוואָלט איבער־קויפן די דייטשן, אָבער אומזיסט זענען געווען די באַמיונגען. די זשאַנדאַרן האָבן געטריבן די אַרעסטירטע.

*

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען די לעצטע קלאָבוצקער יידן אַוועק־

געשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער קיין דייטשלאַנד. צווישן די אַרויסגעשיקטע איז אויך געווען מיין פאָטער מיט צווי ברידער: איצעק און אַלעק. נישט געקוקט אויף די שווערע מאָראַלישע און פיזישע איבערלעבונגען פון מיין פאָטער: ער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן די פרוי, אַ טאָכטער און אַן אייניקל, האָט ער געמוזט ווייטער לעבן און אַרבעטן פאַר די דייטשע מערדער, מיינענדיק, אַז ער וועט איבערלעבן היטלערס גיהנום.

איצעק און אַלעק האָבן אַלץ געטאָן אין לאַגער אַבי צו פאַרלייכטערן דעם טאַטן אין זיינע שווערעליידן און צו דערהאַלטן אים ביים לעבן. זיי האָבן גאַנץ אָפט אָוועקגעגעבן זייערע פאַרציעס עסן פאַרן טאַטן, צום באַדויערן האָט דער ביטערער גורל געוואָלט, אַז אַ פּאָר חדשים פאַר דער באַפרייונג איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג אַרויסצושיקן פון אַרבעטס־לאַגער אַלע עלטערע מענטשן, און אויך מיין פאָטער.

איינער פון די ברידער האָט זיך געוואָלט שטעלן פאַרן פאָטער, אָבער מ'האָט נישט געקאָנט. די דייטשע מערדער האָבן אַרויסגעריסן דעם טאַטן פון דעם ברודערס הענט און אים אַוועקגעשיקט אין די גאַז־קאַמערן.

ווו זיינען אונדזערע טייערסטע? ווו זענען זייערע קברים מ'זאָל קאָנען צו זיי פאָרן אַזוי ווי מיין מאַמע אויף קבר־אבות?

זאָלן זייערע נשמות זיין אין אייביקער רו!



פּעסע כּאַרזשעווסקי־זלאָטניק

## די קריסטלעכע „הילף" פאַר די קלאָבוצקער יידן

אַ טאָג פאַר דער דעפּאָרטאַציע פון קלאָבוצקער געטאָ, האָבן מיין מוטער און שוועסטער פאַרלאָזט די היים און מיט דער הילף פון א קריסטין זיך אַרויס־באַקומען פון שטעטל, כדי זיך צו שמוגלען דורך דער „גרענעץ" קיין טשענסטאָכאָוו, ווו עס האָט זיך שוין געפונען מיין ברודער עמנואל. אויפן וועג האָט די קריסטין חרטה געהאַט און זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן מיין מוטער און שוועסטער.

זיי זענען געבליבן אין מיטן וועג און גענומען גיין צוריק קיין קלאָבוצק. אויפן וועג זענען זיי באַשאָסן געוואָרן פון די דייטשן. פויערים האָבן געוואָרנט די צוויי פרויען נישט צו גיין קיין קלאָבוצק ווייל די דייטשן שיסן אויף די יידן.

די מוטער און שוועסטער זענען צוריק אַוועק אין אַ דאָרף. דאָרט האָט אַ קריסטין אויף זיי רחמנות געהאַט און אויסגעזוכט אַ פויער, וואָס האָט פאַר גוט באַצאָלט אַריבערגעשמוגעלטביידע פרויען קיין טשענסטאָכאָוו.

אַנדערש זענען געווען די פיינלעכע וואַנדערונגען פון מיין פאָטער.

מיין פאָטער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן די היים. ערשט ווען די דייטשע רוצחים האָבן שוין געווילדעוועט אויף די געטאָ־גאַסן, האָט זיך דעם טאַטן איינגעגעבן צו אַנטלויפן צו אַ באַקאַנטן קריסט פיעכורסקי. דער גוטער קריסט האָט דעם ייד אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם, פון פאַרנאַכט ביז 11 אָוונט. נאָך דער צייט איז פיעכורסקי געקומען צום פאָטער און אים געזאָגט, אַז ער מוז תיכף פאַרלאָזן דאָס הויז, ווייל ער, פיעכורסקי האָט מורא, די דייטשן זאָלן נישט אויסשיסן אים מיט דער גאַנצער משפחה, פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייד דערשיסן די דייטשן די גאַנצע משפחה פון פויער.

דער פאָטער איז געוואָרן געצוווּנגען ווייטער צו וואַנדערן. ער איז ווידער אָנגעקומען צו זיינס אַ באַקאַנטן קריסט — זמיעלניק פון דאָרף זאַקשעוו און אויך דאָרט באַקומען די זעלבע תשובה. אזעלכע תשובות האָט דער געיאָגטער און פאַרצווייפלטער ייד באַקומען פון זיינע באַקאַנטע קריסטן. מיין פאָטער האָט זיך געשלעפּט איבער פעלדער און וועלדער, אַריינגעגנבעט זיך אין פויערישע סטאָדאָלעס אָדער אויף בוידעמס איבערצושלאָפן אַ נאַכט און לסוף צוריק געוואַנדערט קיין קלאָבוצק, ווייל א באַקאַנטער קריסט האָט אים געזאָגט, אַז אין קלאָבוצק איז נאָך פאראן אַ „יידישער קאָמיטעט".

מיין פאָטער איז אַוועק אין „קאָמיטעט" און דאָרט געטראָפן די יודענראַט־פירער ווינער און יאַסנע. די יודענראַטלער האָבן זיך דערשראָקן, ווען זיי האָבן פּלוצים דערזען א קלאָבוצקער ייד אין שטעטל. זיי האָבן אים געגעבן אַ שטיקל ברויט און געהייסן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם. אינדערפרי וועלן זיי אים אָפּפירן אין לאַגער. דער פאָטער איז אַוועק, נאָר אָנשטאָט אויפן בוידעם, האָט ער ווידער פאַרלאָזט דאָס שטעטל, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז די יודענראַטלער זאָלן אים נישט ווידער איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

אויף זיין ווייטערן וואַנדער־וועג האָט דער ייד אָנגעטראָפן שיכורע דייטשע אייזנבאַנער, וואָס האָבן אים פאַרהאַלטן. מיט שווערער מי און פאַרן פרייז פון 10 מאַרק, האָט זיך אים איינגעגעבן אויסצוקויפן זיך פון די רוצחים. מאָראַליש דערשלאָגן, פיזיש אויסגעשעפּט איז מיין פאָטער אָן כוחות געבליבן אין פעלד. עס איז דורכגעגאנגען א קריסט. דער ייד האָט אים געבעטן, אַז ער דער

קריסט, זאָל אים אָפּפירן קיין טשענסטאָכאָוו. דער קריסט האָט געפאָדערט אַלס באַלוינונג פאַר זיין טרחה דעם טאַשן־זייגער, וואָס ער האָט געזען ביי דעם ייד.

מיין פאָטער האָט אַוועקגעגעבן דעם טאַשן־זייגער און דער קריסט האָט אים צוגעפירט ביז דער גרענעץ און ווייטער געהייסן אַליין גיין. ער האָט נישט געהאַט קיין ברירה און שלעפנדיק שווער די קראַנקע פיס איז ער דערגאַנגען ביז טשענסטאָכאָוו. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה: ווי אַזוי קומט מען אַריין אין געטאָ?

דער ייד איז אַריין אין אַ קריסטלעך געוועלב ווו ער האָט געקויפט אַ גלאָז סאָדע־וואַסער. נאָכן אויסטרינקן האָט ער געבעטן ביים קרעמער, אז עמיצער זאָל אים צופירן צו דעם געטאָ. פאַר צוויי זלאָטעס האָט אַ קריסטלעך יינגל אים צוגעפירט צו דער קאַדאפסקער בריק און פון דער צווייטער זייט בריק איז שוין געווען דאָס גרויסע געטאָ.

יידן פון יענער זייט געטאָ האָבן באַמערקט מיין פאָטער. זיי האָבן זיך מוסר נפש־געווען און גיך אים אריינגעכאַפּט אין געטאָ, די רוצחים זאָלן נישט באַמערקן. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען איז מיין פאָטער ענדלעך געקומען צו זיין זון און מיר זענען שוין געווען צוזאַמען ביז ערב סוכות.

ערב סוכות איז געקומען די צווייטע „אַקציע” אין טשענסטאָכאָוו. מיינע עלטערן זענען אַוועק אין אַ בונקער און דאָרט אָפּגעלעגן זעקס וואָכן. נאָך דער דאָזיקער צייט, ווען מ׳האָט געשמועסט, אַז אין טשענסטאָכאָווער געטאָ וועט שוין די יידן נישט געשען קיין שום שלעכטס זענען מיינע עלטערן ווידער אַריין אין געטאָ. אָבער איצט איז שוין געווען זייער שווער זיך איינצואָרדנען. מ׳האָט מורא געהאַט אריינצולאָזן אין שטוב עלטערע נישט אַרבעטס־פעאיקע מענטשן.

נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט זיך מיין שוועסטער איטע איינגעגעבן צו געפינען פאַר די עלטערן אַ קעלער־שטיבל. אין שרעק, הונגער און קעלט האָבן זיי דאָרט דורכגעלעבט דריי חדשים און לסוף איז ווידער געקומען אן „אַקציע”. מיט דער הילף פון יידישע פּאָליציאַנטן האָבן די דייטשן אָפּגעזוכט מיינע עלטערן און זיי זענען פון טשענסטאָכאָווער געטאָ אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. דאָס איז געשען אין יאנואַר 1943.



# קלאָבוצקער יידן אין אויסראָטונגס לאַגערן

**דאָרא ווייס**

## דער זאגאזשער לאגער

נישט ווייט פון קלאָבוצק איז פאַראַן אַ דאָרף זאגאזש. דאָרט האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אַ מין „פרייען״ אַרבעטס־לאַגער צו באַדינען די דייטשע ווירטשאַפטן און די אַרומיקע שאָסייען. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין האַקן שטיינער, פונאַנדערנעמען הייזער אָדער אויפשטעלן נייע בנינים.

דער זאגאזשער לאַגער איז אַנטשטאַנען פאַר די ימים־נוראים אין יאָר 1941. זיינע ערשטע „איינוווינער״ זענען געווען אַ גרופּע יידן פון לאַגער זאבאזש, ביעלסקער געגנט, סאָסנאָווצער קרייז. מיט דער צייט זענען יידן פון קלאָבוצק און אומגעגנט געקומען „פרייוויליק״ אין זאַגאָזשער לאַגער און געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי אָננעמען צו דער אַרבעט. דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען דער קלאָ־



קלאָבוצקער אין זאַגאָזשער לאַגער ביי דער אַרבעט

בוצקער יודענראַט האָט אויסגעפירט דעם ווילן פון די דייטשן און געצוווּנגען די יידן מאַסנווייז צו פאָרן אין די דייטשע לאַגערן. אין קלאָבוצקער געטאָ איז דער פחד געווען זייער גרויס. די ווידערשפּעניקע, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן קלאָבוצק זענען געווען אין שטענדיקער טויט־שרעק. דער זאַגאַזשער לאַגער האָט דעריבער אויסגעזען ווי אַ רעטונגס־ברעט פאַר די פאַרצווייפלטע יידן, וואָס האָבן זיך געטרונקען אין בלוט.

דעם 21־טן יוני 1942 איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון קלאָבוצקער געטאָ. אַ טייל „נוצלעכע יודען" זענען איבערגעבליבן, צווישן זיי: לייזער פראַנק מיט זיין פרוי, אַ דענטיסטין, פתחיה ציַנציַנאַטוס, יעקב אהרן בלוי, איציק אליע בעסער מיט זיין פאַמיליע, חיים מענדעלעוויטש, שלום אונגליק, יאַנקל ליביצקי — זיי אַלע זענען געבליבן אין קלאָבוצק און באַקומען דירות.

נאָכדעם ווי קלאָבוצק איז געוואָרן „יודענריין". האָבן די דייטשן געשאַפן אין געוועזענעם געטאָ אַ „דינסטשטעללע" מיט וואַרשטאַטן פאַר שניידער, שוסטער, דערביי אַ מאַגאַזין און אַ קיך, אין וועלכער עס זענען געווען באַשעפטיקט די איבערגעבליבענע „נוצלעכע יודען".

אַ באַדייטנדע צאָל יידן, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון די מערדערלעכע דעפּאָרטאַציעס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און ביי פּויערים. די „דינסטשטעללע" האָט אין קלאָבוצקער געגנט אויפגעשטעלט אַ ריי „פרייע" לאַגערן, וואָס האָבן געדאַרפט צוציען די אַנטלאָפענע און אויסבאַהאַלטענע, זיי זאָלן זיך פרייוויליק מעלדן צו דער אַרבעט, כדי אין דער געהעריקער, באַשטימטער צייט צו קאָנען זיי ליקווידירן.

דער דאָזיקער טייוולאָנישער פּלאַן פון די דייטשן האָט זיך איינגעגעבן. דער פּאָפּולערסטער לאַגער פון דער קלאָבוצקער „דינסטשטעללע" איז געווען זאַגאַזש. דאָרט אַהין זענען געקומען נישט בלויז די אַנטלאָפענע און אויסבאַהאַלטענע יידן, נאָר אויך יידן פון נאָענטן טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט געהערט צום „גענעראַל גוּווערנעמענט". טשענסטאָכאָווער יידן האָבן מיט מסירת־נפש געשמוגלט די „גרענעץ", כדי צו קאָנען אָנקומען אין „גליקלעכן" זאַגאַזשער לאַגער. אין זאַגאַזשער לאַגער זענען פאַר דער ליקווידאַציע געווען 500 יידן. אַזעלכע ענלעכע לאַגערן, מיט וועלכע עס האָט פאַרוואַלטעט די קלאָבוצקער „דינסטשטעללע" זענען געווען אין ביאַלע, ווּרענטשיצע, ווילקאָוויעצק, קושעפּיץ אאנ"ד. מ'האָט דאָרט געאַרבעט געוווּנג שווער, אָבער קייגן אַנדערשווו האָט עס געהייסן — גוט...

די כלומרשטע „גוטע" צייט אין לאַגער האָט נישט לאַנג געדויערט. אין

חודש יולי 1943 איז דער זאגאזשער לאַגער אַרומגערינגלט געוואָרן דורך ס.ס.־לייט. זיי האָבן באַפוילן שנעל זיך אָנצוטאָן און אַלע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין פּאָליציי־הויז. דאָרט האָט מען געבערענגט די יידן פון אַנדערע לאַגערן, וואָס האָבן געהערט צו דער „דינסטשטעללע" פון קלאָבוצק. דאָס פּאָליציי־הויז איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט שטאַרקע וואַכן פון די ס.ס.־לייט. אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסראָטונגס־אַקציע, אָבער מ'האָט שוין גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן.

ביי דעם דאָזיקן אויסזיכטלאָזן מצב האָבן זיך דאָך געפינען אייניקע דרייסטע יידן, וואָס האָבן געפּרוּווט ראַטעווען זייער לעבן.

בעתן ברענגען ברויט פאַר די צום טויט־פאַרמשפּטע, זענען אַנטלאָפן: אברהם ווייס, נחמה קיטנער און אברהם ליבערמאַן. אברהם ווייס האָט מען געכאַפּט. עטלעכע יידן, דערונטער: פּתחיה צינצינאַטוס מיט זיין פרוי און חיים זילבערבערג האָבן אויפגעריסן דאָס טויער און געפּרוּווט אַנטלויפן. די דייטשן האָבן זיי נאָכגעיאָגט. איינער איז דערשאָסן געוואָרן, די איבעריקע האָט מען צוריקגעבראַכט. מ'האָט זיי מערדערלעך געשלאָגן. די ס.ס.־רוצחים האָבן אַלעמען אויסגעשטעלט צו דער וואַנט און געדראָט צו דערשיסן. עס איז אָנגעקומען אַן ס.ס.־אָפיציר און געזאָגט צו זיינע „קאַמעראַדן", אַז עס איז אַ שאָד די קוילן — „די ווערדען זאָ ווי זאָ קרעפּירען". די עקזעקוציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אויף צומאָרגנס האָבן צוויי פרויען מיט אַ מאַנסביל גענומען שפּרינגען איבערן פּלויט. זיי זענען געכאַפּט געוואָרן. די וואַך איז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט ס.ס.־לייט און דרעסירטע הינט. לסוף זענען אַלע געפיינינקטע יידן אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן און אין לאַסט־וואַגאָנעס זענען זיי געבראַכט געוואָרן אין לאַגער בלעכהאמער. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ „סעלעקציע", עלטערע מענטשן און קינדער זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און די אַרבעטס־פעאיקע אין אַרבעטס־לאַגערן. געציילטע פון זיי האָבן זיך אומגע־קערט אַהיים.



**אברהם ענזעל**

# ארויס פון באהעלטעניש
# און אוועק אין זאגאזשער לאַגער

3 טעג פאַר דער דעפּאָרטאַציע פון קלאָבוצק האָב איך זיך דערוווּסט, וואָס עס גרייט זיך. איך האָב אַלע מיינע באַקאַנטע מיטגעטיילט וועגן דער דראָענדער סכנה. אין משך פון צוויי שעה האָט זיך די שרעקלעכע בשורה פאַרשפּרייט איבערן געטאָ און יעדער האָט געזוכט אַן אַנטרינונג. יונגע מענער, פרויען און מיידלעך זענען געלאָפן אין זאגאזשער לאַגער. עלטערע זענען גע־בליבן אויסגעשטעלט אויפן גורל. אַ טייל זענען געלאָפן איבער דער „גרענעץ" אין „גענעראַל־גוווערנעמענט".

איך, מיין פרוי קאַראָלאַ צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אונגליק, האָבן באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַ צוגעגרייטן טאָפּלטן בוידעם אין אַ בנין בשכנות מיט אונדזער הויז.

דעם לעצטן אָוונט, ווען מיר האָבן זיך שוין געגרייט אַריינצוקריכן אין אונדזער באַהעלטעניש, האָב איך נאָך געטראָפן יאכעט ריפשטיין. זי האָט מיך געפרעגט: וווהין זאָל זי גיין און וואָס זאָל זי טאָן. איך האָב איר פאָרגעלייגט צו גיין אין מיין באַהעלטעניש. דערויף האָט יאכעט מיר געענטפערט, אַז זי האָט אַ באַקאַנטן קריסט וועט זי צו אים גיין, אַז ער זאָל זי אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און מער האָב איך זי שוין נישט געזען...

אין אַ שטילער, פינצטערער נאַכט, ווען דאָס קלאָבוצקער געטאָ איז שוין געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן, זענען מיר אַריין אין אונדזער באַ־העלטעניש און דאָס טויער פון הויז פאַרמאַכט מיט אַ פרענט פון אינעווייניק. פאַרטאָג האָבן מיר פּלוצים דערהערט אַ שרעקלעך קלאַפּן אין טויער און די באַקאַנטע ווילדע דייטשע קולות: „יודע מאַך אויף", באַגלייט מיט אַ שיסעריי און געשרייען פון די געטריבענע. פון אונדזער באַהעלטעניש האָבן מיר געזען, ווי ביים טויער שטייט אסתר סקאָרופּאַ מיט איר קינד און וויינען.

די דייטשן האָבן אויפגעבראָכן דאָס טויער. זיי האָבן געזוכט אין אַלע שטובן אָבער צו אונדזער באַהעלטעניש זענען זיי נישט דערגאַנגען. די דייטשן זענען אַוועק. 3 טעג זענען מיר געלעגן אין באַהעלטעניש אָן עסן און טרינקען.

אויף דער פערטער נאַכט האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין איינציקווייז אין לאַגער זאגאזש, ווייל מיר האָבן באַקומען ידיעות, אַז דאָרט קאָן מען זיך איינאָרדענען. מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזער בונקער און אַוועק אין לאַגער.

משה פייגע

# דער געראַנגל פאַר לעבן און עקזיסטענץ

אין יאָר 1943 איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן פון „האַסאַג"־לאַגער אין טשענסטאָכאָוו. טשענסטאָכאָוו האָט געהערט צום „גענעראַל גוווערנעמענט" און איך בין געלאָפן איבער דער „גרענעץ" קיין קלאָבוצק, וואָס איז געווען איינגע־שלאָסן אין „דריטן רייך". צוזאַמען מיט די אַרבעטער בין איך 7 אַזייגער אין דער פרי אַרויס פון לאַגער אויף אַרבעט. אין גאַנג האָב איך זיך אַוועקגעשאַרט פון דער ריי און געגאַנגען צו א קריסט, אויף וועלכן מ'האָט מיר אָנגעוויזן, אַז ער איז א „שמוגלער". ביי דעם פּאָלאַק האָב איך געטראָפן עטלעכע יידן, צווישן זיי: אהרן פראַנק פון קזשעפּיץ, משה צינצינאַטוס פון קלאָבוצק און נאָך עטלעכע פּערזאָן. אונזער רעטער האָט אונז אַריינגעלאָזט אין א קעלער אין דער צווייטער שטוב, ביינאַכט איז מען אַרויס פון קעלער, עפּעס אָפּגעגעסן און געגרייט זיך אין וועג אַריין.

צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט האָבן מיר אָנגעהויבן צו גיין קיין קלאָבוצק. מ'איז בשלום אַדורך די „גרענעץ" ביי זשאַביעניעץ און אַרום דריי ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין לאַגער זאַגאזש. דער שמוגלער האָט אונז אַריינגעפירט אין א חזרים־שטאַל וווּ עס איז געווען דאָס וווין־אָרט פון די יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין זאַגאָזשער לאַגער. אין שטאַל אויף די נאַרעס זענען געשלאָפן די געוועזענע קלאָבוצקער בעלי־בתים, בכבודע יידן.

אונזער אָנקומען האָט זיי איבערגעוועקט, זיי האָבן אונז אויפגענומען היימיש, געגעבן שלום און גענומען זיך אויספרעגן וועגן זייערע משפּחות, וואָס געפונען זיך נאָך אין טשענסטאָכאָוו. איינער פון די לאַגער־יידן מרדכי רוס־געלבאַרד האָט אונז דערמאָנט, אַז מיר דאַרפן זיך אַוועקלייגן, ווייל באַלד וועט אַריינקומען דער „פעטער". מיטן נאָמען „פעטער" האָבן זיי גערופן דעם „קאַפּאָ" ראובן שניעבער.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט איז דער „קאַפּאָ" צוגעקומען צו מיר און געזאָגט: „ משה , דו ביסט שוין ווידער אַהערגעקומען, דו ווילסט זיך רייצן מיט דעם לאַגער־פירער ? גיי שוין אַרויס פון דאַנען". גלייכצייטיק האָט אַהרן פרענק באַקומען פון אים געשלאָגן.

איך בעט אים: „ווו אהין וועל איך גיין ביי נאַכט, מ'וועט מיך כאַפּן.

מאָרגן פרי ווען אַלע וועלן גיין צו דער אַרבעט, וועל איך מיטגיין און דער נאָך אויף וועלכן ס'איז אויפן פאַרשווונדן".

אזוי איז טאַקע געשען. מיר זענען אין דער פרי ארויס צו דער אַרבעט. איך, אהרן פרענק און משה צינצינאַטוס, זענען אַוועק יעדער אויף אַן אַנדער אָרט. אהרן פרענק'ס אַ ברודער איז געווען, „אַ רעקלאַמירטער ייד", דאָס הייסט, ער איז געווען א דענטיסט, האָט ער געאַרבעט פאַר די דייטשן און ער האָט געוווינט אין קלאָבוצק. איז אהרן פרענק אַוועק צו זיין ברודער. איך מיט משה צינצינאַטוס זענען אַוועק צו צינצינאַטוסעס ברודער פּתחיה, אויך אַ „רעקלאַמירטער ייד", וואָס האָט אלס מאָלער געאַרבעט פאר די דייטשן. דאָרט האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן 8 טעג.

אונזער האָפנונג איז געווען אַריינצובאַקומען זיך אין לאַגער פון שניידער. דאָרט האָבן געאַרבעט מיידלעך צווישן זיי מיינע שוועסטערן־טעכטער ליבע און דינה, איך האָב זיי צעוויסן געטאָן ווען מיין קומען און דינה איז געקומען אין מיין באַהעלטעניש, און מיר דערציילט, אַז איר פאָטער און זיינע צוויי זין כאסקעל און לוי געפונען זיך אין זאגאזשער לאגער. די מוטער איז אין סאָסנאָוויצער שפּיטאָל און זי דינה מיט איר שוועסטער ליבע זענען באשעפטיקט אין לאַגער פון ד'י שניידער, וואָס געהער צו דער„דינסטשטעלע". דערוויל איז נישט מעגלעך זיך אַריינצובאַקומען אין לאַגער פון די שניידער, ווייל מ'באַשולדיקט די מיידלעך אין אַרויסטראָגן וועש. מ'האָט קיינעם נישט געכאַפּט ביי דער האַנט, אָבער דער לאַגערפירער האָט אַלעמען באַשטראָפט צו זיצן 10 טעג אין קעלער. נאָר אַזוי ווי מען נויטיקט זיך אין דער אַרבעט זיצן זיי אין קעלער לויט דער ריי און מיר, די באַהאַלטענע מוזן צו וואַרטן ביז ס'וועט זיך ענדיקן די שטראָף.

מיר זענען געלעגן באַהאַלטן אונטער אַ שאַנק ביי צינצינאַטוסעס ברודער פּתחיה. מיין קוזינע איז געוואָרן באַפרייט פון קעלער און זי האָט זיך געוואָנדן צום לאַגער־פירער, אַזוי ווי צוויי יידן זענען געקומען פון אַ באַהעלטעניש, זאָל ער דער לאַגער־פירער, זיי אריינגעמען און זיי וועלן זיין „נוצלעכע יידן". דער לאַגער־פירער האָט מסכים געווען.

דינה איז צו מיר געקומען און מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז איך דאַרף זיך שטעלן אַרבעטן אונטער דער אויפזיכט פון ראובן פיינער, וועלכער איז באשעפטיקט ביי פאַנאַנדערנעמען שלמה אלארס הויז. איך בין אַוועק צו פיינערן און אים איבערגעגעבן, אַז דער לאַגער־פירער האָט מיך איינגעמאָלדן. ראובן פיינער האָט פון מיר פאַרלאַנגט געלט פאַרן זכות ביי אים צו ארבעטן. אַזוי ווי

איך האָב קיין געלט נישט געהאַט, האָט ער מיך געפּייניקט דורך צווינגען צו טראָגן עטלעכע, שווערע אייזן־שטאַנגען אויף אַ לאַנגען שטח.

4 וואָכן האָב איך געאַרבעט אין אַ שטיין ברעכעריי ביז מיט אַמאָל האָבן זיך די שטיינער אָפּגעריסן און פאַרשאָטן מיינע פוס. מ׳האָט מיך אַרויסגענומען מיט אַ צעבראָכענעם רעכטן פוס און אַרויפגעלייגט אויף אַ וואָגן מיט שטיינער און אַזוי אָפּגעפירט אין לאַגער קיין זאַגאַזש.

די מיידלעך, וואָס זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט אין דער קיך, זענען אַרויס מיט פרייד צום וואָגן. זיי האָבן געמיינט, אַז מ׳האָט געבראַכט קאַרטאָפל און דערזען האָבן זיי מיך ליגן מיט אַ צעבראָכענעם פוס. פון וואָגן האָט מען מיך אַראָפּגעטראָגן אין דעם אויבן דערמאָנטן חזיר־שטאַל און מיך אַוועקגעלייגט אויף דער שמוציקער נאַרע.

געווען דאָרט אין לאַגער א יידישער דאָקטאָר צו וועלכן די יידן האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי. זיי האָבן געבערענגט דעריבער אַ פּוילישן דאָקטאָר, וועלכער האָט שוין געהיילט אַ סך פון די לאַגער־יידן. דער דאָקטאָר האָט מיר פאַרבאַנדאַזשירט דעם פוס. שפּעטער איז געקומען דער יידישער דאָקטאָר, ווען ס׳האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס די יידן האָבן נישט צו אים קיין צוטרוי נאָר צום גוי, האָט ער אויפסניי מיר איבערבאַנדאַזשירט דעם פוס. דער פּוילישער דאָקטאָר האָט וועגן דער מעשה געמאָלדן דעם „אויבערשאַרפירער״ עלדערינג און ער האָט פאַראָרדנט מיך אָפּצופירן אין שפּיטאָל קיין סאָסנאָוועץ.

עס האָבן נישט געהאָלפן די אינטערווענצן פון מיין שוואָגער יוסף מענדע־לעוויטש. דער דייטש האָט דערקלערט, אַז ער האָט אַזאַ אָנווייזונג פון דאָקטאָר און ער מוז זי אויספירן. די יידן געזעגנען זיך מיט מיר. איינער בארואיקן מיך — איך זאָל נישט מורא האָבן, איך וועל צוריקקומען געזונט. די פרוי וויינמאַן וויינט אויפן קול.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען מיך, אין באַגלייטונג פון צוויי פרויען, אַוועקגעשיקט קיין סאָסנאָוועץ אין שפּיטאָל. מיך האָט מען אַוועקגעלייגט אין פאַרטער. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אויפן ערשטן שטאָק ליגט קראַנק מיין שוועסטער צביה. זי ווייסט נישט, אַז איך ליג אין זעלבן שפּיטאָל. די קראַנקן־שוועסטער דערציילט מיר וועגן צביה׳ן, אַז זי ליגט קראַנק. איך דערלויב נישט אַז מ׳זאָל מיין שוועסטער איבערגעבן וועגן מיין קראַנקהייט. צו וואָס זאָל זי האָבן עגמת־נפש ?

דאָס שפּיטאָל איז געווען פול מיט קראַנקע יידן. וועלכע מ׳האָט געבראַכט פון דייטשע לאַגערן. די יידן האָבן געאַרבעט אין קוילן־גרובן אין שלעזיע און

מ׳האָט זיי צוריקגעבראַכט מיט צעבראָכענע הענט און פיס, מיט ווונדן אויפן גאַנצן קערפּער. מיך האָט כסדר באַזוכט מרדכי עליע מאָס, ער האָט מיר געבראַכט ידיעות פון מיין שוועסטער.

אין אַ געוויסן טאָג איז פאַרשוווּנדן דער דאָקטאָר פרישער, אַ כירורג, וואָס האָט געהיילט אונזערע צעבראָכענע אברים. מ׳האָט געשמועסט, אַז דער דאָקטאָר האָט זיך אויסגעאַרבעט פאַפּירן און איז אַנטלאָפן אין דער שווייץ. עס זענען געקומען צוויי פוילישע דאָקטוירים, זיי האָבן אונז באַטראַכט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן אין שפּיטאָל זיך באַוויזן די „עס עס" און מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויספירן די שווער־קראַנקע. מיך האָט מען דערווייל איבערגעלאָזט, מעגלעך דערפאַר, ווייל די אויטאָס זענען שוין געווען איבערפולט. איך האָב געשריבן צו מיינע קוזינעס און אין קלאָבוצקער לאַגער, זיי זאָלן מיך ראַטעווען.

מיין שוועסטערן־טאָכטער איז געקומען אין שפּיטאָל מיט דעם„אָבער־שאַרפירער" עלדערינג, כדי „אַהיים" צו נעמען איר מוטער, וואָס איז דאָרט געלעגן קראַנק. ביי דער געלעגנהייט האָט מיין קוזינע געבעטן דעם „אָבערשאַרפירער", אַז ער זאָל מיטנעמען אין לאַגער נאָך צוויי קלאָבוצקער, וואָס זענען שוין געזונט געוואָרן און זיי קאָנען אַרבעטן. דער דייטש האָט מסכים געווען אונז מיטצונעמען.

מיר זענען צוגעפאָרן צו דער באַן־סטאַציע. מיט שוועריגקייט מי האָט די קוזינע אַריינגעבראַכט איר מוטער אין וואַגאָן. פיל שווערער איז אָבער געווען מיט מיר. איך האָב נישט געקאָנט גיין. מיין חבר מרדכי מאָס און ליבע האָבן מיך געטראָגן אויף די הענט, אָבער ביז מ׳איז צוגעקומען צום וואַגאָן, איז דערווייל דער צוג אַוועק. דער עס עס־„אָבערשארפירער" האָט זיך פאַרשטענדיקט מיטן באַן־נאַטשאַלניק, אַז איך זאָל פאָרן מיטן צווייטן צוג, וואָס גייט אָפּ אין אַ שעה אַרום.

איך האָב מיך שוין מער נישט געקענט האַלטן מיט די הענט אין די אַקסלען פון מיינע פריינט. דער פוס איז אין גיפּס. איך בין אָפּגעשוואַכט און אויפגערעגט. איך בעט דעם „אָבערשארפירער", ער זאָל מיך דערשיסן, ווייל מיין לעבן איז שוין סיי ווי גאָרנישט ווערט. אונזער סוף וועט סיי ווי קומען. דער „אָבערשארפירער" האָט מיר אויף דעם געענטפערט : „דומהייטן".

עס איז געקומען די צייט פון אָפּפאָרן. מרדכי מאָס האָט גענומען אַ ווענעלע, מיט וועלכן מען פירט פּאַקעטן צו דער ראַמפּע. ליבע און מרדכי האָבן מיך אַרויפגעלייגט און אָפּגעפירט צום וואַגאָן. קוים מיט צרות האָט מען מיך אַרויפגעפּאַקט אין וואַגאָן. אין קרולעווסקאַ הוטע האָב איך געטראָפן מיין שוועסטער צביה. גרויס איז געווען די פרייד פון דער דאָזיקער אומגערעכטער טרעפונג.

ביי נאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין קלאָבוצק אין לאַגער. די לאַגער־יידן

האָבן זיך מיט אונז געפרייט. יעדער פון די פריש געקומענע — מרדכי מאסס, מיין שוואָגער און איך — זענען אַוועק אין די באַזונדערע לאַגערן. אין קלאָבוצק איז געווען די צענטראַלע פון די לאַגערן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין: קזשעפּיץ, ווילקאָוויעצק, וורענטשיצע א. א.

די לאַגערן האָבן געהאַט אַ גוטן שם. זענען יידן, אַמאָליקע קלאָבוצקער איינוווינער, געקומען פון טשענסטאָכאָווע, ווו די דייטשן האָבן געווילדעוועט און געזוכט אַן ענטרינונג אין די לאַגערן. געקומען זענען זיי ביינאַכט. אַזוי ווי מ׳האָט געוווּסט, אַז דער „קאַפּאָ״ ראובן שניעבער־פיינער וועט שלאָגן די פריש־געקומענע און זיי ארויסטרייבן, האָבן די לאַגער־„ותיקים״ אַריבערגעפירט די טשענסטאָכאָווער אין פרויען־לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אַ 200 מעטער ווייטער. דאָרט האָט מען זיי אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם.

עס איז כדאי צו פאַרצייכנען פאָלגענדן פאַקט פון דער פאַרברעכערישער טעטיקייט פון „קאַפּאָ״. ער האָט אין לאַגער געהאַט דריי קינדער, צוויי מיידלעך אין עלטער פון 8—10 יאָר און אַ יינגל, בעניעק פון 12 יאָר. די מיידלעך האָבן „צוגעהאָלפן״ דעם טאַטן אין דער „פּרנסה״. זיי האָבן אים אָנגעוויזן ווו עס באַהאַלטן זיך די פריש געקומענע יידן. דער „קאַפּאָ״ האָט אַרויסגעשלעפּט די יידן פון באַהעלטעניש, צוגענומען זייער האָב און גוטס און שפּעטער זיי נאָך אַרויס־געיאָגט פון לאַגער. דאָקעגן־זשע דער זון פון „קאַפּאָ״, בעניעק, האָט זיך איבערגענומען מיטן גורל פון די געפּלאָגטע טשענסטאָכאָווער פּליטים. מיט דעם באַקאַנטן אויסרוף — „זעקס״ האָט ער זיי צעוויסן געטאָן, אַז „דער טאַטע גייט״ און מ׳דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן.

דער פאָטער, דער „קאַפּאָ״ האָט דעם זון נישט ליב געהאַט, אָפטמאָל אים געשלאָגן און דאַביי געשריגן, אַז די קליינע קינדער האָבן מער שכל פאַרן עלטערן זון...

## דאָס לעבן אין לאַגער און די ראָל פון „קאַפּאָ״

עטלעכע יונגע און עלטערע פרויען האָבן געאַרבעט אין דער קיך, אין דער וועשעריי, און די רעשט, דער גרעסטער רוב מענער האָבן געאַרבעט ביי איינלייגן הייזער און אָוועקרוימען די גרוזעס און אַ גרופּע איז געווען באַשעפ־טיקט ביי שטיינברעכעריי. אייניקע יידן האָבן געהאַקט שטיינער אין די גאַסן, איך דערמאָן זיך, אַז איינמאָל האָט אַ ייד געקריגן געשלאָגן פון ראובן שניעבער, ווייל ער דער ייד האָט אַ גענעץ געטאָן ביי דער ארבעט.

די לאַגער־יידן זענען אויך געצוווּנגען געוואָרן דורך די דייטשן צו

צענעמען דאָס יידישע בית־הקברות. בערל שמולעוויטש האָט זיך אַהיימגעבראַכט אַ שטיקל מצבה פון זיין פאָטערס קבר אַלס אָנדענקונג. איך האָב מיר געטראַכט: מיר וועלן גיין אין דער ערד אַריין און די מצבה וועט בלייבן.

די פרויען האָבן אויסגעפירט די זעלבע שווערע אַרבעט פונקט ווי די מענער. נאָך דעם טאָג שווערע אַרבעט, ווען עס זענען געקומען וואַגאָנעס מיט ציגל, זענען אַלע פרויען, מענער, קינדער און זקנים געוואָרן אַרויסגעטריבן פון לאַגער. אויך אין מיטן דער נאַכט האָט מען געיאָגט אונז צו דער באַן אויסצולאָדן די ציגל. ווען מיר זענען אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט איז געשטאַנען דער „קאַפּאָ" אויף דעם באַלקאָן און האָט געוואָרפן פון דער הויך פאר אַ פּאָר יידן א פּאָר שטיקלעך ברויט. אַזוי ארום האָט ער געווינען די סימפּאַטיע פון די לאגער יידן. „פּאָרט אַ יידיש האַרץ" — האָבן אייניקע געטענהט.

איך בין נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, ווייל דער פוס איז נאָך אַלץ געווען אָנגעטאָן אין גיפּס. ווען איך האָב געזען דעם „קאַפּאָ" האָב איך גענומען עפּעס טאָן אין דער וועשעריי. דאָרט האָבן געאַרבעט: רבקה אונגליק און יאנקל אייזנער. ווען דער „קאַפּאָ" איז נאָר אַריינגעקומען האָט ער געזאָגט צו מיר: משה דו רעדסט שוין פּאָליטיק? איך שיק דיך גלייך אַוועק קיין אָשוויענטשים.

דער „קאַפּאָ" האָט געהאַט אין לאַגער א געליבטע, אַ טאָכטער פון אַ לאַגעריסט, וואָס האָט געשטאַמט פון זדונסקע־וואָלע, זי האָט שטענדיק געזאָגט: „איך לעב מיט אים דערפאַר, כדי אים צוריקצוהאַלטן, אַז ער זאָל אייך נישט אָנטאָן קיין צרות. אין בלעכהאַמער לאַגער איז זי אומגעקומען צוליב איר געליבטן.

ראובן שניעבער, דער „קאַפּאָ" איז געווען אַ בענדינער „אונטערוועלטניק". מ׳האָט געשמועסט, אז פאר דער מלחמה האָט ער זיך געוועט אויף 5 פונט, אז ער וועט אויפעסן א זשאבע, ער האָט זי טאַקע „געבענדיקט" און דערפאַר האָט ער גערעדט הייזעריק. אין קלאָבוצקער לאַגער האָט ער געשיכורט, געלעבט אַ גוטן טאָג, און געראַבעוועט פון טויטע און פון לעבעדיקע.

ביי אונז איז געווען אַן אָפענער לאַגער, אָנגעפירט פון אַן אָבערשארפירער נישט אַרומגעצוימט ווי אין אַנדערע לאַגערס. מ׳האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין. מ׳האָט זיך געמוזט היטן, אַז מ׳זאָל מחוץ דעם לאַגער נישט כאַפּן. ביי דער אַרבעט איז געווען א פאָראַרבייטער. קיין דייטשן האָבן אונז נישט געהיטן, מ׳האָט נאָר מורא געהאַט, אז דער „קאַפּאָ" ראובן, דער „פעטער" זאָל נישט אונטערקומען ביי דער אַרבעט.

אין טשענסטאָכאָווער געטאָ איז כסדר געוואָרן ערגער. יידן זענען געקומען צו לויפן אין לאַגער ווי צום איינציקן רעטונגס־אָרט.

דער „קאַפּאָ" האָט זיי נאָכגעיאָגט. האָבן זיי זיך געווענדעט צום אָבער־שאַרפירער און ער האָט זיי איינגעמעלדעט אין לאַגער.

מיר האָבן באַקומען ידיעות, אַז אין קלאַבוצקער געגנט זענען פאַראַן פּאַרטיזאַנער, האָבן מיר גערופן אַ באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען: בערל שמולעוויטש, משה פייגע, אברהם ווייס, אברהם ענזעל און יידל שפּערלינג. מיר האָבן באַשלאָסן: מיט אַלע מעגלעכע מיטלען איינצושאַפן זיך געלט און געווער; שיקן דראָאונגס־בריוו צו די רייכע יידן, וואָס וווינען אין דער שטאָט — צו לייזער פרענק דעם דענטיסט, יעקב אהרן בלוי און צו נאָך יידן און פאָדערן פון זיי אונטערצושטעלן דאָס געלט אין זאַגאַזשער־לאַגער אויף דעם אָרט ווו איך בין געשלאָפן. פאַר דעם געלט וועלן מיר קויפן געווער.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, אין אַ זונטיק איז העניעק שיליט געפאָרן קיין טרוסקאָלאַס אין שליחות פון אונז. פאַרנאַכט קומט אַ פּאָליאַק צו לויפן אין לאַגער אַריין מיט אַ בריוול: „חברה דערבאַרימט אייך, ראַטעוועט מיך, איך בין אַרעס־טירט אין טרוסקעלאַס אין קעלער ביי דער פּאָליציי". די יידן פון לאַגער זענען אוועק צום אָבערשאַרפירער און געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל ראַטעווען העניעקן, ער וועט ווערן דערפאַר באַלוינט. זיין פרוי לאָזט אים נישט, אָבער ער וויל פאָרן. די פראַגע איז נאָר: ווו נעמט מען פערד און וואָגן. דאָ איז אונז געקומען צו הילף ראובן אונגליק.

ראובן אונגליק האָט געאַרבעט ביי אַ רומענישן־קריסט מיטן נאָמען קוביאַק. ראובן האָט ביי אים געבעטן, אַז מ'זאָל איינשפּאַנען די פערד, דער גוי האָט געפאָלגט און צוזאַמען מיט דעם אָבערשאַרפירער זענען זיי געפאָרן קיין טרוסקאַלאַס, דאָרט האָבן זיי זיך דערוווסט, אַז מ'האָט דעם אַרעסטירטן איבער־געפירט קיין פּשיסטאָניע.

דער אָבערשאַרפירער איז אָנגעקומען קיין פּשיסטאָניע און דאָרט האָט ער זיך לעגיטימירט פאַר דער פּאָליציי און דערקלערט, אַז דאָ געפינט זיך העניעק שיליט, וואָס איז אַנטלאָפן פון לאַגער און ער דער אָבערשאַרפירער וויל אים צוריק נעמען אין לאַגער אַריין, ווו ער וועט אים אויפהענגען און אַלע יידן וועלן זען, ווי ער וועט הענגען, נאָך דער שטראָף וועט שוין קיין ייד נישט אַנטלויפן פון לאַגער.

דאָס שפּיצל האָט זיך איינגעגעבן און אַלע זענען בשלום אַהיימגעקומען.

## רומענער גרייטן זיך צו אַ פּאָגראָם אויף די לאַגער־יידן

איך האָב דערציילט וועגן א רומענער קוביאַק, וואָס האָט געוווינט אין דער אומגעגנט פון קלאבוצק. ער איז נישט געווען דער איינציקער רומענישער קריסט אין יענער געגנט. צוליב עפּעס א נישט באַקאַנטער סיבה האָבן די דייטשן באזעצט רומענער אין יענער געגנט.

ביי קוביאַקן ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט געאַרבעט אַלס פורמאַן, ראובן אונגליק, וואָס איז פון לאַגער געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט צו זיין באַלעבאָס קיין ביאלע און פון דער רייזע זענען זיי צוריק נישט געקומען. קוביאַקס פרוי איז געפאָרן קיין ביאלא זיך דערוויסן, וואָס עס איז געוואָרן מיט איר מאַן און דאָרט באַקומען א תשובה, אַז איר מאַן איז ביי נאַכט נאָך צוריקגעפאָרן צו זיך אַ היים. אויך אין דער פּאָליציי האָט מען נישט געוווסט ווו קוביאַק איז אַהינגעקומען.

צומאָרגנס אינדערפרי איז די קריסטן געקומען אין לאַגער און געפּאָדערט פון ראובן אונגליקס עלטערן, אַז זיי זאָלן אויסזאָגן ווער עס האָט געהרגעט איר מאַן. חוה, ראובנ׳ס מוטער וויינט, רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און שווערט זיך, אַז זי ווייסט נישט צו זאָגן. די קריסטן איז אַרויס פון לאַגער זאַגאזש און אַוועק צו די רומענער און זיי געהעצט צו א פּאָגראָם אויף די יידן, וואָס האָבן געהרגעט איר מאַן. זי האָט דערציילט, אַז אַ ייד פון לאַגער איז געפאָרן מיט איר מאַן קיין ביאלע ברענגען סחורה און דער ייד האָט זיך אָנגעשיכורט און געהרגעט איר מאַן און מיט די פערד איז דער ייד איבערגעגאַנגען צו די פּאַרטיזאַנער. די קריסטן האָבן געגלויבט אין דעם און אויפן דריטן טאָג האָבן זיי זיך געגרייט צום פּאָגראָם. אין לאַגער האָבן אַלע געלעבט אין טויט־שרעק. די משפּחה אונגליק וויינט — ווו איז אַהינגעקומען זייער זון, און דאָ גרייט זיך אַ פּאָגראָם אויף די יידן אין לאַגער.

דער אָבערשארפירער איז נישטאָ און עס איז געמאָלדן געוואָרן דעם לאַגער־פירער אין קלאָבוצק, וואָס די רומענישע קריסטן גרייטן צו טאָן מיט אונז, ער האָט אַראָפּגעברענגט אַ צווייטן לאגער־פירער ער זאָל אונז „באשיצן“...

אויפן דריטן טאָג, ווען זיי זענען שוין געווען גרייט אונז איבערצופאַלן, איז פונקט געקומען דער קריסט צו פאָרן און ער האָט דערציילט, אז זיי זענען געווען שיכור און געשלאָפן אויף דעם וואָגן, די פערד, וואָס האָבן געדאַרפט גיין קיין קלאָבוצק, זענען אַוועק קיין בזשעזניצע און מען האָט זיי פאַרהאַלטן אויף דער גרענעץ. מ׳האָט דעם קריסט באַפרייט אויפן דריטן טאָג. ראובן, זיין פורמאַן, איז דאָרט געבליבן. ראובנס פאָטער און מוטער, וויינען, רייסן זיך די האָר פון

קאָפּ און זיי פֿאַרבינדן זיך מיט אַ פֿאָלקס־דייטש. זיי באַצאָלן אַ סך געלט דערפֿאַר, אז ער זאָל ראַטעווען זייער זון. דער פֿאָלקס־דייטש איז צוריק געקומען מיט דער ידיעה, אַז מ'האָט ראובענען אַוועקגעשיקט אין ווילעלון. די מוטער גיט ווייטער געלט און שיקט ווייטער דעם פֿאָלקס־דייטש קיין ווילעלון. ער איז צוריקגעקומען מיט דעם ענטפֿער, אז אויך פֿון דאָרט האָט מען אים אוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. ס'גייט גאָרנישט צו מאַכן. די עלטערן האָבן באַוויינט זייער זון, וואָס האָט פֿאַרענדיקט זיין לעבן אין אָשוויענטשים.

אין חודש אויגוסט איז קראנק געוואָרן באַלטשע זשולטאָבראָדע.. איך האָב זיך געוואָנדן צו ראובן שניעבער דעם „קאַפּאָ״: אַזוי ווי איך קען נישט אַרבעטן, ווייל איך קען נישט גיין אויף די פֿוס, וועל איך זיין נאַכט־וועכטער און גלייכצייטיק וועל איך אַוועקפֿירן דאָס מיידל אין שפּיטאָל קיין קזשעפּיץ. ער האָט מסכים געווען. אין שפּיטאָל אין קזשעפּיץ האָב איך געטראָפֿן מיין שוואָגער יאָסל. אַזוי ווי איך האָב מיט אים גערעדט איז אַריינגעקומען אין שפּיטאָל דער „קאַפּאָ״ מענדעלע באַנק און געמאַכט א רשימה פֿון אַלע קראַנקע יידן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר.

## די ליקווידאַציע פֿון זאַגאָזשער לאַגער

איך בין גלייך צוריקגעפֿאָרן קיין קלאבוצק און דערציילט אין לאַגער, אַז מען דאַרף זיך רעכטן אויף נייעס. ביי נאַכט בין איך וואַך געווען און געהיטן. איך האָב אָנגעזאָגט מיינע לאגער חברים, אַז ווען מען וועט קומען, וועל איך געבן סיגנאַלן. בערל שמולעוויטש און נאָך עטלעכע פּערזאָן האָבן זיך צוגעגרייט אייזערנע כלים. מרדכי כלאפּאק איז ביי נאַכט צו מיר ארויסגעקומען עטלעכע מאָל פֿרעגן צי עס איז שטיל. ער האָט שוין נישט געקאָנט שלאָפֿן.

ביינאַכט. די הינט בילן. איך מאַך אויף דאָס טירל, איך קוק מיך אום, עס איז שטאַרק פֿינצטער און זע קיינעם נישט. איך וועק אויף מיין פֿריינט משה מרדכי כלאפּאק, ער זאָגט מיר, „אז ווען איין הונט בילט, בילן אַלע מיט. עס איז גאָרנישט״. איך שטיי אינדרויסן אויף דעם וועג און הער זיך צו, עס איז שטיל, איך הער נישט קיינעם גיין און די הינט בילן ווייטער. איך בין נישט רואיק. עס לאָזט מיך נישט רוען, איך דריי זיך אין דער גאַס, אויף דעם הויף.

פּלוצים שפּרינגען איבערן פּלאָט דייטשן, זיי שטעלן אויס צו מיר די ביקסן. „הענדע הויך״, איך מעלדע זיי , אז איך בין נאַכט־וועכטער, איינער האָט מיך גלייך געוואָלט שיסן, דער צווייטער זאָגט צו אים: לאָז אים צו רו און פֿרעגט מיך ווו דער לאַגער־פֿירער וווינט. איך ווייז אים מיט דער האַנט און ער הייסט מיר

האלטן די הענט אין דער הויך און שטיין אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואַנט. איך צייל די מינוטן, איך מיין, אז ער שיסט מיך, עס דויערט א קורצע צייט דער אָבערשארפירער קומט אַרויס, ער הייסט מיר אַריינגיין אין לאַגער.

אין לאַגער איז אַ מהומה, מ׳ווייסט, אַז עס איז דער סוף און מ׳שטעלט זיך אַלע פאַר דעם טויט, וואָס איינער האָט וואַרפט ער אַוועק; געלד, גאָלד, וואָס מענטשן האָבן זיך אָנגעגרייט אויף דער לעצטער מינוט צו קאָנען זיך ראַטעווען. די דייטשן באַפעלן אַלעמען זיך אָנצוטאָן. זיי שטעלן אונז אויס אין רייען און גרייטן זיך אונז אַוועקצופירן.

נאַכעלע שיליט (פון דער היים זיגעלבוים) זאָגט צו די דייטשן: ווו גייט איר מיך מיט מיין קינד אומברענגען. הרגעט אונז דאָ: די מענער לאַכן, מ׳פירט אונז אַלע אַוועק אין קלאָבוצק אין סקאַרופעס הויז. עס געלינגט עטלעכע יידן צו שפרינגען איבערן פלאָט און אייניקע באַקומען זיך אַרויס, זיי נעמען זיך לויפן. פון די קריסטן האָט גלייך עמיצער געמסרט. מ׳האָט די יידן געכאַפּט, מ׳האָט זיי אויסגעשטעלט מיטן פנים צו דער וואַנט, אָט מיינט מען, אַז מען שיסט זיי. עס איז געקומען לודוויג דער „שטורמאַן־פירער" און ער האָט געגעבן אַ באַפעל — נישט שיסן.

דורך דער צייט, וואָס מיר זענען געווען ביי סקאַרופן אויף דעם הויף אַרומגערינגעלט מיט פּאָליציי, האָט אַ צווייטע גרופּע פּאָליציאַנטן צוזאַמענגענומען די יידן פון אנדערע לאַגערן און זיי געבראַכט אויף דעם זאַמעל־פּלאַץ. אין לאַגער ווערענטשיצע, האָבן די יידן דערזען, אַז די דייטשן זענען דאָ און עס קומט דער סוף פונעם לאַגער, זענען זיי אומגליקלעכע געלאָפן אין וואַלד אַריין. מיר האָבן זיי מקנא געווען...

ארום האַלבן טאָג זענען געקומען פון וואַלד צוויי יידן און געמאָלדן די דייטשן, אז די יידן פון וואַלד ווילן צוריקקומען און בעטן, אז מ׳זאָל זיי קומען נעמען. די דייטשן זענען מיטגעפאָרן מיט די צוויי יידן און מ׳האָט אַלע אַנטלאָפענע געבראַנגט. די יידן האָבן אויסגערעכנט, אַז זיי וועלן לאַנג נישט פּלאַץ האַלטן אין וואַלד.

איבער נאַכט זענען מיר געלעגן אויף דער ערד. צומאָרגנס פאַרטאָג האָט מען אונז געפירט צום באַן־הויף. מ,האָט אונז געפּאַקט אין די וואַגאָנען און דער צוג איז אַוועק אין אַן „אומבאַקאַנטער" ריכטונג.



# דאס געפייניקטע לעבן
# אין די ארבעטס־לאגערן אין דייטשלאנד

בערל יאַקובאָוויטש

## הונגער און שווערע ארבעט

מיר זענען געפאָרן קיין דייטשלאַנד. אויף דער סטאַציע אין אפעלן, האָבן די דייטשן אָנגעשלאָסן צו אונז נאָך עטלעכע וואַגאָנעס מיט יידן. דאָס זענען געווען יידן פון מישקאוו און פון קזשעפיץ.

מיר זענען אָנגעקומען אויף אַ קליינעם באַנהויף און די דייטשן האָבן גענומען שרייען: „אלעס הערויס". מיר זענען ארויס פון די וואַגאָנעס, און האָבן דערזען, אַז מיר געפונען זיך אויף אַ קליינער סטאַציע, מיטן נאָמען „אייכנטהאַל". פאַרן באַן־הויף זענען געווען שוין אויסגעשטעלט אויטאָס אין וועלכע מען האָט אונז אריינגעפּאַקט און אוועקגעפירט אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

אָפּפאָרנדיק, בערך, א 5 קילאָמעטער, זענען די אויטאָס שטיין געבליבן. פון איין זייט האָבן מיר דערזען א וואַלד און פון דער צווייטער זייט שטייען באַראַקן פון האָלץ, אַרומגעצוימט מיט דראָטן, ביז דריי מעטער הויך. ס'איז פינצטער. מיר ווייסן נישט ווו מיר געפונען זיך. דאָס טויער ווערט אויפגעמאַכט און מיר מאַרשירן אַריין צו 3 אין א ריי. מען ציילט אָפּ 26 מאַן, און מען שיקט אריין אין די באַראַקן לויט דער ריי. אריינקומענדיק אין באַראַק, האָב איך דאָרט דערזען 13 בעטן און א טיש מיט עטלעכע קליינע בענקלעך. עס קומט אַ באפעל, אז יעדער מוז גייען זיך אָנפילן זיין שטרויזאַק מיט שטרוי און גיין שלאָפן.

צומאָרגנס פרי ווערן מיר געוועקט פון די דייטשן, עס הערט זיך אַ געשריי „אַללעס אופשטייך" און די בעטן גלייכמאַכן אַזוי ווי ביים מיליטער. מיר יוגנט־לעכע, וועלכע זענען נאָך נישט געווען אין מיליטער ווייסן נישט ווו און ווי אַזוי מען מאַכט דאָס.

אַלע ווערן אַרויסגעטריבן אויפן פלאַץ, מען ציילט אונז אָפּ, צי עמיץ איז נישט אַנטלאָפן. אין אַלע 4 עקן פון לאַגער שטייען אויפגעשטעלט טורעמלעך

און עס באַוואַכן אונז דייטשע סאָלדאַטן מיט מאַשין־געווער. אויך ביים טויער שטייען עטלעכע מיט ביקסן אָנגעהאָנגען אויף די פּלייצעס.

אינדערפרי באַקומט מען שוואַרצע קאַווע צום טרינקען, ביטערע, א האַלב ברויט פון אַן ערך 400 גראַם און אַ שטיקל מאַרגאַרין פון 20 גראַם. עס ווערט געמאָלדן, אַז דאָס דאַרף זיין גענוג אויף אַ גאַנצן טאָג, און יעצט גייט אלעס ארויס צו דער אַרבעט און ווען מען וועט צוריקקומען פאַרנאַכט, וועלן מיר באַקומען א מיטאָג.

צו דריי אין אַ ריי מאַרשירן מיר אַרויס. די דייטשע זעלנער באַוואַכט אונז פון ביידע זייטן. זיי באַפעלן אונז צו גיין גלייך אין פוס־טריט, ווי סאָלדאַטן. זענען מיר אַזוי געגאַנגען אַ פיר קילאָמעטער. פון א הילצערנער בודע טיילט מען יעדן פון אונז כלים צו דער אַרבעט: א לאָפּאַטע, אַ קילאָף, ברוך־שטאַנגען, באַלד ווערן מיר פאַרטיילט אין גרופּן. אַ טייל פירט מען אַוועק אויפלאָדענען ערד אויף קליינע אייזנבאַן־וועגעלעך, וואָס שטייען אויף דינע שינעלעך. אַ טייל צו לייגן שינעס, בכדי די וועגעלעך ערד זאָלן קענען וואָס וויטער פאָרן. און אַ טייל צו נאָך פאַרשידענע אַרבעטן.

אָט שטייען .מיר שוין ביי דער אַרבעט. מיר וואַרפן די שוואַרצע ערד אַרויף אויף די וועגעלעך. עס שטייט פאַר אונזערע אויגן אַ ציווילער דייטש און שרייט: „שנעלער, טעמפּאָ!" מיט אַ הענטל פון אַ לאָפּאַטע, דראָט ער, אַז „ווער עס וועט נישט פול מאַכן דאָס וועגעלע, באַקומט מיט דעם שטעקן".

די וועגעלעך ווערן פול. אָט באַווייזט זיך אַ קליינער לאָקאָמאָטיוו, שפּאַנט זיך איין און שלעפּט זיי א וועק. גלייך קומען אריין ליידיקע קעסטלעך, מיר זאָלן חלילה נישט בלייבן אַ מינוט שטיין אָן ארבעט און זיך קענען אָפּרוען. אַזוי ארבעטן מיר דעם גאַנצן טאָג.

4 אַזייגער באַפעלט מען אונז: „אַלע כלים ריין און זויבער מאַכן אַזוי ווי מיר האָבן זיי באַקומען און זיי אָפּגעבן". מיר ווערן גלייך אויסגעשטעלט צו 3 אין אַ ריי און צוריק געטריבן אין לאַגער אַריין. יעדער איינער איז הונגעריק און מיד. אין לאַגער ווערן מיר אָפּגעציילט צי איז נישט ווער פון אונז אַנטלאָפן. מען האָט אונז געוואָרנט, אַז אויב וועט עמיץ אַנטלויפן, וועט מען אונז אַלע אויסשטעלן אין איין ריי און יעדן צענטן אַרויסנעמען צו דערשיסן. יעדעס מאָל, אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, האָבן מיר אויסגעהערט אַ זעלכע און ענלעכע דרשות.

אויסגעשטעלט אין אַ ריי מאַרשירן מיר אין עס־זאַל צום מיטאָג. יעדער באַקומט אַ טעלער עסן, צוזאמענגעשטעלט פון וואַסער מיט קאָלריבן און זייער ווייניק קאַרטאָפל. יעדער איינער, וואָס האָט נאָך געהאַט עפּעס, וואָס ער האָט

מיטגענומען מיט זיך, פון דער היים, איז שנעל געלאָפן נאָך צו כאַפּן פון די מיטגעבראַכטע שפּייז, עס האָט אָבער לײדער, אויף לאַנג נישט געסטאַרטשעט.

## שפּייז־פּעקלעך פון דער היים און די איבערוואַנדערונג אין אַ נייעם לאַגער

מיר האָבן אָנגעהויבן צו שרייבן אַ היים בריוו. יעדער בריוו איז געוואָרן צענזורירט. וועלכער בריוו עס איז זיי נישט געפעלן איז געוואָרן פאַרברענט. שרייבן האָט מען נאָר געמעגט מיט לאַטייניש אותיות. עס איז געווען פאַרבאָטן צו שרייבן אין יידיש און אַז מיר הונגערן — האָבן מיר געשריבן „מיר זענען געזונט און גריסן די בעקערס״... אונזערע עלטערן האָבן שוין גוט פאַרשטאַנען וואָס מיר מיינען. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר באַקומען פון אונזערע היימען ברויט, פלייש, פאַרשידענע פעטס, צוקער און נאָך פאַרשידענע זאַכן. מען קען זאָגן, אַז די עלטערן אונזערע האָבן זיך ממש פאַר אונז מקריב געווען. זיי האָבן אונז געשיקט, וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט און זייער אָפּט, מיר האָבן אָבער נישט אַלץ דערהאַלטן. די דייטשן האָבן יעדעס פּעקל קאָנטראָלירט צי עס אַנטהאַלט נישט אַ מאָל קיין געהיימע זאַכן. זיי האָבן אויף להכעיס אויסגעמישט צוקער מיט קאַשע, אָדער לאָקשן מיט טיי א. א. וו. כדי אונז צו מאַכן אוממעגלעך צו באַנוצן די פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער היים.

די באַקומענע פּעקלעך זענען געווען אונזער טרייסט. מיר האָבן געפילט די צאַרטע האַנט פון דער מאַמען אָדער פון טאַטן, וואָס האָט ביים איינפּאַקן דאָס פּעקל אין זינען געהאַט: „מיט דעם וועל איך אויפהאַלטן דאָס לעבן פון מיין קינד, ער זאָל חס וחלילה נישט אויסגיין פון הונגער״... איך בין זיכער, אַז נישט ווייניק טרערן האָבן אונזערע עלטערן פאַרגאָסן ביים שיקן די פּעקלעך אין לאַגער

אַזוי האָבן מיר געאַרבעט בערך אַ 10 וואָכן. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין פעלד אונטערן רעגן און ווינט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין אַלע אברים, ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין לאַגער, האָט מען אונז געמאָלדן, אַז אַלע מעטאַל־אַרבעטער, שלאָסער, בלעכער, שמידער ווי אויך שאָפערן און סטאָליערעס, מוזן אָוועקפאָרן אין די פאַבריקן אַרבעטן, ווייל עס איז איצט אַ מאַנגל אין די פאַכן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט זיך אונטערוואַרפן דעם ביטערן גורל. מיר האָבן זיך אויך געמוזט שיידן מיט אונזערע קלאָבוצקער חברים.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז אָנגעקומען אַ מיליטערישער אויטאָ, בערך 20 פּערזאָן, אַלע געזונטע און קרעפטיקע מיט געפּעק אין האַנט

זענען מיר אַרויף אויפֿן אויטאָ. יעדער פון אונז האָט צום אָװעקפאָרן באַקומען אַ האַלבע קילאָ ברויט מיט 20 דעקא מאַרגאַרין. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אונזערע חברים, דער אויטאָ רירט, מיר ווערן באַוואַכט פון צוויי באַוואָפנטע דייטשן, וועלכע פאָרן מיט אונז מיט.

די רייזע געדויערט אַזוי בערך א צוויי שעה. מיר קומען ווידער אָן צו אַ פאַרצוימטן פלאַץ. עס שטייען דאָ די זעלבע באַראַקן ווי אין אייכענטהאַל. מיר שטייגן אַלע אויס מיט די פעקלעך אין די הענט און ווערן אויסגעשטעלט אין אַ ריי. א דייטשער זעלנער באַטראַכט אונז מיט אַן עלעקטרישן לאָמפּ אין דער האַנט, יעדן איינעם באַזונדער, און גלייך מאַרשירן מיר אַריין אין לאַגער.

עס הויבן זיך אָן פאַר אונז פרישע צרות. מיר באַקומען לידיקע שטרויזעק און מיר מוזן גיין זיי אָנפילן מיט שטרוי, בכדי צו האָבן אויף וואָס צו שלאָפן. אלע ווערן מיר אַריינגעזעצט אין איין צימער. דאָס איז געווען אין יאַנואר 1941.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען אונז, אָנשטאָט דער אַרבעט אין אַ פאַבריק, אַרויסגעפירט גאָר אין פעלד, צו גראָבן גריבער. ביי דער ארבעט האָבן אונז באַוואַכט דייטשע זעלנער, מייסטער און אינזשינירן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט.

אַלע שלאָסערס, קאַוואַלעס, האָט מען געגעבן צו טראָגן שינעס. סטאָליערעס האָבן געשלעפּט קלעצער און די אַנדערע האָבן געגראָבן טיפע גריבער. מיר האָבן זיך באַפריינדעט מיט די ציווילע דייטשן, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט אַלס פאַך־לייט. זיי האָבן אונז דערציילט, אַז דאָ ווערט געבויט אַ בריק פאַר דער רייכס־אויטאָבאַן. זיי האָבן אונז אָנגעוויזן אויפן טייך וואָס גייט דערנעבן פאַרביי, דאָס איז געווען דער היסטאָרישער טייך ניסע.

אַזוי האָבן מיר יעדן טאָג געאַרבעט פון פרי ביז נאַכט ביי דער אויטאָבאַן־בריק פון יאנואר 1941 ביז מערץ 1942.

מיר האָבן געגראָבן גריבער ביז 6 מעטער טיף. מיר זענען געשטאַנען כמעט ביז איבער די קניען אין וואַסער און אַרויסגעוואָרפן די ליימיקע אָדער זאַמדיקע ערד. ווען מיר זענען נאָכן שווערן טאָג אַרבעט צוריקגעקומען אין לאַגער, האָבן מיר געמוזט דעם לאַגער ריין מאַכן און ארויספירן דאָס מיסט. מיר האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן און דאָס מיסט געשלעפּט ווייט אין פעלד אַריין. מיר האָבן זיך אַליין געוואַשן אונזער וועש און אויך די קליידער אַליין געמוזט פאַרריכטן. דער לאַגער איז באַשטאַנען פון אַ 500 יידן פון סך פּוילישע שטעטלעך. מייסטנס זענען דאָס געווען פון שלעזיע, בענדין, סאָסנאָוויצע, קלאָבוצק, קושעפּיץ, מישקאָוו אאנ״ד.

מיר האָבן צווישן זיך געלעבט ווי חברים, ווייל אלע זענען געווען, אלע אויף די זעלבע צרות. מיר פלעגן באַקומען בריוו פון אונזערע עלטערן און אויך עפּעס שפּייז צוגעשיקט פון דערהיים.

אין איינעם אַ זומער טאָג איז איינער פון אונז אַנטלאָפן. די דייטשן וואָס האָבן אונז באַוואַכט, זענען געווען זייער אויפגעברויזט. ביז צום אַנטלויפן האָבן זיי אונז געהיטן נאָר ביינאַכט און באַלד ווי יענער איז פאַרשוווּנדן, האָבן זיי אונז אָנגעהויבן אויך ביי טאָג באַוואכן אויף די טורעמס. זיי האָבן גענומען זוכן דעם אַנטלאָפענעם. נאָך עטלעכע שעה האָט מען אים געפונען. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען הונגעריק און איז געגאַנגען זוכן עפּעס צום עסן. מיר האָבן אַלע געהאַט מזל, וואָס מען האָט אים געפונען, ווען נישט, האָט מען אונז געדראָט, אַז מען וועט אונז אַלע אויסשטעלן אין א ריי און יעדן צענטן דערשיסן.

פון דעם אַנטלויפן אָן האָבן זיי איינגעפירט פאַר אונז „נאַכט דינסט". מען האָט אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט און ביי נאַכט זענען מיר אויפגעוועקט יעדער צו צוויי שעה. איינער האָט געהיטן דעם צווייטן, ער זאָל נישט אַנטלויפן.

## עס ווערט ערגער, דער לעצטער בריוו פון קלאָבוצק

אין חודש מערץ 1942 קומט אָן אַ באַפעל אונז אַלע אַרויסצושיקן אין אַ צווייטן לאַגער. מען האָט אונז געשיקט קיין טאַרנאָווסקי־גורי, אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָט עס געהייסן טארנאוויץ.

אין טארנאווסקי גורי האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע צרות. מיר ווערן שוין דאָ צוזאַמענגעטריבן ביז 100 מאַן אין איין באַראַק, עס שטייען ביי א 35 בעטן אין דריי שטאָק. איינער שלאָפט שוין איבערן צווייטן. מען פירט אונז אַרויס צו דער אַרבעט ביי דער באַן. די אַרבעט באַשטייט אין שלעפּן שווערע באַן־שינעס, דער באַנהויף ווערט פאַרגרעסערט. מיר שטייען מיט לאָפּאַטעס און שיטן אָן גאַנצע וועגענער מיט שווערער ערד. טיילווייז נאַס און ליימיק. עס פעלן אונז כוחות צו דער ארבעט. מיט שטעקנס פון די לאָפּאַטעס שלאָגן אונז די דייטשע מערדערס, וועלכע שטייען איבער אונז.

אין לאַגער האָבן מיר באַקומען ווייניק צו עסן. דריי מאַן א קילאָ ברויט אַ טאָג מיט 2 דעקא מאַרגאַרין. די שפּייז־פּעקלעך פון דער היים ווערן וואָס ווייטער אלס זעלטענער, ווייל אויך אין קלאבוצק איז געוואָרן ערגער. די דייטשן האָבן וואָס ווייטער, אַלץ מער געפּייניקט.

אַזוי האָבן מיר שווער און ביטער געאַרבעט אין טאַרנאָווסקי־גורי ווו עס זענען געווען בערך 10 קלאבוצקער. מיר האָבן זעלטן באַקומען בריוו פון דער

היים. און ווען מען האָט שוין יאָ באַקומען אַ בריוו, איז געווען געשריבן, אַז אַלע קלאָבוצקער יידן ווינען שוין אין געטאָ און זיי ווערן אַוועקגעשיקט קיין אַשוויענטשים. מיר האָבן שוין געוווסט וואָס דאָס הייסט.

אין חודש תמוז אין יאָר 1942 האָב איך באַקומען דעם לעצטן בריוו פון מיין מאַמען, זי האָט געשריבן:

„מיין ליבער זון, איך שרייב צו דיר היינט אַ בריוו, מעגלעך, אַז דאָס איז דער לעצטער, ווייל מען האָט שוין אַלע פון קלאָבוצק אַרויסגעשיקט. מען איז ביי־נאַכט אָנגעפאַלן אויף דעם שטעטל און אַלע יידן אַוועקגעפירט צו דער באַן. אויך דער טאַטע איז געווען צווישן זיי. אויך דיין ברודער האָט מען אַוועקגעפירט, איך גלויב אין אַ לאַגער אריין. קיין גענויעס קען איך דיר נישט שרייבן, ווייל איך ווייס נישט. פאַרבלייב געזונט, און מיר זאָלן זיך וואָס שנעלער טרעפן אינדערהיים"...

קיין אַדרעס אויף צוריק איז נישט געווען, און אויך נישט קיין אונטער־שריפט. איך האָב נאָר דערקענט מיין מאַמענס צאַרטע האַנטשריפט, מיט וועלכע זי האָט מיר דעם לעצטן בריוו געשריבן.

די קלאָבוצקער געוווירוווערנדיק, אז איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו, זענען זיך אַלע צוזאַמענגעקומען צו מיר און איך האָב פאַר זיי געלייענט דעם בריוו. אַלע האָבן זיך געשטיקט מיט טרערן. מיר ווייסן נישט וואָס צו טאָן, יעדער פון אונז פילט, אַז ער האָט שוין אַלץ פאַרלוירן. ביז איצט האָבן מיר געהאָט עלטערן, טייל פון אונז האָבן געהאָט פרויען און קינדער, משפחה, אַ היים, וואָס מיר אַלע האָבן געהאָפט, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מיר וועלן זיך אין איר צוריק אומקערן... און איצט פון אַלעם אַ סוף.

איך האָב נאָכאַמאָל גענומען דעם בריוו און אַדורכגעלייענט אים פון אַלע זייטן. איך האָב דערזען , אַז אויף דעם פּאָסט־סטעמפּל, פונוואַנען דער בריוו איז אַרויסגעגאַנגען איז אָנגעגעבן „דזשאלאשין". איך האָב נישט געקענט איינרוען: פון וואַנען קומט מיין מאַמע קיין דזשאלאשין? איך האָב דעם בריוו געהאַלטן ווי אַ גרויסן אוצר. ליידער האָב איך אים לאַנג נישט געקענט האַלטן.

## די באַגעגניש מיט מיין ברודער אין אַ לאַגער

אין אָקטאָבער קומט אָן אַ באַפעל, אַז אַלע מוזן איבערפאָרן אין אַ צווייטן לאַגער. וווהין האָבן מיר נישט געוווסט. אינדערפרי גייען מיר שוין נישט אַרויס צו דער אַרבעט. מ'הייסט אונז אַלעס פאַרפּאַקן און מען טרייבט אונז צו דער באַן. ווידער פירט מען אונז אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אַרום 2 אַ זייגער נאָך

מיטאָג קומען מיר אָן אויף אַ קליינע באַן־סטאַציע. עס באַווייזט זיך פאַר אונז אַ שילד מיט שוואַרצע בוכשטאַבן: מאַרקשטאַט. פון באַן־הויף ווערן מיר געטריבן אין לאַגער אַריין.

באַלד ביי אונזער אָנקום אין פרישן לאַגער, האָב איך געטראָפן איינעם פון מיינע חברים פון קלאָבוצק, מיט וועלכן איך בין געווען צוזאַמען אין ערשטן לאַגער, אין אייכענטאַל. פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין ברודער געפינט זיך אויך דאָ. איך האָב נישט געקענט אָוועקגיין פון דעם אָרט ווו איך האָב זיך געפונען און געבעטן מיין חבר ער זאָל גיין רופן מיין ברודער. ער איז שנעל אַוועק און צוריקגעקומען מיט מיין ברודער. מיר שטייען אָפּגערוקט איינער פון צווייטן אַן ערך פון 5 מעטער. מען צעטיילט אונז אין די באַראַקן. ווען עס קומט צו מיר, בעט איך, מען זאָל מיך צוטיילן צו דעם באַראַק ווו מיין ברודער געפינט זיך. איך ווייס נישט, וואָס עס האָט דאַמאָלס געווירקט אויף די בלאָק־עלטעסטע, און זיי האָבן מיך צוגעטיילט אין מיין ברודערס צימער.

נאָך דער גאַנצער קאָנטראָל, וואָס האָט געדויערט אַ 2 שעה, בין איך זיך צוזאַמענגעקומען מיט מיין ברודער. מיר האָבן זיך געהאַלזט און געקושט און זיך נישט געקענט אָפּרייסן איינעם פון צווייטן, נאָכן זיין צעשיידט 2 יאָר. איך בין נייגעריק געווען צו וויסן אַלץ וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט מיינע עלטערן.

מיר האָבן באַקומען איין בעט, מיין ברודער איז געשלאָפן אין דער הויך און איך אונטן. עס זענען געווען צוויי שטאָקיגע בעטן. מיין ברודער האָט מיר אַלץ דערציילט, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג. מען האָט צוזאַמענגענומען אַלע יידן פון שטעטל, אַלע, אָן אויסנאַם פון קינדער ביז זקנים. די אַרבעטס־פעאיקע האָט מען אַוועקגעפירט אין אַ לאַגער און די נישט אַרבעטס־פעאיקע צו דער באַן. מען גלויבט אויף זיכער, אַז מען האָט אַלע געפירט קיין אָשוויענטשים. מיר זענען געזעסן אַלע אויפדערנאַכט און ער האָט מיר אַלץ דערציילט.

ער האָט מיר דערציילט, ווי איינמאָל איז די מאַמע אַוועק צום קאָמיטעט (יודענראַט) און דאָרט אויסגעהאָקט די שויבן, ווייל אויך דער קאָמיטעט האָט צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן צוריקקומען פון די לאַגערן נאָך 2 חדשים. און עס זענען שוין אַוועק באַלד צוויי יאָר און מען האָט קיינעם נישט צוריקגעזען. אָפּגעפרייט זיך מיט דעם ברודער זענען מיר ווייטער יעדן טאָג געגאַנגען צו דער שווערער ארבעט. קיין בריוו האָבן מיר שוין פון קיינעם נישט באַקומען. אויך קיין פעקל איז נישט געווען פון ווּעמען צו באַקומען. דאָס עסן אין לאַגער איז יעדעס מאָל ערגער געוואָרן. אַזוי האָב איך געאַרבעט פון אָקטאָבער 1942 ביז מערץ 1943.

## די קעגנזייטיקע ברידערלעכע הילף פון די געפייניקטע יידן

אין איינעם אַ טאָג, אין חודש מערץ, זענען ביי מיר די כוחות פאַרשוווּנדן. הגם, איך האָב נישט געקענט אַרבעטן האָב איך דעם טאָג געמוזט אַרויסגיין צו דער אַרבעט ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין היץ איך האָב נישט געקענט זיך רירן און נישט געפילט מיינע גלידער. איך בין שוין געווען צו אַלעמען גלייכגילטיק, דאָס לעבן האָט ביי מיר מער נישט געהאַט קיין ווערט. איך האָב שוין געהאַט פאַרלוירן די גאַנצע האָפנונג. די דייטשע אויפזעער האָבן מיך געפערלעך געשלאָגן, ווייל איך „סאַבאָטיר" און וויל נישט אַרבעטן פאַרן „דייטשן זיג". בין איך אַזוי דעם גאנצן טאָג אָפּגעלעגן אין אַ שאָפּע מיט נאָך עטלעכע יידן, וואָס האָבן אויך נישט געקענט אַרבעטן.

צום סוף, ווען אלע זענען אַ היים געגאַנגען, האָבן די יידן גענומען די 4 מאָן אויף די אַקסלען און אַזוי אונז אַ היים געשלעפּט, אין לאַגער אריין.

מיין ברודער האָט מיך יעדן טאָג אָפּגעוואַרט ביים לאַגער־טויער, ווייל ער פלעגט קומען מיט אַ האַלבער שעה פריער פון זיין ארבעט, וואָס איז געווען נענטער צום לאַגער. ער האָט געזען ווי מען שלעפּט מיך כמעט אַ טויטן, און נישט געוווּסט וואָס ער זאָל מיט מיר מאַכן. אַלע וועלכע מ׳האָט צוריקגעברענגט פון דער אַרבעט אַלס קראַנקע, האָט מען גלייך אַוועקגעפירט אין די „קראַנקן שטובן". עס איז געווען ספּעציעלע בלאָקן פאַר קראנקע, פון דאָרט האָט מען יעדן וואָך אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. עס האָט געהייסן, אז מען שיקט זיי אויף „דערהאָלונג". קיינער פון זיי, האָט שוין אָבער די וועלט נישט געזען.

אין דעם קראנקן בלאָק האָבן מיר יעדער באַקומען אַ מיטאָג מיט אַ פּאָרציע ברויט. מיין ברודער האָט מיר אויך געברענגט זיין פּאָרציע ברויט, איך זאָל עסן און זיך שטאַרקן. נאָך עטלעכע שטיקער ברויט אויפעסן, בין איך גלייך געוואָרן געקרעפטיקט און נאָרמאַל. דער ברודער האָט מיר געראַטן צוריקצוגיין אין מיין צימער, ווייל אין די קראנקן־צימערן איז אַ סכנה צו זיין, פון דאָרט שיקט מען זייער אָפט אַוועק די מענטשן. איך האָב דעמאָלט אָבער נישט געקאָנט גיין אויף די פיס.

מיר זענען דעמאָלט געלעגן ביי אַ 150 קראנקע. יעדן טאָג האָט מען געברענגט קראַנק־געוואָרענע יידן, וועלכע האָבן מער נישט געקאָנט ארבעטן מיט געשוואָלענע פיס, אַ טייל מיט ווונדן, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט היילן, צוליב דעם שלעכטן דערנערן און שווערער אַרבעט. מיר זענען שוין געווען ביי

אַ דרייהונדערט מאַן, יידן פון פאַרשידענע שטעטלעך, יונג און אַלט, זענען מיר אין חודש מערץ פונעם יאָר 1943 אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בראַנד.

מיר האָבן אַלע אויף דעם וועג געוויינט — מיר געזעגנען זיך שוין מיט דער לעבעדיקער וועלט. אַלע כמעט זענען מיר געווען יונגע מענטשן פון 15 ביז 40 יאָר.

נאָך עטלעכע שעה פאָרן, זענען מיר געקומען אין דעם לאַגער בראַנד. מיר זענען דאָרט גלייך אויפגענומען געוואָרן מיט שטעקנס און קלעפּ פון די מערדע־רישע הענט. אַ טייל פון אונז, וואָס האָבן נישט געקענט גיין אויף די פיס, זענען גלייך אריינגעוואָרפן געוואָרן אין די ספּעציעלע באַראַקן ווו עס איז שוין פון פאַראויס באַשטימט געוואָרן זייער גורל. די וואָס האָבן נאָך געקאָנט גיין זענען צוגעטיילט געוואָרן 39 מאַן אויף איין באַראַק־קאַמער מיט בעטן — צו דריי שטאָק און מער. מיר האָבן באַקומען עסן און ברויט, וועש צום איבערטוען און אַ שטיקל זייף מיט דער אויפשריפט „ריף" („ריינע יודען פעטס").

זייענדיק בערך 10 טעג אין דעם לאַגער, האָב איך זיך דערפילט ביי די כוחות. יעדן טאָג האָט מען געמאַכט אַפּעלן פון די געזונטע. 8 אַ זייגער אין דער פרי האָט מען זיך אויסגעשטעלט צו 3 אין אַ ריי. מען האָט געמוזט זיין אָפּגעוואַשן, אָפּגעראַזירט, די האָר קורץ געשוירן, די בגדים — נישט צוריסן, די שיך — אָפּגעפּוצט, אונטער די נעגל האָט געמוזט זיין ריין און די קעשענעס ליידיק, נאָר אַ נאָזטיכל האָט געקאָנט דאָרט ליגן, קיין ציגאַרעטן נישט. דאָס טאַשן־טיכל האָט געמוזט זיין ריין, עס האָט געקאָנט זיין אַ בלויז שטיקל שמאַטע, אָבער אַ ריינעס. אויף די אַפּעלן האָט מען אונז געהאַלטן אַ 2 — 3 שעה. עס האָט געמעגט רעגנען אָדער שנייען, אַפילו אין דער גרעסטער קעלט.

*

אַלס קראַנקער בין איך געלעגן אין איינעם פון די קראַנקן־צימערן. איך האָב זיך געפילט „גליקלעך", וואָס איך דאַרף נישט שטיין אַזויפיל שעהן אין דרויסן. די געזונטע איז געווען פאַרבאָטן אריינצוקומען אין די בלאָקן פון די קראַנקע. די געזונטע האָבן נאָר געאַרבעט אין לאַגער, וואָס איז נאָר געווען אַ זאַמל־לאַגער פון אַלע לאַגערן. קראַנקע פון דעם לאַגער האָט מען אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ יודענעלטעסטן אַזוי ווי אין אַלע לאַגערן. נאָר דער יודענעלטעסטער האָט זיך אַביסל בעסער באַצויגן צו די מענטשן, ווייל ער האָט געהאַט צו טאָן מיט בלויז קראַנקע. דעם יודענעלטעסטן איז געווען דער־

לויבט אַריינצוקומען צו די קראַנקע. ער האָט אונז יעדן טאָג באַזוכט. איינמאָל איז ער אַריינגעקומען צו אונז אין צימער, ליגן מיר אַזוי ביי א 39 מענטשן. ער באַטראַכט אַזוי יעדן באַזונדער און פרעגט זיך: „ווער פון איך וויל שוין אַרויס פון בעט, אַז ער זאָל זיין צווישן די געזונטע?

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געווען בעסער זיך אויסצורוען נאָך צוויי מיט אַ האַלב יאָר שווערער אַרבעט און עס האָט זיך קיינעם נישט געגלוסט ווידער אונטערצושטעלן דעם קערפּער אונטער די דייטשע קלעפּ, ביי שווערער קאַטאָרזש־נער ארבעט. אָבער דאָ האָט אונז דער יודענעלטעסטער געזאָגט, אַז אין די נאָענסטע טעג וועט קומען איינער פון די ס. ס. און וועט אַלע קראַנקע אַוועקשיקן קיין אָשוויענטשים, יעדן וואָס ער וועט נאָר טרעפן אין בעט, וועט ער פאַרשרייבן און אוועקשיקן.

נישט לאַנג קלערנדיק, מעלדן מיר דעם יודענעלטעסטן, אַז מאָרגן פרי גייען מיר אַלע אַרויס צום אַפּעל און מיר בלייבן צווישן די געזונטע. דער יודענעלטעסטער האָט אונז גלייך אַריינגעשיקט וועש, הויזן, מאַרינאַרקעס, שיך און זאָקן און נאָך פאַרשידענע זאַכן. ווען מיר זענען געלעגן קראַנק, האָבן מיר מער גאָרנישט געהאַט ווי דאָס וואָס אויף זיך, אפילו נישט קיין שיך.

צו מאָרגנס אינדערפרי שטייען מיר שוין מיט אַלע גלייך צו דעם אַפּעל. מיר זענען אויסגעשטעלט צו דריי, מיר ווערן דורך די דייטשן אויפמערקזאַם באטראַכט. אַזוי שטייען מיר אַפּ יעדן טאָג. נאָכמיטאָג האָבן אַלע געזונטע געמוזט אַרבעטן אין לאַגער. איך, נישט קענענדיק אויספירן די שווערע ארבעט, האָב באַקומען געשלאָגן פון א דייטשן זעלנער. מיט אַ שטעקן פון א לאָפּאַטע האָט ער מיר געהאַקט איבערן קאָפּ, איך האָב מיר פאַרשטעלט דאָס פנים און באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ אין דער לינקער האַנט, דער ביין איז גלייך צובראָכן געוואָרן.

איך האָב נישט געקענט באַוועגן מיט די פינגער און בין אַוועק אין אַמבולאַנס צום דאָקטאָר, וועלכער האָט צופעליק געאַרבעט ביי קראַנקע. איך דערצייל אים די גאַנצע געשיכטע מיט מיין האַנט. ער נעמט מיך צום אונטערזוכן און ער שטעלט פעסט, אַז מיין האַנט איז געבראָכן. מען מוז מיר מאַכן גיבס אויף דער האַנט. דער דאָקטאָר — אַ מענטש פון אַ 45 יאָר, איז געווען אַ ייד פון פראַנקרייך, געגוי, אַזוי ווי מיר יידן פון פוילן, פאַרמאַכט אין די לאַגערן.

בלית ברירה האָב איך מיר געמוזט לאָזן מאַכן גיבס און די האַנט געטראָגן אויפגעהאָנגען אויפן האַלז מיט אַ באַנד. איך בין גלייך פאַרשריבן געוואָרן אַלס קראַנקער, וואָס עס האָט מיר געדראָט יעדן טאָג אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין אָשוויענטשים, איך האָב אָבער אָבער נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה.

צומאָרגנס צום אַפּעל בין איך שוין נישט געגאַנגען.

אין איינעם אַ טאָג אין חודש אַפּריל, 1943, ווערט אונז אַלעמען געמאָלדן, אַז מאָרגן קומט אַ הויפּט „שטורעמבאַנפירער" פון די דייטשע עס־עס און ער וועט מאַכן אַן אַפּעל און די אַלע וואָס ער וועט טרעפן ליגן אין די „קראַנקן־שטובן", שיקט ער קיין אַשוויענטשים. עס איז בעסער, אַז עס זאָל זיין וואָס מער געזונטע און וואָס ווייניקער קראַנקע. איך, נישט־וויסנדיק וואָס צו טאָן, לויף איך אַריין צום דאָקטאָר און בעט אים, ער זאָל מיר געבן אַן עצה, ווייל איך וויל נישט, אַז מען זאָל מיך אַוועקשיקן קיין אַשוויענטשים.

דער דאָקטאָר, אַ מענטש מיט געפיל און מיטלייד, ווייל ער אַליין איז געווען פאַרשקלאַפט אַזוי ווי אַלע אַנדערע, זאָגט צו מיר, אַז מאָרגן, ווי נאָר דער עס־עס־מאַן וועט נאָר קומען, זאָל איך אַרויס צווישן די געזונטע און די האַנט נישט האַלטן אויפגעהאַנגען אויפן האַלדז, נאָר אַראָפּגעלאָזן און שטיין גלייך, מען זאָל ביי מיר גאָרנישט באַמערקן. איך האָב דעם דאָקטאָר געדאַנקט און אַרויס פון זיין צימער.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען אַלעמען אַרויסגעיאָגט פון די שטובן. מען הייסט אַלץ ריינמאַכן, ווייל עס קומט אַ קאָנטראָלער. מיר האָבן שוין געוווסט ווער דער מענטש איז, מיר האָבן אים גערופן צווישן זיך „דער מלאך המות". עס שטייען אויסגעשטעלט ביי אַ 400 מאַן. אַלע אָפּגעראַזירט און אויסגעפּוצט, אַזוי ווי עס וואָלט פאַר אונז געווען דער גרעסטער יום־טוב. איך מיט מיין צעבראָכענער האַנט צווישן אַלע. מיין האַרץ קלאַפּט אין מיר ווי מיט שווערע האַמערס. די געדאַנקען שלאָגן מיר אין קאָפּ: אָדער איך בלייב צווישן די לעבעדיקע, אָדער צווישן די, וואָס מען שיקט אַוועק צום טויט.

מיר שטייען אַזוי אָפּ פון 8 אַ זייגער ביז 11. איך קוק זיך צו צום עס־עס מאַן, ער הינקט אַביסל אויף אַ פיס, אַ מענטש פון אַן ערך 50 יאָר, אָט, אָט באַווייזט ער זיך פאַר מיר. ער ווערט באַגלייט פון אַ דייטש, פון דעם יודען־עלטעסטן און יידישן דאָקטאָר. אַלע וואָס האָבן אויסגעזען שלעכט און זענען אים נישט געפעלן, האָט ער אַרויסגעשיקט פון דער ריי. ער באַטראַכט שוין מיך און פרעגט דעם דאָקטאָר, וואָס איז מיט אים לאָוס? זאָגט אים דער דאָקטאָר, אַז אין 10 טעג אַרום, קען איך אַרויס צו דער אַרבעט. „ווען דו, דאָקטאָר, ליגנט זאָגסט, גייסט דו קיין אַשוויענטשים" — האָט דער ס. ס.־מאַן אַרויסגעברומט. דער דאָקטאָר האָט צוזאַמענגעקלאַפּט זיינע פיס, ווי אַ סאָלדאַט פאַר זיין גענעראַל, און מיט אַ מוראדיק קול אויסגעשריגן — „יאַוואָל"!

דער יידן מערדער האָט זיך געמאַכט אַ ליסטע פון בערך אַ 200 קראַנקע

און האָט באַפוילן די דייטשן: „אַלע קראַנקע צוזאַמענקלייבן אין איין באַראַק". ביינאַכט הערן מיר ווי עס קומען וועגענער צו פאָרן. מיר קוקן אַרויס דורכן פענצטער, זעען מיר לאַנגע וועגענער מיט פערד איינגעשפּאַנט שטייען פאַרן קראַנקן־באַראַק. דער זייגער איז בערך 2 ביינאַכט. מען שליסט אויף די טויערן פון באַראַקן מיט די קראַנקע און מען הייסט אַלע אַרויפקריכן אויף די פורן. ווער עס קען נישט אַרויפקריכן, האָבן אים די דייטשן אַרויפגעוואָרפן, ווי מען וואַרפט אַרויף אַ זאַק מיט קאַרטאָפל, איינער אויף דעם צווייטן.

די געוויינען און געשרייען צעטראָגן זיך איבערן גאַנצן לאַגער. די דייטשן שרייען: „ווען איר נישט שטיל בלייבט, וועט איר דערשאָסן". עס העלפט נישט קיין רייד און קיין קלעפּ פון די דייטשן, די מענטשן פילן, אַז מען פירט זיי קיין אָשוויענטשים. די פורן מיט די שווערע פערד באַוועגן זיך לאַנגזאַם אַרויס פונעם לאַגער, איינער נאָך דעם צווייטן.

## אַ לאַגער — אַ „גן־עדן"

די נאַכט פאַרשווינדט. ווידער הערן מיר די געשרייען: „אַלעס פון די בעטן אַרויס, אויפשטיין! די בעטן גלייכמאַכן, די שיך אויספּוצן, אין איינע שטונדע איז אַפּעל!"

מיר קומען אַרויס אויף דעם גרויסן פּלאַץ. מען זעט שוין מער נישט קיין קראַנקע אַרויסקוקן פון זייערע קראַנקן־באַלאַקן, עס איז אַלעס ליידיק. יעדער ווייסט וואָס עס האָט געטראָפן, נאָר יעדער האָט מורא זיך עפּעס צו פרעגן וועגן די קראַנקע. ביים אַפּעל באַווייזט זיך אַ ציווילער דייטש, דאָס איז געווען דער לאַגער־פירער. ער פרעגט זיך, ווער פון אייך וויל אַרויסגיין אַרבעטן. איך, פילנדיק זיך שוין אַביסל בעסער מיט מיין האַנט, טרעט אַרויס פון דער ריי און מעלד זיך צו דער אַרבעט. גלייכצייטיק זענען אַרויסגעגאַנגען נאָך אַ 20 מאַן. דער דייטש שרייט, אַז ער דאַרף האָבן 30 מענטשן. עס קומען אַרויס נאָך 10, אַט שטייען מיר שוין אויסגעשטעלט צו דריי אין א ריי — 30 מאַן.

ביים טויער שטייט אַ ציווילע מאַשין. מיר ווערן אַרויסגעפירט פון טויער, באַוואַכט מיט 2 דייטשן פאָרן מיר אין דער ריכטונג צום באַנהויף. אויף אַ זייטן ליניע שטייט פאַר אונז אַ וואַגאָן מיט קוילן צום אָפּלאָדענען. די דייטשן זאָגן אונז, אז ווען דער וואַגאָן וועט זיין אָפּגעלאָדנט זאָלן מיר צוריקקומען אין לאַגער.

אַנטקייגן איבער, בערך אַ 20 מעטער ווייטער נאָך אַ וואַגאָן, אַ פאַרמאַכטער, אויף וועלכן עס איז אויפגעשריבן: אָשוויענטשים. פון יענעם וואַגאָן הערט זיך אַ געוויין, מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען פון וואַנען די מענטשן זענען, ווי אַזוי

האָט מען געקענט צונויפפּאַקן 200 מענטשן אין איין וואַגאָן? פאַרמאַכט און פאַרזיגלט איז דער וואַגאָן געשטאַנען אויף דער סטאַציע בראַנד, ווו די יונגע מענטשן האָבן זייערע נשמות אויסגעהויכט און ווו מען האָט זיי דערשטיקט אַלע צוזאַמען. געשען איז דאָס אין חודש מערץ 1943.

אין א פרימאָרגן, בעתן אפּעל, פרעגט מען אונז ווער ס׳וויל אַוועקפאָרן אויף אַרבעט. איך בין אַרויס דער ערשטער. עס באַווייזן זיך נאָך מיר נאָך עטלעכע. עס מערט זיך די צאָל קאַנדידאַטן צום אַוועקפאָרן, מיר זענען ביי אַ 35 יידן, אַלע יונג, אין די יאָרן פון 20—30 יאָר. מיר ווערן באַלד פאַרשריבן. מיר באַקומען ברויט, טאָפּלט עסן, אויך מלבושים, שיך, הויזן. אַלעס טאָפּלט, האַנטוכער, ראַזיר־געצייג.

נאָכמיטאָג ווערן אַרויסגערופן די 35 פּערזאָן, וואָס זענען געווען פאַרשריבן צום אַוועקפאָרן, פאַרן טויער שטייט אַ מאַשין און צוויי מיליטער־לייט באַגלייטן אונז. מיר פאָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר פאָרן אַדורך ברעסלוי, עטלעכע קילאָמעטער פון ברעסלוי שטייט אַ גרויסער מאַגאַזין פון דער „דויטשער לופט־וואַפע״ און דערנעבן אַ קליינער לאַגער, פאַרצוימט ווי אַלע לאַגערס. עס איז אַ יודענלאַגער מיט אַ יודענעלטעסטען, די אָרטשאַפט הייסט גינטעבריק.

די צוויי דייטשע סאָלדאַטן באַפעלן אונז: „שנעל אַרונטער פון דער מאשין!״

מיר שטעלן זיך אויס צו דריי אין א ריי. עס באַווייזט זיך אַ ציווילער דייטש, אין עלטער פון 40 יאָר, מיט אַ גרויסן בויך. ער רופט דעם יודענעלטעסטן. יעדער איינער ווערט געגנוי באַטראַכט פון דעם דייטש. די צוויי דייטשע סאָלדאַטן גיבן אונז איבער צו דעם ציווילן דייטש און זאָגן, אַז די יודען זענען געווען אין קראַנקן־לאַגער בראַנד. אַלע זענען געווען קראַנק, נאָר איצט זענען זיי שוין ווידער געזונט און פעאיק צו דער אַרבעט. די צוויי זעלנער געזעגנען זיך מיטן ציווילן דייטש מיט א „הייל היטלער״ און גייען אַוועק.

מיר ווערן איבערגענומען פון דעם יודענעלטעסטן. דער גאַנצער לאַגער באַשטייט פון איין באַראַק פון 4 צימערן. עס זענען אינגאַנצן דאָ ביי אַן 80 יידן. מיר ווערן דאָרט העפלעך אויפגענומען מיט גרויס מיטלייד דורך די אַנדערע יידן, ווייל מיר זענען שוין געווען קראַנק. די יידן אין דעם לאַגער, זענען אַממערסטן געווען יונגע מענטשן פון פּוילן: אויבערשלעזיען, בענדין, סאָסנאָוועצ, דאָמבראָווע און נאָך פון די אַרומיקע שטעט. מיר די 35 אַריינגעקומענע זענען אויך געווען פון פאַרשידענע שטעטלעך פון פּוילן. איך איינער פון קלאָבוצק.

מיר ווערן פאַרטיילט אין 4 צימערן און באַקומען טאָפּלט עסן. צומאָרגנס אינדערפרי, גייען מיר אַרויס צו דער אַרבעט. די ארבעט איז נישט ווייט פון

לאַגער. אַלעס איז סאָליד. מען שרייט נישט איבער די יידן, פון שלאָגן ווייסט מען נישט, אַלע זענען געהאַרכזאַם, עס איז דאָ מער־ווייניקער עסן גענוג, מער ווי אין די אַנדערע לאַגערן. מען באַקומט ריינע וועש יעדן שבת. מען איז כמעט נישט באַוואַכט. עס זיצט נאָר איין דייטשער סאָלדאַט ביים טויער, אָן אַ ביקס, און האַלט שטענדיק דאָס טויער פאַרשלאָסן. ווייל דער גאַנצער לאַגער איז געשטאַנען אין א גרויסן אָפּגעשלאָסענעם שטח פון דער „דויטשער לופט־וואַפע". אונזער אַרבעט איז באַשטאַנען פון אויפלאָדענען אויף די וועגענער און אָפּלאָדן פאַרשידענע מיליטערישע סחורות. און די אַרבעט איז נישט געווען קיין גאַנץ שווערע.

מען איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי 6 אַ זייגער, מיר האָבן באַקומען פרישטיק און עס איז געווען נאָר עטלעכע טריט צו דער אַרבעט. זיבן א זייגער האָבן מיר אָנגעהויבן אַרבעטן ביז צוועלף. פון צוועלף ביז איינס איז געווען די מיטאָג־שעה. עסן מיטאָג זענען מיר צוריק אַריינגעגאַנגען אין לאַגער. מיר האָבן באַקומען א פרישע זופּ. מען קאָן זאָגן, אז דאָס עסן איז געווען ריין געקאָכט. דערנאָך האָבן מיר געאַרבעט פון 1 ביז 4. פון 4 האָבן מיר שוין געהאַט פרייע צייט ווען מען האָט זיך געקאָנט אָוועקלייגן און רוען.

אין חודש יוני 1943 קומט אָן אָנזאָג, אַז דער לאַגער ווערט געשלאָסן און די ערשטע דרייסיק מאַן מוזן אָוועקפאָרן. דער יודענעלטעסטער האָט שוין פּערטיק אַ ליסטע, וועלכע דרייסיק ער שיקט אוועק.איך בין געווען צווישן זיי. מען הייסט אונז אַלץ צוזאַמענפּאַקן און מיר, 30 מאַן, גייען שוין נישט אַרויס דעם טאָג צו דער אַרבעט. מיר באַקומען וועש, הויזן און ראַזיר־געצייג. נאָך מיטאָג ווערן מיר אַרויסגעפירט מיט די געפּעק אויפן פּלאַץ. פאַרן טויער שטייט אַ מיליטער־מאַשין.

ווידער פאָרן מיר אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג, קיינער ווייסט נישט וווהין. אונזער גורל ליגט ביי די דייטשן אין די הענט. מיר פאָרן אַזוי ביי אַ צוויי שעה און קומען אָן קיין גערליץ און פאַרהאַלטן זיך אויף אַ גרויסן פּלאַץ. דאָרט איז פאַראַן אַ וואַגאָנען־פאַבריק. נישט ווייט פון דעם אָרט — דריי לאַנגע באַראַקן מיט יידן.

מיר ווערן אויפגענומען פון אַן עלטערן דייטש. ער שטעלט אונז אויס אין רייען. באַלד באַוויזט זיך די דייטשע וואַך און אויך דער יודענעלטעסטער פון לאַגער. ער זאָגט אונז, אז דאָ ווערט איצט אויפגעמאַכט אַ נייער לאַגער, און מיר דאַרפן זיין גוטע ארבעטער און זיך גוט אויפפירן, וועט ער צו אונז אויך זיין גוט.

מיר מאַרשירן אַריין אין לאַגער. דער יודענעלטעסטער פאַרשרייבט

אונז, מיר באַקומען צו עסן און אין דעם גאַנצן לאַגער געפינען זיך אַרום 50 יידן. אין די וויטערדיקע טעג זענען כסדר אָנגעקומען אַלץ פרישע גרופּן. זייער צאָל דערגרייכט שוין ביז 300 יידן. אַלע יוגנטלעכע.

די אַרבעט ביי בוי און קאַנאַליזאַציע ווערט פאַרטיילט יעדן טאָג צו 70 50 און 30 פערזאָן אין אַ גרופּע און נאָך קלענערע גרופּן. די אַרבעט איז געוואָרן אויסגעפירט אין לאַגער, ווו עס האָט זיך געפונען אַ פאַבריק. מיר זענען געוועזן טאָפּלט פאַרצוימט, איינמאָל פון לאַגער און דאָס צווייטע מאָל פון דער פאַבריק. עס האָבן דאָרט אויך געאַרבעט געפאַנגענע רוסן, פראַנצויזן, פּאָליאַקן, און פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אַזוי האָבן מיר שווער און ביטער געאַרבעט פון חודש יוני 1943 ביז מערץ 1944.

ווידער קומט אַ באַפעל, אז מאָרגן גייען מיר נישט אַרויס צו דער אַרבעט. מיר פאָרן אַלע אוועק אין א צווייטן לאַגער. ביז מערץ 1944 זענען מיר געווען אין רייכסאויטאָבאַן לאַגער אויף צוואַנגס־ארבעט און פון מערץ געהערן מיר שוין צו ק. צ.־לאַגער („קאַצעט — קאָנצענטראַציע־לאַגער״).

## דער פאַרלעצטער עטאַפּ

### פאַר דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פון די לאַגערן

מערץ, 1944.

ווידער פירט מען אונז אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר פאָרן אַזוי בערך א 3 שעה ביז מיר קומען אָן אין אַ וואַלד, צו א טויער, פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט, יעדע פיר מעטער הענגט אן אויפשריפט מיט א טויטן־קאָפּ: „געפערלעך שטראָם!" צווישן די דראָטן דרייען זיך אַרום שומרים, באַוואָפנטע דייטשן.

מיר שטעלן זיך אויס צו 3 אין א ריי מיט אונזערע געפעק אין האַנט. עס קומט אַרויס דער לאַגער־עלטעסטער מיט אַ שטעקן אין האַנט. ער גייט אָנגעטאָן א „העפטלינגס־אַנצוג": בלוי ווייסע פּאַסן מיט אַ דרייעק אויסגענייט אויף דער ברוסט, א רויטער דרייעק מיט אַ לויפנומער. מיר ווערן אָפּגעציילט און ווער עס שטייט נישט גלייך, אָדער ווער עס האָט באַוועגט מיטן קאָפּ, האָט גלייך באַקומען מיטן שטעקן איבערן קאָפּ.

מיט קלעפּ און שטאַרקע געשרייען פון לאַגער־עלטעסטן, געיאָגט פון פּחד — זענען מיר געטריבן געוואָרן אין לאַגער אַריין. עס שטייען אויסגעמויערטע בלאָקן. מיר מאַרשירן אַריין אין איין בלאָק, דער לאַגער־עלטעסטער באַפעלט אונז: אלע טוען זיך אויס און לייגען אַוועק די זאַכן. מען טיילט אונז אויס

העפטלינגס־מלבושים: אונטערהויזן, אַ העמד מיט הויזן, אַ מאַרינאַרקע, אַ רונדיק היטעלע אַ פּאָר שיך מיט אַ פּאָר זאָקן.

עס באַווייזן זיך פריזיערס, ביי יעדן אין קאָפּ ווערט אויסגעראַזירט אַ פּאַס האָר פון צוויי פינגער די ברייט. מיר ווערן אויסגעשטעלט אין א ריי און יעדער באקומט אַ לויפנומער. מיין לויפנומער איז 19266. אַלע זאַכן, וואָס מיר האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון די אַנדערע לאַגערן ווערן צוגענומען. מיר באַקומען אַלע דאָס זעלבע אָנגעטון, נישטאָ קיין אויסנאַם. מיר ווערן פאַרטיילט צו 90 מאַן אין אַ בלאָק מיט דריי שטאָקיגע בעטן. די פּאַדלאַגעס זענען פון בעטאָן. יעדער פון אונז באַקומט צוויי קאָצן מיט אַ שטרוי זאַק. איינער קוקט אָן דעם צווייטן. מיר זעען אויס ווי פאַרשטעלטע.

צומאָרגנס מאַרשירן מיר אַרויס אויפן אַפּעל־פּלאַץ. מיר שטעלן זיך אויס צו 5 אין א ריי, מען ציילט אונז אָפּ, מען האַלט שוין ביי טויזנט מיט 200 און עטלעכע דרייסיק. מיר ווערן איינגעטיילט אין גרופּן און באַקומען ברויט מיט שוואַרצע קאַווע און אונטער אַ באַוואָפנטער וואַך מאַרשירן מיר צו דער אַרבעט. נאָך בערך א שעה, קומען מיר אָן צו די אַרבעטס־פּלעצער.

מיר געפינען זיך אין א וואַלד ווו עס ווערן געבויט גאַנצע בלאָקן. אין וואַלד זענען געווען געוואָר־לאַגערן. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט שווער און ביטער. יעדן טאָג אין דעם לאַגער.

דאָ, אין דעם לאַגער, האָבן מיר דערפילט אונזער נישטיקייט. איז ווער געשטאָרבן, האָט מען אים נישט קובר געווען, ווי אין אַנדערע לאַגערן אין א קאַסטן פון האָלץ נישט ווייט פון לאַגער: אין ק. צ. לאַגער, ווו מיר זענען געווען, האָט מען יעדן טויטן אוועקגעשיקט קיין גראָס־ראָזען, צום פאַרברענען, דאָרט אַהין האָט געהערט אונזער לאַגער. דאָרט האָבן זיך געפונען עטלעכע אויוונס, ווו מען האָט פאַרברענט די מענטשן.

פון מערץ 1944, ווען מיר זענען אריינגענומען געוואָרן אין „קאַצעט”, האָט מען אונז מער נישט גערופן „יודען” — נאָר „קאַצעטלער”, „העפטלינגער”. ווען איינער פון אונז האָט געהאַט א ביסל היץ, האָט ער שוין נישט געדאַרפט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. יעדן טאָג זענען געווען עטלעכע הונדערט קראַנקע — קאַנדידאַטן אין די אויוונס פון גראָס־ראָזען. אין מאַי 1944 איז צו אונז געקומען אַ טראַנספּאָרט מיט יידן פון אָשוויענטשים, ביי 800 מאַן, זיי האָבן אונז דערציילט די גרוילן פון דאָרטן אין וועלכער מיר האָבן נישט געקענט גלויבן. מיר האָבן דאָך מיטגעמאַכט אַלע מיני צרות, אָבער פון דעם, וואָס זיי האָבן אונז דערציילט, זענען מיר געבליבן פאַרגליווערט ווי פיש אין וואַסער.

די שטימונג ביי די ציוויל־ארבעטער אויף דער בוי־שטעל איז געוואָרן אַן אַנדערע, עס האָט זיך געקאָנט מערקן, אַז די מלחמה גייט נישט אַזוי גלייך און גוט פאַר די דייטשן, ווי זיי האָבן זיך פאַרגענומען. מיר האָבן אויך געהערט פון דעם גרויסן דורכפאַל פון די דייטשן אויפן מערב־פראָנט, וועגן וואָס עס האָבן דערציילט די ציווילע אַרבעטער, וועלכע האָבן מיט אונז מיטגעאַרבעט. עס זענען שוין אָרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז יעדן טאָג קען זיך די מלחמה ענדיקן. דער גלויבן, אַז מיר קענען יעדן טאָג באַפרייט ווערן, האָט אונז צוגעגעבן מוט צום לעבן. עס האָבן אָנגעהויבן אויספעלן פאַרשידענע בוי־מאַטעריאַלן. מען האָט אויך צוליב פאַרשידענע סיבות איבערגעריסן די אַרבעט.

אַזוי האָבן מיר דעם גאַנצן זומער פון 1944 געלעבט מיט דער פריידיקער האָפנונג, אַז די מלחמה גייט צום סוף. אָפטמאָל זענען געמאַכט געוואָרן אַלאַרמען. די סירענעס האָבן אָנגעהויבן צו פייפן. דאָס ליכט איז געוואָרן אויסגעלאָשן, טיילמאָל אויף אַ שעה און אויך אויף מער. מיר זענען געזעסן אין די באַראַקן אין דער צייט, בעת עס איז פאָרגעקומען אַן אלארם. מען האָט אויך געהערט דאָס רוישן פון די אַעראָפּלאַנען, גאַנצע עסקאַדרעס. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען עראָפּלאַנען פון אונזערע באַפרייער, וואָס זענען געפלויגן באָמבאַרדירן בערלין.

דער זומער איז אַוועק. עס דערנענטערט זיך דער ווינטער. מיר האָבן נישט קיין ווינטער־קליידער. כמעט יעדן טאָג פייפן די סירענעס. מען האָט אַלץ אָפטער און אָפטער באָמבאַרדירט די דייטשע שטעט. מיר זענען שוין גאַנצע טעג אָפּגעזעסן אין לאַגער. צוליב זיכערקייט זענען מיר נישט מער אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט אין דער צייט פון אַן אַלאַרם. אַזוי האָבן מיר אָפּגעלעבט אין נויט און אין קעלט ביז דעם 9־טן פעברואַר, 1945.

דעם 9־טן פעברואר 1945, 7 אַ זייגער אינדערפרי, האָט מען בעת אַן אַפּעל גענומען סאָרטירן געזונטע אויף איין זייט און קראַנקע אויף דער צווייטער זייט. די געזונטע האָט מען באַפוילן אַלץ איינפּאַקן, וואָס איינער האָט, ווייל מיר מוזן פאַרלאָזן דעם לאַגער. די רוסן זענען 20 קילאָמעטער פון דעם פּלאַץ, ווו מיר געפונען זיך. די קראַנקע וועלן בלייבן.

קיינעם פון אונז האָט נישט געגלוסט צו וואַנדערן, נאָר בעסער צו בלייבן אויפן אָרט נאָך עטלעכע שעה ביזן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי. עס זענען געבליבן ביי א 200 קראנקע און שוואַכע

גלייכצייטיק האָבן מיר באַמערקט ווי די דייטשן באַהאַלטן עפּעס אין דער ערד אין אַלע פיר ווינקלען פון לאַגער. מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן אין דער לעצטער מינוט אויפרייסן דעם לאַגער מיט אַלע קראַנקע. מיר האָבן

זיך געשלאָגן מיט דער דעה — פאַרלאָזן דעם לאַגער, אָדער בלייבן און האָבן איבערלעבן אייזיכטן געהאָלפן צו ווערן. מיר האָבן אָבער אַזוי געמוזט טאָן ווי מען האָט אונז באַפוילן.

## די בעסטיאַלישע מיטלען פון די דייטשן אומצוברענגען די לעצטע לאַגער־אַרעסטאַנטן

נאָכן באַקומען אַ האַלב ברויט מיט אַ שטיקל מאַרגאַרין, מאַרשירן מיר אַרויס בערך 1000 מאַן, באַגלייט פון אַלע זייטן מיט באַוואָפנטע דייטשן. אונזער האָפנונג צו באַפרייען זיך נאָכן אָפּזיין פאַרשקלאַפט 4½ יאָר, איז נישט צום באַשרייבן, ווייל די גאַנצע צייט, וואָס מיר זענען געווען פאַרשפאַרט זענען מיר נישט געווען אַזוי נאָענט צום לעבן ווי אינעם לעצטן מאָמענט, ווען מיר האָבן שוין געוווסט, אַז די רויטע אַרמיי גייט אונז נאָך, ביי אַ 20 קילאָמעטער אָפּגע־רוקט פון אונז.

מיר האָבן מאַרשירט אַלץ ווייטער און באַקומען זייער ווייניק צום עסן. עס זענען אַדורך טעג וואָס מען האָט אונז געפירט הונגעריק און נישט געלאָזן אונז אַפילו אָפּרוען, ווייל די רויטע אַרמיי איז געגאַנגען אונטער אונז. אַזוי האָבן די דייטשן אונז געטריבן טאָג נאָך טאָג. די מענטשן וואָס זענען אָפּגעשטאַנען און נישט געקענט ווייטער גיין, האָט מען אַרויסגעפירט אין פעלד אַריין און דאָרט זיי דערשאָסן.

צוזאַמען מיט אונז זענען געלאָפן אויך ציווילע דייטשן, וועלכע האָבן מורא געהאַט פאַר די רוסן. די דייטשן זענען געלאָפן מיט פערד און וואָגן, מיט קליינע קינדער. ביינאַכט זענען מיר טיילמאָל געשלאָפן אין פעלד און טיילמאָל אין אַ שאָפּע. מיר האָבן זיך גאַנצע וואָכן נישט געוואַשן. אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט פון 9 פעברואַר 1945, ביזן 4־טן אַפּריל 1945. אין 4־טן אַפּריל זענען מיר אַריינ־געקומען קיין בוכענוואַלד.

2 נאָכמיטאָג זענען מיר אַריינגעקומען אין לאַגער. מען האָט אונז אָפּגעפירט אין וואַש־רוים, ווו מיר זענען אָפּגעשטאַנען פון 2 ביז 7 פאַרנאַכט, עס האָט געהייסן, אַז מיר גייען זיך באָדן. מיר קוקן אויף די לאַגער־באַראַקן, וואָס זענען אויסגעשטעלט אָן אַ שיער און אָן אַן עק. אין דעם לאַגער האָבן זיך דאַמאָלס געפונען ביי אַ 70 טויזנט מאַן: יידן, רוסן, ציגיינער, ענגלענדער, פינלענדער, בעלגיער, האָלענדער, נאָרוועגער, איטאַליענער, שפּאַניער, א. א.

מיר האָבן זיך נישט געבאָדן. מיר האָבן געזען ווי אין איין באַראַק שטייען

נאָקעטע מענער, נאָר אַרומגענומען מיט אַ קאָלדרע. מען האָט זיי אַלץ צוגענומען און נישט צוריקגעגעבן קיין אָנטועכץ. שטייען אַזוי באָרוועס אויפן בעטאָן אַ 3.000 מאַן יידן. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך פון אַלע באראקן אַרויס־געשלעפּט יידן אויף דעם פרייען פּלאַץ. מען האָט צוזאַמענגעשלעפּט ביי אַ 5.000 יידן. קיינער האָט נישט געוווסט וואָס מען וועט מיט אונז יידן איצט טאָן.

די „העפטלינגע" פון אַנדערע נאַציעס האָט מען צורו געלאָזט אין די באראַקן. נאָר יידן האָט מען אַרויסגעשלעפּט און אַלע צוזאַמען האָט מען געיאָגט אונטערן פרייען הימל. אַממייסטן האָט מען אַרויסגענומען פון די באַראַקן יידן, וואָס זענען געוועזן צוזאַמען מיט פּאָליאַקן.

אַזוי זענען מיר אין בוכענוואַלד, אונטערן פרייען הימל, אָפּגעלעגן פון 4־טן ביזן 9־טן אַפּריל, 5 טעג און נישט באַקומען קיין עסן. אַלע נעכט פלעגן גאַנצע עסקאַדרעס עראָפּלאַנען פליען איבער אונזערע קעפּ. מיר האָבן געבעטן, אַז זיי זאָלן אויף אונז אַראָפּוואַרפן אַ באָמבע, מיר זאָלן בעסער אומקומען און נישט ליידן מער אַזויפיל פון קעלט און הונגער, אָדער דאַרפן אומקומען פון אַ דייטשער קויל. אונזער געבעט איז ליידער נישט דערהערט געוואָרן.

די צאָל טויטע איז כסדר געוואַקסן. טויטע מענטשן זענען געלעגן גאַנצע בערג ביי די קרעמאַטאָריעס, וואָס מען האָט אין די לעצטע טעג נישט פאַרברענט. מיר די לעבעדיקע, האָבן פון זיי דאָס אָנטאָן אַראָפּגעשלעפּט, און אויף זיך אָנגעטאָן, כדי עס זאָל זיין אַביסל וואַרעמער. געווען אַזעלכע פאַרווילדעטע פון הונגער, וואָס האָבן אָפּגעשניטן די אויערן פון די טויטע און דערמיט געשטילט דעם הונגער. אַ טייל האָבן זיך ביי נאַכט באַהאַלטן צווישן די טויטע, עס זאָל זיין זיי וואַרעם. אַנדערע האָבן זיך באַהאַלטן ביי די מתים, כדי נישט געטריבן צו ווערן ווייטער. מען האָט געשמועסט, אַז מיר וועלן נאָך דאַרפן ווייטער גיין חדשים לאַנג. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראַגישע סצענעס. ווען די געפּייניקטע האָבן צווישן די טויטע דערקענט זייערע אייגענע. די טויטע זענען אַממערסטן געווען יידן.

שבת אינדערפרי, דעם 9־טן אפּריל 1945, זענען מיר ווידער אויסגעשטעלט געוואָרן צו 5 אין אַ ריי, פון ביידע זייטן באַוואַכן אונז אוקראַינער מיט גרויסע וועלף־הינט. ווער פון אונז עס שטייט נישט גלייך, ווערט באַפאַלן פון אַן אָנגערייצטן אויסגעשולטן הונט, גלייך שפּרינגט ער צו און שלעפּט אַראָפּ פון אונז די הויזן און בייסט. מיר ווערן אָפּגעציילט. איך הער ווי זיי רעדן צווישן זיך, אַז עס איז דאָ ביי אַ 4.500 יידן. זיי טיילן אונז איין אין דריי טראַנספּאָרטן: 1.500, 1,650, און

דער דריטער בערך 1.350. איך האָב זיך געפונען אין דעם צווייטן טראַנספּאָרט, צווישן די 1.650 יידן.

מיר מאַרשירן אַרויס פון בוכענוואַלד, נישט באַקומענדיק קיין עסן און קיין טרינקען. כמעט באָרוועס, אָן שיך. חדשים האָבן מיר שוין נישט איבערגעטאָן די וועש. מאַרשירן מיר שוין אויסער דעם לאַגער. פוןביידע זייטן וועג ליגן טויטע, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן פונעם ערשטן טראַנספּאָרט, וואָס גייט פאַראויס. אויך אין אונזער טראַנספּאָרט האַלט מען אין איין שיסן....

ווער עס גייט נישט גלייך, אָדער ווער עס קוקט אַריין אין וואַלד, הייסט עס, אז ער קלערט צו אַנטלויפן, — ווערט דערשאָסן... יעדן טאָג האָבן זיי דערשאָסן א 40 ביז 50 יידן. אונזער טראַנספּאָרט איז מיט יעדן טאָג געוואָרן וויניקער. ביי 100 אוקראַינישע עס־עס מענער מיט 10 גרויסע וועלף־הינט האָבן אונז באַוואַכט. די הינט האָבן אונז געביסן און די צוויי פיסיקע הינט האָבן אונז געשאָסן... אַזוי ווי מיר זענען געגאַנגען, אזוי האָט דאָס געווער אויף אונז געפייערט. ביינאַכט זענען מיר געלעגן אויפן פרייען פעלד, באַוואַכט פון די הינט...

מיר האָבן אַזוי מאַרשירט ביי א צוויי וואָכן, און אָנגעקומען אין לאַגער פלאָזענבורג, דעם 22־טן אפריל 1945. פון 1.650 זענען מיר געבליבן ביי אַן 800 יידן. מיר האָבן געגלויבט , אז אין דעם לאַגער בלייבן מיר שוין. אָבער אין עטלעכע שעה אַרום זענען מיר ווידער אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דעם לאַגער פלאָזענבורג. ווידער נעמט מען אונז צוזאַמען, מען ציילט אונז אָפּ, מיר זענען שוין נאָר ביי א 750 יידן. א טייל האָבן זיך באַהאַלטן אין לאַגער.

מיר מאַרשירן אַרויס פון דעם לאַגער. מען שיסט אונז אויס ווי די חיות אין וואַלד. מיר זענען יעדן טאָג וויניקער. אויך די אוקראַינישע וואַך ווערט קלענער. זיי פאַרשווינדן פון אונז מיט יעדן טאָג. ענדלעך באַקומען מיר אַ שטיקל ברויט מיט אַ ביסל וואַסער.

עס איז שוין דער 25־טער אפריל און מיר זענען שוין געבליבן 500 יידן. יעדע מינוט איז אַ יאָר. מען זעט נישט קיין סוף. און אַזוי גייען די טעג. דעם 29 אַפּריל זענען שוין געוועזן נאָר 200 מאַן. יעדן טאָג האָבן די מערדער דערשאָסן 70—80 יידן. דאָס מאַשין־געווער האָט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג. דעם 30־טן אפריל זענען מיר שוין 150.... 1־טער מאַי, 2־טער מאַי, עס פאַרקלענערט זיך כסדר די צאָל פון לעבענגעבליבענע. מיר האַלטן טוין ביי 110 און ווערן נישט באַפרייט... מיר האָבן געזען ווי אין משך פון 4 וואָכן האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן 1.500 יידן. די געדאַנקן לאָזן נישט רוען...

מיר מאַרשירן ווייטער און שלעפּן נאָך די פּעק פון די דייטשע רוצחים,

וואָס יעדער איינער האָט געהאַט ליגן אין דעם געפּעק אַ ציוויל אַנצוג, אין פאַל ווען ער וועט דאַרפן, זאָל ער זיך קענען איבערטאָן.

אַזוי גייען מיר צווישן פעלדער און וועלדער, צווישן צוויי אוקראַינישע באַנדיטן, וואָס היטן אונז, קומט פאַר אַזאַ שמועס: „מאָרגן, דעם 3־טן מאַי, האָבן מיר שוין נישט וווהין צוגיין. די נאַכט בלייבן מיר נאָך אין דאָרף. מאָרגן פרי וועט יעדער עס־עס מאַן נעמען דריי פיר יידן אין וואַלד אריין און זיי פערטיק מאַכן.... דערמיט איז דער טראַנספּאָרט געענדיקט. יעדער וועט זיך איבערטאָן און ווערן אויס סאָלדאַט"... איינער פון אונז, האָט געהערט דעם שמועס פון די צוויי ע־עס מענער. ער איז רואיק געשטאַנען און זיך צוגעהערט, נישט אַרויסווייזנדיק דעם מינדסטן אינטערעס צו דעם געשפּרעך.

מיר זענען אַריין צו אַ פויער צוזאַמען מיט אונזערע היטער. זיי האָבן אונז פאַרמאַכט און 5 באַנדיטן מיט געווער האָבן אונז באַוואַכט. דער חבר וואָס האָט אונטערגעהערט דאָס געשפּרעך פון די צוויי אוקראַינישע מאַסן־מערדער, האָט אונז דערציילט וואָס מאָרגן דאַרף מיט אונז געשען... מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר מוזן אַנטלויפן. זאָל שוין געשען וואָס עס וויל. מיר זענען שוין די נאַכט נישט געשלאָפן, נאָר געקלערט ווי אַזוי צו אַנטלויפן.

עס הויבט שוין אָן צו טאָגן... מיר הערן ווי איינער פון די עס־עס פרעגט דעם אַנדערן ווי שפּעט עס איז. מיר הערן ווי יענער ענטפערט: „האַלב פינף, נאָך אַ האַלבע שטונדע בלייבן מיר היער"... מיר, זעענדיק ווי דער טאָג שפּראָצט אַריין דורך די שפּאַרעס, האָבן באַשלאָסן אויפמאַכן דאָס טויער און ווער עס וויל, זאָל אַנטלויפן... מיר זאָלן נישט לויפן אַלע צוזאַמען אין פאַל זיי וועלן אונז נאָכשיסן, זאָלן זיי נישט טרעפן אַלע. מיר זאָלן זיך צעשפּרייטן אין דער ברייט.

נישט קלערנדיק, האָב איך מיט נאָך אַ חבר אויפגעמאַכט דאָס טויער מיט אַ שנעלקייט פון אַ בליץ זענען מיר אַרויס געלאָפן נישט וויסנדיק וווהין....

מיין חבר האָט געהאַט אַ קאָלדרע, וועלכע ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן עס־עס מאַן וואָס איז געשטאַנען פאַרן טויער און האָט אים אומגעוואָרפן. איך, נישט באַמערקנדיק אפילו וואָס עס ליגט, האָב אויף אים ארויפגעטראָטן און אַרויסגעלאָפן... אַזוי זענען מיר אַרויס פון דעם פלאַץ 11 יידן. די איבריקע זענען אויף צומאָרגנס דערשאָסן געוואָרן. איינער פון אונז איז געוואָרן לייכט פאַר־וווּנדעט, נישט געקוקט דערויף איז ער ווייטער געלאָפן. די צוויי חברים וואָס זענען געלאָפן פאַר מיר, האָבן געמיינט, אַז איך יאָג זיי נאָך און די צוויי וואָס זענען געלאָפן נאָך מיר, האָב איך געמיינט, אַז זיי יאָגן מיך נאָך. דאָך זענען מיר אַלע 5 זיך צוזאַמענגעקומען ביים ראַנד פון וואַלד און זיך דערפילט פריי...

# פרווון פון ווידערשטאנד אין לאגער

משה פייגע

## די ארבעט אין שניידער־ווארשטאט

פאַרנאַכט זענען מיר אריינגעקומען אין לאַגער בלעכאַמער. א גרופּע איז אָפּגעקליבן געוואָרן אוועקצושיקן קיין אנאבערג. איך שליס זיך אָן אין דער גרופּע, וואָס באַשטייט פון 30 פּערזאָן. אין אנאבערג בין איך בערך צוויי חדשים געווען צוזאַמען מיט לוי מענדעלעוויטש, מיין שוועסטער־זון. מיר האָבן אָפט גערעדט וועגן אונזער מצב און געקומען צום אויספיר, אַז מיר האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן, אויב מ׳וועט אָפּקלויבן א טראנספּאָרט, וועלן מיר זיך אַריינשטעלן. אפשר וועט מען עמיצן טרעפן פון דער משפחה. באַלד האָט מען טאַקע אָפּגעקליבן אַ טראַנספּאָרט און מיר זענען מיטגעפאָרן, מ׳האָט אונז געשיקט אין קלעטענדאָרף. דאָרט האָבן מיר געטראָפן יידן פון קלאָבוצקער־לאַגער.

די קלאָבוצקער האָט מען געהאַלטן פאר געפערלעכע לייט. מ׳האָט זיי געמסרט, אז זיי ווילן אַנטלויפן, האָט דער יודענעלטעסטער בעריש, זיי אַלע אַריינגעלאָזט אין איין באַראַק און ביי נאַכט זיי געהאַלטן פאַרשלאָסן. דער ייד, וואָס האָט זיי געמסרט האָט חרטה געהאַט אויף זיין מסירה, אָבער ער האָט שוין גאָרנישט געקענט ענדערן.

ווען איך בין געקומען אין לאַגער אריין, האָט מען מיך גלייך געוואָרנט איך זאָל זאָגן, אז איך בין פון לאָדזש און נישט פון קלאָבוצק. האָב איך געענטפערט, אַז איך בין טאַקע אַ לאָדזשער. איך האָב דאָך געוווינט שיינע יאָרן אין לאָדזש.

יעדן אינדערפרי איז פאָרגעקומען אַן אַפּעל. מ׳רופט אויס עטלעכע מאָן צו גיין אין אייזן־לאַגער אַרבעטן. מיר איז שווער צו טראָגן אייזערנע־שטאַנגען. איך האָב זיך געוואָנדן צום יודענעלטעסטן, אַז מיט מיין צעבראָכענעם פוס קאָן איך נישט טראָגן קיין אייזן. ער האָט דאָס געזאָגט דעם „קאַפּאָ״, האָט ער באַפוילן, אז איך זאָל שטיין אויף דעם וואַגאָן און דערלאַנגען דאָס אייזן, אָבער דאָס האָב איך אויך נישט געקענט טאָן. דערצו בין איך געגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער

צו דער ארבעט. מיט מיר צוזאַמען האָבן געאַרבעט: פנחס ניעדזיעלאַ און לעווקאָוויטש, דורך אַ צופאַל האָט זיך מיין לאגע געבעסערט. איינמאַל קומט צו מיר מרדכי פרענק און בעט מיך, אַז איך זאָל אים מאַכן אַ פּאָר הויזן, איך האָב אים געענטפערט, אַז אויב דער מייסטער פון וואַרשטאַט וועט מיר דערלויבן, וועל איך אויפנייען די הויזן. דער מייסטער האָט מיר דערלויבט, וועו ער האָט געזען, אַז איך קען אַרבעטן, האָט ער מיר געהייסן אַוועקלייגן די הויזן און באַפוילן צו נייען פאַר דעם וועדקפירער. אַזוי אַרום האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין שניידער־וואַרשטאַט. אין דער פרי בין איך געגאַנגען צו דער אַרבעט צוזאַמען מיט אַלע לאַגעריסטן, פאַרנאַכט בין איך אַוועק נייען אין וואַרשטאַט. פאַר מיין אַרבעט האָב איך באַקומען געגוג צו עסן. איך האָב מיך געטיילט מיט לוי מענדעלעוויטש, מיין שוועסטערן־זון, לסוף האָט מען מיך צוגענומען אויף סטאַביל צו דער אַרבעט אין וואַרשטאַט.

*

איך האָב באַקומען א ידיעה פון בלעכאמער, אז מען האָט דאָרט אומ־געברענגט אַלע יינגלעך. איך האָב דאָס נישט געוואָלט דערציילן לוי׳ן, אַז זיין ברודער כאַסקעל לעבט נישט.

מ׳האָט וויטער געשיקט אַ טראַנספּאָרט פון אונזער לאַגער. מיר געלונגט נישט איינצוהאַלטן לוי׳ן ביי מיר. ער האָט געזאָגט צו מיר: „פעטער משה, נעם דיך נישט איבער, איך גיי מיטן גורל, אפשר וועל איך טרעפן אין לאַגער עמיצן: די מוטער, פאָטער אָדער די שוועסטער". נאָך דעם לעצטן טראַנספּאָרט זענען פון 700 מענטשן אין אונזער לאַגער געבליבן נאָר 130.

אין קלעטענדאָרף איז מיר נישט געווען שלעכט. איך האָב געאַרבעט פאַר די וואַכמייסטערס, מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ געהיימע גרופּע און אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט 2 ברעסלאַוער וואַכמייסטערס; דעם צווייטן האָט מען גערופן זיידעלע — אַן אַלטער סאָציאַל דעמאָקראַט. זיי האָבן אונז געזאָגט: אז אויב עס וועט קומען אַ שלעכטע גזירה קעגן אונז, וועלן זיי אונז צו קומען צו הילף, זיי וועלן אונטערצינדן אַ באַראַק דאָס וועט זיין דער סימן, אַז מיר דאַרפן אַנטלויפן.

נישט וויט פון אונז איז געווען אַ לאַגער מאַרק־שטאַדט, דער לאַגער איז געוואָרן ליקווידירט און מ׳האָט צו אונז געשיקט די מענטשן מיט זייערע „קאַפּאָס": לייבעלע באָסאָק און הערשל מוק —ביידע בענדינער הפקר־יונגען. די גרופּע בעל־מלאכות: שוסטערס, שניידערס, וועשערס וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די וואַרשטאַטן, האָבן געמאָלדן דעם יודענעלטעסטן, אַז זיי ווילן נקמה נעמען

אין די פרעמדע „קאַפּאָס“, וועלכע האָבן געשלאָגן אונזערע ברידער. ער האָט אונז געענטפערט: „טוט, איך ווייס פון גאָרנישט“; מיר האָבן די „קאַפּאָס“ גוט צעקלאַפּט. זיי זענען געלאָפן זיך באַקלאָגן צו דער „וואַכע“ און האָבן פּונקט געטראָפן די דייטשן מיט וועלכע מיר האָבן געהאַט פאַרבינדונגען. די „קאַפּאָס“ האָבן פון זיי באַקומען קלעפּ און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען זיי אַוועק געשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט.

## אין פּייניקונגס־לאַגער („קאַצעט")

אין חודש אָקטאָבער האָבן עס־לייט אַרומגערינגעלט דעם לאַגער. מ׳האָט אונז אַוועקגעשיקט אין לאַגער וואַלדענבערג. דאָרט האָט זיך יעדער געמוזט אויסטאָן נאַקעט און אָנשטאָט די אייגענע בגדים, האָבן מיר באַקומען פּאַפּירענע שמאַטעס. אַלץ, וואָס איך האָב ביי זיך געהאַט האָט מען צוגענומען, ס׳האָט מיך גאָרנישט געאַרט די קלעפּ, וואָס איך האָב דאָרט באַקומען, אויך נישט די מלבושים, וואָס מ׳האָט ביי מיר צוגענומען, נאָר דאָס, וואָס מ׳האָט צוגענומען די פאָטאָגראַפיעס פון מיין פרוי און קינד. צוליב דעם בין איך שוין געווען אין גאַנצן דערשלאָגן. אַ סך צייט צו טראַכטן איז אין „קאַצעט“ נישט געווען. מ׳איז געגאַנגען צו דער אַרבעט.

די „וואַכע“ האָט געשלאָגן מיט די קאָלבעס, די וואָס זענען געגאַנגען די לעצטע. מ׳האָט געאַרבעט זייער שווער. ווען דער לאַגער־פירער שראַמער איז געקומען אויף דער בוי־שטעלע, האָט ער געפלעגט נעמען אַ ציגל און צעהאַקט איינעם דעם קאָפּ. ווען דאָס בלוט איז געפלאָסן, האָט ער אים געפרעגט, ווער האָט דיר דאָס געטאָן, ווען דער קרבן האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט, האָט דער מערדער זיך אויסגעלאַכט און אַ צופרידענער איז ער אַוועקגעגאַנגען.

ווען מיר זענען געקומען אין לאַגער האָט אונז דער לאַגער־פירער שראַמער געהייסן פאַלן. מיר זענען געפאַלן מיטן פּנים אין שניי. ער האָט באַפוילן אויפשטיין און ווידער פאַלן און אַזוי זענען מיר געלעגן אַ לענגערע צייט און ער האָט מיט זיינע שווערע באַשטיוועלטע פיס געדריקט אונזערע קעפּ אין שניי אריין. דערנאָך האָט ער אונז באַפוילן אויפצושטיין און צו פאַלן אויף דעם רוקן. אַזוי האָבן זיך די פּייניקונגען כסדר איבערגעחזרט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. מיר האָבן געמוזט האָרעווען אָן עסן און אָן שלאָפן.

ער האָט איינגעפירט „פּרעמיעס“ וואָס עס איז געווען דאָס גרעסטע אומגליק פאַר די מענטשן. די פּרעמיע איז באַשטאַנען פון אַ וואַסערדיק מיטאָג און 5 שטיק ציגאַרעטן. עס זענען געווען ליידנשאַפטלעכע רויכערערס, זיי האָבן

אוועקגעגעבן דאָס שטיקל ברויט פון אַ גאַנצן טאָג פאַר איין ציגאַרעט. פון נישט עסן זענען די מענטשן געשוואָלן געוואָרן. דער נס איז געווען, וואָס עס איז שוין געווען נאָנט פון דער באַפרייאונג.

עס איז געקומען צו מיר א חבר און האָט געזאָגט: ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן, ס'איז אים געלונגען „צו אָרגאַניזירן" אַביסל שעצקע מיט קלייען, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון די פערד־טאָרבעס בעת זיי האָבן געגעסן. ער האָט גענומען אַ פּושקע מיט וואַסער און דאָס צוגעשטעלט אויף צו קאָכן און יעצט דאַרף ער דאָס איבערלאָזן און גיין צוריק אין לאַגער. ער האָט נישט געהאַט קיין עצה, מ'מאַכט דעם אַפּעל, ווערט מען דאָך זען, אַז איינער פעלט. ווען מען זאָל אים כאַפּן איז ביטער. איך האָב מיין חבר געעצהט, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון מאכל און גיין אין לאַגער.

מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מ'זאָל אונז נישט אַוועקשיקן מיט אַ טראַנס־פּאָרט, ווייל מיר האָבן שוין געהערט, אַז די טראַנספּאָרטן הרגעט מען אויס אויף די וועגן. מ'שמועסט, אז די רוסן זענען נאָענט. עס ווילט זיך איבערלעבן די צרות און דערלעבן די באַפרייאונג.

אין 4־טן מאַי קומט דער לאַגער־פירער צו צום עלעקטריזירטן טויער, ער וואַרפט אונז אַריין דעם שליסל און זאָגט דערביי, אַז דער יודענעלטעסטער וועט שוין אַלץ זאָגן און דער דייטש אַנטלויפט צוזאַמען מיט דער „וואַכע", וואָס האָט אונז געהיטן ביי די עלעקטרישע דראָטן.

דאָס איז געווען דעם 5־טן מאַי, 15 מינוט נאָך 4. דער הויפט „קאַפּאָ" נעמט צוזאַמען 30 מאַן פון אונז. איך רייס מיך אַריין אין דער מיט. ער קלערט אונז אויף, אַז דער אָבערשאַרפירער איז געווען אַ גוטער פאַר די יידן און מ'וועט אים אַריינגעמען אין לאַגער און אויסבהאַלטן. ער ווינט אין אַ וואַגאָן־שטוב נישט ווייט פון לאַגער.

איך האָב זיך געוואַנדן צו די געפּייניקטע: חברה, דער לאַגער־פירער און די „וואַכע" זענען נישטאָ, האָט נישט קיין מורא פאַר דעם הויפט „קאַפּאָ" בערעק פון יאַוואָזשנע.

איך רייס אַראָפּ פון זיך דאָס שוואַרצע העמד, וואָס איז אַמאָל געווען ווייס. איך מאַך דערפון א ווייסע פאָן, וואָס איך זעץ אַרויף אויף אַ שטעקן. איך גיי פאָראויס. די לאַגער־אַרעסטאַנטן נאָך מיר. דער „קאַפּאָ" ציטערט פאַר זיין הויט. די רוסן קומען מיט די טאַנקן. אַ טאַנק בלייבט שטיין. אַ רויט־אַרמעער פרעגט זיך, וואָספאַראַ מענטשן זענען מיר. עס געפינט זיך צווישן אונז איינער, וואָס קאָן ענגליש, שפּאַניש און רוסיש, ער קלערט זיי אויף, אַז מיר זענען

„קאַצעטלער". זיי וואַרפן אונז ברויט מיט שמאַלץ און פּאַרן ווייטער. מענטשן לויפן גלייך אין די גאַסן. די דייטשן, די גרויסע „העלדן" זענען אַנטלאָפן פאַר די רוסן און אַלץ איבערגעלאָזט פריי.

די באַפרייטע ארעסטאַנטן זענען אַריין אין די קראָמען, זיך אָנגעגעסן, אָנגעטרינקען און צוריק געקומען אין לאַגער. דאָס עסן צו וועלכן זיי זענען שוין נישט געוווינט געווען האָט גלייך פאַרשאַט. א סך זענען קראַנק געוואָרן, פיל זענען געשטאָרבן. איך בין באַלד אַנטלאָפן. איך האָב צוגענומען ביי די דייטשן א ראָווער און בין געפאָרן ביז ברעסלאַו.

אין ברעסלאַו האָט מיך געטראָפן מיינס אַ חבר און מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ צימער איך זאָל גיין מיט אים וווינען, ווייל ביז טשענסטאָכאָווו איז אוממעגלעך צו פאָרן. איך האָב אָנגענומען זיין איינלאַדונג. צומאָרגנס בין איך אַרויס אין גאַס און דערזען אַ שילד מיט דער אויפשריפט: — „קאָמיטעט פון פּ. פּ. ר.* איך בין אַריין אין קאָמיטעט און פאַרגעלייגט מיין מיטאַרבעט. איך האָב באַקומען אַ ביקס און שפּעטער א רעוואָלווער. צוויי דייטשן, ווייס און פרענצעל, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס קאָמוניסטן, האָבן מיר אָנגעוויזן, וווּ עס באַהאַלטן זיך אויס די נאַציס. איך האָב זיי ארויסגעשלעפּט פון באַהעלטעניש און געשטילט מיין נקמה־דורשט.

עסן האָבן מיר באַקומען אין דער סאָוויעטישער „סטאָלוווקע" (רעסטאָראַן). קיין געלט האָב איך נישט פאַרמאָגט. מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן מאַכן מסחרים. מיך איז דאָס אַלץ נישט אָנגעגאַנגען. איך האָב געהיטן דעם לאָקאַל פון פּ. פּ. ר. און געזוכט די נאַצי־דייטשן.

מיך האָט געטראָפן א באַקאַנטער פון טשענסטאָכאָוו, ער האָט מיר איבער־געגעבן אַ גרוס פון מיין ברודער פישל און שוועסטער. איך האָב געשריבן צו זיי אַ בריוו. מיין ברודער פישל איז געקומען צו מיר. איך האָב אים איבערגעגעבן די ביקס, ער זאָל מיך פאַרטרעטן אין די פּ. פּ. ר. און אַליין געפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו זיך צו טרעפן מיט מיין שוועסטער לאה, אַ קוזין און א שוועגערין.

אין טשענסטאָכאָוו האָב איך באַגעגנט אַ פרוי, וואָס האָט מיט שווערער מי אָפּגענומען איר 5 יעריק קינד פון פּאָלאַקן. זי איז געוואָרן מיין פרוי.

מיר אַלע — די שוועסטער, מיין פרוי, דער קוזין און די שוועגערין — זענען צוריקגעפאָרן קיין וראָצלאַוו און צוזאַמען האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אין אַ דירה. אין זעלבן הויז האָט געוווינט מיין ברודער פישל. צו אים זענען געקומען

* — „פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ" — פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (קאָמוניסטן).

בלומע ראזין, מענדל ראזין און יעקב אהרן בלוי. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ היימישע סביבה.

אַ יאָר נאָך דער מלחמה זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז אונזער ברודער יאַנקל לעבט אין דייטשלאַנד. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן צו אים. אין דייטש־לאַנד האָב איך זיך פאַרנומען מיט ציוניסטישער טעטיקייט און אין יאָר 1948 בין איך געקומען קיין ארץ־ישראל.



פישל פייגע

## אין א דייטשן לאגער מיט קלאבוצקער יודענראט־לייט

איידער מיר זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן פון קלאָבוצק קיין דייטשלאַנד, האָט מען צו אונז אין דעם זאַמלפּונקט, אין הויף פון סקאָרופּאַ געבראַכט די יודענראַט־לייט יעקב כאַדע און בן ציון שווערטשעווסקי. געווען איז גענוג געצײַלטע יידן, וואָס האָבן זיך מתקנא געווען אין דערפאָלג פון די יודענ־ראַטלער און באַמיט זיך צו גראָבן אונטער זיי ביי דער זשאַנדאַרמעריע. מיט מתנות ווי: שטיוול, אַנצעגער און געלט האָבן די דאָזיקע לייט אונטערגעקויפט די זשאַנ־דאַרן. די יודענראַטלער האָבן געוואָלט שטערן די „פּריוואַט־פּערזאָנען" צו האָבן באַציאונגען מיט די דייטשן. די זשאַנדאַרן האָט ווידער פאַרדראָסן, וואָס דער יודענראַט מישט זיך אין זייערע געשעפטן, זיי האָבן דעריבער אַרעסטירט יעקב כאַדע און בן ציון שווערטשעווסקי און זיי אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט די יידן.

די זשאַנדאַרן האָבן נישט פאַרגעסן אין די יידן, וואָס האָבן זיי די דייטשן געגעבן מתנות. זיי זענען ווי „נוצלעכע יידן" ארויסגענומען געוואָרן פון דער ריי. דער גרעסטער רוב פון זיי זענען געווען בעלי מלאכות, שניידער, שוסטער, בלעכער, זייגערמאַכער אאַנ"ד. זיי האָט מען באַלד באַפרייט.

פון קלאָבוצק זענען מיר אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, צעטיילט אין צוויי גרופּן: די גרויסע, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען איז אַוועק־געשיקט געוואָרן קיין סאקרא (דייטשלאַנד). מיר די קלאָבוצקער, זענען געוואָרן איינגעאָרדענט אין דריי צימערן. צווישן אונז האָבן זיך אויך געפונען: די צוויי יודענראַטלער — כאַדע און שוויערטשעווסקי, שלמה אונגליק, הערשל שפּערליננגס איידעם האָט געוואָלט נקמה נעמען אין די יודענראַטלער פאַר די פּײַן, וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט זיין שוועֶר.

איינמאָל האָט שלמה אונגליק געבּרענגט פּאָסט פאַר די לאַגער־יידן. מ׳האָט אויך אָפּגענומען אַ בריוו, וואָס איז געווען אַדרעסירט צו די צוויי יודענראַטלער. שלמה האָט דעם בריוו צוגענומען צו זיך און שפּעטער אים פאַרגעלייענט עפּנטלעך פאַר אַלע קלאָבּוצקער לאַגערניקעס. אין דעם בריוו האָט דער סעקרעטאַר פון איבערגעבליבענעם יודענראַט אין קלאָבּוצק געשריבן צו כאַדען און שוויער־טשעווסקין: „זאָרגט אייך נישט, איר וועט ביידע גאָר אין גיכן אַ היים קומען. יאַסנע וועט די וואָך זיין אין סאָסנאָוויעץ און אַלץ וועט דערליידיקט ווערן. עס איז אַ שאָד, וואָס איר זייט נישט געווען אין קלאָבּוצק, בעת מ׳האָט הערשל שפּערלינג אַרויסגענומען פון זיין וווינונג און אריינגעזעצט אין אַ קעלער, ווו דאָס וואַסער האָט אים געגרייכט ביז צו דער קני״. דער בריוו איז געווען אונטער־געשריבן פון דאַוויטשע דיאַמענט, דער סעקרעטאַר פון יודענראַט.

נאָכן איבערליינען דעם בריוו האָט שלמה אונגליק צאַרניק אויסגעשריגן אַז ער וועט זיך נוקם זיין, וואָס ער וועט קענען וועט ער טאָן. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען אַ טאַקסע מיט געסטאַפּאָ און אַרויסגערופן כאַדען מיט שוויער־טשעווסקין. מ׳האָט זיי באַשולדיקט, אַז זיי זענען קאָמוניסטן. די געוועזענע יודענראַטלער האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז זיי זענען לאָיאַלע מענטשן און געוויזן זייערע לעגיטימאַציעס אַלס מיטגלידער פון יודענראַט אין קלאָבּוצק. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיך געוווּנדערט: „ווי אַזוי קומט איר אַהער״. די יודענראַטלער האָבן אויפגעקלערט, אַז זיי האָבן געבּרענגט די יידן אין לאַגער האָט מען זיי אויך פאַרהאַלטן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די צוויי יודענראַטלער זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין קלאָבּוצק.

געווען צווישן אונז דער קלאָבּוצקער קאַפּל זאַקס. אין איינעם אַ טאָג האָט מען אים אַרויסגענומען פון לאַגער. פאַרן אוועקגיין האָט ער געזאָגט: „חברים, מ׳רייסט מיך אַוועק פון אייך קלאָבּוצקער, מ׳שיקט מיך אין אַן אַנדערן לאַגער, בעט איך אייך איין זאַך — ווער עס וועט איבערלעבן די מלחמה, אויב עס וועט בלייבן דאַמאָלס ווער פון יודענראַט, אַפילו מיין פעטער ישראל לעווקאָוויטש, זאָלט איר זיך נוקם זיין אין אים. ביי די ווערטער — „זייט געזונט״ — האָט ער זיך ביטער צעוויינט.

פון סאקרא האָט מען אונדז געשיקט קיין בירקענהיים, פון בירקענהיים — קיין סאַרנע.

אין דעם טראַנספּאָרט האָבן זיך געפינען עטלעכע קלאָבּוצקער: ברוך אייזנער, פנחס אונגליק, שלמה אונגליק און נאָך עטלעכע, מיר זענען געווען בערך 500 מאַן. אין גרויס סארנע איז אויך געווען דער באַוווּסטער מערדער סאַלעק מאַלער און

דער דייטשער וואַכמייטער פיעטשאַק, נישט קיין קלענערער רוצח. סאלעק מאַלער האָט אויסגעקליבן 8 יידן, מיך אויך צווישן זיי און אונדז באַשטימט אַלס „שטוב־עלטסטע". איך האָב באַקומען צימער נומער 4. אין מיין צימער זענען געווען קלאָ־בוצקער, קושעפיצער, מיעדזינער און זאלאשינער.

איינמאָל, שפּעט אין אָונט קומט אַריין דער וואַכמייסטער פיעטשאַק מיטן יידענעלטעסטען מאלער. ברוך אייזנער גיט אַ געשריי: „אַכטונג". אַלע שטייען גלייך. ברוך מעלדעט: „דאָס צימער 4 באַלייגט מיט 50 מאַן". איך בין גראד געלעגן אין בעט, ווייל אַלס שטובן־עלסטער האָט מען מיר דערלויבט צו ליגן אין בעט. דער וואַכמייסטער ציילט די מענטשן. ס׳פעלט איין ייד. ס׳געפינען זיך נאָר 49 מאַן. אַלס שטראָף האָט מען אויסגעשטעלט אַלע פּנים צו פּנים און איינער האָט געמוזט פּאַטשן דעם צווייטן ביז ס׳האָט גערונען דאָס בלוט. ס׳איז פּונקט אויסגעקומען אַזוי, אַז די צוויי ברודער פנחס און שלמה אונגליק זענען געשטאַנען איינער קעגן איבער דעם צווייטן און געמוזט זיך פּאַטשן ביז דאָס בלוט האָט גערינען און נישט געטאָרט פריער אויפהערן. ס׳איז מיר געבליבן גוט אין זכרון יענע נאַכט.

נאָך דעם זענען מיר געגאַנגען 15 קילאָמעטער צו דער אַרבעט. מיר זענען אַוועק ווען ס׳איז נאָך געווען אין דרויסן פינסטער. דער וואַכמייסטער איז געקומען מיט זיין הונט און אונז אַליין געיאָגט. מיר זענען געלאָפן קילאָמעטערס אין טיפע שנייען אין הילצערנע שיך און געפאַלן איינער אויפן צווייטן. יהושע ראָזענצווייג איז געפאַלן און שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. מיר האָבן אים אַ טויטן גע־בראַכט אין לאַגער. ס׳זיינען געפאַלן פאַרחלשטע: אַ קלאָבוצקער, משה זילבערבערג און אַ זאַלאָשינער. מיר האָבן זיי געטראָגן, אָבער אויפן וועג האָט זיי פיעטשאַק דערמאָרדערט.

## די טראַגישע באַגעגניש פון פאָטער און זון

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אונז אַוועקגעשיקט קיין גרויס־מאַסעלע־וויטש. אין די וואַגאָנען האָבן מיר זיך געטראָפן מיט נאָך יידן פון אַנדערע לאַגערס. אָבער סאיז געווען פאַרבאָטן צו זיצן צוזאַמען מיט יענע יידן. פלוצלינג הערט מען אַ געשריי: „טאַטע"! ס׳שפּרינגט צו פנחס אונגליקס זון מיט אַ געוויין צו זיין פאָטער. זיי האָבן זיך שוין דריי יאָר נישט געזען.

דער וואַכמייסטער האָט זיי דערלויבט צו זיצן צוזאַמען. ס׳איז שוין נישט געווען אַזוי שטרענג ווי אין לאַגער. אָבער ווי טראַגיש איז געווען דאָס צעשיידן זיך פון פאָטער און זון.

מיר זענען אָפּגעשטיגן אין ברעסלאַו און די יידן פון אַנדערע לאַגערן זענען ווייטער געפאָרן. פּנחס אונגליק האָט זיך נאָך איין מאָל געטראָפן מיט זיין זון אין לאַגער דירענפורט. ביי דער עוואַקואַציע איז פּנחס אָפּגעשטאַנען און ניט גע־קאָנט ווייטער גיין, וועלכער ייד ס'איז אָפּגעשטאַנען, האָבן באַלד די רוצחים דערשאָסן. אזוי ווי פּנחס זון האָט געזען, אַז דער פאָטער קען נישט ווייטער גיין, האָט ער נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון פאָטער, האָבן די דייטשן דערשאָסן דעם פאָטער מיטן זון.

## אַ יונגער בחור דערהאַלטן ביים לעבן צענדליקער קלאָבוצקער יידן

מ'האָט מיך ווייטער געשיקט קיין קוטליז אין „קאַצעט". דאָרט אין קאַצעט האָב איך זיך געטראָפן מיט קלאָבוצקער. אין קוטליז זענען געשטאָרבן: שלמה קורצבארד, יהונתנס זון און מיין שוואָגער, משה זעלטען.

ס'איז דאָרט געווען אברהם מאָסס זון. ער האָט געאַרבעט אין קיך, ווען ער איז אַוועק פון קלאָבוצק איז ער אַלט געווען ביי 15־16 יאָר. ער האָט צענדליקער יידן דערהאַלטן ביים לעבן. ער האָט געשטיצט מיט עסן די שוואַכע. שטענדיק זענען געשטאַנען יידן אין מיטן נאַכט ביים פענסטער און אריינגעשריגן אין קיך: „לייב ברוך, גיב מיר אַביסל עסן", און וויפל ער האָט געקאָנט האָט ער געגעבן. פון די 20 מאַן, וואָס האָבן געאַרבעט אין קיך איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאָלפן מיט עסן און די אַנדערע האָבן געשלאָגן, ער האָט אַ סך מענטשן ביים לעבן דערהאַלטן.

## ס'איז געקומען די באַפרייאונג

דעם 21־טן פעברואר 1945 זענען אָנגעקומען די ערשטע רוסישע סאָל־דאַטן און זיי האָבן געטראָפן בלויז קראַנקע ליגן אין די בעטן און אויף דער ערד. איבער צוויי חדשים בין איך נאָך געווען קראַנק, ס'האָט מיך געצויגן צו מיין יידיש קלאָבוצק, אויסגעמוטשעטערהייט האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין. געגאַנגען צו פיס, אַביסל געפאָרן מיט וועגענער, ווען גוים האָבן מיך מיט־גענומען, אַביסל מיט דער באַן. די מלחמה איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט אין גאַנצן. נאָך צוויי חדשים וואַנדערן בין איך אָנגעקומען קיין קלאָבוצק. איך האָב דאָ געטראָפן נאָר אַן איינציקע יידישע פרוי רחל לאה לאפידעס. איך האָב ביי איר איבערגענעכטיקט. צומאָרגנס בין איך אַרויס אין גאַס, ממש בערום ובחוסר כל,

מיט אַ פאַרשעמט פנים. איין פּאָלאַק האָט געהאַט מיטליד מיט מיר, אַ צווייטער האָט מיך: געפרעגט „טי יעשטשע זשיעש״? צי איך לעב נאָך?!

איך האָב באַלד פאַרלאָזט קלאָבוצק און גלייך אַריין קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרטן צוריק קיין דייטשלאַנד אין די די. פּי.־לאַגערן.

דאָרט בין איך געוואויר געוואָרן, אַז אין שטאָטביירוט געפינען זיך עטלעכע קלאָבוצקער, איך בין אַריבער אין ביירוט און ווירקלעך געטראָפן אביסל קלאָ־בוצקער יידן. דאָרט האָבן מיר איינגעאָרדנט די ערשטע הזכרה נאָך די קלאָבוצקער קדושים. דאָס איז געווען אין יאָר 1946.



יצחק שפּערלינג

# מיט קלאָבוצקער אין פייניקונגס־לאַגערן

איך מיט מיין ברודער האָבן געאַרבעט אין לאַגער נידערקירכעןביים בויען שאָסייען. ס׳איז געווען אַ לאַגער פון 250 פערזאָן פון קלאָבוצק, קזשעפּיץ און אומגעגנט. דריי חדשים האָבן מיר דאָרט געאַרבעט ביז דער לאַגער איז אויפגעלעזט געוואָרן און מ׳האָט אונדז געבראַכט אין לאַגער מאַרקשטאַדט (נידערשלעזיען). דאָרט האָבן זיך געפונען דריי טויזנט יידן.

אויך דאָרט האָבן מיר שווער געאַרבעט ביי פאַרשידענע שווערע אַרבעטן, ביים בויען פאַבריקן פון געווער.

אין יאַנואַר 1943 זענען מיר איבערגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „פינף טייכן״, נישט ווייט פון מאַרקשטאַדט, ווו ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אמתע צרות: 4 אַזייגער פאַרטאָג, ווינטער אין די גרעסטע קעלטן, האָט מען אונדז אַרויסגעיאָגט אויף דער גאַס. מיר זענען געשטאַנען שעהן, ביז מיר זענען אַרויס צו דער אַרבעט. געאַרבעט האָבן מיר 12 שעה אין טאָג. מיר זענען אויסגעשטאַנען פאַרשידענע פּיין ביי דער זעלבער אַרבעט ווי אין מאַרקשטאַדט. אין דעם זעלבן יאָר 1943 איז אין לאַגער געשטאָרבן מיין ברודער אהרן מאיר. איך האָב אפילו נישט געוואוסט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. כ׳בין געבליבן אַליין איינזאַם, נישט געוואוסט פון מיין משפחה. אין דעם לאַגער בין איך געווען מיט נאָך קלאָבוצקער יידן.

אין יאָר 1944 האָט מען מיך, מיט נאָך קלאָבוצקער געשיקט אין לאַגער

וויסלבערג. דאָרט האָב איך געאַרבעט צוזאַמען מיט די קלאָבוצקער: ליפּע בירנבוים, שלמה בירנבוים, דוד מאָסס, מרדכי ווייסמאַן, נחמיה ווייסמאַן.

מיר האָבן דאָרט געאַרבעט אין אַ שטיין־האַקעריי. די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געהיטן, האָבן זייער מיטאָג באַקומען פון דער מיליטערישער קיך, וואָס האָט זיך געפונען 3 קילאָמעטער פון אַרבעטס־אָרט. זיי האָבן אונדז באַפוילן די ליידיקע פעסלעך צוריקטראָגן אין דער קיך. איך בין אַוועק צוריק־טראָגן די פעסלעך אין קיך אַריין. אין זעלבן באַראַק, נעבן דער קיך, איז געווען אַ מאַגאַזין פון קאַרטאָפל. איך בין דאָרט אַריין, און אין אַ קליין זעקעלע גענומען אַ פּאָר קאַרטאָפל, כדי צו שטילן מיט זיי כאָטש אויף אַ מאָמענט דעם דויערנדן, פּייניקנדן הונגער. פּלוצים איז אין מאַגאַזין אַריין דער קעכער, אַן ס.ס.־מאַן, און מיר באַפוילן צוריק אויסשיטן די קאַרטאָפל. ער האָט פאַרשלאָסן די טיר און שנעל צוריקגעקומען מיט אַ באַגנעט. ער האָט מיך אַזוי צעשטאָכן ביז דאָס בלוט האָט פון מיר גערונען.. דאַן האָט ער אויפגעשלאָסן די טיר און געהייסן מיך אַרויסגיין. אויף דער גאַס האָט ער מיך ווידער געשלאָגן מיט אַן אייזערנעם פרענט איבערן קאָפּ. איך בין אָפּגעלאָפן אַ פּאָר מעטער און געפאַלן אויף דער ערד אַ פאַרחלשטער, דאָס בלוט האָט פון מיר גערונען.

אַ לענגערע צייט בין איך געלעגן אויף דער ערד. ווען כ׳בין אַ ביסל געקומען צו זיך, האָב איך זיך אויפגעשטעלט און גענומען זיך שלעפּן צום אַרבעטס־פּלאַץ.

מיינע חברים האָבן געזען, אַז איך קום נישט צוריק נאָך אַזאַ לאַנגע צייט, איז איין חבר געקומען מיך זוכן. ער האָט מיך געטראָפן גיין אויפן וועג אין אַזאַ צושטאַנד, ווען אַלע מיינע זאַכן זענען געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. ער האָט מיך אָפּגעפירט צום אַרבעטס־אָרט. די חברים האָבן מיר געגעבן מלבושים זיך איבערצוטאָן און נאָך דער אַרבעט איבערגעפירט אין לאַגער אַריין. אין לאַגער איז געווען אַ קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעקליבן די שוואַכע מענטשן און געשיקט קיין אָשוויענטשים. „די סעלעקציע" איז פאָרגעקומען אויף פאָלגנדן אופן: אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי, יעדער האָט געמוזט פאַרביילויפן פאַר די דייטשן. אַזוי אַרום האָבן זיי אַרויסגענומען די שוואַכע, די וואָס האָבן נישט געקאָנט לויפן. דורך עפּעס אַ נס פון גאָט בין איך פאַרביי זייערע אויגן, ווייל לויפן בין איך נישט געווען אימשטאַנד און כ׳בין אַריין אין לאַגער.

מיין חבר ליפּע בירנבוים האָט מיך אַריינגעפירט צום לאַגער־דאָקטאָר. ער האָט מיר געגעבן אַן איינשפּריצונג און געזאָגט, אַז ער האָט נישט פאַר מיר

קיין אָרט אין קראַנקן־באַראַק און געהייסן מיך גיין אין באַראַק, ווו איך האָב געוווינט, צומאָרגנס אין דער פרי זאָל איך ווידער קומען.

די נאַכט איז געווען ביי מיר אַ קאָשמאַר. איך האָב זיך נישט געקאָנט קיין אָרט געפונען. נישט זיצן און נישט שטיין, נישט ליגן און נישט שלאָפן צוליב די ווונדן, וואָס איך האָב באַקומען פון רוצח. ביז איך האָב שוין דערזען דעם טאָג, איז מיר די אויגן פון קאָפּ אַרויס. ווען ס'איז טאָג געוואָרן בין איך אַוועק צום דאָקטאָר. ער האָט מיך געשיקט אין קראַנקן־באַראַק.

צוויי חדשים בין איך געלעגן און נישט געקאָנט זיך רירן פון אָרט. קיין מיטלען צום פאַרהיילן די ווונדן האָב איך נישט באַקומען, דאָך בין איך אַביסל געקומען צו זיך. ווען איך האָב זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס, האָט מען אונדז געשיקט ווייטער.

פון לאַגער ווילסבורג זענען מיר געגאַנגען צופוס פון פרי ביז שפּעט ביי־נאַכט, איבער פעלדער און וועלדער. שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דייטשן דאָרף. דאָרט זענען מיר געבליבן איבער נאַכט. אינדערפרי האָבן מיר געמוזט ווייטער גיין. מ'האָט אונדז געפירט אין אַ צווייטן דאָרף. דאָרט זענען מיר געבליבן אויף אַ פרייען פעלד אין צוויי גרויסע שאָפּעס, וואָס זענען געשטאַנען ליידיק.

מיר זענען געלעגן אַלע צוזאַמענגעפּרעסט ווי הערינג. דאָרט זענען מיר געווען 6 טעג. אַ סך זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און קעלט.

נאָך די 6 טעג האָבן מיר ווידער געוואַנדערט. מ'האָט אונדז געפירט צו אַ באַן־סטאַציע, 15 קילאָמעטער פון דעם דאָרף. די דייטשן האָבן אונדז געזאָגט, ווער ס'קאָן נישט גיין ווייטער אָדער פילט זיך שוואַך קאָן בלייבן אין דעם דאָרף.

איך בין שוין נישט געווען אימשטאַנד ווייטער צו גיין, נאָר איך האָב געוווּסט, אַז די איבערגעבליבענע וועט מען אין דאָרף אויסעגדיקן. מיט די לעצטע כוחות בין איך ווייטער געגאַנגען ביז מיר זענען אָנגעקומען צו דער באַן־סטאַציע. דאָרט האָבן זיי אונז אַריינגעפּאַקט אין אַ משא־צוג, אין אָפענע וואַגאָנען צו 70 מאַן אין אַ וואַגאָן. אַזוי זענען מיר געפאָרן אין די פרעסט און קעלטן עטלעכע טעג און נעכט. אויפן וועג זענען פיל אויסגעשטאָרבן פון הונגער און קעלט. די טויטע האָבן די דייטשן אַרויסגעוואָרפן אויף דער סטאַציע ווו דער צוג האָט זיך געשטעלט.

מיר זענען פאַרביי געפאָרן דורך טשעכאָסלאָוואַקיע. די טשעכן האָבן אַריינגעוואָרפן ברויט אין די וואַגאָנעס. די דייטשע מערדער האָבן נישט געלאָזט

צוקומען נאָנט צו אונז און ווער ס׳האָט געכאַפּט אַ שטיקל ברויט דער איז געווען אַ גליקלעכער. איינער האָט זיך געוואָרפן אויף דעם צווייטן צו כאַפּן אַ שטיקל ברויט.

נאָך עטלעכע טעג און נעכט פאָרן זענען מיר אָנגעקומען אין אַ קאָנ־צענטראַציע לאַגער נעבן עסטרייך, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן אונזער גיהנום. מיר זענען אָנגעקומען אין דער פרי. די פייניקער האָבן אונז אויסגעשטעלט אין שניי און אין פראָסט אונטערן פרייען הימל ביז צומאָרגנס מיטאָג. פיל פון אונז זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט. זיי זענען געבליבן ליגן גלייך אויפן אָרט. איינער פון די געפייניקטע האָט געבעטן אַביסל וואַסער, האָט דער „קאַפּאָ" אים געענטפערט: דו גייסט שוין סיי ווי אויס, טאָ צו וואָס דאַרפסטו נאָך וואַסער? די „קאַפּאָס" מיט די גומענע בייטשן אין די הענט האָבן געשלאָגן די אומגליקלעכע וואָס זענען געלעגן אין שניי, כדי צו זען, ווער ס׳לעבט און ווער עס איז טויט. איך האָב שוין נישט געגלויבט, אַז איך וועל אַרויס פון דעם גיהנום און נאָך בלייבן לעבן.

צומאָרגנס האָט מען אונז געפירט אין וואַש־באַראַק, ווו מיר האָבן זיך געבאָדן מיט קאַלט וואַסער. דערנאָך האָבן זיי אונז אַריינגעפירט אין באַראַק ווו מיר זענען געווען צוויי וואָכן צייט, אויסגעשטעלט אויף שרעקלעכע פּיין, אַרויסגעיאָגט יעדן טאָג אויפן גאַס האַלב־נאַקעט, שעהן לאַנג זענען מיר געשטאַנען אין די שנייען און די גרעסטע קעלטן.

נאָך די צוויי וואָכן זענען מיר אַרויס צו דער אַרבעט ווו מיר האָבן געאַרבעט ביים בויען אין די בערג אַ טונעל, מיר האָבן דאָרט געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג און אויך ביינאַכט. צוריקקומענדיק אין לאַגער האָט מען אונז געיאָגט פון איין אָרט אויפן צווייטן. עסן האָבן מיר באַקומען 100 גראַם שוואַרץ ברויט און אַביסל וואַסער אויסגעקאָכט פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ. דאָס איז געווען די באַשפּייזונג אויף אַ גאַנצן מעת לעת, דערביי איז נישט געווען צו פאַרמיידן די קלעפּ. יעדן טאָג זענען געווען צענדליקער טויטע, די מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן. טאָג און נאַכט האָט געברענט דער קרעמאַטאָריע, וואָס איז געווען אין לאַגער. דאָס איז געווען אַ לאַגער פון 40 טויזנט מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. מיר זענען געווען אָפּגעשניטן פון דער אָפענער וועלט. עטלעכע קלאָבוצקער יידן זענען דאָרטן געשטאָרבן. הגם איך בין פון טאָג צו טאָג שוואַכער געוואָרן האָב איך דאָך אויסגעהאַלטן ביז דער באפרייאונג.

דאָס איז געווען אין 6 מאַי 1945, ווען דאָס אַמעריקאַנער מיליטער האָט

אונז באַפרייט. ס׳האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן די אייגענע אויגן, איך האָב נישט געוווסט, וואָס צו טאָן פון גרויס פרייד. איך בין דאָן געווען אַ לעבעדיקער סקעלעט און נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. ווען די אַמעריקאַנער האָבן געגעבן עסן, זענען מיר אַלע קראַנק געוואָרן, ווייל מיר האָבן שוין נישט געקאָנט פארדייען דאָס עסן. א סך זענען גלייך געשטאָרבן נאָכן אָנעסן זיך צו דער זאַט. איך בין לאַנגזאַם געקומען צו זיך און אָנגעהויבן ווערן ביסלעכ־ווייז צוריק אַ מענטש.



יעקב שמולעוויטש, פאַריז

# אבזריותדיקע אויסנוצונג און ענדגילטיקע ליקווידאַציע

אין 11־טן נאָוועמבער 1940 זענען מיר אָנגעקומען אין לאַגער אייכנטאַל, ביי אָפּעלן. דער לאַגער האָט זיך געפינען אין אַ וואַלד און איז באַשטאַנען פון הילצערנע באַראַקן. עס איז כדאי צו געבן אַ גענויע באַשרייבונג, וויאַזוי עס האָט אויסגעזען איינער פון די ערשטע דייטשע אַרבעטס־לאַגערן, וואָס איז געוואָרן דער קבר פאַר צענדליקער טויזנטער יידן און נישט־יידן:

ביים אַריינגאַנג אין לאַגער איז געווען די „וואַך־שטובע", ווייטער אויף לינקס — די קיך, און דאָן אין הויף: אַ באָד, אַ ברונעם און ״ד איינריכטונגען. ביים ערשטן אויגנבליק איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז די וואָס גייען דאָ אַריין וועלן שוין קיין לעבעדיקע נישט אַהיימקומען.

די באַראַקן זענען נאָך נישט געווען אויסגעפּערטיקט: עס איז נישט געווען קיין באַלייכטונג און די באָד האָט נישט פונקציאָנירט. מיר זענען געשלאָפן אויף דער הוילער פּאָדלאָגע און אין די שטאַרקסטע פרעסט האָבן מיר זיך געוואַשן אויפן הויף ביים ברונעם. געשלאָפן זענען מיר צו 30 פּערזאָן אין אַ באַראַק.

ביים אָנקומען אין לאַגער האָט יעדער באַקומען אַ שיסעלע, אַ לעפל און אַ טעפל. די כלים האָט מען געמוזט היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. ווייל איז געווען צו דעם, וועמענס כלים האָבן זיך צעבראָכן אָדער זענען פאַרשווונדן. קיין אַנדערע „עס־געשיר" האָט מען נישט באַקומען און ממילא נישט באַקומען קיין מיטאָג, און אַנשטאָט עסן — 15 שמיץ אויפן אונטערשטן טייל קערפּער.

יעדער האָט געמוזט כסדר היטן זיינע כלים, אַז דער צווייטער „לאַגערניק״ זאָל זיי ביי אים נישט צוגנבענען.

לכתחילה האָב איך באַקומען שפּייז־פּאַקעטן פון דער היים. די שטימונג צווישן די לאַגער־אַרעסטאַנטן איז געווען נישט קיין שלעכטע. טראָץ דעם שווערן רעזשים זענען מיר געווען פריילעך און אפילו אָפּטימאַל, אין די פרייע טעג, איינגעאָרדנט פאַרשידענע פאַרוויילונגען. טרויעריק און דערשלאָגן זענען אַרומגעגאַנגען די לאַגער־אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן אין דער היים איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט קינדער.

אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין בויען אַן אויטאָסטראַדע. אַזוי איז אַדורך דאָס יאָר 1940 אָן ספּעציעלע אויפטרייסלונגען. ערשט דאָס יאָר 1941 האָט זיך אָנגעהויבן מיט ספּעציעלע אכזריותדיקע פּייניקונגען פון די אַרעסטירטע. אין איינעם אַ טאָג אין חודש יאַנואַר האָט מען אַלע לאַגער־אַרעסטאַנטן צונויפגעטריבן אויפן „אַפּעל־פּלאַץ״. אין אַ שניידיקן פראָסט און ווינט זענען מיר אַזוי געשטאַנען פינף שעה צייט. ענדלעך האָט זיך דערהערט אַ פייף און דער קלאָבוצקער משה ווייספעלנער, וואָס האָט זיך אַליין נאָמינירט אַלס יודען־עלטעסטער, האָט געגעבן די קאָמאַנדע אויף אַכטונג. דאַן האָט זיך באַוויזן דער דייטשער „טרופּנפירער״ און ער האָט געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעדע, אַז מיט שיקן שפּייז־פּאַקעטן פאַר די „העפטלינגע״־יודען, באַשמוצן די יודען די דייטשע באַנען. דעריבער ווערט פאַרווערט צו באַקומען פּאַקעטן. אַזוי האָט עס אָנגעהויבן גיין וואָס ווייטער אַלץ ערגער.

אין יאָר 1942 האָבן די דייטשן ליקווידירט אַלע קליינע לאַגערן אין דער אומגעגנט פון אָפּעלן און אויך דעם לאַגער אייכענטאַל. אַלע „העפטלינגע״ זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אין איין גרויסן לאַגער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „מאַרקשטעל־קאַצעט פינף טייכן״. מיר האָבן דעם קאַצעט גערופן קורץ — „דאָס גהינום״. ווייל מ׳האָט אונדז געברענט און געבראָטן, געפּייניקט מיט כל מיני פּיין אַ חוץ דער שווערער אַרבעט, וואָס מיר האָבן געהאַט. מיר זענען אַריינגעקומען אין „פינף טייכן לאַגער״ 2 טויזנט יידן, און אין אַ חודש אַרום זענען מיר שוין געווען 1400 פּערזאָן. 6 הונדערט זענען פאַרפּייניקט אָדער דערשאָסן געוואָרן. צווישן די הרוגים האָבן זיך אויך געפונען קלאָבוצקער יידן, ווי בערל אונגליק אאנ״ד.

די צאָל פון די לאַגער־אַרעסטאַנטן איז געוואַקסן. מיר זענען שוין געווען 6 טויזנט פּערזאָן. מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. די צאָל האָט געדאַרפט שטענדיק זיין די זעלבע. אויפן אָרט פון די דערשאָסענע און פאַר־

פייניקטע האָבן די דייטשן געבראַכט פרישע קרבנות. נישט אַלע זענען אומ־געבראַכט געוואָרן אויפן אָרט. שוואַכע, וואָס האָבן מער נישט געקאָנט אַרבעטן און געבליבן לעבן, האָט מען — לויט די אויסדריקן פון די ס.ס.־לייט — אַוועק־געשיקט אויף „דערהאָלונג" קיין אָשוויענטשים... אין די טראַנספּאָרטן, וואָס זענען געגאַנגען קיין אָשוויענטשים, זענען אויך געווען פיל קלאָבוצקער. עס זענען מיר געבליבן אין זכרון פאָלגנדע נעמען: שלמה קורצפּאַרציס, ראובן ראָזענצווייג, פּנחס און ראובן כלאָפּאַק און שמוליק שמולעוויטש.

ביי די אַלע צרות, פּיין און פאַרניכטונגען האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אונדזערע נאָענטע, וואָס זענען איבערגעבליבן אין קלאָבוצק. דערדריקנד שווער האָט אויף אונז געווירקט די „איוב"־בשורה, וואָס איז אָנגעקומען אין לאַגער, איך ווייס נישט אויף וועלכן אופן, אַז אין 22־סטן יוני 1942 איז ליקווידירט געוואָרן דאָס געטאָ אין קלאָבוצק. בעת דער ליקווידאַציע האָבן די דייטשן געשאָסן, אכזריותדיק געהרגעט אַ גרויסן טייל פון די קלאָבוצ־קער יידן, וועלכע מ'האָט פאַרטריבן פון שטעטל. שפּיר־הינט צוזאַמען מיט פאָלקס־דייטשן האָבן אויסגעזוכט די באַהאַלטענע. אַ סך פון זיי זענען צעביסן געוואָרן דורך די הינט. אַנדערע יידן האָבן די דייטשן געצווינגען אויסצוגראָבן גריבער און ביי די קברים זענען די אומגליקלעכע געוואָרן דערשאָסן. די געציילטע קלאָבוצקער יידן, וואָס זענען געבליבן לעבן אין לאַגער האָבן שוין געוווּסט, אַז זייער היים איז חרוב און פאַרוויסט.

## ליקווידאַציע פון די לאַגערן און די דייטשע כוונות צו פאַרניכטן די לעבנגעבליבענע יידן

אין אָנהויב יאַנואַר 1945, ווען די רוסישע אַרמייען האָבן געיאָגט די דייטשן שוין אויף זייער אייגענער טעריטאָריע, זענען די דייטשן צוגעטרעטן עוואַקואירן די לאַגערן. אויף אַן אכזריותדיקן אופן האָט מען גענומען טרייבן די אומגליקלעכע אַרעסטאַנטן. די שוואַכע, וואָס האָבן נישט געקאָנט גיין האָט מען איבערגעלאָזט אין לאַגער זיי זאָלן אויסגיין פון הונגער.

אין טיפע שנייען און פרעסט זענען מיר, די „געזונטע" געטריבן געוואָרן אין דער ריכטונג פון גראָס־ראָזען. די שוואַכע, וואָס זענען געבליבן הינטער־שטעליק זענען דורך די ס.ס.־שומרים דערשאָסן געוואָרן. צווישן די הרוגים האָט זיך אויך געפונען דער קלאָבוצקער כילקע ווייספּעלנער. ער האָט אונדז

שטענדיק געטרייסט, אַז מיר וועלן איבערלעבן דאָס אומגליק און זיין גוף איז געבליבן אין דער טמא׳ער דייטשער ערד.

טויזנטער „העפטלינגע״ האָבן די דייטשן צונויפגעטריבן אין איין בלאָק פון לאַגער גראָס־ראָזען. מיר זענען געשלאָפן אויף דער הוילער ערד זיצנדיק צעשפּרייט די פיס„ אַריינגעפּאַסט איינער אין צווייטן, ווייל עס איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אַלע. נאָך אָפּפּייניקן זיך אַזאַ נאַכט, האָבן מיר געמוזט פאַרטאָג זיך שטעלן צום „אַפּעל״. אין פראָסט און אין שניי, אין די לייכטע קאַצעט־מלבושים זענען מיר געשטאַנען שעהן לאַנג, ביז מ׳האָט אונדז ווידער געטריבן אין די קאַלטע באַראַקן.

אין דעם דאָזיקן תהום פון פּיין און צרות האָב איך פּלוצים געהאַט אַ גרויסע איבעראַשונג: צווישן די טויזנטער „העפטלינגע״ האָב איך דערקענט מיין עלטערן ברודער בערל. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיין טראַנספּאָרט איז געקומען פון לאַגער בלעכהאַמער. איייניקע מאָל האָט ער שוין געוואָלט אַ סוף מאַכן מיט זיין לעבן, נאָר עס האָט אים אויסגעפעלט כוח דערצו. אויף אונדזער ווייטערן וואַנדער־וועג זענען מיר צעשיידט געוואָרן און מיין ברודער בערל ע׳מולעוויטש איז דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן אין לאַגער בוכענוואַלד צוזאַמען מיט נאָך זעקס טויזנט יידן.

אויך אונז האָט מען געשיקט אין לאַגער בוכענוואַלד. עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אַפּעל פאַרן אָפּגיין פון טראַנספּאָרט און בעתן אַפּעל האָבן די פּוילישע „קאַפּאָס״ אַרויסגענומען פון דער ריי דריי קרבנות — אַ פּאָליאַק, אַ רוס און אַ ייד, און אין אַלעמענס אויגן די אומגליקלעכע דערהרגעט מיט דרענגער. דאָס דאָזיקע בילד פון בעסטיאַלישער רציחה וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דער פאַרפּייניקטער ייד איז געווען דער קלאָבוצקער איציק זאַקס.

נאָך דער דאָזיקער בעסטיאַלישער רציחה האָט זיך אָנגעהויבן דער פיינלעכער וועג. מיר זענען געפאָרן אין אָפענע משא־וואַגאָנען, אין הונגער און קעלט. נאָך פיר טעג זענען מיר אָנגעקומען קיין בוכענוואַלד. צוליבן דוחק אין אָרט האָט מען אונדז ווייטער געטריבן קיין דאַכאַו.

די אַרמייען פון די פאַרבינדעטע זענען דערווייל געגאַנגען פאָרויס. די דייטשע ס.ס.־באַנדיטן האָבן דערפילט, אַז עס קומט זייער סוף און גענומען ליקווידירן די לאַגערן צוזאַמען מיט די אַרעסטירטע. מ׳האָט אונדז געטריבן פון אָרט צו אָרט. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז ביי די ס.ס.־דייטשן געווען אַ פּלאַן אויפצורייסן די לאַגערן צוזאַמען מיט די אַרעסטירטע. דער

שנעלער מאַרש פון די פאַרבינדעטע אַרמייען האָט צונישט געמאַכט דעם דאָזיקן בעסטיאַליש־דייטשן פּלאַן פון מאַסן־מאָרד.

דעם 28־טן אַפּריל 1945 איז געוואָרן באַפרייט דער לאַגער דאַכאַו מיט אַלע זיינע אָפּטיילונגען. די געזונטע העפטלינגע האָבן גלייך אויפגעזוכט די ס.ס.־באַנדיטן און זיך מיט זיי אָפּגערעכנט.

אַ צוויי מעת־לעת איז אַלץ געווען הפקר. דערנאָך זענען אַמעריקאַנער מיליטער־לייט געוואָרן אונדזערע אַפּוטרופּסים. זיי האָבן געמאַכט אָרדענונג און אונדז ווידער געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין די באַראַקן. געווען פאַלן פון שיסן צו מענטשן, וואָס האָבן געפּרוּווט אַרויסגיין דורכן פּלויט. עטלעכע פּערזאָן זענען געוואָרן פאַרווונדעט. דער מצב האָט אָנגעהאַלטן אייניקע חדשים. מיר האָבן אינטערוועניִרט ביים אַמעריקאַנער מיליטער־ראַבינער און ער האָט אויס־געפּועלט מ׳זאָל אונדז אַרויסגעבן דאָקומענטן און לאָזן זיך פריי באַוועגן.

נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך יעדער געלאָזט אויפזוכן זיינע נאָענטסטע. איך האָב אָפּגעזוכט מיין יינגערער ברודער יאָסל. ער איז באַפרייט געוואָרן אין לאַגער סטאַלטאַק נאָך פעלדאַפינג. מיר האָבן זיך געטראָפן אין דער ס.ס.־קאַזאַרמע אין שלאָסהיים ביי מינכען, ווו עס זענען געווען נאָך קלאָבוצקער יידן. מיין ברודער איז געפאָרן קיין פּוילן צו באַזוכן קלאָבוצק און זען, ווער עס איז געבליבן לעבן פון אונדזערע נאָענטסטע. איך האָב נישט געקענט פאָרן, ווייל איך בין געווען קראַנק. דער ברודער האָט מיר געשריבן, אַז ער האָט קיינעם נישט געטראָפן פון אונדזער משפּחה און נאָענטסטע. די דייטשן האָבן געשענדעט דאָס קלאָבוצקער בית־עולם. די מצבות אַרויסגעריסן און מיט זיי געפלאַסטערט די וועגן. די קברים זענען געוואָרן פאַראַקערט.

פון די קלאָבוצקער יידן זענען נאָר געציילטע געבליבן לעבן. זיי זענען זיך צעפאָרן איבער דער וועלט און אויך קיין ישראל. אין קלאָבוצק זענען היינט נישט פאַראַן קיין יידן. ווי אַ זכר פון אַמאָליקן יידישן לעבן איז געבליבן די שול, וועלכע שטייט פאַריתומט אָן טירן און אָן פענצטער.



# ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן

אברהם ווייס, תל־אביב

## מיר האָבן געוואָלט קעמפן קעגן די מערדער אָבער ס׳האָט נישט געהאַט קיין געווער

איך אַליין בין נישט קיין קלאָבוצקער, נאָר מיין פאָטער, אלחנן ווייס, איז געבוירן געוואָרן אין קלאָבוצק. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז אין אַ געוויסן צייט־אָפּשניט פון מיינע פיינלעכע מלחמה־יאָרן, זאָל איך זיך געפינען אין מיין פאָטערס געבוירנשטאָט. דאָרט האָב איך חתונה־געהאַט מיט דאָראַ שפּערלינג, די טאָכטער פון קלאָבוצקער עסקן ברוך שפּערלינג.

געקומען קיין קלאָבוצק בין איך אין יאָר 1942, ווען איך האָב זיך געראַטעוועט פון טויט, בעת דער ענטגילטיקער אויסראָטונג פון די יידן אין מיין געבוירנשטאָט פּייענטשנע. מיין אַנטלויפן איז געווען פאַרבונדן מיט דעם שרעקלעכן טויט פון 12 פּייענטשנער יידן, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרן דורך דער וויעלונער געסטאַפּאָ, אָפּגעפירט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ און דאָרט געוואָרן אויפגעהאָנגען.* אויך איך בין געווען צווישן די אַרעסטירטע, אָבער מיר האָט זיך איינגעגעבן באַצייטנס צו אַנטלויפן.

איך בין אַרויס פון פּייענטשנער געטאָ און געשמוגלט זיך דורך דער אַזוי גערופענער „גרענעץ״, וואָס די דייטשן האָבן איינגעשטעלט צווישן „ווארטעגאו״ און „גענעראַל־גוווערנעמענט״. פאַר אַריבערגיין די „גרענעץ״ האָבן די דייטשן דערשאָסן אָן דין און אָן משפּט. ווען איך בין אָנגעקומען קיין ראַדאָמסק, וואָס האָט זיך געפונען אין „גענעראַל־גוווערנעמענט״, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס פּייענטשנער געטאָ איז שוין ליקווידירט. אויך אין ראַדאָמסק האָט מען

---

* אין קיין שום אַרכיוו־דאָקומענטן, זכרונות און גבית־עדות, וואָס דערציילן וועגן לאָדזשער געטאָ, ווערט נישט דערמאָנט די אויבנגעבראַכטע שרעקלעכע געשעעניש פון אויפ־הענגען 12 פּייענטשנער יידן אין לאָדזשער געטאָ אין יאָר 1942. (רעד.)

שוין געהערט וועגן דער ליקווידאַציע פון געטאָ און אַ סך האָבן געגלויבט, אַז מ'שיקט אַרויס אויף אַרבעט ערגעץ קיין דייטשלאַנד אָדער אין אַ לאַגער.

אין ראַדאָמסק האָב איך זיך באַקאַנט מיט בחורים, וואָס האָבן פּונקט אַזוי ווי איך נישט געגלויבט, אַז די דייטשן שיקן אויף אַרבעט. מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז די דייטשע בעסטיעס פירן די יידן צום טויט. מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע און צוזאַמען זיך באַראַטן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון דער דייטשער אויסראָטונג. אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון פּליטים פון פאַרשידענע שטעטלעך, אין וועלכע די יידן זענען שוין געווען ליקווידירט און יעדער האָט געהאַט פאַר זיך דאָס גרויליקע בילד פון אומקום פון זיינע נאָענטסטע.

מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אונדז פאַרשאַפט פאַלשע דאָקומענטן, אָבער וואָס קאָן מען מיט זיי טאָן? קיין שום פּאָליאַק וויל אונדז נישט אַריינעמען אין זיין דירה. ער האָט מורא פאַר זיך און פאַר זיין הויז־געזונט. אונדזערע פּוילישע פריינט האָבן אונדז געעצה'ט, אַז מיר זאָלן זיך אַריבערכאַפּן קיין קלאָבוצק, ווו עס איז פאַראַן אַ יודענראַט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער ליקווידאַציע פון קלאָבוצקער געטאָ. יידן אַרבעטן דאָרט און עס געשעט זיי נישט קיין שלעכטס...

מיטאַמאָל האָבן מיר זיך דערוווּסט פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, אַז מאָרגן קומט פאָר די ליקווידאַציע פון ראַדאָמסקער געטאָ. עס איז שוין מער נישט געווען קיין צייט צו קלערן. מ'האָט געמוזט זיך תיכף ראַטעווען. מיר האָבן זיך צעטיילט אין קליינע גרופּן און מיר זענען בשלום אַרויס פון געטאָ. מיין גרופּע איז באַשטאַנען פון פיר מענער און 3 פרויען.

מיר האָבן געוואַנדערט דורך וועלדער. בייטאָג זיך אויסבאַהאַלטן און ביינאַכט אַוועק זוכן גוטע פּויערים, וואָס זאָלן זיך אויף אונדז מרחם זיין. אין דאָרף וועוויעדקאָ וואָלאַ האָבן מיר געטראָפן אַזאַ גוטן פּויער מיטן נאָמען באַראַנעק. ער איז געווען פאַר אונדז אַ מלאך. 4 וואָכן האָט ער אונדז אויס־באַהאַלטן אויף זיין שטרוי־בוידעם. ער האָט אונדז באַזאָרגט מיט עסן און גענומען באַצאָלט בלויז פאַר די אויסגאָבן. זיין גוטסקייט איז פאַר מיר ביז היינט אַ רעטעניש. לענגער בלייבן ביי באַראַנעקן האָבן מיר נישט געקאָנט, ווייל ער האָט אונדז געזאָגט, אַז שלעכטע מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן מורמלען אויף אים, אַז ער באַהאַלט אויס „זשידעס".

מיר האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין קלאָבוצק, ווו עס איז פאַראַן דער גליקלעכער „יודענלאַגער" — „דאָרט אַרבעטן יידן און קיינער טוט זיי

נישט קיין שלעכטס". ביז צו דעם „גליקלעכן אָרט" איז געווען 80 קילאָמעטער. מיט גרויס סכנות נפשות זענען מיר געגאַנגען אַ טאָג מיט אַ נאַכט איבער אַ געגנט, וואָס איז געווען יודענריין. לסוף האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו אונ־דזער ציל. מיר זענען „גליקלעך" אָנגעקומען אין קלאָבוצקער לאַגער. די יידן אין לאַגער האָבן שוין געוווּסט, וואָס מ'טוט מיט די יידן אין טרעבלינקע און זיי האָבן מיט שרעק דערוואַרט אויך זייער סוף.

אין לאַגער האָבן מיר צוזאַמען מיט קלאָבוצקער געשאַפן אַן אָרגאַניזירטע גרופּע. מיר האָבן זיך ווידער באַמיט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט פּאָליאַקן־פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך אָבער דערוווּסט, אַז אין יענער געגנט זענען טעטיק נאָר די א.ק. („אַרמיאַ קראַיאָוואַ" — פּוילישע געהיימע לאַנדעס־אַרמיי, צו וועלכע עס האָבן געהערט אויך די פּאַרביסנסטע יידן־שונאים). צו זיי האָבן מיר געהאַט ווייניק צוטרוי. אונדזער איינציקע שטרעבונג איז געווען צו באַקומען געווער, כדי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן, ווען זיי וועלן צוטרעטן אונדז צו ליקווידירן.

צו אונדזער ווידערשטאַנדס־גרופּע האָבן געהערט: די קלאָבוצקער: משה פייגע, אברהם ענזל, בערל שמולעוויטש, פתחיה צינצענאַטוס, שלום אונגליק, העלאַ מאַנטל און מיין פרוי דאָראַ שפּערלינג. פון פּייענטשנאַ: יידל שפּערלינג, אברהם ליבערמאַן, כעמיע קוטנער, דוד און יוסף שוויערטשעווסקי, שמואל יאַבלאָנסקי, ישראל ליפשיץ, חיים זילבערבערג, יהושע קרימאַלאָווסקי, אברהם ווייס און אַ גרופּע, וועלכע מ'האָט גערופן „בונקעראָווצעס", ווייל די אָנגעהעריקע צו דער גרופּע זענען געווען באַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק אין „בונקער". איך האָב זיי אַריבערגעבראַכט קיין קלאָבוצק אין לאַגער.

דער דאָזיקער גרופּע איז לסוף געלונגען זיך צו פאַרבונדן מיט פּוילישע פּאַרטיזאַנער, אָבער איידער מיר האָבן באַוויזן עפּעס צו טאָן, איז געקומען דער סוף. אין אַ יולי־נאַכט אין יאָר 1943, ווען אַלע זענען געשלאָפן, איז דער לאַגער געוואָרן אַרומגערינגלט פון ס.ס.־מענער און פּאַרטאָגס זענען מיר אַלע אַרויסגעפירט געוואָרן קיין קלאָבוצק און אונטער אַ שטרענגער וואַך געבראַכט געוואָרן אויפן הויף פון דער פּוילישער פּאָליציי. דאָרט אַהין האָבן די דייטשן צונויפגעפירט די יידן פון אַלע אַרומיקע לאַגערן. מיר זענען דאָרט געלעגן בייטאָג און ביינאַכט און געוואַרט ביז די דייטשן וועלן פּאַרטיק ווערן מיט אַלע זייערע יידישע קרבנות.

אונדזער גרופּע האָט געוווּסט, אַז מיר דאַרפן זיך גרייטן צום לעצטן

וועג קיין אָשוויענטשים. מיר האָבן זיך בּאַראָטן וואָס צו טאָן — ווו נעמט מען געווער? וויאַזוי קאָן מען ראַטעווען די פרויען און קינדער. מיר זענען געקומען צום אויספיר, אַז מיר זענען מאַכטלאָז און באַשלאָסן, אַז יעדער זאָל זיך ראַטעווען ווי ער קאָן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט 10 מענער, וואָס דאַרפן ברענגען ברויט פאַר אַלע אַרעסטירטע. 10 פּערזאָן פון אונדזער גרופּע האָבן זיך געמאָלדן צו דער דאָזיקער אַרבעט. די כוונה איז געווען אויסצונוצן די געלעגנהייט און אַנטלויפן. אין באַגלייטונג פון אַ ס.ס.־מאַן זענען מיר צוריק־געפירט געוואָרן אין לאַגער. דריי פון די צען פּערזאָן: איך, אברהם ליבערמאַן און נחמיה קוטנער — האָבן גענומען אַריבערשפרינגען איבערן פּלויט. די רעשט זענען צעשראָקענע געבליבן שטיין אויפן אָרט. דער ס.ס.־מאַן האָט אונדז נאָכגעיאָגט און געדראָט מיט שיסן. מיינע צוויי חברים איז געלונגען צו פאַרשווינדן. מיך האָט דער דייטש געכאַפּט און מערדערליך צעשלאָגן.

איך בין געלעגן א צעקאַטעוועטער און געוואַרט שוין אויפן טויט. דער־ווייל זענען אָנגעקומען 2 יידן, וועלכע האָבן זיך געבעטן ביים דייטש ער זאָל זיי צונעמען, ווייל זיי האָבן סיי ווי נישט וווהין צו גיין. דער ס.ס.־מאַן האָט די צוויי יידן „פאַרבעטן" אין לאַגער און גענומען אונדז דרייען מערדערליך שלאָגן. די אויסגעמאַטערטע פאַרפייניקטע צוויי יידן האָבן געבעטן, אַז מ׳זאָל זיי דערשיסן, דער דייטש האָט אָבער הנאה־געהאַט מער פון פייניקן.

עס איז אָנגעקומען אַן ס.ס.־אָפיציר. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי זיין „קאַמראַד" שלאָגט אונדז אכזריותדיק. דער אָפיציר האָט געזאָגט דעם דייטש, אַז עס איז אַ שאָד די קויל אויף צו דערשיסן די „יודען". „די וועלדען אין לאַגער זאָ ווי זאָ קראַפּירען". אונדז האָט מען אָפּגעפירט צוריק קיין קלאָבוצק אויפן הויף פון דער פּוילישער פּאָליציי. צומאָרגנס פאַרטאָג זענען מיר אונטער אַ שטרענגער וואַך פון ס. ס. און הינט אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן־פּאָליציי. מ׳האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנעס און אַוועקגעשיקט.

מיר האָבן געמיינט, אַז מיר פאָרן קיין אָשוויענטשים, אָבער אָנגעקומען זענען מיר אין לאַגער בלעכהאמער אין דייטשלאַנד. דאָרט האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ שטרענגע סעלעקציע. עלטערע, קראַנקע און קינדער האָבן די דייטשן אויסגעטיילט צום טויט. געזונטע האָט מען צעשיקט אין פאַרשידענע לאַגערן. זייער אַ קליינע צאָל פון מיינע ליידנס־חברים זענען געבליבן לעבן.

דער ווייט גרעסטער רוב איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער, קראַנקהייט און שווערער אַרבעט. אַ סך זענען דערשאָסן געוואָרן. איך בין פון די געציילטע, וואָס האָבן נאָך שווערע פּײַנלעכע איבערלעבונגען זיך דערוואַרט אויף דער באַפרייאונג.



**משה פייגע**

# דער העלדישער טויט פון זקן הערשל פייגע

אין אָנהויב מלחמה איז מיין פעטער הערשל פייגע שוין געווען אַ זקן פון קרוב 85 יאָר. אָט אין דעם עלטער האָט זיך אויף אים אָנגערוקט איין אומגליק נאָכן צווייטן: אין 1940 זענען געשטאָרבן זיינע צוויי טעכטער — רחל און איידל נאכע. דערנאָך איז אַוועק פון דער וועלט זיין פרוי מירל. דערשלאָגן פון דעם גרויסן צער, באַשליסט דער זקן צו פאַרלאָזן קלאָבוצק און זיך אַריינצובאַקומען (דורך שמוגלען די „גרענעץ") קיין טשענסטאָכאָוו אין „גענעראַל־גוווערנעמענט". דער שמוגל איז נישט געלונגען. דער זקן האָט געמוזט צוריקגיין קיין קלאָבוצק, ווו ער האָט געוווינט ביי זיין איידעם אריה בעסער און געוואָרן אויסגעהאַלטן פון זיין יונגסטן זון משה אריה.

דער אַלטער האָט נישט געקאָנט זיך באַרואיקן. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין זון הענעך, וואָס איז אויף צוואַנגס־אַרבעט, איז דאָרט קראַנק געוואָרן. מ׳האָט אים אַריינגעגעבן אין שפּיטאָל אין סאָסנאָוויעץ. עס איז געווען אַ סכנה ער זאָל דאָרט אומקומען. ר׳ הערשל באַשליסט אַרויסצוגנבענען זיין זון פון שפּיטאָל. צו דעם צוועק האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, וועלכער איז אַוועק קיין סאָסנאָוויעץ און פון שפּיטאָל אַרויסגעגנבעט הענעכ׳ן. דער פּאָליאַק האָט הענעכ׳ן געבראַכט קיין קלאָבוצק. דאָ האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיין פרוי צוזאַמען מיט איר ברודער לייזער גרין זענען אויף אַ ברוטאַלן אופן דערהרגעט געוואָרן.

טראָץ די אַלע שווערע פּיינלעכע איבערלעבונגען האָט זיך דער זקן נישט אייגעבראָכן. ראש השנה 1940 זענען זיך צוזאַמענגעקומען די לעבנגע־בליבענע משפּחה־מיטגלידער צו ווינטשן דעם עלטסטן פעטער אַ גוט יאָר. ר׳ הערשל טרייסט אונדז: „עס וועט קומען היטלערס מפּלה". צו מיר האָט ער

געזאָגט: „איך בין שוין אַלט. ביי מיינע 85 יאָר קאָן איך שוין גאָרנישט אויפטאָן. דו וועסט נאָך קאָנען נקמה־נעמען אין די דייטשן".

איך דערמאָן זיך דעם לעצטן טראַגישן מאָמענט אין לעבן פון זקן. עס איז געווען יום־כפור, אין יאָר 1942. איך בין דעמאָלט געצווּנגען געווען צו גיין אַרבעטן אין „ווולקאַן", אַ פאַבריק, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו שמואל געלערשטיין. אויפן וועג האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז יום־כפור און בין אַוועק ווינטשן מיין פעטער, דעם זקן הערשל פייגע. איך האָב אים שוין געטראָפן ביים דאַוונען אין וואַרשעווער שטיבל. דער פעטער האָט מיך געפרעגט צי איך גיי פון דער אַרבעט. כדי אים נישט צו פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש האָב איך געלייקנט, אַז איך גיי אין פאַבריק. דער זקן האָט מיר דאָן געזאָגט: „עס לוינט נישט צו אַרבעטן פאַר די דייטשן, ווייל זיי וועלן אונדז סיי ווי נישט לאָזן לעבן. די וואַגאָנען זענען שוין גרייט אונדז אַוועקצופירן". דער זקן האָט מיר לסוף פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל גיין מיט אים צוזאַמען אין אַ בונקער. איך האָב אים געדאַנקט און אַוועק צו דער אַרבעט.

מוצאי־יום־כפור איז טאַקע פאַרגעקומען די ערשטע דעפּאָרטאַציע. אויף די גאַסן האָבן די דייטשן געשאַסן. יידן זענען געלאָפן אין בונקערס אַריין. מיך האָט מען אַריינגעלאָזט אין דער פאַבריק, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו גאָלד־שטיינען. איך האָב דאָרט אַמאָל געאַרבעט. אין דער פאַבריק איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר „נוצלעכע בעלי־מלאכות". דער ווייט גרעסטער טייל קלאָבוצקער יידן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע צום טויט.

די „נוצלעכע בעלי־מלאכות", צווישן וועלכע איך האָב זיך געפונען, האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט קיין טשענסטאָכאָוו אין דער פאַבריק פון „האַסאַג". נאָך 3 חדשים שווערע אַרבעט בין איך אַנטלאָפן פון „האַסאַג"־לאַגער און אַריין אין קליינעם געטאָ אין טשענסטאָכאָוו. דאָרט בין איך געווען ביי מיין שוואָגער וואָווע רייך. ער האָט מיר דערציילט וועגן העלדישן טויט פון מיין פעטער, דעם 85 יעריקן זקן הערשל פייגע.

וואָווע רייך צוזאַמען מיט נאָך יידן זענען נאָך דער דעפּאָרטאַציע געבליבן אַרבעטן אין קלאָבוצק אין דער „רוים־קאָמאַנדע", וואָס האָט געדאַרפט אויפ־רוימען דאָס מעבל, דאָס יידישע האָב־און־גוטס, וואָס איז געבליבן נאָך די אויס־געמאָרדעטע יידן. וואָווע, צוזאַמען מיט נאָך יידן פון דער „רוים־קאָמאַנדע", האָבן אונטער דער שטרענגער וואַך פון דייטשן אויסגעפירט די אַרבעט.

איינמאָל זענען זיי אַריין אויף בערעק־יאָסעלעוויטש־גאַס און דאָרט גע־טראָפן אַ גרופּע דייטשן, וואָס האָבן אַרויסגענומען יידן פון אַ בונקער. דאָרט

האָט זיך געפונען דער זקן הערשל פייגע, זיין זון הענעך, די טאָכטער חיה שרה, דעם פעטערס שוועסטער איטע שמולעוויטש אאנ״ד.

דער זקן האָט זיך געוואָנדן צו וואָוועץ: „די ווערסט קאָנען אַזוי צוקוקן, וואָס די דייטשן וועלן מיט אונדז טאָן?״

די דייטשן האָבן אויפגעפאָדערט די יידן, זיי זאָלן גיין אויפן מאַרק, פונוואַנען מ׳וועט זיי אַוועקשיקן אויף אַרבעט. דער זקן הערשל פייגע האָט דערויף געענטפערט: „איר קאָנט אונדז אויסשיסן דאָ אויפן אָרט. פונדאַנען גייען מיר נישט אַוועק״. די דייטשן האָבן גלייך אויסגעשאָסן אויף מיין פעטער, דעם 85 יאָריקן זקן הערשל פייגע, וועלכער איז געפאַלן טויט. אַלע אַנדערע, וואָס זענען געווען מיט אים צוזאַמען האָבן זיך געלאָזט אַוועקפירן און זענען דערשאָסן געוואָרן. דעם דאָזיקן מאַסן־מאָרד איבער די קלאָבוצקער יידן האָבן די דייטשן אויסגעפירט אַ פּאָר טעג נאָך יום־כפור, אין יאָר 1942.

*

ברוך שימקאָוויטש גיט צו פאָלגנדעס צו דער כאַראַקטעריסטיק פון ר׳ הערשל פייגע:

ער איז געווען אַ כלל־טוער אין קלאָבוצק און פון שטענדיק אָן אַ גע־טרייער, איבערגעגעבענער גערער חסיד. בעת די וואַלן פונעם לעצטן רב האָט ר׳ הערשל בלב ונפש פאַרטיידיקט דעם קאַנדידאַט פון גערער הויף, וואָס איז געווען אַן אייניקל פון ערשטן גערער רבין דעם „בעל חידושי הרי״ם״. ר׳ הערשל האָט געהאַט גרויס פאַרגניגן צו שטיין ווינטער־צייט צווישן פשוטן עולם,ביים קאַכל־אויוון אין בית־המדרש, און דערציילן די מופתים פון גערער הויף.

בערל יאַקובאָוויטש

# באפרייט און נאָך אַלץ צווישן לעבן און טויט

דאָס איז געווען דעם 3־טן מאַי 1945, בערך 6 אַ זייגער אינדערפרי, נאָך 5 יאָר זיין אונטער דער ביקס, שטייען מיר אַזוי ביים ראַנד פון וואַלד, און הערן זיך צו צו יעדער באַוועגונג. הונגעריק זענען מיר ווי די וועלף אין וואַלד. נעבן וואַלד איז געווען א וואַלד מיט קאַרטאָפל. האָבן מיר אַרויסגעריסן די האַלב פאַרפוילטע קאַרטאָפל און זיי אַזוי געגעסן. נאָך דעם האָבן מיר באַשלאָסן, אַז דאָס אַנטלויפן פון לאַגער, מיט די פאַסן, דאַרף מען פאַרניכטן, האָבן מיר אויסגע־גראָבן אַ גרוב און באַגראָבן די מלבושים, מ׳זאָל נישט וויסן, אַז מיר זענען יידן פון אַ „קאַצעט״. איך בין געבליבן נאָר אין בלויזן העמד.

מיר האָבן צווישן זיך באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן זיך איינטיילן אין צוויי גרופן, דריי און צוויי. אין פאַל, אַז מען וועט אונז כאַפּן, זאָלן מיר נישט זיין קיין גרויסע גרופּע, עס זאָל נישט הייסן, אַז מיר זענען שפּיאָנען אָדער פּאַראַשוטיסטן. צוויי פון אונז זענען אַוועק און איך מיט נאָך צוויי זענען מיר געבליבן צוזאַמען.

דערנאָך זענען די צוויי חברים אויך אַוועק און איך בין געבליבן אַליין אין וואַלד. איך קלער וואָס צו טאָן. איך האָב מורא אריינצוגיין צו די דייטשן. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל צוגיין צום ערשטן הויז און וועל אַריינגיין. מורא האָבנדיק זיך צו באַגעגנען מיט דייטשן, בין איך אַריין אין אַ שטאַל. אין שטאַל האָבן זיך געפונען וועגענער און אויך פאַרשידענע אַקער־אייזנס.

איך האָב באַמערקט, אַז אין דער זייט געפינט זיך אַ קליין בוידעמל. מען האָט אָפילו נישט באַדאַרפט קיין לייטער אַרויפצוגיין. מיט צוויי שפּרייז בין איך שוין אויף דעם בוידעם, אונטער אַ דאַך.

איך האָב באַשלאָסן דערוויַיל צו בלייבן אויף דעם בוידעמל ביז די אַמעריקאַנער וועלן מיך באַפרייען... אויב דאָס וועט נאָך דויערן עטלעכע טעג, וועל איך בייטאָג צוריקלויפן אין וואַלד און אויף ביינאַכט וועל איך קומען נעכטיקן אויף דעם בוידעם. אין פאַל וועט מען מיך כאַפּן, בין איך נישט מער קיין ייד. איך וועל זאָגן, אַז איך בין אַ פּאָליאַק, איך האָב געאַרבעט ביי אַ דייטשן פּויער אין שלעזיע און אַזוי ווי די רוסן האָבן זיך דערנעענטערט, זענען מיר אַלע אַנטלאָפן, כדי מיר זאָלן נישט אַריינפאַלן צו די רוסן.

אַרויסקוקנדיק דורך די שפּאַרעס, זע איך ווי אַ פּויער פון אַ יאָר 40, שפּאַנט איין אַ וואָגן, אויף וועלכן ער לייגט אַרויף זעק וועש און נאָך פאַרשידענע זאַכן

און איך הער ווי ער זאָגט צו זיין פרוי, אַז ער גיט זיך נישט אונטער די „פּאַר־פלוכטע אַמעריקאַנער". דאָס ווייב מיט צוויי קליינע קינדער באַשליסט צו בלייבן, דער פויער צוקושט זיך מיט זיין ווייב און קינדער און פאַרשווינד... צוהערנדיק זיך צו דעם געשפּרעך, האָב איך באַשלאָסן, אַז אזוי ווי עס וועט נאָר אַביסל טונקל ווערן, וועל איך אַריינגיין צו דער פויערטע און בעטן ביי איר עפּעס אָנצוטון און עסן.

פּלוצים דערהער איך אַ שטאַרקן אויפרייס, אַז די גאַנצע געביידע, וווּ איך האָב זיך געפונען האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. גלייכצייטיק הער איך, ווי עס פליען גאַנצע עסקאַדרעס מיט לייכטע אַעראָפּלאַנען און שיסן פון מאַשין־געווער. איך האָב דאַמאָלס געגלויבט, אַז די באַפרייאונג מוז קומען. מיין האַרץ קלאַפּט אין מיר ווי מיט שווערע האַמערס. נאָך 5 יאָר זיין אין לאַגער, וועל איך סוף, סוף זיין פריי...

אַרויסקוקנדיק דורך די שפּאַרעס, זע איך, ווי אויפן וועג קומען אָן גאַנצע רייען פון שווערע טאַנקן. האַרט ביים וועג שטייען מענטשן, האַלטן ווייסע טיכלעך און פּאָכן מיט זיי. באַלד הענגט מען ארויס ווייסע פענער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ זענען שוין באַשטימט די אַמעריקאַנער. צוקוקנדיק אַזוי ביי אַ 10 מינוט, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך גיי אַרויס זיך באַפרייען.

איך בין אַריינגעגאַנגען צו אַ דייטשקע און געבעטן צו עסן און אָנצוטאָן. מען האָט מיך נישט געפרעגט ווער איך בין. מען האָט מיר דערלאַנגט ברויט, מילך און אויף מיטצונעמען האָט מען מיר איינגעפּאַקט אַ פּעקעלע. איך בין געווען זייער הונגעריק און מיט אומגעדולד געעפנט דאָס פּעקל און זיך גענומען צום עסן.

די אַמעריקאַנער טאַנקן לויפן אין איין ריכטונג. איך גיי אויף דער צווייטער זייט פון וועג. אַן אָפיציר אויף אַ דזשיפּ האָט מיך באַמערקט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, מיך צוגערופן און גענומען רעדן צו מיר ענגליש. איך האָב געצויגן מיט די אַקסלען... ער האַלט איין א טאַנק. דער טאַנק פאָרט אַרויס פון זיין ריי, דערמיט, אַז אַנדערע זאָלן קענען פאָרן. עס באַווייזט זיך אַ סאָלדאַט און ער רעדט צו מיר אויף דייטש. איך ענטפער אים. עס באַווייזט זיך נאָך איינער און רעדט צו מיר פויליש. דער אָפיציר פאַרלאָזט מיך, און פאַרשווינדט אין זיין דזשיפּ.

אזוי בין איך געשטאַנען ביי דעם טאַנק אַ 15 מינוט און זיי אַלץ דערציילט וועגן מיר. באַלד האָט זיך אַרויסגעזען נאָך אַ סאָלדאַט און נאָך איינער. דאָס איז געווען אַ טאַנק מיט זעלנער, וועלכע האָבן געקענט אויסער ענגליש און דייטש אויף פויליש, רוסיש, פראַנצויזיש און נאָך פאַרשידענע שפּראַכן. די זעלנער זאָגן

מיר, אַז איך בין פריי, עס איז פאַרנאַכט. מיין פרייד איז נישט צו באַשרייבן. ענדלעך נאָך 5 יאָר בין איך ווידער פריי...

## צווישן דייטשן נאָך דער באַפרייאונג

איך בין אַוועק צום נאָנסטן דאָרף. דאָס דאָרף האָט געהייסן אָבינג. איך גיי אַריין אין ערשטן הויז פון דאָרף און בעט מען זאָל מיר געבן עפּעס צו עסן. מען האָט מיר געגעבן צו עסן און צו טרינקען. דער טאָג איז פאַרשוואונדן. עס איז אָנגעקומען די נאַכט. דאָס אַמעריקאַנער געפּאַנצערטע מיליטער האַלט אין איין פאָרן, אָן איבעררייס.

אין דעם הויז ווו איך האָב זיך געפונען בעט איך ביי די דייטשן מען זאָל מיר געבן וועש זיך איבערצוטאָן, אפשר אַ פּאָר הויזן, שיך, — איך האָב אַלץ באַקומען...

די אַלטע דייטשקע מיט דעם אַלטן דייטש מאַכן מיר צורעכט אַ בעט צום שלאָפן. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון גיין שלאָפן אין בעט, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין צוטרוי צו שלאָפן מיט די אַלטע דייטשן אין איין שטוב... איך האָב זיי געבעטן, מיר מאַכן אַ געלעגער אויפן בוידעם. זיי האָבן מיר געמאַכט אַ געלעגער אין היי אויף דעם בוידעם. איך האָב אָבער נישט געקענט איינשלאָפן. די טאָנקן זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. דאָס הויז האָט זיך געטרייסלט און אויך מיין האַרץ האָט זיך געטרייסלט פון פרייד... אַז איך בין שוין פריי. אויך דאָס אָנעסן זיך צו זאַט נאָך אַזאַ לאַנגע צייט הונגערן האָט מיך נישט געלאָזט שלאָפן. עס האָט געשניטן אין בויך ווי מיט מעסערס. די אומרייניקייט האָט געטאַשטשעט דעם גוף. איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, בין איך שנעל אַראָפּ פון בוידעם. די אַלטע פרעגן מיך אויס פון וואַנען איך קום און ווער איך בין. איך האָב זיי עפּעס דערציילט און געבעטן זיי זאָלן מיר מאַכן וואַרעם וואַסער זיך אָפּצוּוואַשן. זיי האָבן געהאַט שטיין א האָלצערנע וואַנע, אַן ענלעכע ווי עס איז געווען אין קלאָבוצקער מקוה. זיי האָבן מיר אָנגעוואַרעמט עטלעכע טעפּ מיט וואַסער, די האָלצערנע וואַנע האָט מען אַריינגעשטעלט אין שטאַל פון די בהמות, ווייל דאָרט איז געווען וואַרעם. איך האָב זיך גוט אויסגעוואַשן, נאָך חדשים וואָס מיין קערפּער האָט נישט געהאַט קיין ביסל וואַסער אויף זיך... איך האָב זיך אָפּגעראַזירט, אָפּגעגעסן און אַרויס אין דאָרף זוכן מיינע חברים און זיי נישט געפונען.

אַזוי האָב איך געלעבט ביים פויער עטלעכע טעג. נאָך אַ וואָך צייט, האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט מיינע חברים, זיי האָבן באַזאָרגט עסן פון אַלעם

גיטן. מיר האָבן געהאַט צו זאַט: פלייש, אַלקאָהאָל און אַנדערע גוטע זאַכן. איך האָב זיך באַלד געפילט שוואַך און באַקומען בויך־שמערצן און היץ. איך בין אַזוי געלעגן עטלעכע טעג ביי מיינע חברים, ביז זיי האָבן געבראַכט אַ קראַנקן שוועסטער זי האָט מיר געמאָסטן די היץ און געזאָגט צו מיר, אַז איך מוז גיין צו איר אין שפּיטאָל.

די חברים מיט דער שוועסטער האָבן מיך אַראָפּגעפירט אין שפּיטאָל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליין הייזל, 4 צימערן. קיין ספּעציעלע דאָקטוירים זענען נישט געווען, דער דאָקטאָר פון דאָרף האָט באַדינט דעם שפּיטאָל. איך בין געלעגן אליין אין אַ צימער, ווייל איך האָב געהאַט בויך־טיפוס. די שוועסטער און דער דאָקטאָר האָבן מיך זייער גוט באַהאַנדלט. ביים אויפנעמען מיך אין שפּיטאָל, האָב איך מורא געהאַט זיך אָנצוגעבן אַלס ייד, זיי זאָלן מיך נישט אָפּסמען... האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַ קריסט און הייס באָלעסלאַוו יאַקובאָווסקי.

די הויפּט שוועסטער איז געווען אַן איטאַליענערין. איך האָב באַקומען פאַרשידענע איינשפּריצונגען און די היץ איז נישט אָפּגעטרעטן. עס האָבן אויך נישט געהאָלפן די קאָמפּרעסן. יעדן טאָג איז אַ גלח געקומען באַזוכן די קראַנקע, און אַזוי ווי איך בין געווען א קריסט, האָט ער מיך אויך באַזוכט.

די היץ איז ביי מיר געשטיגן מיט יעדן טאָג העכער. ביז זי איז דערגאַנגען צו 41,8. די שוועסטער האָט טעלעפאָנירט צום דאָקטאָר, ער איז געקומען און מיר געמאכט איינשפּריצונגען. מיט אַמאָל באַמערק איך אין מיין צימער דעם גלח, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער פּעלערינע, אַ ברייטן פּאַס אויף זיין האַלז מיט זילבער באַנייט און אויף דעם קאָפּ טראָגט ער אַן אַכטקאַנטיק היטעלע. אויף זיין ברוסט הענגט אַ גרויסער צלם און אין האַנט האַלט ער אַ געבעט בוך.

צוזאַמען מיט אים איז אַריינגעקומען די הויפּט־שוועסטער און מיטגעבראַכט צוויי גרויסע זילבערנע לייכטערס. זי האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויפן מיטן טישל און אריינגעשטעלט אין זיי ליכט. זי איז אַרויס פון צימער. איך בלייב אַליין מיטן גלח. מיט אַ ווייכער שטים זאָגט ער צו מיר: אַזוי ווי מיר זענען אַלע קריסטן פון יעזוסעס גלויבן און ווען אַ מענטש איז זייער קראַנק, מוז דער גלח פאַר אים בעטן ביי גאָט, ער זאָל אים העלפן געזונט ווערן. ער בעט מיך איך זאָל אים ענטפערן אויף אַלץ, וואָס ער וועט מיך פרעגן. איך האָב זיך רואיק און שטיל צוגעהערט צו זיינע פראַגן אָבער נישט געהאַט קיין כוח אים צו ענטפערן. ער האָט מיר געזאָגט, אז איך זאָל מיטן קאָפּ געבן א צייכן, יאָ אָדער ניין.

ער האָט מיך געפרעגט צי איך קען די צען געבאָטן, און צי איך האָב זיי אָפּגעהיטן. ער מישט איבער עטלעכע בלעטלעך, זאָגט אָפּ איבער מיר עטלעכע ווערטער, נעמט אַ שטיקל וואַטע און טינקט עס איין אין אַ גלאָז מיט ווייַן און מאַכט איבער מייַן פּנים אַ צלם מיט דעם איינגעטונקענעם און זאָגט עטלעכע ווערטער פון געבעט בוך.

צום סוף האָט ער מיר געווונטשן, אַז גאָט זאָל מיר העלפן איך זאָל געזונט ווערן און צוריק זיין א פרומער קאַטאָליק און איז אַרויס פון מיין צימער. נאָך זיין אַרויסגיין האָב איך אָנגעהויבן שעפּטשן וידוי... און איך בין איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָט מיר די שוועסטער דערציילט, אַז איך בין געשלאָפן ביי 16—17 שעה נאָכאַנאַנד. זי מעסט מיר אָפּ די היץ — 35,3. זי טעלעפאָנירט גלייך צום דאָקטאָר. ער קומט גלייך און זי גיט אים איבער דעם באריכט פון דער נאַכט. מען מעסט מיר ווידער די טעמפּעראַטור און איך האָב 35,4. איך האָב באַקומען איינשפּריצונגען צום שטאַרקן. דער דאָקטאָר איז אַוועק. די הויפּט־שוועסטער זאָגט מיר, אַז עס איז אַריבער דער קריזיס און איך וועל שוין ווערן געזונט.

איך עטלעכע טעג אַרום איז אין שפּיטאָל געקומען אַן אמעריקאַנער מיליטערישער אַמבולאַנס מיט דריי זעלנער, מיט רויטע קרייצן אויף זייערע אַרעמס. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז איך מוז מיט זיי מיטפאָרן, ווייל איך בין קראַנק אויף טיפוס, און איך מוז ווערן באַהאַנדלט אין אַ גרעסער שפּיטאָל, ספּעציעל פאַר טיפוס קראַנקע.

איך האָב נישט געוואָלט פאָרן, אָבער עס איז געקומען דער דאָקטאָר, וואָס האָט מיך באַהאַנדלט און ער האָט מיר דערקלערט, אַז איך מוז מיט זיי פאָרן, ווייל דאָרט וועט מיר זיין בעסער. איך האָב זיך געלאָזט צורעדן. מ׳האָט מיך גענומען אויף אַ בעטל און אַריינגעטראָגן אין אַמבולאַנס. א שוועסטער איז מיטגעפאָרן און מיר זענען אָנגעקומען אין שפּיטאָל. דאָרט האָב איך באַקומען וועש. מען האָט מיך אַריינגעלייגט אין אַ הילצערנעם באַראַק. באַלד זענען צו מיר צוגעקומען עטלעכע יידן און מיך באגריסט מיט „עמך״. אין דעם באַראק זענען געלעגן עטלעכע צוואַנציק יידן.

אזוי זענען מיר געווען עטלעכע וואָכן אין דעם שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין טראַסבערג (בייערן). ווען איך בין געזונט געוואָרן, בין איך ווידער

געזוועז אַ פרייער מענטש. נאַר עלנט און איינזאַם. אָן עלטערן, אָן משפחה, איינער אַליין אויף דער וועלט...

אין 1948 האָב איך עולה געווען קיין ישראל. די קליינע גריכישע שיף „פּאַנאַמאַ" האָט געקעמפּט מיט די כוואַליעס פון מיטללענדישן ים און זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל. שבת, אין טאָג ווען מ׳האָט אויסגערופן די יידישע מדינה, דעם 15־טן מאַי 1948 בין איך אָנגעקומען קיין תל אביב.



# עפיזאָדן פון דער אויסראָטונגס־צייט

מרדכי ווייספּעלנער

## אין דייטשער געפאַנגענשאַפט

איך וועל דאָ דערמאָנען אַ פּאָר עפּיזאָדן פון די גרויליקע היטלער־יאָרן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, בין איך געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער פּוילישער אַרמיי. נאָך דריי וואָכן צוריקציען זיך פון פראָנט, בין איך מיט מיין אָפּטיילונג אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. איך בין אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד. אויף צומאָרגנס בין איך אַריין אין שטעטל שידלאָוועצ ביי קעלץ. דאָרט זענען שוין געווען די דייטשן מיט טאַנקן, עראָפּלאַנען און אויף פערד. זיי האָבן אויפגעריסן די יידישע געשעפטן און די פּראָדוקטן געוואָרפן פאַר די פאַליאַקן. איך בין געווען אין דעם שטעטל צוויי טעג און אויפן דריטן טאָג האָב איך אָנגעהויבן צו גיין צו מיינע עלטערן. מיר זענען געגאַנגען גאַנצע גרופּן געוועזענע פּוילישע זעלנער, נאָך אין די מונדירן. ס׳איז אָנגעקומען דייטש מיליטער און דער אָפיציר האָט פאַראָרדנט אונז צו פאַרהאַלטן. איך האָב זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט, אַז איך בין אַ ייד.

מ׳האָט אונז צוריקגעטריבן אין דעם זעלבן שטעטל פון וואַנען איך בין אַרויסגעגאַנגען. דאָרט האָט מען אונז אַריינגעטריבן אין אַ קעלער, וווּ מ׳איז געלעגן כמעט איינער אויפן אַנדערן. אויפן צווייטן טאָג האָט מען אונז אַרויסגעפירט אויף לאַסט־אויטאָס קיין קעלץ אין די באַראַקן וווּ דאָס פּוילישע מיליטער איז געווען. דאָרטן האָבן זיך געפונען טויזנטער מענטשן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אמתע גיהנום פאַר די יידן.

די דייטשן האָבן אַרויסגענומען די יידן און זיי אָפּגעזונדערט פון די פאַליאַקן. מיר זענען געווען אַ גרופּע פון 500 יידן. גלייך האָט מען אונז אָנגעהויבן צו פּייניקן. מ׳האָט אונז געצוווּנגען צו שטיין אויף די קניען די הענט אין דער הויך, מיט די אויגן צו דער זון, אַזוי האָט מען אונז געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג.

די זון האָט שרעקלעך געברענט, ס׳זענען געקומען פאַרשטייער פון פּוילישן

רויטן קרייץ מיט ברויט און וואַסער. האָבן די דייטשן נישט געלאָזט אונדז געבן דאָס ברויט, נאָר צו איין טעפּל וואַסער פאַר יעדן.

אַזוי האָט מען דאָרטן צונויפגעזאַמעלט ביי אַ 5000 יידן און זיי געהאַלטן אונטער דעם פרייען הימל 3 וואָכן. מיר זענען געשלאָפן אויף דער ערד. דריי טעג האָט מען אונדז נישט געגעבן צו עסן. דעם 4־טן טאָג האָבן מיר באַקומען איינמאָל אין טאָג אַ זופּ פון וואַסער מיט אַ פּאָר אַרבעס. פיל מענטשן זענען געשטאָרבן פון הונגער און דערשעפּונג.

נאָך דריי וואָכן האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט פון דער יידישער גרופּע און זיך אַריינבאַקומען צו די פּאָליאַקן, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצולאָזן. איך האָב מיך אויפגעבן אַלס פּאָליאַק, און אַזוי אַרום זיך אַרויסבאַקומען פון דער פייניקונג. אין קיעלץ איז געשטאַנען אַ צוג מיט וואַגאָנען. איך און נאָך אַ ייד האָבן זיך געוואָלט אַריינגנבענען אין צוג און פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. די דייטשן, וואָס האָבן זיך באַוועגט אַרום די וואַגאָנען, האָבן גענומען אויף אונדז שיסן, אָבער מיר האָבן געהאַט מזל און ס׳איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן. מיר זענען אַוועק צו פוס און נאָך צוויי טעג זענען מיר אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

די פרייד פון מיין משפּחה איז געווען זייער גרויס, אָבער די פרייד האָט לאַנג נישט געדויערט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיין פיינלעך לעבן. אין די דייטשע לאַגערן נעבן קלאָבוצק, דערנאָך אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד. איך בין געווען אין אַ 10 לאַגערן ווי איך האָב זיך אָנגעזען גענוג פייניקונגען און אַליין געוואָרן געפּייניקט.

ס׳איז מיר היינט אוממעגלעך צו פאַרשטיין, ווי אַזוי מענטשן און איך בתוכם האָבן אויסגעהאַלטן אַזא הונגער. דאָס בעסטע איז געווען, ווען מ׳האָט זיך צוגעכאַפּט צו אַ „גוטן מיסטקאַסטן" וווּ ס׳איז געווען גענוג שאָלן פון פאַרפוילטע קאַרטאָפל און פאַרפוילט קרויט. ווער עס האָט געפּאַקט אַזאַ מציאה איז געווען דער גליק־לעכסטער מענטש.

## „דער מיקוועניק"

די דייטשע פייניקער וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. עס איז מיר פאַר־בליבן אין זכרון דער נאָמען „מיקוועניק", וואָס איז געווען זייער באַרימט אין די לאַגערן. דעם נאָמען האָט באַקומען דער פּאָליצייַ־שעף איבער די לאַגערן. איך האָב אים גוט געקענט מיט זיין אָריגינעלן אופן פון שלאָגן. ער האָט אַלע מאָל געהאַט מיט זיך אַ קנוט, אַ „בוקאַוויעץ" מיט וועלכן ער האָט געשלאָגן איבערן פּנים, און ווער ס׳האָט פון אים געקריגן געשלאָגן, האָט לאַנג געדענקט די קלעפּ. דעם צונאָמען „מיקוועניק" האָט ער באַקומען, ווייל ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע

הנאָה צו שלאָגן זיינע קרבנות ווען זיי זענען געווען אין וואַש־באַראַק, ווו מ׳איז געשטאַנען נאַקעט.

אַ צווייטער דייטשער תלין האָט באַקומען דעם נאָמען „טימטאַם״, דעם נאָמען האָט מען אים געגעבן צוליב זיין אויסזען: אַ טעמפּע מאָרדע און אָן אַ סימן פון אַ באָרד. אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ שטעקן, געשלאָגן און געברומט: „יידישע שווינע״. פאַר זיינע בעסטיאַלישע מעשים האָט ער באַקומען די פאַרדינטע שטראָף. ווען די רוסן זענען אריין אין דייטשלאַנד, האָבן זיי אים געכאַפּט און דערשאָסן.

## דער מייסטער פון ברענען טויטע

און אָט איז איינע פון מיינע שרעקלעכסטע איבערלעבונגען: נאָך שלעפּן זיך 8 טעג אין אָפענע וואַגאָנעס אָן עסן און אָן טרינקען, צו 200 פּערזאָן אין איין וואַגאָן, זענען מיר אין 9־טן טאָג אָנגעקומען אין אַ לאַגער. מען האָט אונז צעטיילט אויף אַרבעט. מיך האָט מען צוגעטיילט צו טראָגן טויטע. דער מייסטער, אַזוי האָט געהייסן דער דייטש, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבער דער אַרבעט, האָט אונז געפרעגט צי מיר וייסן, וואָס עס איז אַ שייטערהויפן. באַלד האָט ער פאַר אונז געעפנט אַ גרויסן באַראַק, ווו ס׳זענען געווען טויזנטער טויטע, אָנגעלייגט ווי הערינג אין אַ פאַס. מיר האָבן זיי געדאַרפט אַרויסטראָגן אויפן פעלד און אָנלייגן אין שיכטן און דערנאָך צוגרייטן אַ שייטערהויפן אויף פאָלגנדן אופן:

אויף דער ערד האָט מען אויסגעשפּרייט האָלץ־שניצעכץ און אויף דעם איז געוואָרן אַרויפגעלייגט 70 טויטע קערפּערס. אויף די גופים האָט מען אָנגעלייגט האָלץ און אויף דעם האָלץ ווידער 70 קערפּערס, אַזוי ביז מען האָט אָנגעלייגט 500 מענטשן אַ שיכט אויף אַ שיכט און אויף זיי נאָך אַ שיכט האָלץ און דאַן האָט מען אַלץ אונטערגעצונדן. אַזוי האָט מען ביי דעם געאַרבעט 4 וואָכן צייט, ביז מ׳האָט אָפּגערוימט די אַלע טויטע. יעדן טאָג האָט מען געמאַכט אַזאַ שייטערהויפן אויף וועלכן מ׳האָט געברענט מענטשן פון דעם לאַגער, וואָס זענען געשטאָרבן פון פאַרשידענע קראַנקהייטן הונגער און פּיין.

די אַרבעט פון ברענען די טויטע איז געוואָרן געמאַכט זייער „פאַכמעניש״. דער דייטשער מייסטער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט איז געווען זייער געניט אין דעם פאַך. אַ חוץ די מתים פון באַראַק האָט מען אויך געמוזט אויס־גראָבן קערפּערס, וואָס זענען געווען גאַנץ פלאַך באַגראָבן אין דער ערד. צו דער אַרבעט האָט מען באַנוצט קילאָפעס.

דער דייטשער מייסטער האָט אונז געזאָגט, אַז מיר וועלן זיין די „נעקסטע" אויף דעם שייטערהויפן.

איך האָב שוין געזען פאַרשידענע פילמען פון דער מלחמה־צייט, אָבער קיין איינער פון זיי האָט נישט געוויזן די ווירקלעכקייט פון דער דייטשער אכזריותדיקער אויסראָטונג. די דייטשן האָבן זייער מייסטערהאַפטע אויסראָטונגס־אַרבעט פילמירט און שפּעטער די פילמען פאַרניכטעט, ווען די באַפרייער זענען אַריין אין דייטשלאַנד.



יהודה שפּערלינג

## די לעצטע יידן אין קלאַבוצקער געטאָ און דייטשע אויסראָטונג אין טשענסטאָכאָוו

ווען מען האָט אין קלאַבוצקער געטאָ גענומען רעדן, אַז די דייטשן וועלן אַלע יידן אַרויסשיקן און דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט, האָב איך מיינע נאָנסטע — די פרוי, טאָכטער און שוויגער — אַוועקגעשיקט קיין טשענסטאָכאָוו. זיי האָבן געוווינט אין געטאָ ביי מיין ברודער איציק לייב. מיין פאָטער מיט מיין יונגסטן ברודער פּנחס מנחם — האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי א קריסט אין אַ דאָרף. צוויי ברידער און אַ שוועסטער זענען געווען אין דייטשלאַנד אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

נאָך דער ליקווידאַציע פון קלאַבוצקער געטאָ, וואָס איז פאָרגעקומען אין יוני 1942 בין איך אַלס „נוצלעכער יודע", אַ שניידער — געבליבן אין געוועזענעם געטאָ. איך בין געווען באַשעפטיקט ביים אויפרוימען די אויסגעליידיקטע יידישע הייזער.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויך די לעצטע יידן וועלן אַרויסגעשיקט פון קלאָבוצק. דאָס שטעטל ווערט „יודענריין". איך האָב נישט געוואָרט ביז מ׳וועט מיך אַרויסשיקן און בין אַוועק צו א באַקאַנטן פּאָליאַק. פאַר אַ געהעריקער באַלוינונג האָט ער מיך אַריבערגעפירט איבער דער גרענעץ קיין טשענסטאָכאָוו. איך האָב זיך געטראָפן מיט מיין פרוי און טאָכטער און באַקומען באַשעפטיגונג אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג". 4 חדשים שפּעטער נאָך יום כפור איז פאָרגעקומען די דעפּאָרטאַציע פון די טשענסטאָכאָווער יידן. אונזער גאַנצע משפחה, 30 מענטשן, זענען אַרויס 6 פאַרטאָגס און זיך געשטעלט צום

זאַמעלפונקט. דאָרט האָט מען אונז צעטיילט. איך בין געבליבן איינער אַליין. אַלע האָט מען אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע. פאַרן אַוועקשיקן די מענטשן איז אויף דעם זאַמעלפונקט געקומען דער דירעקטאָר פון דער „האַסאַג"־פאַבריק, ווו איך האָב געאַרבעט און ער האָט אָפּגעקליבן „זיינע יידן" אין אַ צאָל פון פינפהונדערט פערזאָן. ער האָט אונז געוואָלט נעמען צו דער אַרבעט, אָבער דאָס געסטאַפּאָ־ביוראָ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער „אויסזידלונג", האָט אים געענטפערט, אַז בעת דער דעפּאָרטאַציע קאָן מען נישט נעמען אויף קיין אַרבעט — דאָס איז דער העכסטער ווונטש פון „פירער".

דער דירעקטאָר איז נישט אָפּגעטרעטן. ער האָט טעלעגראַפירט צו דער העכערער מאַכט קיין ראַדאָם און געבעטן צו באַפרייען „זיינע יידן", וועלכע ער מוז האָבן צו דער אַרבעט אין דער פאַבריק. די העכערע מאַכט איז נאָכגעקומען זיין בקשה און מ'האָט אונז אַרויסגענומען פון דער דעפּאָרטאַציע. מיר זענען געוואָרן קאַשאַרירט אין פאַבריק. דאָרט געגעסן, געשלאָפן אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע און געאַרבעט.

אין טשענסטאָכאָוו איז געבליבן אַ קליין געטאָ מיט 4 טויזנט יידן בערך. ווען עס איז ווידער פאָרגעקומען אַ דעפּאָרטאַציע, האָט אַ חבר פון השומר הצעיר געוואָלט שיסן אויף דעם אָנפירער פון געסטאַפּאָ, נאָר דער רעוואָלווער האָט זיך אים פאַרהאַקט. די געסטאַפּאָ האָט דאַן אויסגעקליבן 28 מענער און צוויי מיידלעך, די געזונדסטע און שענסטע און זיי דערשאָסן אין קעגנוואַרט פון אַלע יידן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן פּלאַץ.

אין געטאָ זענען נאָך געווען קליינע קינדער, האָט דער געסטאַפּאָ־פירער דעגנהאַרדט באַפוילן דעם יודענעלטעסטן, אַז ער זאָל איינאָרדנען אַ קינדערגאָרטן, ווו דאָס קליינוואַרג זאָל קענען פאַרברענגען. דעגנהאַרדט האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די קינדער זאָלן באַקומען מילך. דאָס האָט געדויערט אַזוי עטלעכע וואָכן. מיטאַמאָל, ווען אַלע קינדער זענען געווען אין דערציאונגס־היים — האָט דעגנהאַרדט מיט געסטאַפּאָ אַרומגערינגעלט דאָס הויז און זיי האָבן גענומען אַרויספירן די קינדער. דאָס געוויין און געשריי האָט געריסן די הימלען. די באַוואָפנטע געסטאַפּאָ לייט האָבן די קינדער אַוועקגעפירט צום טויט.

אַ צייט שפּעטער האָט דער יודענעלטעסטער באַקומען אַ באַפעל צו רעגיסטרירן די יידן, וואָס האָבן קרובים אין ארץ־ישראל. עס האָבן זיך רעגיסטרירט נייסטנס דאָקטוירים מיט זייערע משפחות און כמעט דער גאַנצער יודענראַט מיטן פּרעזעס. אין איינעם אַ טאָג האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז אַלע קאַנדידאַטן צו פאָרן

קיין ארץ־ישראל זאָלן זיך שטעלן אויפן זאַמל־פּונקט מיט באַגאַזש ביז 10 קילאָ און זיי וועלן ווערן אַרויסגעשיקט צו זייערע קרובים קיין ארץ־ישראל.

אויפן זאַמל־פּונקט האָבן שוין אויף זיי געוואַרט אויטאָס. דער עולם האָט זיך צעזעצט און מ׳האָט אָנגעהויבן פאָרן. אינמיטן וועג האָבן די יידן באַמערקט, אַז מ׳פירט זיי אויפן בית עולם. עס איז געוואָרן אַ בהלה. דער יודענעלטעסטער האָט זיך געסמ׳ט. צוויי פּערזאָן איז געלונגען צו אַנטלויפן. די איבריקע, אַן ערך 200 יידן, מענער, פרויען און קינדער, האָט מען אַוועקגעפירט אויפן בית הקברות. דאָרט זענען שוין געווען צוגעגרייט קברים. די דייטשן האָבן צום ערשט דערשאָסן די קינדער, דאַן די פרויען און צום סוף די מענער.

אין טשענסטאָכאָווער געטאָ איז געוואָרן חושך. דעגענהאַרדט האָט באַשטימט דעם פירער פון דער יידישער פּאָליציי אַלס יודענעלטעסטער. דאָס אַלץ איז געשען אין ווינטער 1943. די דערשיסונג פון די קאַנדידאַטן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל איז פאָרגעקומען אין אסתר־תענית פון דערמאָנטן יאָר.

נאָך די דערשיסונגען האָב איך באַקומען א בריוו פון מיין שוועסטער, וואָס איז געווען אין לאַגער זאגאזש ביי קלאבוצק. זי האָט מיר געשריבן, אַז איך זאָל קומען אין לאַגער. הגם אַזאַ רייזע איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת נפשות, ווייל מ׳האָט באַדאַרפט אַריבערגיין די „גרענעץ" צווישן גענעראַל־גוווערנעמענט און „וואַרטעגאַו", דאָך האָבן מיר — איך, מיין קוזינע און נאָך 4 פּערזאָן באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו אַ פּאָלאַק, אַז ער זאָל אונז אַריבערפירן די גרענעץ. מיר האָבן איבערגעקויפט דעם דייטש, וואָס האָט אונז געפירט אויף אַרבעט. אויך דער פּאָלאַק, דער „גרענעץ"־שמוגלער האָט באַקומען גוט באַצאָלט און מיר זענען בשלום אָנגעקומען קיין זאַגאַזש אין לאַגער.

מיין שוועסטער האָט אונז אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם. 3 טעג זענען מיר דאָרט געלעגן ביז די שוועסטער האָט אויסגעפּועלט ביים לאַגער־פירער, אַז ער זאָל מיך איינמעלדן. עס איז ווידער געוואָרן גוט און איך האָב דאָרט געאַרבעט ביז יולי 1943.

אין אַ פרייטיק צו נאַכטס האָט מען אַרומגערינגלט דעם לאַגער זאַגאַזש און מ׳האָט אונז אַרויסגעפירט אין די דייטשע לאַגערן.

מיר זענען דורך די דייטשן געטריבן געוואָרן פון לאַגער אין לאַגער צווישן טויט און אויסראָטונג. איך האָב געזען ווי מ׳האָט זקנים און קינדער אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים. די יידישע „קאַפּאָס" האָבן נאָך מער געפּייניקט ווי די דייטשן. איין קאַפּאָ מיטן נאָמען עקיבא ראָזענצווייג האָט זיך אויפגעהאַנגען נאָך דער באַפרייאונג.

דער לעצטער לאַגער ווו איך בין געוועזן ביז דער באַפרייאונג האָט זיך גערופן „ספּאָרט שולע" ביי פּאַלברוק. נישט ווייט פון דאָרט איז געוועזן אַ פרויען־לאַגער, ווו עס האָט זיך געפונען מיין שוועסטער.

באַפרייט בין איך געוואָרן דעם 8־טן מאַי 1945. אין פרימאָרגן איז נאָך פאַרגעקומען אַן אַפּעל פון טויזנט לאַגער־אַרעסטאַנטן. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן אונז געהייסן זינגען „התקוה", וואָס מיר האָבן געזונגען מיט טרערן אין די אויגן. אַרום מיטאָג־צייט איז פאַרשוואונדן די דייטשע וואַך. עס האָט זיך באַוויזן אַ ווייסע פאָן און שפּעטער אַ רויטע פאָן.

איך האָב פאַרלאָזן דעם לאַגער און געלאָפן אין פרויען־לאַגער. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין שוועסטער און קוזינע. מיר האָבן זיך אויסגעוויינט פאַר דער גאַנצער צייט. שפּעטער זענען געקומען די רוסן, וועלכע האָבן אונז דערלויבט צו גיין וווהין מיר ווילן. איך, מיין שוועסטער די קוזינע און נאָך אַנדערע באַקאַנטע פון קלאָבוצק זענען אַוועק קיין רייכנבאַך.

אין יאָר 1946 בין איך געפאָרן קיין קלאָבוצק. איך האָב באַוויינט מיינע נאָענטסטע, וואָס זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן און אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. איך האָב חתונה געהאַט מיט חנה בענטשקאָווסקי. מיר זענען אַוועק קיין דייטשלאַנד און פון דאָרט, אין יאָר 1948 קיין ישראל.



מרדכי ווייספעלנער

## אין אַן אויספראַמונגס־קאָמאַנדע אין דייטשלאַנד

באַלד ווי די דייטשן זענען אַריין קיין קלאָבוצק האָבן זיי אָנגעהויבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן צו פּייניקן די יידן. די סאַדיסטן האָבן געשניטן בערד, געצוווּנגען צו עסן די האָר און געכאַפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט. פון די אַוועקגעשיקטע אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד זענען אָנגעקומען ביטערע ידיעות: ס'איז נישט איבערצוהאַלטן, מ'אַרבעט זייער שווער און מ'גיט נישט קיין עסן. האָט שוין יעדער געקלערט ווי אַזוי זיך אויסצובאַהאַלטן.

איינמאָל האָט מען מיך געכאַפּט מיט נאָך יידן אַוועקצושיקן אויף אַרבעט. מ'האָט אונז פאַרשפּאַרט אין דער „סטראַזשאַצקע שאַפּע". מיין מוטער איז געקומען מיך באַזוכן, זי האָט מיטגעבראַכט פרויען־קליידער. ווען ס'האָט קיינער

נישט באַמערקט. האָב איך זיך די קליידער אַנגעטאָן און זיך אַזוי אַרויסגעקריגן פון דאָרט. אַ לאַנגע צייט בין איך געווען באַהאַלטן ביי קריסטן.

ווען מ׳האָט געשאַפן דאָס געטאָ אין קלאָבוצק אין יאָר 1941, האָט מען מיך געכאַפּט און אַריינגעשיקט אין געטאָ. פון דאָרט האָט מען מיך מיט אַ גרופּע אַוועקגעשיקט קיין גלייוויץ (דייטשלאַנד). אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסרוימען די יידישע וווינונגען. מ׳האָט אונדז גערופן „רוים־קאָמאַנדע״. מיר האָבן שוין מיט אונדזערע אויגן צוגעזען, וואָס מ׳טוט מיט די יידישע פאַרמעגנס און מיט די מענטשן, וואָס מ׳שיקט אַוועק.

איך האָב זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַהיימצופאָרן אויף עטלעכע טעג און ס׳איז מיר געלונגען צו פאָרן אויף דריי טעג קיין קלאָבוצק, מיט דעם באַדינג, אַז מיינע חברים זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיר, אַז איך וועל צוריקקומען. זיי האָבן גאַראַנטירט פאַר מיר און איך בין אַהיים־געפאָרן.

איך האָב דערציילט ווי ס׳זעט אויס, וואָס מ׳מאַכט מיט יידישע פאַר־מעגנס און מיט די יידן. מיינע עלטערן האָבן געוואָלט ווירקן אויף מיר, אַז איך זאָל נישט צוריקפאָרן. איך האָב נישט געוואָלט בלייבן. איך האָב געוווּסט, אַז מיינע חברים זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיר און איך בין צוריקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז ביי דער „אויסזידלונג״ אין קלאָבוצק זענען מיינע עלטערן אַנטלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו.

אונדזער גרופּע האָט מען פון דייטשלאַנד צוריקגעשיקט קיין זאַגאַזש אין לאַגער אַריין. אין זאַגאַזשער לאַגער בין איך געוווירע געוואָרן, אַז מיין קליין שוועסטערל רייזעלע געפינט זיך אין קלאָבוצק ביי קריסטן און מיין גרע־סערע שוועסטער דבורה איז אין דייטשלאַנד אין לאַגער נויזאַלץ און מיינע עלטערן מיט די איבעריקע קינדער האָט מען פון טשענסטאָכאָוו געשיקט מיט נאָך יידן קיין טרעבלינקע.

## 12 יאָריקער יינגל אַנטלויפט פון טרעבלינקע

זייענדיק אין זאַגאַזש האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין יינגסטער 12־יאָריקער ברודער, איציקל, האָט זיך געראַטעוועט פון טרעבלינקער טויט. ער האָט שפּעטער דערציילט, וואָס ער האָט געזען אין דעם שרעקלעכן דייטשן אויסראָטונגס־לאַגער: אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען מיט קראַטן האָט מען געבראַכט גרויסע טראַנספּאָרטן יידן. די פּאָדלאָגעס פון די וואַגאָנעס זענען געווען באַשיט מיט כלאָר. אויף אַ סך קילאָמעטערס אין טרעבלינקע געפונען זיך עטלעכע

גאַז־קאַמערן מיט גרויסע אויוונס — פריער צו פאַרגאַזעווען און דערנאָך צו פאַרברענען די מענטשן. מ׳האָט אַלע אַריינגעפירט אינעווייניק און געגעבן אַ באַפעל אַלע זאָלן זיך אויסטאָן, מ׳גייט זיך באָדן, און שפּעטער וועט מען באַקומען פרישע זאַכן.

מיין קליינער ברודער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז מ׳פירט אַלע צום טויט, האָט ער זיך באַהאַלטן צווישן די גרויסע פּעק זאַכן. ווען ס׳איז געוואָרן רויק, שטיל, אַ פּאָר שעה שפּעטער, איז אָנגעקומען אַ גרופּע יונגע מענער צו סאָרטירן די זאַכן: מענער־קליידער באַזונדער און פרויען־קליידער באַזונדער. צווישן דער גרופּע איז אויך געווען מיין פעטער משה ווייספּעלנער, ווען די סאָרטירער האָבן געפינען דאָס יינגל, האָבן זיי געוואָלט מעלדן די דייטשן, ווען נישט וועלן זיי אַליין באַצאָלן מיטן לעבן. אָבער דער פעטער משה ווייספּעלנער האָט דער־קאַנט דאָס יינגל און ער האָט נישט געלאָזט מעלדן.

אין דער גרופּע האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אויך געזוכט וועגן צום אַנטלויפן פון דאָרט. מיין פעטער האָט נישט געוואָלט לויפן. ער האָט דער־קלערט, אַז ס׳איז אים שוין אַלצאיינס, ער האָט שוין פאַרלוירן די גאַנצע משפּחה. נאָר ער האָט געבעטן זיינע ליידנס־חברים, אַז ווען זיי וועלן אַנטלויפן זאָלן זיי מיטנעמען מיט זיך דאָס יינגל.

אַ זייגער 5 פאַרטאָג, ווען מ׳האָט אַלע אויפגעוועקט צו גיין נעמען דאָס ברויט מיט קאַפע און אַלע זענען אַוועק, זענען די יידן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפן, אַרויס דורך די דראָטן און מיטגענומען מיט זיך מיין ברודערל. נאָך אַ צייט וואַנדערן אין שוועריקייטן זענען זיי אָנגעקומען ביז וואַרשע. זיי האָבן געהאַט ביי זיך אַ סך געלט און גאָלד, וואָס זיי האָבן צוזאַמענגענומען פון די אַרויסגעפאַלענע קעשענעס פון די אומגעבראַכטע יידן. מיט דעם געלט האָבן זיי זיך אָפּגעקויפט דאָס לעבן.

אין וואַרשע האָבן זיי באַקומען פאַלשע, פּוילישע פּאַפּירן, — ווי אַזוי דאָס איז געשען ווייס איך נישט, און זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. זיי זענען געקומען ביז טשענסטאָכאָוו, ווו עס איז נאָך געבליבן אַ לאַגער מיט אַרבעטס־פעאיקע יידן.

איך האָב באַקומען אַ ידיעה, אַז מיין ברודער געפינט זיך אין טשענסטאָ־כאָוו, האָב איך געדונגען אַ קריסט, אַ „שוואַרצער". פאַר גוט באַצאָלט איז ער געפאָרן ברענגען מיין ברודער אין זאַגאזשער לאַגער. נאָך פיל מי איז געלונגען צו ברענגען מיין ברודער. ער האָט נישט געוואָלט עסן, נישט טרינקען און נישט לעבן. ער איז געווען איבערגענומען מיט דעם, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען. איך

האָב אים דערקלערט, אַז מירביידע זענען איצט די עלטערן פון דעם איבער־געבליבענעם שוועסטערל, וואָס געפינט זיך ביי די קריסטן און „דו מוזט זיך שטאַרקן". אין 1943, ביים ליקווידירן דעם זאגאזשער לאַגער, ווען מ'האָט צע־שיקט די מענטשן אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערן, האָט מען אונדז צעשיידט. מיך האָט מען געשיקט אין פאַשעמאַכער־לאַגער און מיין ברודער מיט דער קליינער שוועסטער, וועלכע איך האָב גענומען צו זיך, האָט מען געשיקט קיין בלעכ־האַמער.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין בלעכהאַמער איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און אַלע יונגערע האָט מען געשיקט צום טויט, אָבער מיין ברודער איז געלונגען צו קומען אין לאַגער קלעטענדאָרף. אברהם ווייס איז געגאַנגען מיט אים צוזאַמען. ער האָט מיר דערציילט זיינע איבערלעבענישן. דער קליינער האָט געאַרבעט גלייך מיט אַלע גרויסע מענטשן און זיך גוט געהאַלטן. שפּעטער איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, פון וועלכע ס'זענען געשטאָרבן אַ סך קלאָבוצקער, האָט מען די, וואָס זענען געזונט געוואָרן, געשיקט אין לאַגער פאלבריק. אויך מיין ברודער האָט מען דאָרט אַוועקגעשיקט. אין פאלבריק האָט אין קיך געאַרבעט אַ קלאָבוצקער, וואָלף אונגליק. ער האָט אַריינגענומען מיין ברודער אין קיך, ווו ער האָט זיך נישט שלעכט געהאַט. ער האָט נאָך געגעבן עסן אַנדערע.

איינמאָל איז געקומען אַ קאָמיסיע פון אַ סך דאָקטוירים און דער ברודער האָט באַקומען קאַטעגאָריע — „אונטויגליך". מ'האָט אים אַוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט צום פאַרניכטן און ער איז לסוף פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט זיין ראַנגלען זיך מיטן טויט.



משה פייגע

# ווי אַזוי איך האָב געכאַפּט דעם דייטשן יידן־מערדער – האַלשולד

דער דייטש האַלשולד, אָדער ווי די געפּייניקטע יידן האָבן אים גערופן פאַרשטעלט „דער פערד סוחר", איז געווען דער הויפּט־אינספּעקטאָר פון דער אַרבעטס־זאָנדערקאָמאַנדע. בעת די דעפּאָרטאַציעס פון די געטאָס, האָט ער מיט זיין שטעקעלע אין דער האַנט געטיילט: „לינקס, רעכטס", וואָס עס האָט באַדייט — ווער צום צייטווייליקן לעבן און ווער צום טויט.

איך האָב זיך מיט אים „באַקענט" אין קלאָבוצק און אין די אַרבעטס־לאַגערן, אין וועלכע איך בין געפּייניקט געוואָרן. האַלשולד איז געקומען אין די לאַגערן אויף די אַרבעטס־שטעלעס און ווער פון די אויסגעמאַטערטע און פאַר־הונגערטע שקלאַפן־אַרבעטער עס איז אים נישט געפאַלן, האָט ער אַוועקגעשיקט קיין אָשוויענטשים אין די גאַז־קאַמערן. אין די לאַגערן האָבן אים יידן גערופן „דער פערד סוחר" אָדער „דער לאַמער", ווייל ער האָט אונטערגעהינקט.

אין 7־טן חודש, אין יאָר 1947, ד. ה. שוין נאָך דער באַפרייאונג, גיי איך אַזוי אויף דער מאַטיאַס־גאַס אין ברעסלאַו (היינט וראָצלאַוו), וואָס איז שוין געווען פאַרנומען דורך די פּאָלאַקן, הינקט זיך פאַרביי אַ דייטש, גלאַטיק־פּיין פאַרשוירן מיט באַקן־בערד, ער איז מיר אָבער געווען אַ ביסל קענטלעך.

מיט די רעכט פון אַ מיליציאָנער אין דער דאָרטיקער מיליץ, האָב איך אָפּגעשטעלט דעם דייטש און אים געפרעגט: „ווער ביסטו און ווי רופט מען דיך"?

דער דייטש האָט אַרויסגענומען רוסישע פּאַפּירן און מיר געוויזן. איך האָב נישט געקענט לייענען קיין רוסיש און אים געפרעגט, וואָס זענען דאָס פאַראַ פּאַפּירן? ער האָט מיר געענטפערט: די פּאַפּירן באַשטעטיקן, אַז ער איז אַ פריי־הייטס־קעמפער. אין זיין ריידן אָבער האָב איך דערקענט, אַז ער איז דער יידן־מערדער האַלשולד. איך האָב אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אויסגעשריגן צום דייטש — „הענדע האָך".

דער דייטש אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער, האָט געפאָלגט מיין באַפעל. איך האָב אָפּגענומען אַלע זיינע פּאַפּירן און אים געפירט אין דער פּוילישער קאָ־מענדאַנטור. אויפן וועג צו דער קאָמענדאַנטור האָב איך געפונען אַן אַלטן פאַר־בלאָטיקטן צילינדער־הוט, האָב איך אים אַרויפגעזעצט אויפן קאָפּ פונעם דייטשן יידן־מערדער און געחוזקט פון אים, ווי זיי האָבן געטאָן מיט די יידן.

אין דער קאָמענדאַנטור האָט מען צוגעטיילט אַ מיליציאָנער און צוזאַמען

האָבן מיר דעם פאַרברעכער אָפּגעפירט אין דער רוסישער קאָמענדאַנטור. דאָרט האָט מען מיר באַפוילן, איך זאָל ברענגען נאָך צוויי פּערזאָן, וואָס זענען געווען מיט מיר צוזאַמען אין לאַגער, זיי זאָלן אויך באַשטעטיקן, אַז דאָס איז דער זעלבער דייטש, וואָס האָט געפּייניקט און געמאָרדעט יידן. איך בין גלייך אַוועק צו ר. גראָכאָווינע (היינט אין ישראל) און צו מאָטל בערלינער פון דאָמבראָווע און זיי מיטגעטיילט וועגן דעם געכאַפּטן יידן־מערדער, דעם לאָמען דייטש.

אויף צומאָרגנס זענען מיר אַוועק אין דער רוסישער קאָמענדאַנטור. מ׳האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן צימער, פול מיט דייטשן און געהייסן אונז וואַרטן ביז עס וועט אַריינקומען דער דייטש, וועלכן מיר האָבן דערקענט אַלס יידן־מערדער.

מיר זענען דאָרט געזעסן אַ 4 שעה. מ׳האָט אַריינגעבראַכט און אַרויסגעפירט דייטשן, ביז אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן מיר דערזען דעם לאָמען „פערד סוחר״ — ווי מ׳האָט אים גערופן אין לאַגער. איך האָב אים גלייך געגעבן פעטש. עס איז אונטערגעלאָפן מאָטל בערלינער, ער האָט אויפגעהויבן די האַנט און געוואָלט שלאָגן, אָבער די האַנט איז אים ווי פאַרשטייפט געוואָרן, ער האָט זי נישט געקאָנט אַראָפּלאָזן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרהער. דער רוסישער אָפיציר האָט מיך געפרעגט פונוואַנען איך קען דעם דייטש. דערויף האָב איך געענטפערט: דעם ערשטן מאָל האָב איך אים געזען אין קלאָבוצק, דערנאָך אין לאַגער זאַגאזש. ווען מ׳האָט דעם לאַגער אַרומגערינגלט און אַרויסגעפירט די יידן, האָט דער דייטש געשלאָגן דעם בלינדן ישעיה און מיך. האָט ער געוואָלט שיקן קיין אָשוויענטשים. אין לאַגער דירענפורט, האָט ער באַפוילן אַריינצופירן יידן אין „וואַשראַום״, דאָרט האָט ער יעדן באַזונדער אַריינגעשטופּט אַ וואַסערקישקע אין מויל, געלאָזט אויפדרייען דעם קראַן און דורך דעם וואַסער־שטראָם דערשטיקט די יידן. ר. גראָכאָווינע און מ. בערלינער האָבן דאָס באַשטעטיקט.

דער דייטש האָט פאַרשטענדלעך אַלץ געלייקנט. ער האָט נאָר באַשטעטיקט, אַז ער איז געווען אינספּעקטאָר איבער דער אַרבעטס־קאָמאַנדע אין די לאַגערן אָבער ער האָט קיין שלעכטס נישט געטאָן. ער האָט זיך פאַרופן אויפן יודענעלטעסטן בעריש וועלנער, ווען ער וואָלט געווען ביי דער אויספאָרשונג, וואָלט ער אַנדערש גערעדט — האָט געטענהט דער לאָמער דייטש, דער יידן־מערדער.

אין אַ צייט שפּעטער בין איך אַוועק פון דייטשלאַנד קיין ישראל. מיין באַקאַנטער גאָלדהאַמער, וועמען איך האָב געטראָפן אין לאַנד, האָט מיר דערציילט, אַז אין וראַצלאַוו איז געמשפּט געוואָרן דער לאָמער דייטש און איז געשטאָרבן אין דער דאָרטיקער תפיסה.

אברהם ענזעל

# קאמיטעט צו העלפן הונגעריקע אין זאגאזשער לאגער

דער קאַשמאַר פון מאָרד און אויסראָטונג, וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן, האָט נישט באַוויזן צו דערשטיקן דאָס מענטשלעכע אינעם ייד און דאָס יידישע אינעם מענטש. ווי אַ פאַרבילד איז פאַר מיר יוסף מאיר קורלאַנד.

איך בין געווען צוזאַמען מיט אים אין זאַגאַזשער לאַגער. דאָרט האָט ר׳ יוסף מאיר, ווי מיר האָבן אים גערופן, געגרינדעט אַ מין קאָמיטעט צו העלפן הונגעריקע. ווען די דייטשן האָבן ליקווידירט דעם לאַגער און אונדז געשיקט קיין אַשוויענטשים, בין איך געווען מיט קורלאַנדן אין איין וואַגאָן. אויך אויף דעם וועג צום טויט, האָט ער באַוויזן זיין מוט און מענטשלעכקייט.

מיר, עטלעכע יונגעלייט, האָבן אויסגעשניטן אַ לאָך אין וואַגאָן און געגרייט זיך צו שפּרינגען. עטלעכע יידן האָבן זיך געבייזערט אויף אונדז, אַז מיר ווילן אַלע אומגליקלעך מאַכן. ר׳ יוסף מאיר קורלאַנד, האָט להיפוך צו זייער מיינונג אונדז צוגעגעבן מוט און געזאָגט: „קינדער ראַטעוועט זיך, אויב איר האָט נאָך לעבעדיק בלוט אין זיך״. ער האָט אונדז געעצה׳ט, אַז מיר זאָלן נאָך צוואַרטן ביז די באַן וועט דערגיין צום קרייצוועג. פון דאָרט פירט איין ליניע קיין אַשוויענטשים אין די צווייטע קיין גלייוויץ. אויב די באַן וועט זיך פאַרנעמען קיין אַשוויענטשים, זאָלן מיר שפּרינגען.

— שפּרינגט אַראָפּ מיט מזל און גאָט זאָל אייך היטן, נעמט נקמה פאַר אונדזער פּיין — האָט צו אונדז געזאָגט ר׳ יוסף מאיר.

זיין דערמוטיקונג האָט אונדז געשטאַרקט. מיר זענען געשפּרונגען פון צוג, וואָס האָט געפירט קיין אַשוויענטשים און איך האָב זיך געראַטעוועט.



# איבערלעבונגען פון קלאבוצקער אין פראנקרייך בעת דער דייטשער אויסראטונג

משה ווײַנמאַן

## צווישן פראנצויזישע פארטיזאנער

צום אָנדענק מײַנע ליבע עלטערן, געשטאָרבן פאַר דער מלחמה, און די פאַרפּײַניקטע שוועסטער, ברידער און משפּחה.

עס איז געווען אין די יוני טעג פון יאָר 1940. איך האָב געהאַט דורכגעמאַכט אַ קנאַפּן חודש אויף דער פראָנט־ליניע. אַלס פראַנצויזישער בירגער בין איך אין יענער צייט געוואָרן מאָביליזירט אין דער אַרמיי פון פראַנקרייך. אונזערע אײַנהייטן זענען צוריקגעטרעטן אין שרעקלעכער דעזאָרגאַניזאַציע, און דעם 15־טן יוני זענען מיר אַרײַנגעפאַלן אין דײַטשער געפאַנגענשאַפט. מ'האָט אונז אָפּגעשיקט אין אַ לאַגער קיין דײַטשלאַנד אַלס קריגס־געפאַנגענע. מיט דריי חדשים שפּעטער, אין סעפּטעמבער, בין איך אַנטלאָפן פון געפאַנגענען־לאַגער. מײַן פּאָליטישער באַוווסטזײַן האָט מיר דיקטירט תיכף זיך צושטעלן אין די רייען פון די קעמפער קעגן די היטלעריסטישע אונטערדריקער. צו אונז זענען דערגאַנגען די ערשטע ידיעות פון דײַטשער אכזריות און מאָרד־טעטיקייט איבער די פּוילישע יידן.

אויב אין די ערשטע צייטן איז די אַנטי־היטלעריסטישע טעטיקייט נישט געווען אַזוי באַשוווּרט אין פראַנקרייך, באַזונדערס אין דער אַזוי גערופענער „פרייער זאָנע", זענען אָבער די רעפּרעסיעס קעגן יידן געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק. מיר זענען שטענדיק געווען אויסגעשטעלט אויף טויט־געפאַר.

די ערשטע אויפגאַבע פון די ווידערשטאַנד־קעמפער קעגן שונא איז געווען צו געווינען די פראַנצויזישע באַפעלקערונג דורך אַנטי־היטלערישע אויפרופן און פערזענלעכע קאָנטאַקטן. פאַר דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג איז געשטאַנען די פראַגע פון אָפּראַטעווען טויזנטער און טויזנטער יידישע

קינדער, וואָס זענען אַזוי וואַרים אויפגענומען געוואָרן דורך די סימפּאַטישע פראַנצויזן, נישט יידן. זיי האָבן אויסבאַהאַלטן יידישע לעבנס, טיילמאָל ריזיקירנדיק מיט זייערע אייגענע לעבנס.

*

מיטן פאַראויסגאַנג פון דער סאָוויעטישער אַרמיי איז אונזער אַנטי־היטלערישער אַנגריף געוואָרן פאַרפילפאַכט, אומאויפהערלעך האָבן מיר געטוישט אונזערע אַנגריפס־מעטאָד. מיר איז אָנפאַרטרויט געוואָרן אַ וויכטיקער פאַר־טיידיקונגס־סעקטאָר, אויף מיר איז געלעגן אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן גוטן רעזולטאַט פון אונזערע אַנגריפן און פאַרן לעבן פון מיינע מיטאַרבעטער.



משה וויינמאַן אַלס פּאַרטיזאַנער אין פראַנקרייך

אין די לאַנגע שעהן פון צוגרייטן די אַנגרייפס־פּלענער, אין די לאַנגע וואַכנדע נעכט, האָב איך געזען אין פולן טראַגישן ליכט דעם גרויסן חורבן פון פוילישן יידנטום. די חרוב געוואָרענע יידישע היימען פון די פוילישע שטעטלעך, מיין געבוירן שטעטל קלאָבוצק.

שוין ביי 15 יאָר ווי איך האָב מיין היים־שטעטל געהאַט פאַרלאָזן, אָבער

אין די טראַגישע טעג, אין יענע נעכט, אין די קוואַרטירן פון די פראַנצויזישע אונטערערדישע קעמפער, אין דערוואַרטונג פונעם שונא, האָב איך ווי אין חלום ווידער געשפּאַנט איבער די גאַסן און געסלעך, אַריינגעקוקט אין די יידישע שטובן, אין אונזערע שטובן ווי אין פרידלעכע צייטן האָט זיך געפירט אַ יידיש לעבן מיט אַלע זיינעליידן און פריידן.

מיין געדאַנק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ הויז פון דער אַלט־שטאָט. איך האָב אַריינגעבליקט אין מיין היים־שטוב, געזען יעדעס ווינקל, ווי לאַנג איז דען ווי איך בין נאָך אַ חדר־יינגל געווען, געלערנט ביי דודל שוסטער, ביי הענעכל, איזשקע יאסע, דער מלמד מיט דער שיינער ברייטער באָרד. שפּעטער אין בית המדרש. אוןֹ מיין טייערער און ליבער טאַטע, וואָס כאָטש זייענדיק אַ בענדל־מאַכער (מיך האָט מען גערופן משה דעם בענדל מאַכערס), וואָס האָט געוועבט אויף זיין וועבשטול די פאַרשידנאַרטיק קאָלירטע בענדלעך, האָט נאָך געהאַט אַ סך צייט, נישט בלויז צו זאָגן תהלים, נאָר אויך זיך צו פאַרטיפן אין די הייליקע ספרים און גמרא, תוספות און אַנדערע דינים און מוסר־ספרים.

געווען ביסטו אַן ערלעכער, אָפּגעהיטענער ייד, אַן ערלעך באַשיידענער ליבער מענטש. אַן אַלעקסאַנדער חסיד, געפאָרן צום רבין און געלערנט תורה. איך זע מיין פאָטער איינגעהילט אין טלית, אין קיטל שטייענדיק ביים עמוד יום כפור ווי א שליח ציבור ביים מוסף.

אָט די אַלע בילדער זענען פאַרביי פאָר מיינע אויגן בעת איך בין געזעסן אין דערפל אויפן ראַנד פון טייך גאָראָן. אין אַן איזאָלירטן הויז, 16 קילאָמעטער פון דער שיינער אזוי סימפּאַטישער פראַנצויזישער שטאָט טולוז אין דרום פראַנקרייך. פון דרויסן האָבן געהאַלטן וואַך צוויי באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער צו פאַרהיטן פון אַן עווענטועלן געסטאַפּאָ איבערפאַל. אַרום איז פינצטערע נאַכט, יעדע מינוט קען איך פארלירן מיין לעבן, איך טראַכט ווייטער וועגן קלאָבוצק.

פאָר מיינע אויגן גייען פאַרביי די געשטאַלטן פון מיינע ברודער לוי און לייזער. לאַנגע יאָרן האָבן זיי געלערנט אין בית המדרש. דיין ווונטש טייערער טאַטע איז טיילווייז מקויים געוואָרן, דיין זון לוי האָט זיך אָפּגעראַטעוועט נאָכן חורבן, פאַרלוירן אין פוילן זיין פרוי און זיבן קינדער. ער איז היינט רב און שוחט אין סאַנטע פע, אין ווייטן אַרגענטינע. דער דייטשער יידן־מערדער האָט מיין צווייטן ברודער און מיין שוועסטער נישט אויסגעמיטן. ווו איז אייער געביין פאַר־שוונדן, וועלכע מערדערישע קויל האָט אייערע לעבנס פאַרשניטן?

טייערע היים־שטאָט קלאָבוצק, פון פראַנצויזישן פאַרטיזאַנער לאַגער זענען

ÉTAT FRANÇAIS

CARTE D'IDENTITÉ N° 6.698

Nom Alcalay

Prénoms Daniel

Domicile

Profession négociant

Né le 25 juin 1905

à Philippol (Bulgarie)

fils de Boris

et de

Nationalité française

Signature du titulaire.

SIGNALEMENT

Taille 1,57

Visage ovale

Teint mat

Cheveux noirs

Moustaches –

Front moy

Yeux marrons

Nez rectiligne

Bouche moy

Menton rond

Signes particuliers –

Changements de Domicile

Timbre humide

Timbre humide

TASSIN-la-DEMI-LUNE le 29 JUIN 1944

Visa de l'autorité ayant établi la carte.

Le Maire

משה וויינמאַן אַלס פאַרט'זאַן אויף אַ געפעלשטן פּאַס

מיינע געדאַנקן געווען געווענדעט צו דיר. צו אַלע דיינע יידן מיט דורותדיקער אַרבעט און יידישער אָרימקייט. איך זע דיך אין פלאַמען פאַרוויסט.

מיין ליבע טייערע מאַמע הינדע, ווי אַלע אַנדערע גוטע יידישע מאמעס, האָט זי שווער געאַרבעט, געווען פאַריאָגט טאָג און נאַכט, אין די ווינטער־טעג האָט זי זיך געפייניקט אין פראָסט און אין קעלט אויף די מערק, זייענדיק די פרנסה־געבערין, כדי דער מאַן זאָל קענען לערנען תורה.

מיינע טייערע עלטערן ,וואָס האָבן שוין געהאַט דאָס מזל צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, האָבן שפּעטער די דייטשע וואַנדאַלן קיין רו נישט געלאָזן. זיי האָבן צעאַקערט דעם בית עולם, געשענדעט אים. ווי גערן האָבן מיינע עלטערן

געוואָלט, אַז איך מיט מיינע ברידער זאָלן זיין ערלעכע און אָפּגעהיטענע יידן און אויך ווערן רבנים.

פאַר מיר ווערט אַלץ קלאָרער דער ציל פון מיין פּאַרטיזאַנער־טעטיקייט. צי איז דען מיין לייב טייערער ווי די פאַרברענטע לייבער פון מיינע יידישע ברודער ?

דער קאַמף איז אַ שווערער מיט גאָר גרויסע געפאַרן. מיט איייניקע טעג צוריק זענען דריי מיינע טייערע חברים אומגעקומען ביים וועלן אויפרייסן אַ קינאָ־זאַל, ווו ס'איז געוויזן געוואָרן דער אַנטיסעמיטישער פילם „יוד זיס". געוועזן זענען זיי דריי נישט־יידן, וואָס פאַראַ וואונדערלעכע מענטשלעכע סאָלידאַ־ריטעט אין אַנטי נאַצישן קאַמף. מיט איייניקע טעג צוריק האָט געסטאַפּאָ אַרעסטירט דעם יידישן טולוזער ראַבינער אַזאַנסקי, מיט וועלכן איך בין נאָך מיט אַ פּאָר טעג פריער געוועזן אויף אַ זיצונג און צוזאַמען האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו שאַפן געלט פאַר נויטבאַדערפטיקע יידישע פּליטים־פאַמיליעס. יעדן טאָג גיבן מיר קרבנות. שוין איייניקע מאָל ווי מיר איז געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון גאָר געפערלעכע סיטואַציעס אָבער אויף ווי לאַנג ?

זיץ איך דאָ אין פאַרטיזאַנער־לאַגער. איך משה דער זון פון הינדע און יעקב יצחק, דעם בענדעל־מאַכערס און פיל אויף מיינע פּלייצעס די גרויסע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, וואָס די צייט האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, דעם שטאַרק־ברענענדן באַגער נקמה צו נעמען פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט.



**נח ריפשטיין**

# מיינע איבערלעבענישן אין פראַנקרייך

איך האָב פאַרלאָזט מיין היים און מיין געבוירן־שטאָט קלאָבוצק אין יאָר 1934 און בין אַוועק קיין פראַנקרייך. מיט צוויי יאָר שפּעטער בין איך געוואָרן אַרויסגעשיקט פון פאַריז און בין געפאָרן קיין ארץ־ישראל אויף דער דעמאָלט־דיקער „מכביאַדע". נאָכן אָפּזיין צוויי יאָר אומלעגאַל אין ארץ־ישראל, בין איך צוריקגעקומען קיין פראַנקרייך אין יאָר 1937, און דאָן ווידער באַקומען דעם צווייטן אויסווייז מיט אַ צוגאָב פון אַ חודש תפיסה. די תפיסות אין פאַריז זענען דעמאָלט געווען געפּאַקט מיט יידן און נישט־יידן אויסגעוויזענע פון פראַנקרייך.

די מלחמה האָט געבראַכט פרישע ליידן — די וואָגלענישן אויף די וועגן פון פראַנקרייך, געיאָגט פון די דייטשע אַרמייען, וואָס מאַרשירן אויף פּאַריז.

אין יאָר 1941 בין איך אינטערנירט געוואָרן אין אַ לאַגער פאַר אויס־לענדער. ווען די פראַנצויזישע היטלער־משרתים האָבן גענומען אויסליפערן צו די דייטשן די אינטערנירטע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, כדי זיי אומצוברענגען אין די אויסראָטונגס־לאַגערן — איז מיר, אין פעברואַר, גע־לונגען צו אַנטלויפן, ווען די לאַסט־אויטאָס זענען שוין געווען אָנגעפּאַקט מיט יידן.

דריי וואָכן צייט האָב איך געבלאָנדזשעט אין די וועלדער, ביז איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַ שווייצאַרישן בירגער, וואָס האָט מיך אַריינגעלאָזט אין זיין דירה. אָבער נאָך אַ קורצער צייט זענען זשאַנדאַרמען געקומען מיך אַרעסטירן. מיר איז אויך דאָ געלונגען צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט מיך אַ פראַנצויזישע פאַמיליע אַריינגעלאָזט אין שטוב און מיך אויסגעהאַלטן דריי וואָכן צייט מיט עסן.

מיין פרוי און קינד זענען דורך די מאַכט־אָרגאַנען אומאויפהערלעך שאַנטאַזשירט געוואָרן. מ׳האָט פון זיי פאַרלאַנגט, זיי זאָלן אויסגעבן מיין באַ־העלטעניש.

אין יאָר 1942 האָט מען מיך גענומען אין לאַגער. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן דורך די שטעכל־דראָטן. איך בין פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דרעסירטע הינט. אַ צעבלוטיקטן האָט מען מיך צוריקגעבראַכט אין לאַגער. פאַר מיין פרווו צו אַנטלויפן בין איך באַשטראָפט געוואָרן מיט פאַרקירצן די זעונגען מיט מיין קינד אויף 10 מינוט צייט.

פסח 1943 איז מיר דאָך געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון לאַגער. איך בין אַוועק אין אַ באַרגיקער געגנט, געוווינט אין אַן איזאָלירט הויז און זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. איך האָב באַקומען אַן אויפגאַבע צו ראַטעווען די ווידערשטענדלער, וועלכע ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער דייטשער אַרומרינגלונג און זיי מיטן געווער איבערצופירן דורכן וואַסער אין זיכערע ערטער.

ביי מיין ריקצוג פון באַדראָטע ערטער, איז מיין פרוי און קינד מיט־געפאָרן מיט מיר אין אַן אויטאָ פול מיט אויפרייס־מאַטעריאַל, טראָץ דעם פאַרמעלן פאַרבאָט מיטצונעמען פרויען און קינדער. נאָך צוויי טעג וואַנדערן האָבן מיר זיך דערוואָרט אויפן אַריינקום פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

מיר האָבן זיך געפרייט, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, דאָך איבערגע־לעבט. מיין פרייד איז אָבער באַלד איבערגעגאַנגען אין טרויער, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין דער דייטשער יידן־אויסראָטונג זענען אויך אומגעקומען מיינע טייערע עלטערן, מיין ליבער ברודער שלמה און מיין גאַנצע משפחה איז ברוטאַל אויסגעמאָרדעט געוואָרן.



דער קלאָבוצקער לייב אייזנער געקעמפט אין דער אַנצויזישער אַרמיי קעגן דייטשלאַנד



# אויסראטונג פון די יידישע קהילות פון מיעדזינע און אומגעגנט

מיעדזינע איז אַ דאָרף נישט ווייט פון קלאָבוצק, דאָרט האָט געוווינט אַ גרעסערע צאָל יידן, בערך 30 משפחות. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע שול מיט אַ מקוה און אַ שוחט, וואָס איז געוואָרן אויסגעהאַלטן פון דער קלאָבוצקער קהילה. פרנסות האָבן יידן געצויגן פון דאָרף־האַנדל. געוועזן אויך דאָרט געציילטע יידישע בעלי מלאכות: אַ בעקער, אַ שוסטער און אַ שניידער. יעדער פון די דאָרפס יידן האָט געהאַט זיין אייגן שטיקל פעלד.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען קלאָבוצק און אומגעגנט האָבן זיי 14 מיעדזינער יידן אַוועקגעשיקט אין בוכנוואַלד. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די דייטשן צוריק געשיקט אַ קעסטל מיט אַש פון פאַרפייניקטע מיעדזינער יידן, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן אויפן קלאָבוצקער בית־עולם.

דער מיעדזינער שוחט פנחס ראָזנטאַל איז געשאָסן געוואָרן אין זאַגאַזשער וועלדל. דורך פוילישע באַנדיטן. זיין פרוי איז באַלד פון גרויס צער געשטאָרבן. זיינע צוויי זין נטע און מאיר זענען אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו. דער דריטער זון העניעק איטשע, געוווינט אין פאַביאַניץ, איז געוואָרן אַוועקגעשיקט ביים גירוש פאַביאַניץ צוזאַמען מיט די פרוי און קינדער.

פון די 14 אַוועקגעשיקטע מיעדזינער יידן זענען 2 געבליבן לעבן: חיים בוכמאַן (וווינט אין ישראל) און קלוג (לעבט אין אַמעריקע).

אין קלאָבוצקער געגנט זענען פאַראַן אויך קלענערע דערפער אין וועלכע ס'האָבן געוווינט יידן, זיי זענען געווען פאַרבונדן מיט דער קלאָבוצקער קהילה. די דערפער זענען: זאַגאַזש (ווו די דייטשן האָבן בעת דער אָקופּאַציע אויפגעשטעלט אַ יידן־לאַגער), לאַבאַדנע, וורענטשיצע, ווילקאָוויעצק, אָסטראָוו, קאַטשין, וואַלענטשעוו, זלאַכאָוויטש.

אין די דערפער האָבן געוווינט צו עטלעכע יידישע משפחות, וואָס נאָר צו די ימים נוראים זענען זיי געקומען קיין קלאָבוצק דאַווענען. זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

# ד י י ט ש ע  א ו י ס ר א ט ו נ ג

**די ווייטער־געבראַכטע פאָטאָגראַפיעס פון דער דייטשער בעסטיאַלישער מאָרד־טעטיקייט אין לאַגער דאַכאו איז איבערגעגעבן געוואָרן פון אברהם געלבאָרד. ער האָט זיי באַקומען פון אַמעריקאַנער אָפיצירן, וועלכע האָבן געמאַכט די פאָטאָגראַפיעס, באַלד נאָכדעם, ווי זיי האָבן פאַרנומען די לאַגערן**



אברהם געלבארד אין די לאַגער־מלבושים. ער וווינט היינט אין ישראל



אַריינגאַנג אין פייניקונגס־לאַגער — דאַכאַו



די גאַסן אין לאַגער דאַכאַו



מ׳פירט די קרבנות צום פאַרגאַזעוון



די פאַרברייטונגען צום פאַרברענען די מתים



די פארברייטונגען צום פאַרברענען די מתים



מ׳רוקט אַריין די פאַרפייניקטע אין קרעמאַטאָריע



דייטשע אויסראטונג



דייטשע אויסראטונג






עס. עס.־לייט, געכאַפּט אַן אַנטלאָפענעם אַרעסטאַנט און איס אויפגעהאַנגען



אַמעריקאַנער זעלנער און אָפיצירן באַשרייבן די גרויל־בילדער
פון דער דייטשער אויסראטונג

# קלאבוצקער יידישע משפחות

# פארפייניקטע דורך די דייטשן

**די שארית הפליטה פון קלאָבוצקער יידן פאַראייביקן דעם אנדענק פון זייערע קרובים און נאָענטע דורך פאַרעפנטלעכן זייערע איבערגעבליבענע פאָטאָגראַפיעס און דורך באַשריי־בונגען פון זייער לעבן און אומקום.**

*

דער יזכור־בוך־קאָמיטעט האָט זיך באמיט אריינצוברענגען אין „ספר־קלאָבוצק" די נעמען, פאָטאָגראַפיעס און משפחה־באשרייבונגען פון אַלע קלאָבוצקער פארפייניקטע יידן. ליידער האָט זיך נישט איינגעגעבן אויפצושטעלן אַ פולע נאָמענט־לעכע רשימה און אויפצוזאַמלען אַלע מאַטעריאַלן פון די אומגעקומענע משפחות.




# אל מלא רחמים

שוכן במרומים, המצא מנוחה נכונה תחת כנפי השכינה, במעלות קדושים וטהורים, כזוהר הרקיע מזהירים את נשמות הקדושים, יהודי קלובוצק והסביבה, אָבות, אמהות, בנים, ובנות. זקנים עם נערים, עוללים ויונקים, טף ונשים, שנהרגו, נשרפו ,נטבחו, נחנקו, נטבעו, נרצחו, ונקברו חיים על ידי הגרמנים מזרעו של עמלק.

בגן עדן תהיה מנוחתם, לכן בעל הרחמים יסתירם בסתר כנפיו לעולמים. ויצרור בצרור החיים את נשמתם, ה' הוא נחלתם, וינקום את נקמת דמם השפוך וינוחו בשלום על משכבם ונאמר אמן.

# די משפחה ווייכמאַן

איך בין געבוירן געוואָרן אין קושעפּיץ, האָב חתונה געהאַט אין קלאָבוצק מיט זלמן ווייכמאַן. מיר האָבן געהאַט זעקס קינדער. דריי זענען געווען אויס־געגעבענע. ביז 1941 זענען מיר געווען אַ משפּחה פון צוועלף נפשות. מיר האָבן געלעבט מיט האָפנונג, אַז אונדזער משפּחה וועט זיך צוזאַמענהאַלטן ביז סוף מלחמה, אָבער דער ביטערער גורל איז געווען אַנדערש. בעת די דייטשן האָבן גענומען אַלע יונגע מענטשן פון קלאָבוצק און אַוועקגעשיקט קיין דייטש־לאַנד, זענען צווישן זיי געווען אויך מיינע זין און איידעמס. באַלד נאָך דעם האָט אויך מיין מאַן באַקומען אַ באַפעל, אַז ער זאָל יעדן טאָג גיין צו דער אַרבעט. דאַן איז אויך געשאַפן געוואָרן דער זאַגאזשער לאַגער.

אין יולי 1942, בעת דער קלאָבוצקער „אויסזידלונג", זענען פיל מענטשן געלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו, איך בין אויך מיטגעלאָפן. מ'האָט נישט געוווּסט וווהין מען לויפט. יעדער האָט געקעמפט מיטן טויט. יענע טעג מיט די נעכט זענען מיר געבליבן טיף אין זכרון. גאַנצע משפּחות זענען צעריסן געוואָרן.

אין דריי חדשים שפּעטער, אין יום כיפור, האָט זיך אָנגעהויבן אין טשענסטאָכאָוו. מיין טאָכטער רחל איז אַוועקגעשיקט געוואָרן. איך בין צוריק־געלאָפן איבער דער „גרענעץ" צו מיין מאַן און קינדער, וואָס זענען געווען אין זאַגאזשער לאַגער. דאָס איבערלויפן די גרענעץ איז געווען ממש אַ טויט־מאַרש, אַ סך זענען געכאַפּט געוואָרן און גלייך געשאָסן געוואָרן.

מיר איז געלונגען בשלום אַריבערצוקומען אין זאַגאזשער לאַגער. מיר זענען געווען ביי דער אַרבעט 6 הונדערט מענער מיט פרויען. מיר האָבן זייער שווער געאַרבעט. מ'האָט דעמאָלט פאַרניכטעט דאָס יידישע בית־עולם, אַלע מצבות אַרויסגענומען און אַלץ איז אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד: ס'ליגט מיר גוט אין זכרון יענע טעג. ס'האָט מיך גוט געדריקט ביים האַרצן און טרערן האָבן געשטיקט ביים אויסרייסן די מצבות און אויסגלייכן יענע ערד ווו אונדזערע טייערע קלאָבוצקער יידן האָבן זייער אייביקע רו געהאַט.

אין חודש יולי, 1943, ווען דער לאַגער איז ליקווידירט געוואָרן, האָט מען אונדז אַלע אַריינגעזעצט אין פאַרמאַכטע געשלאָסענע וואַגאָנען און אַוועק־געשיקט. מיין מאַן האָט דעמאָלט געזאָגט צו מיינע קינדער, אַז ער געזעגנט זיך מיט דעם קלאָבוצק ווו ער און זיינע עלטערן און זיידעס זענען געבוירן געוואָרן.

אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנען האָט מען אונדז געשיקט קיין בלעכאַמער

אין אַרבעט־לאַגער, דאָרט האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ סעלעקציע, געזונטע, יונגע מענטשן האָט מען געשיקט צו דער ארבעט, קינדער 10—12 יעריקע האָבן אויך געוואָלט אַרבעטן. ס׳האָט נישט געהאָלפן זייער בעטן זיך און וויינען. דער דייטשער מערדער, דער לאַמער לודוויג מיט זיין גרויסן בייזן הונט, האָט אַלע קינדער מיט די עלטערע, וועלכע זענען נישט געפעלן די ס. ס.־מענער, פאַר־טריבן אין אַ קאַמער און מען האָט זיי געשיקט קיין אַשוויענטשים אויף אייביק. כאָטש איך בין שוין דאַן געווען איבער די 50 יאָר, נאָר איך האָב נאָך יונג אויסגעזען, האָט מען מיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט אין אַן אַמוניציע פאַבריק אין לאַגער לודוויגסדאָרף נישט ווייט פון ברעסלוי.

מיין מאַן זלמן, האָט געאַרבעט אין אַ קאַצעט־לאַגער ביז 1944 און ער איז געשטאָרבן פון הונגער. מיינע צוויי זין און אַן איידעם זענען עטליכע שעה פאַר אונדזער באַפרייונג אומגעקומען. איך בין לעבן געבליבן, ווייל אונדזער לאַגער האָט מען נישט ליקווידירט, כאָטש מיר האָבן געהונגערט, אָבער מיר האָבן אויסגעהאַלטן ביז ס׳איז אָנגעקומען די רוסישע אַרמיי דעם 8־טן מאַי 1945 און אונדז באַפרייט.

היינט בין איך ביי מיינע קינדער אין שוועדן.

*מאכא ווייכמאַן*

# די משפחה אונגליק

פון שטענדיק אָן ווען די משפחה־מיטגלידער זענען זיך צונויפגעקומען, האָט מען נאָר געטראַכט פון וואַנעט נעמט זיך דער נאָמען, און קיינמאָל האָבן מיר נישט געקענט דערגיין צו דעם מקור פון דעם אַזוי אויסטערלישן נאָמען.

מיר וועלן אָנהויבן אונדזער משפחה באַשרייבונג מיט דער אַלטער באָבע אידל און דעם אַלטן זיידן לייבוש.

זיי האָבן געהאַט 6 זין: משה, קאָפל, משולם (שילעם), שמשון, איציק און דוד. מיט דער צייט האָט זיך די פאַמיליע שטאַרק פאַרגרעסערט. נאָכן טויט פון זיידע־באָבע האָט זיך אין איטלעכער שטוב געפונען דער נאָמען לייבוש און אידל. אַזוי, אַז מיט דער צייט האָט מען שוין נישט געקענט זאָגן לייבוש אונגליק, ווייל מען האָט נישט געוווּסט, וועלכן לייבוש מען מיינט. מען האָט געמוזט אָנרופן לייבוש אונגליק פון קזשעפּיצער וועג, אָדער אָנגעבן אַנדערע באַצייכנונגען. און אַזוי־ווי מיט דער צייט האָבן אַ סך פון אונדזער משפחה



ר׳ קאַפּל אונגליק און פרוי

פאַרלאָזט קלאָבוצק און אַוועק אין ארבע פינות עולם, איז דעריבער נישטאָ קיין לאַנד וווּ עס זאָלן זיך נישט געפינען אונגליקס פון קלאָבוצקער אָפּשטאַמונג.

איך וויל דאָ דערמאָנען מיין נאָענטסטן דעם זיידן קאָפּל אונגליק, וואָס האָט געלעבט ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט זיינע טעכטער חתונה געמאַכט מיט בני תורה. דער עלטסטער איידעם יידל דאָווידאָוויטש, געבוירן אין פאַנטשנע, איז שפּעטער אַוועק קיין לאָנדאָן. דער צווייטער איידעם, יאָסל מאַרקאָוויטש, געבוירן אין זאלאשין, האָט געקענט גוט לערנען און איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד. ער האָט פאַרנומען אין קלאָבוצק אַן אָנגעזעען אָרט אין יידישן לעבן, געווען אַ גוטער בעל־תפילה, אַ מוהל און האָט זיך שטענדיק באַטייליקט אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס און חברות, וואָס האָבן געדינט דעם כלל.

יאָסל מאַרקאָוויטש איז געווען פון די גרינדער פון דער חברה „ביקור



יהודה דאַווידאָוויטש און פרוי

חולים". ער איז אין די צייטן פון דער היטלער־אָקופּאַציע פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.

אונדזער באָבע לאה האָט פאַרן שטאַרבן צוזאַמענגערופן די קינדער מיט די אייניקלעך און זיך מיט זיי געזעגנט. אירע לעצטע ווערטער זענען געווען: פון אַזאַ שיינעם דור גיי איך אַוועק.

מיינע עלטערן: משולם און פרימעט שיינדל זענען דורך די דייטשן געשאָסן געוואָרן אין קלאָבוצק. זיי זענען געווען באַהאַלטן אויף אַ בוידעם אַ לאַנגע צייט. ווען זיי זענען שוין געווען גוט אויסגעהונגערט, האָבן זיי זיך אַליין געמאָלדן צו די דייטשן און מען האָט זיי דערשאָסן. עס זענען געבליבן לעבן: אברהם, (וווינט אין ישראל) און דער שרייבער פון די זכרונות.

**יאַנקל משה אונגליק, פּאַריז**



משולם אונגליק און משפחה

געבליבן לעבן: אברהם, צווייטער אין דער ריי, אויבן פון לינקס און יאַנקל משה, דריטער אין דער ריי לינקס, אונטן. ער איז נאָך געווען דעמאָלט אַ קינד.

# משפחה גוטערמאַן

איך בין אַן אייניקל פון ר׳ ישעיה הארצקע און פריידל גוטערמאַן. זיי האָבן געפירט אַ שיין מסחר און א יידיש־חסידישע שטוב, מיט טראַדיציע און תורה און מצוות. זיי האָבן אויסגעצויגן בכבוד זייערע קינדער. פאַר די טעכטער האָבן זיי געזוכט חסידישע איידעמס און פאַר די זין גוטע שנורן. ביידע, דער זיידע מיט דער באָבן, זענען נפטר געוואָרן אין איין וואָך אין חודש חשון תרפ״ג און איבערגעלאָזט 9 קינדער.

אין קלאָבוצק האָבן געוווינט: חנה און איר מאַן יהושע, ישכר ראָזענצווייג, מיט פיר קינדער, יהושע ישכר איז געווען אַ ראַדאָמסקער חסיד. זיי זענען אומגעקומען אַלע צוזאַמען.

טובה מיטן מאַן שלמה און צוויי קינדער זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קלאָבוצקער יידן. יעקב פייוול מיט זיין פאַמיליע האָבן געוווינט אין לאָדזש. בעתן אויסברוך פון דער מלחמה זענען זיי ערגעץ־ווו אַ וועק. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען יעקב פייוולען געפונען הענגען אויף אַ בוים נעבן לאָדזש, נישט ווייט פון שטעטל יעזשוו. זיין פרוי חיה מיט צוויי קינדער זענען אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו און זענען דאָרטן אומגעקומען. אברהם יחיאל איז אומגעקומען אין לאָדזש.

מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין קלאָבוצק ביזן יאָר 1933. מיין פאָטער הערש גוטערמאַן, אַ געזעצער חסיד, האָט אַנטייל גענומען אין אַלע צדקה־אַנשטאַלטן, געווען שטענדיקער גבאי אין „קופת ר׳ מאיר בעל הנס״ און אין „חברת בקור חולים״. שפּעטער זענען מיר אַוועק קיין לאָדזש. מיר זענען געווען זיבן קינדער: גיטל, אַריה, ביילע, חנה, קריינדל, מענדל און פריידל.

די דייטשן האָבן די עלטערן מיט עטלעכע קינדער געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרטן קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען פאַרפייניקט געוואָרן. זייער יאָרצייט איז ב׳ חוהמ״ס.

פון דער משפחה לעבט אין ישראל מיין מומע חיה מיט איר מאַן בן־ציון גרינפעלד, דער שרייבער פון די שורות מיט זיין פרוי פייגל און א זון.

אריה גוטערמאַן, ישראל

# משפחה פייגע

מיין עלטער־זיידע משה פייגע האָט געוווינט אין קלאָבוצק. ער האָט געהאַט עטלעכע זין און טעכטער, וואָס האָבן שטענדיק פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אינעם יידישן לעבן. זיין עלטסטער זון — שמעון איז געווען דער אייגנ־טימער פון דער גרעסטער ליכט־פאַבריק אין טשענסטאָכאָוו און געווען ראַטמאַן אין טשענסטאָכאָווער שטאָט־ראָט. דער צווייטער זון — אברהם האָט געוווינט אין קלאָבוצק, ווו ער איז אַ געוויסע צייט געווען דאָזאָר און שטענדיקער גבאי פון „חברה קדישא". דער דריטער זון — שמואל לייב, מיין זיידע, האָט געהאַנדלט מיט תבואה, זיין פרוי, די באָבע ליבע, האָט פאַרקויפט מילך. אירע חשבונות האָט זי געפירט אויף דער וואַנט, פאַרשריבן מיט שטרייכעלעך פון קרייד אירע חובות.ביידע זענען געשטאָרבן בשיבה טובה און בכבוד גדול. זיי האָבן איבער־געלאָזט עטלעכע זין און אַ טאָכטער. פון זיי אַלע איז נאָר מיין פאָטער געשטאָרבן אויף זיין בעט, די אַנדערע זענען אומגעקומען אין היטלער־גיהנום.

מיין פאָטער דניאל איז געווען אַ פרומער ייד, שבת און יום־טוב האָט ער געטראָגן אַ זיידענע קאַפאָטע מיט אַ סאַמעטן היטל. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מיין פאָטער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: גאָט זאָל אויסהיטן פון מלחמות, ווייל אַ מלחמה איז אַן אומגליק פאַר יידן. דער ערשטער קרבן איז שטענדיק דער ייד. מיין פאָטער האָט זיך פאַרנומען מיט האָלץ־מסחר און געווען אַ שותף צו דער זעגמיל פון איצעק כאָדע.

איינמאָל, ווען ער איז געווען ביי זיין שוועסטער אין וויעלון, איז ער קראַנק געוואָרן. מען האָט אים גלייך געבראַנגט קיין קלאָבוצק און באַלד אַרויס־גערופן אַ דאָקטאָר פון טשענסטאָכאָוו. ס'איז אים געוואָרן אַלץ ערגער. פרייטיק צונאַכטס, פאַר זיין פטירה, איז געקומען אים מבקר חולה זיין דער רב מיט עטלעכע חסידים. שבת פאַרטאָג, י"ז שבט, האָט ער זיין נשמה אָפּגעגעבן דעם בורא עולם.

מיין מוטער פייגל איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָוו.

מיין מאַן יאָסל מענדעלעוויטש איז געווען אַ צוקער־בעקער. מיר האָבן געהאַט אַ קאָנדיטאָריי און דערפון געצויגן שיין פרנסה. 4 קינדער האָבן מיר געהאַט. אַלע האָבן זיך זייער גוט געלערנט. מיין מאַן האָט געטון טובות אַ סך מענטשן. שטענדיק ווען די דאָרפסגייער האָבן נישט געקאָנט פאַרקויפן זייער סחורה: פוטער, קעז, אייער, האָבן זיי די פּראָדוקטן געבראַנגט צו אונדז. מיר



יאָסל מענדעלעוויטש

האָבן שטענדיק באַצאָלט אַזוי, אַז די הענדלער זאָלן נישט האָבן קיין היזק. מיר האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע סאָציאַלע אַנשטאַלטן.

ווען די שוידערלעכע מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָבן מיר מיטגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום. מיין מאַן איז קראַנק געוואָרן אין זאַגאזשער לאַגער. מיין ברודער משה האָט אים געפירט קיין קושעפיץ אין שפּיטאָל אַריין. שפּעטער, ווען מען האָט ליקווידירט דעם קושעפּיצער לאַגער, האָט מען מיין מאַן צוזאַמען מיט אַלע יידן געשיקט קיין אויבערשלעזיע אין לאַגער דירענפירט. דאָרט איז ער געשטאָרבן.

ווען מען האָט געשיקט די קלאָבוצקער יידן קיין בלעכאַמער האָט מיין ברודער אכטונג געגעבן אויף מיינע צוויי זין, וואָס זענען געווען מיט אים צוזאַמען אין איין וואַגאָן: ביים אויסשטייגן פון די וואַגאָנען זענען אַלע צוזאַמען געגאַנגען אין איין ריי. מיין עלטסטן זון לוי מיט מיין ברודער האָט מען

אױפֿגעשיקט קײן אנײװער. דעם קלענערן זון יחזקאל האָט מען נישט געװאָלט מיטנעמען. ער איז אומגעקומען אין בלעכאַמער.

מײן זון לױ האָט מען שפּעטער געשיקט קײן קלעטענדאָרף. איך האָב זיך מיט אים געזען. װי איך האָב געהערט איז ער אומגעקומען נאָענט פֿאַר דער באַפֿרײַאונג. ער איז געװען אין אַ צוג, װעלכן די אַמעריקאַנער האָבן באָמבאַרדירט.

איך געפֿין זיך איצט אין קאַנאַדע מיט מײנע אָפּגעראַטעװעטע צװײ טעכטער.

**צביה מענדעלעװיטש — פײגע, קאַנאַדע**



לױ מענדעלעװיטש



יחזקאל מענדעלעװיטש, אומגעקומען
אין אַשװיענטשים אין עלטער פֿון 6 יאָר



פייוול פייגעס טעכטער מיט איינִיקלעך



קריינדל רייי, הינדע פייגע



חיים פייגע



שרה רחל, טאָכטער פון פישל פייגע
און טויבע בערקאָוויטש



דניאַל רייך, אייניקל פון דניאַל פייגע

# משפחה שמולעוויטש

מיין פאָטער משה שמולעוויטש, געבוירן אין וויעלון, האָט געשטאַמט פון אַ חסידישער און רבנישער משפּחה. מיין מוטער רחל האָט פון דערהיים געהייסן זיסהאָלץ. זיי האָבן לאַנגע יאָרן געלעבט אין קלאָבוצק. מיין פאָטער איז אַ סך יאָרן געווען דאָזער, שטענדיק געאַרבעט לטובת הכלל.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, איז מיין פאָטער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין שטאָטראַט און אַלס לאַוניק אין געריכט. ער האָט באַהערשט 4 שפּראַכן און געפירט די ביכער פון דער יידישער קהילה.

מיר זענען געווען אַכט ברידער און פיר שוועסטער. מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין קלאָבוצק אין עלטער פון 74 יאָר. מיין מוטער האָט שטענדיק געשטיצט אָרעמע מענטשן. געווען טעטיק אין „חברת בית לחם", אין דער „חברה קדישא" פון פרויען. אין יאָר 1942 איז זי דעפּאָרטירט געוואָרן דורך די דייטשן קיין אָשוויענטשים און דאָרט אומגעקומען אין עלטער פון 75 יאָר.

מיין שוועסטער חיה־שרה מיט איר מאַן פוקס און דריי קינדער זענען אומגעקומען אין מיידאַנעק. זייער זון איז געראַטעוועט געוואָרן און לעבט אין ישראל. דער ברודער אברהם אשר, אַ געוועזענער בית מדרש בחור, האָט

חתונה געהאַט מיט חוה דינג. ער האָט געפירט די ביכער פון קליינהענדלער־באַנק און פון דער קהילה. ווען די דייטשן האָבן באַזעצט קלאָבוצק, האָבן זיי געררופן דעם פּרעזעס ברוך שפּערלינג מיט מיין ברודער אברהם אשר. מען האָט זיי מערדערלעך צעשלאָגן מיט באַגנעטן, אָפּגעשניטן די האָר און באַפוילן זיי די האָר אויפצועסן.

שפּעטער האָט מען אברהם אשרן מיט זיין זון שמואליק אַוועקגעשיקט אין די דייטשע לאַגערן און דאָרטן איז ער אומגעקומען. זיין פרוי און טאָכטער זענען אומגעקומען אין אָשוויענטשים.

מיין ברודער בערל איז געווען אַ קאָמוניסט און איינער פון די גרינדער פון דער פּרץ־ביבליאָטעק און דער געזעלשאַפט „בילדונג". ער האָט חתונה געהאַט מיט חנה שפּערלינג. זיי זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייער טאָכטער צעשאַ. אַזוי האָבן אויך פאַרענדיקט: מיין שוועסטער הינדע מיט איר מאַן מרדכי שפּערלינג און 4 קינדער. אַלע זענען אומגעקומען.

מיין ברודער לייב, אַ געוועזענער מיטגליד פון קלאָבוצקער דראַמאַטישן קרייז, האָט חתונה געהאַט מיט חנה שרה גראַנעק פון קזשעפּיץ. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער.

אין יאָר 1939 איז דער ברודער אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין נירנבערג



משפחה שמולעוויטש

און שפּעטער קיין טרעבלינקע. בעתן אויפשטאַנד אין טרעבלינקע איז אים געלונגען מיט נאָך עטלעכע אַרעסטאַנטן צו אַנטלויפן. ער איז אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. ער איז געפאַלן בעת אַ שלאַכט אין די אוקראַינער וועלדער. זיין פרוי און קינדער זענען אומגעקומען אין אַשוויענטשים.

מיין שוועסטער מאַכע האָט חתונה געהאַט מיט יחזקאל ראָזן. זיי האָבן געהאַט איין טאָכטער. ראָזן איז פאַרפּייניקט געוואָרן אין די דייטשע לאַגערן און זי מיטן קינד זענען אומגעקומען אין אַשוויענטשים. דער ברודער אהרן, פאַר דער מלחמה אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ גוטער רעדנער, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרטן אומגעקומען. מיינע ברידער שיע איציק און גרוינעם זענען געשטאָרבן פון אַ טיפוס.

פון דער גאַנצער משפּחה זענען בלויז געבליבן — איך און מיין ברודער יאָסל.

יעקב שמולעוויטש, פּאַריז

# מאַנטשע אונגליק (מאַנעלע)

ער איז געווען פון די פרומע יידן אין שטעטל, א ירא שמים. כל ימיו עוסק געווען אין צדקה וחסד. ער האָט געהאַלטן א יאַטקע, געווען אַ קצב. דער פּילצער רבי וואָס האָט געוווינט אין טשענסטאָכאָוו האָט געגעסן פלייש נאָר פון מאַנטשעס יאַטקע.

יעדן שבת נאָכמיטאָג האָט מען מאַנטשען געזען אין בית המדרש ביים



האָדל — די מאַמע
פון דער משפּחה אונגליק

לזכר פון דעם פאָטער
פון דער משפּחה
אונגליק — מאַנטשע ז״ל,
פון וועמען עס איז נישט
געבליבן קיין פאָטאָ־
גראַפיע

**אָפּענעם „מדרש תנחומא". ער האָט ליב געהאַט צו רעדן מיט די בחורים וועגן רביים און חסידות. זײַן פרוי ראדל האָט מען געקענט אין קלאָבוצק ווי אַ פרוי מיט מידות טובות און פון צדקה וחסד בסתר. נישט איין אָרעמע שטוב האָט געגעסן פלייש שבת און יום טוב, וואָס ראָדל האָט אַרײַנגעשיקט און נאָך צוגע־**



טאָכטער רבקה לאה און מאַן שמחה יאַקובאָוויטש און קינד



די קינדער פון שמחה יאַקובאָוויטש און רבקה לאה: משה׳לע, נחמיה׳לע און חנה׳לע

שיקט צו דעם אויך געבעקס. זייער זון גדליהו האָט געקענט שיין לערנען און געווען אַ בעל מזג טוב. זייער איידעם שמחה, האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות. ס'איז געווען א שטוב צו גאָט און צו לייט.

בעת דער רוצחישער דייטשער הערשאַפט זענען אומגעקומען: מאנטשע



דער זון אברהם און זיין פרוי גאָלדע



טאָכטער חנה'לע און איר מאַן האָרצקע שיליט און קינד

מיט זיין פרוי ראדל, זייער טאָכטער רבקה לאה מיטן מאַן שמחה און אויך די דריי קינדער פון דעם פּאָרפּאָלק: משה׳לע, 9 יאָר אַלט, נחמיה׳לע 7 יאָר, חנה׳לע 6 יאָר. גדליהו איז געשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט שמחה׳ן און צו קבורה געקומען אין קלאָבוצק. אהרן און זיין פרוי זענען געשאָסן געוואָרן אין טשענס־טאָכאָוו, פייגל און הערצקע שיליט, זייערע קינדער: חנה׳לע 2½ יאָר, דבורה׳לע 3 וואָכן, בלומע און שרה׳לע זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אין טרעבלינקע.



טאָכטער בלומע



שרה אונגליק



גדליה אונגליק

## ר׳ שמואל דוד שניאור

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, חתונה געהאַט אין קלאָבוצק מיט רבקה רויזע, די טאָכטער פון שלמה מרדכי גרין. ר׳ שמואל דוד האָט געגעסן „קעסט״ ביים שווער. אין זיין „קעסט״־צייט האָט ער עוסק געווען אין תורה און באַקומען היתר הוראה פון ר׳ יענקעלען. ער איז געווען אַ גערער חסיד און אַ טיש־זיצער נאָך ביים „שפת־אמת״, זיין משפחה איז באַשטאַנען פון 5 טעכטער און צוויי זין. מיט די טעכטער האָט ער געטאָן גוטע שידוכים און האָט געהאַט אַלס איידעם: אהרן הענדעל, ישעיהו כאדעס זון, דעם טרוסקאלאסער שוחטס זון יחיאל קרימאלאָווסקי און דעם קומאנער רבינס איניקל — מאיר טאוב.

ר׳ שמואל דוד שניאור מיט זיין פרוי זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע. דער איינציקער זון מענדל, איז געבליבן לעבן און וווינט מיט זיין פרוי און קינדער אין אויסטראַליע.

**אליהו ראָזענטאַל, אויסטראַליע**

# ר׳ יצחק דזשאלאווסקי

ר׳ יצחק דזשאַלאָווסקי איז געווען אַ קלאָבוצקער אָנגעזעענער באַלעבאָס, אַ ראַדאָמסקער חסיד, ליב געהאַט אַריינצוקוקן אין מוסר ספרים און געהאַט זיין בני תורה. זיין זון שמעון איז געווען דער איידעם פון רב ר׳ יהושע ישראל, דער צווייטער זון משה, האָט געקענט גוט לערנען און געווען טשענסטאָכאָווער שוחט. ר׳ יצחק איז געווען שטענדיקער גבאי ראשון פון דער חברה קדישא.

# ר׳ יחיאל קראשקאווסקי

א ראַדאָמסקער חסיד, אַ בכבודיקער גוט האַרציקער און ליבלעכער מענטש. זיין האַלטונג האָט אַרויסגערופן ביי איטלעכן דרך ארץ. זיין פרוי פייגל איז אין כאראקטער געווען שטאַרק ענלעך צו איר מאַן. זייערע צוויי זין: אליהו און איטשע זענען אומגעקומען. געראַטעוועט האָבן זיך — איין זון דוד און צוויי טעכטער: בריינדל און גיטל, ביידע וווינען אין אויסטראַליע.

# אברהם דיאמענט

אַן אַרבייטסזאַמער ייד. אַ סך יאָרן געווען באַשעפטיקט אַלס סעקרעטאַר אין זאַגאזשער טאַרטאַק. יעדן שבת איז ער פון אַזאַ וויטן וועג געקומען דאַווענען אין ראַדאָמסקער „שטיבל״ און מיטגעבראַכט אויך זיינע קינדער. ער איז געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אין דער קהילה, אויך אין דער גמילת חסדים־קאַסע, זיין פרוי, רחל׳ע איז געווען אַ האַרציקע יידישע מאַמע און דערצויגן אירע קינדער אַלס שטאַלצע און נאַציאָנאַלע יידן. פון דער גאַנצער משפחה: די זין — דוד, יעקב מאטעק און אַ טאָכטער, איז געבליבן לעבן נאָר די טאָכטער זיסל, צוזאַמען מיט איר מאַן דוד קראשקאָווסקי. זיי וווינען אין אויסטראַליע.

# אברהם מאסס

האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר, שטענדיק געווען אונטערוועגנס, ארומ־געפאָרן אויף די מערק, זיין הויפט זאָרג איז געווען צו געבן די קינדער אַ גוטע דערציאונג. אין דעם האָט אים געהאָלפן זיין פרוי אסתר צו דערציען די קינדער

# משפחה קראשקאָווסקי



יחיאל קראשקאָווסקי



רחל קראשקאָווסקי



יעקב דיאַמאַנט



אליע קראשקאָווסקי

צו זיין נאַציאָנאַלע יידן. דאָס איז געווען זייער ציל אין לעבן און די האָפנונג צו דערלעבן נחת. זיי האָבן דעם נחת נישט דערלעבט פון די קינדער. די דייטשע מערדער האָבן אומגעבראכט פאָטער און מוטער.

געראַטעוועט האָבן זיך דריי זין פון דער משפחה מאסס: בערל, קאָפל און לייב ברוך. אַלע וווינען אין אויסטראַליע.

## מענדל גראַנעק

דער זון פון משה גראַנעק (אפאטאווער), אַן אַרבעטס־מענטש, מפרנס געווען בכבוד זיין משפחה. ער איז געווען אַ ראַדאָמסקער חסיד. געטאָן מענטשן טובות. ליב געהאַט צו לייענען א גוט יידיש בוך. זיין פרוי, חיה רבקה, אַ טאָכטער פון חיים דזשאַלאָווסקי האָט געהאָלפן איר מאַן אין אַלע זיינע מעשים לטובת הכלל.

פון דער באַשיידענער משפחה איז געבליבן לעבן די טאָכטער רחל'ע, וועלכע וווינט מיט איר מאַן ישראל אין אויסטראַליע.

## שמעון ראָזענטאל

דער זון פון משה יעקב איז געווען פון די עלטסטע משכילים אין קלאָבוצק. אַלס יונגער בחור, עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט ער אָנגעהויבן אַן אַקטיווע טעטיקייט צו פאַרשפּרייטן השכלה אין שטעטל. זיינע ערשטע מיטהעלפער זענען געווען: יצחק יעקב בוכוויץ, זלמן לאַפּידעס,ביידע ברידער קערנער, יצחק גראַנעק און מיכאל רוזשעוויטש, אַ קזשעפּיצער געבוירענער. שמעון האָט געעפנט די ערשטע ציוניסטישע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפינען אין אַ קליין שטיבל. אין ביבליאָטעק האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט דאָס גרויסע בילד, „ירמיהו הנביא קלאָגט אויפן חורבן בית המקדש".

צוליב זיין השכלה־טעטיקייט איז שמעון ראזנטאל געוואָרן שטאַרק גערודפט פון פאַנאַטיקער, אָבער ער האָט זיך רואיק געטאָן זיין פלייסיקע אַרבעט און געלייגט דעם יסוד פון השכלה אין קלאָבוצק. שפּעטער איז ער געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע ענינים.

שמעון ראָזנטאַל האָט געטיילט דעם גורל פון די פאַרפייניקטע יידן אין פוילן. אין טשענסטאָכאָווער געטאָ איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און

דריי קינדער. אויך איז דעמאָלט אומגעקומען מיין גאַנצע משפחה, מיין מוטער מיט מיינע שוועסטערס: רבקה, פייגל, לאה שרה, רחל אסתר און זייערע מענער און קינדער.

זיין איבערגעבליבענער ברודער —

אליהו ראָזענטאַל, אויסטראַליע

# מיינע עלטערן

מיין פאָטער איטשע אונגליק מיט מיין מוטער — חיה שרה האָבן שטענדיק איינגעטיילט זיך מיט די צוויי מצוות „גמילת־חסדים" און „הכנסת אורחים".



איטשע אונגליק און חיה שרה

מיר האָבן געוווינט אין „שול־גאַס" און געהאַט די איינציקע סאָדע־וואַסער־פאַבריק אין קלאָבוצק. קעגן איבער אונדז איז געווען די „הכנסת־אורחים". איטלעכער אַדורכגייער־אָרעמאַן האָט שוין געוווּסט, אַז איידער ער גייט שלאָפן אין „הכנסת־אורחים" אָדער אינדערפרי איידער ער גייט אַוועק, וועט מיין מוטער אים געבן אַ מאָלצייט אָפּצועסן און עטלעכע גראָשן אויפן וועג. מיין מוטער האָט אויך אָפּגעהיטן, אַז די געלעגערס זאָלן זיין אין אָרדנונג אין הכנסת אורחים. זי האָט מקיים געווען די מצוה „בשלימות".

בשעת דוחק האָט מיין פאָטער שטענדיק געבאָרגט מענטשן געלט צו יעדער צייט ווען מען האָט זיך גענויטיקט. ווען ער האָט געפילט, אַז יענעמס לאַגע איז נישט קיין גוטע, האָט ער געפרעגט: „ווי גייט עס דיר מיט פרנסה? אפשר נויטיקסט דו זיך אין געלט, שעם זיך נישט איך וועל דיר באָרגן, ווען דו וועסט האָבן, וועסטו מיר אָפּגעבן“.

נאָך מיין פאָטערס טויט האָבן מענטשן אָפּגעברענגט חובות, וואָס מיר האָבן גאָרנישט געוווסט פון זיי.

מאשא קורלאַנד (אונגליק)

# מיין פאטער יאסל שימקאוויטש

מיין פאָטער יאָסל שימקאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין קזשעפּיץ. מיין מוטער ליבע — אין קלאָבוצק. פון זינט זייער חתונה און אַלע ווייטערדיקע יאָרן האָבן זיי געפירט אַ בעקעריי אין קלאָבוצק און דערפון געצויגן פרנסה.

מיר זענען געווען פיר קינדער: איך, מיין שוועסטער טובה, מלכה און מיכאל. אונדזער שטוב איז געווען פאַר גאָט און פאַר מענטשן. מיינע עלטערן האָבן אַ סך געטאָן פאַר אָרימע לייט, געהאָלפן מענטשן סיי מיט געלט, סיי מיט געבעקס. אונדזער בעקעריי איז געווען אויפן קרייץ־וועג: טשענסטאָכאָוו־קזשעפּיץ. דורכפאָרער, הענדלער, וואָס זענען געקומען אויפן יריד קיין קלאָבוצק, זענען דאָס ערשטע אַריינגעקומען צו אונדז אָנוואַרעמען זיך אין בעקעריי, טרינקען אַ הייס גלאָז קאַווע אָדער טיי, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען און געוואַרעמט זיך פאַר אורחים. זיי האָבן אויך באַקומען טלית און תפילין, אָפּגעדאַוונט און ווייטער געפאָרן.

שבת פאַרטאָג איז מיין פאָטער געזעסן אין שטוב ביי דעם נאָפט־לעמפּל און מעביר־סדרה געווען — שנים מקרא ואחד תרגום. ווען עס זענען געקומען שליחים פון ירושלים פון ישיבות ווי „חיי־עולם“ און „עץ חיים“ — האָט דער רב גלייך געשיקט רופן מיין פאָטער און אויך אשר גאָלדבערג צו זאַמלען געלט פאַר די הייליקע תורה־אַנשטאַלטן

מיינע עלטערן זענען געשטאָרבן אַ צייט פאַרן קריג, אָבער מיין שוועסטער טובה איז אומגעקומען אין טשענסטאָכאָוו. מיין ברודער מיכאל, ווי מהאָט מיר דערציילט, האָט געוווינט אין אָזאָרקאָוו. בעת דער אויסראָטונג האָבן אים די דייטשן געשיקט אין לאָדזשער געטאָ. ווען ער איז אַנטלאָפן פון

געטאָ האָבן זיי אים געכאַפּט און אויפגעהאַנגען. ער איז שטענדיק געווען אַקטיוו אין דער פּועלי ציון פּאַרטיי (רעכטע) אין אזארקאוו. מיין שוועסטער, מלכה איז געשטאָרבן אין בעלגיע.

ברוך שימקאָוויטש

# ר' שמואל פרידמאַן

איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד, אַ סוחר. אַלע יאָרן האָט ער געהאַלטן דעם טאַרטאַק מיט אַ שותף. אַלס מיטגליד אין מאַגיסטראַט האָט ער שטענדיק געזאָרגט פאַר די אָרעמע יידן. ער האָט זיך אָפּטמאָל צעקריגט מיט די פּוילישע מאַגיסטראַט־מיטגלידער, ווייל ער האָט נישט געוואָלט מוותר זיין אויף זיינע פאַרשלאָגן צו העלפן די אָרעמע יידן. זיין פרוי אסתר חוה, האָט געשטאַמט פון רבישן יחוס און האָט שטענדיקט געזאָרגט פאַר אָרעמע קראַנקע און אַריינגעשיקט, אויף שבת, פעקלעך עסן אין נויטבאַדערפטיקע הייזער און זי איז אויך געווען פאַרטרעטן אין פאַרשידענע פרויען־אינסטיטוציעס.

מיר דערמאָנען זייערע קינדער: דבורה פייגל, שרה, חיים משה, הדסה. אַלע זענען אומגעקומען.

יעקב אהרן און יוטע פרידמאַן

# פנחס אונגליק

די שטוב פון דער פאַמיליע אונגליק האָב איך זייער גוט געקענט פון קינדוויס אַן, ווען איך בין געגאַנגען אין חדר מיט זייער זון אברהם (לעבט אין ישראל) שפּעטער זענען מיר געווען צוזאַמען אין „חברה־בחורים״. משולם אונגליק, אַ סוחר פון בהמות האָט שטאַרק בכבוד געהאַלטן זיינע עלטערן. שבת און יום־טוב האָט ער געדאַווענט אין קליינעם בית־המדרש. זיין פרוי פרומעט שיינדל, איז געווען באַשיידן, פרום און גוט צו מענטשן. זי האָט דורך מתן בסתר געשטיצט נויט־באַדערפטיקע און שטילערהייט מיטגעפילט איטלעכנס צער. איר הייליקער פאַרלאַנג איז געווען: דערציען די קינדער אין יידישן גייסט. זייער זון, פנחס, האָב איך געקענט אַלס אַ פריינטלעכן, האַרציקן מענטשן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אויפן פּנים. ער האָט געשטיצט סאָציאַלע אַנשטאַלטן.

אַמאָל, אַמאָל, אין יענע יאָרן ווען מיר בית־מדרש־בחורים האָבן ראש

חודש צוזאַמענגענומען אין בית המדרש געלט אויף קנין און תקון ספרים, האָט מען אים נישט באַמערקט, האָט ער זיך שטאַרק באַליידיקט און געפרעגט: „איך דארף נישט געבן קיין געלט צו קויפן ספרים"?. ער האָט טאַקע געגעבן די גרעסטע סומע. אַ געוויסע צייט איז פנחס געווען דאָזער אין קלאָבוצק.

ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

**ברוך שימקאָוויטש**

# אבי זלמן ווייכמאן



נחמיה (מעמיע) ווייכמאַן

נפטר י"ב אדר 1944 במחנה גרידיץ. אחי יצחק נפל בבוכנבלד, ה' אייר 1945. אחי נחמיה מת „בבית חולים" („קראנקען שטובע") אשר במאַטהאַוזן. אחותי רחל, הושמדה באושוויץ בשנת 1942.

**בתיה לעצטער־ווייכמאַן**

# משפחה מאנטשע אונגליק



הענדל אונגליק

מיין פאָטער מאנטשע אונגליק איז געקומען אין זאַמל־לאַגער. פון גרויס שרעק איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין יאָר 1941. מיין מוטער, פרומעט איז ביז דער ערשטער „אויסזידלונג" געווען באהאלטן אין אַ בונקער צוזאַמען מיט אירע אייניקלעך, שפעטער האָבן די דייטשן זיי אַלע אויסגעשאָסן אויפן אָרט. אויך זענען אומגעקומען מיינע פיר ברידער און צוויי שוועסטער. געבליבן איז פון אַלע נאָר איין בילד — פון מיין שוועסטער הענדל.

**טובה אונגליק**

# קאראלא ענזעל

געבוירן אין קלאָבוצק. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ איז זי געווען באַשעפטיקט ביי טיפוס־קראַנקע אין שטעטל קאַמיק. שפּעטער איז זי געקומען אין זאַגאַזשער אַרבעטס־לאַגער, פון דאָרט האָבן די דייטשן זי געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו. זי איז אומגעקומען ווי אַ העלדין. מיט איר טויט האָט זי געוואָלט



קאַראָלאַ ענזעל און איר מאַן מיט אַ קינד פון דער משפּחה צינצינאַטוס

אָפּראַטעווען אַ בונקער מיט פרויען און קינדער, וועלכע די מערדער האָבן אַנטדעקט. זי מיט נאָך אַ יונגערמאַן זענען אַרויס פון בונקער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען פרויען מיט קינדער, ס׳זאָל הייסן, אַז זיי זענען די איינציקע געווען דאָרטן. די דייטשן האָבן זיי גלייך געשאָסן.

**אברהם ענזעל**

## אז ס׳איז באשערט צו שטארבן נארמאל

מיין באָבע העניע ענזעל, 70 יאָר אַלט, איז פאַר דער „אויסזידלונג" געלאָפן צוזאַמען מיט אירע צוויי טעכטער קיין טשענסטאָכאָוו. אויפן וועג איז זי אָפּגעשטאַנען. ערשט אין צען טעג נאָך דער דעפּאָרטאַציע האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז זי געפינט זיך אויף די פעלדער ביי לאַבאַדנע. אין מיטן דער נאַכט בין איך אַרויס פון זאַגאַזשער לאַגער און געזוכט מיין באָבן אויף די פעלדער. איך האָב זי געפונען, זי איז געווען האַלב טויט. איך האָב זי געברענגט

צו טראָגן אין לאַגער. דאָרט האָבן זיך מיט איר פאַרנומען קאראלא גרינע און העניע חאלקאוויטש. נאָך עטלעכע טעג איז זי צו זיך געקומען.

אין לאגער האָט מען נישט געקענט האַלטן קיין עלטערע מענטשן, האָב איך זי געפירט קיין טשענסטאָכאָוו מיט דער הילף פון אַרישע פּאַפּירן. נאָך זעקס וואָכן באַקום איך אַ ידיעה, אַז מיין באָבע איז שטאַרק קראַנק. איך האָב זיך גלייך געלאָזט גיין צו איר קיין טשענסטאָכאָוו, ווו זי האָט מיך נאָר דערזען, האָט זי מיט אַ שמייכל און אַ שאָקל מיטן קאָפּ געברענגט צום אויסדרוק איר דאַנקבאַרקייט, וואָס זי שטאַרבט נאָרמאַל. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און זי איז געשטאָרבן און צו קבורה געקומען כדת וכדין.

מיין ברודער פייוול, האָט מען, צוזאַמען מיט נאָך 14 יידן צוגענומען פון דאָרף מיעדזינע אין ראש השנה 1939. ער איז פאַרפייניקט געוואָרן אין בוכנוואַלד. מיר האָבן באַצאָלט 5 רייכסמאַרק פאַר דעם געברענגטן אַש, וועלכעס מיר האָבן קובר געווען אין קלאָבוצק אין יאָר 1941.

**אברהם ענזעל**



יידן אין קשעפּיצער לאַגער (ביי קלאָבוצק). פאַראַן צווישן זיי עטלעכע קלאָבוצקער

# פאָטאָגראַפיעס פון קלאָבוצקער יידישע משפחות

**אומגעקומענע אין דער אויסראָטונג־צייט. אויף די גרופּן־פאָטאָגראַפיעס זענען פאַראַן אויך ניצול־געוואָרענע יחידים, וועלכע לעבן.**



אהרן איינזנער פרוי און קינדער



פאַמיליע זאָלטאָבראָצקי — אַ טייל זענען געבליבן לעבן



צעשאַ צ̇יבראַמאָוויטש



זיסל גרוימאַן



דבורה זאָלטאָבראָצקי און פייגל אונגליק



**זיסקינד** מייערשטאק מיט זיין משפחה



זייער קינד יהודה —
אומגעקומען



גרוינעס און חיה זאַלטאַבראַצקי — חיה לעבט אין ישראל



איצעק געלבאַרט און פרוי



רחל געלבאַרט, קינדער און אייניקלעך



מרדכי געלבארט און פרוי ליבע



טאָכטער פון וואָלף און רחל געלבארט



מרדכי געלבארט און זיין פרוי איידל לאה



שרה רבקה זיגעלמאַן



שלמה ענזעל



אברהם שפערלינג



וואָלף הערש ראָזען



רויזע פינקוס



חיים דניאל בירנבוים



לייזער קליינבערג און פרוי



פנחס כלאַפּאַק



וואָלף שפּערלינג,
זוהן פון איצעק לייב



רחל נאַכטיגאַל



אברהם־לייב נאַכטיגאַל



אשר ווייכמאַן



וועלוויל בערקאָוויטש



ראָצע בערקאָוויטש



שטייען פון רעכטס: גרינע, גרוינעם, לאה
זיצן: אברהם לייב און גוטשע אונגליק



ברײַנדל בענטשקאָווסקי



טאָכטער פרימעט



בערל מאס, זיין פרוי און קינד



אליהו מאס און משפחה



אייזיק מאָס און משפחה



פריידע ריפשטיין, מאַן און קינד




קינדער פֿון פריידע ריפשטיין



זון פון פריידע ריפשטיין



קינדער פון חנה ריפשטיין,
אומגעקומען צוזאַמען מיט די עלטערן



ישראל זייבעל, מרדכי שפערלינג און ראָזען,
פאָטאָגראַפירט בעת דער דייטשער צוואַנגס־אַרבעט אויף דער לאָנקע ביי דער שול



די שוהל גאַס בעתן חורבן קלאָבוצק, מען זעט אַרויס דעם דאַך פון דער שול



„חדר״ יסודי התורה של אגודת ישראל



דער פייערלעשער־אָרקעסטער צווישן זיי אייניקע יידן



אַ גרופּע קלאָבוצקער מיידלעך



שרה רחל בירנבוים



בן־ציון שווערצערסקי און דבורה יאַזשאָמבעק



יעקב דאַווידאָוויטש



גאָלדע ראָזען



יחזקאל כאַסקעלעוויטש
און חיים בענטשקאָווסקיס אייניקל



רייזל לאה דזשאַלאָווסקי



די משפחה פון הערשל ראָטבארד



בעריש און יאכעט ריפשטיין און זייערע קינדער



מצבה אויפֿן קבר פֿון רבקה קורלאַנד אויפֿן קלאָבוצקער בית עולם
ביי דער מצבה: ר׳ יוסף קורלאַנד מיט זיינע טעכטער

# עקסהומאציע און לויה פון 26 פארפייניקטע יידן

די וויטער געבראַכטע פאָטאָגראַפיעס זענען: גדליה גאָלדבערג, דערשאָסן געוואָרן אין יאָר 1943 אין טשענסטאָכאָווער געטאָ, אויף דער פאָדזשעטשנא גאַס, בעת אַ ווידערשטאַנד־קאַמף קעגן די דײַטשן. נאָכן קריג, האָט דער טשענסטאָכאָווער ייִדישער קאָמיטעט דורכגעפירט אַן עקסהומאַציע אויפן אָרט, וווּ עס איז אויסגעפירט געוואָרן די דייטשע מאַסן־רציחה. עס זענען עקסהומירט געוואָרן 26 גופים. צווישן זיי דער קערפער פון גדליה גאָלדבערג. זיין פאָטאָגראַפיע איז געפונען געוואָרן אין אַ פלאַש, נעבן זיין גוף.

די פאַרפייניקטע זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן טשענסטאָכאָווער בית־עלמין. די צוויי פאָטאָגראַפיעס ווייזן די לויה פון די קרבנות.



גדליה גאָלדבערג



די ארונ׳ס מיט די גופים



לויה

# נישט פולע רשימה פון קלאבוצקער יידן פארפייניקטע דורך די דייטשן

**הרב ר׳ יצחק הענעך גאָלדבערג**

הרב, ר׳ יצחק הענעך גאָלדבערג מרא דאתרא, הרב האחרון של קהילת קלובוצק שהלך יחד עם העדה שלו בדרכי המות והושמד עם משפחתו ע״י הגרמנים יחד עם אחרוני קדושי קלובוצק.

## א

אַבראַמאָוויטש, פרוי און קינדער
אויערבאַך הערש דוד, פרוי און קינדער
אונגליק משולם און פרומעט שיינדל
אונגליק פנחס
אונגליק אלטער
אונגליק שלמה, פרוי און קינדער
אונגליק מאַשאַ
אונגליק חיה־שרה
אונגליק ברוך און חיה
אונגליק קאַפל
אונגליק ריקל, מאַן און קינדער
אונגליק לייביש, פרוי און קינדער
אונגליק לייבקע, פרוי און קינדער
אונגליק קאַפל, פרוי און קינדער
אונגליק ישכר, פרוי און קינדער
אונגליק איצעק, פרוי און קינדער
אונגליק איידל
אונגליק גדליהו
אונגליק מרים און שרה

**אונגליק** ישעיהו

**אונגליק** ישכר

**אייזנער** ברוך און משפחה

**אייזנער** שמואל, פרוי און קינדער

**אייזנער** ליפמאַן, פרוי און קינדער

**אייזנער** לייב ברוך, פרוי און קינדער

**אייזנער** מרים, גרשון יענקל און פאַמיליע

**אייזנער** משה, פריידל, הענדל, חנה־לאה, רייזל, הערשל

**אייזנער** לאה

**אייזנער** וואָלף, חיה, דאָרע

**אייזנער** לייב־ברוך, פרוי און קרובים

## ב

**בוכווייץ** יוסף און נאָכע

**בוכווייץ** יצחק יעקב און מאַניע

**בוכווייץ** בערל און רחל

**בוכווייץ** שלמה יחיאל, טריינע און מאַן

**ביבער** ליבע

**בירנבוים** יונה, פרוי און קינדער

**בירנבוים** אליהו, פרוי חיה אסתר; קינדער: שרה רחל און זון וואָלף מענדל

**בירענבוים** איצעק לייב און פרוי

**בירענבוים** מענדל, פרוי און קינדער

**בירענבוים** מרדכי, פרוי און קינדער

**בלוי** מאיר, פרוי און קינדער

**בלוי** יוסף, פרוי און קינדער

**בלוי** ראדעל און קינדער

**בלוי** חיה און קינדער: שרה רחל, דניאל לייב

**בלוי** ישראל און ראדעל, טאָכטער בלומע

**בעסער** דוד און משפחה

**בעסער** רחל און משפחה

בעסער שיינדל, מאַן און קינד
בעסער וואָלף הערש און משפחה
בערלינער יאָסקע און משפחה
בערקאָוויטש וועלוול און פרוי
בערקאָוויטש זיסער
בראַט זלמן, פרוי און קינדער
בראַט פנחס
בראַט גיטל

## ג

גאָלדבערג אברהם האַרצקע
גאָלדבערג גדליהו
גאָלדבערג מאַנעס
גאָלדבערג מנחם
גוטמאַן דוטמאַן און משפחה
גוטערמאַן מענדל און משפחה
גוטערמאַן הירש, פרוי און קינדער
גוואָזדזש איצעק און משפחה
גליקסמאַן אברהם
גליקסמאַן שמואל
גנענדלמאַן לאה און משפחה
געלבאַרט רחל און קינדער: יצחק מרדכי, איידל־לאה,
דבורה חנה, אהרן מאיר, יעקב
געלבאַרט מנחם און שרה, קינדער: זיסמאַן, יעקב, יצחק,
אסתר, וואָלף לייב און ליבע
געלבאַרט משה און משפחה
געלבארט זולקע און משפחה
געלבארט ישעיהו לייזער און משפחה
געלבארט מאיר און משפחה
געלבארט איטשע און משפחה
געלבארט מרדכי און פרוי

**געלבארט** איצעק

**געלבארט** יעקל

**געלקאָפּ** און משפחה

**געניסלאַוו** דוד מאיר, פרוי און קינדער

**גראַנעק** שלמה

**גראַנעק** איצעק און משפחה

**גראַנעק** לייבעלע און משפחה

**גראַנעק** זיינוול און משפחה

**גרוימאַן** אברהם און פייגל, קינדער: זיסל, חיים־דניאל און טאָכטער

**גריוו** בן־ ציון, פרוי און קינדער

**גרין** בערל און משפחה

**גרין** לייבוש, פרוי און קינדער

**גרין** הינדע מרים

## ד

**דאַווידאָוויטש** יעקב, פרוי און קינדער

**דאַווידאָוויטש** שלמה, שוחט

**דודעק** מעכל, פרוי און קינדער

**דודעק** הענעך, פרוי און קינדער

**דודעק** בינעם, פרוי און קינדער

**דודעק** יוסף און משפחה

**דזשיאַלאָווסקי** חיים און משפחה

**דזשיאַלאָווסקי** שמעון און משפחה

**דיאַמאַנט** אברהם און פרוי רחל

**דיאַמאַנט** דוד

**דיאַמאַנט** יעקב

**דיאַמאַנט** מאָטעק

## ה

**האָלצמאַן** ליפּמאַן און משפחה

**האַלצמאַן** אברהם איטשע און משפחה
**האָראָוויטש** בייניש און משפחה
**היימאַן** משה
**היימאַן** אפרים, בערל, אסתר

## ו

**וואַלעצקי** משה, בריינדל און קינדער
**ווילינגער** מרדכי־גרשון
**ווילינגער** בריינדל
**ווילינגער** ברוך
**ווין** יחזקאל, פרוי און קינדער
**ווייס** וואָלף און משפחה
**ווייכמאַן** קאָפל, באַטשע און קינדער
**ווייכמאַן** אהרן
**ווייכמאַן** מרדכי און לייב
**ווייכמאַן** אליהו און שרה, קינדער: פנחס, ריקל, אשר, יעקב־משה, חיה־רבקה
**וויינמאַן** יעקב יצחק און הינדע
**ווייס** שלמה און חיה׳לע
**ווייספעלנער** גרונם
**ווייספעלנער** אסתר רחל און משפחה
**ווייספעלנער** אסתר און אייזיק, קינדער: מרדכי, גרוינעם

## ז

**זאלטאבראָצקי** שיינדל
**זאלטאבראָצקי** חיה
**זאלטאבראָצקי** זלמן, בריינדל־מרים און 6 קינדער: משה, רחל, אַלטע, ביילע, וואָלף און זעלדע
**זאלטאבראָצקי** יהודה בער, באַלטשע, חיים שלמה, און פיר קינדער: יצחק, פערל־רחל, אליעזר
**זאלטאבראָצקי** גרוינעם און יהודה

**זאלטאבראַצקי** בן ציון, אסתר־לאה און זיבן קינדער

**זאלטאבראַצקי** וואַווע און משפחה

**זאלטאבראַצקי** שרה־לאה, קינדער: יאַכעט, דינה, זאב, שולמית, יהודית־דאַבע, שמואל

**זאלטאבראַצקי** הערשל און פרוי

**זאלטאבראַצקי** אליהו און משפחה

**זאמבאַק** לייב און משפחה

**זאמבאַק** ?

**זאמבאַק** רחל

**זאמבאַק** יצחק־וואָלף, שלמה, צפורה, ישראל־חיים, מרדכי, יעקב יצחק, אסתר, דינה און זאב

**זאנדער** משה, געוועזענער שוחט און ש״ץ, און משפחה

**זאַקס** אסתר

**זאַקס** לייב און פרוי

**זאַקס** איצעק און קינדער

**זאַקס** איטע

**זאַקס** זשאַנאַ, לידאַ, מאַדלען

**זיגעלבוים** משה און מאַשאַ, קינדער: שלמה, דוד, סאַלאַ, רבקה, נאַכעלע

**זיגעלמאַן** קאַפל

**זיגעלמאַן** בערל און משפחה

**זיגעלמאַן** שלמה, יוסף אהרן

**זיגעלמאַן** אברהם

**זיגעלמאַן** גבאי

**זיגעלמאַן** יעקב און משפחה

**זיגעלמאַן** זלמן, פרוי און קינדער

**זיגעלמאַן** בעריש, פרוי און קינדער

**זיגעלמאַן** איציק און לאה

**זיגעלמאַן** יהודה יוסף און הערשל

**זייבעל** מאיר

**זייבעל**ביילע און קינדער

**זייבעל** גרוינעם

**זייבעל** איציק און משפחה

**זיידמאַן** חיים און חנה׳לה, יצחק, חיה־רבקה, אסתר, רחל, יעקב, נתן

**זיידמאַן** פנחס, רחל, גיטל, פערל, רבקה

**זיידמאַן** ברוך, רבקה, אריה, אהרן, חיה

**זיידמאַן** אסתר, רחל, חיה־רבקה, מאַניע, אברהם, אהרן, פנחס

**זיידמאַן** יצחק, חיה־רבקה, נתן, אסתר, רחל, יעקב

**זעלמאַן** אברהם, יהודה, בער

**זעלמאַן** אריה, בריינדל און דריי קינדער: מאנטשע, מנחם און פרוי און זייערע צוויי קינדער

**זעלקאָוויטש** משה און משפחה

**זעלקאָוויטש** זעליק און משפחה

**י**

**יאַזשאָמבעק** לאה און טאָכטער דבורה

**יאַקובאָוויטש** אברהם, פרוי און קינדער

**יאַקובאָוויטש** שמחה

**יאַסקאָוויטש** הערשל, פרוי און קינדער

**כ**

**כאדע** הערשל

**כאדע** איצעק, פרוי און קינדער

**כאדע** רויזע און קינדער

**כאדע** ישעיהו און משפחה

**כאַסקעלעוויטש** יחזקאל און מינדל יענטע

**כאַרזעווסקי** אברהם לייב און גיטל

**כאַרזעווסקי** עמנואל און מאַטל ראָזאַ, עמנואל׳ס שוועס־טער: פריידל־לאה, אירע קינדער: איצע־בער, משה׳לע

**כלאָפּאַק** בערל און קינדער

כלאַפּאַק יצחק און פייגל און קינדער
כלאַפּאַק חנה׳לע, צעשע, באלא

# ל

לאַנגער יוסף מאיר
לאַפּידעס פייוול און רחל־לאה
לאַפּידעס זיסער
לאַפּידעס קריינדל
לוביצקי זיינוול, פרוי און קינדער
לוביצקי אברהם
ליכטער שמעון, פרוי און קינדער
ליכטער יעקב, פרוי און קינדער
לעווקאָוויטש ברוך, פרוי און קינדער
לעווקאָוויטש ישראל, פרוי און קינדער
לעווקאָוויטש, פרוי פון לייב לעווקאָוויטש און קינדער

# מ

מאנטל יעקב און משפחה
מאנטל קאָפּל און משפחה
מאַסס פייוול
מאַסס אליהו
מאַסס בערל, פרוי און קינדער
מאַסס חיים מענדל און פרוי
מאַס יעקב און משפחה
מאַסס שמואל, פרוי און קינדער
מאַסס אייזיק
מאנטעל רחל און מאַן
מאַרקאָוויטש יוסף און פרוי
מאַרקאָוויטש ירחמיאל און משפחה
מיענטקעוויטש, פרוי און קינדער
מייערשטאַק זיסקינד, פרוי און קינדער

מייערשטאַק נחמיה, פרוי און קינדער
מענדעלעוויטש חיים, פרוי און קינדער
מערץ יצחק, פרוי און קינדער: איידל, דוד, משה, לייב

## נ

נאַכטיגאַל אהרון פנחס און רחל, קינדער: אברהם לייב, צביה
ניעדזיעלע, חנה רויזע, מירל, ציפורה, שלמה, אַדעלאַ און דריי קינדער
ניעדזיעלע אברהם, פרוי און קינדער
ניעדזיעלע פנחס, שרה און קינדער
ניעדזיעלע שלמה
ניימאַן שלמה ברוך, פרוי און קינדער

## ס

סטאַרזינסקי רבקה־לאה און משפחה
סקארפא לאה

## ע

עדניא און קינדער, באַשאַ און קינדער?
עלישעוויטש פרץ און משפחה
עלישעוויטש יהונתן
ענזעל כולקע, פרוי און קינדער
ענזעל יעקב, פרוי און קינדער
ענזעל ישעיה און קינדער
ענזעל שלמה
ענזעל שרה
ענזעל רבקה און קינדער
עפשטיין יצחק יעקב און פרוי
עפשטיין משה, פרוי און קינדער

## פ

**פּאָטאָצקי** יודל און טאָכטער

**פינקוס** הערשל

**פינקוס** יומע (בנימין)

**פיאָנטקאָוויטש** שיינדל און מאַן

**פייגע** פייגל אַדעלע און חיים

**פייגע** יענקל און פריידע

**פייגע**ביילע און זלמן און קינדער

**פייגע** חיה־שרה און משה ישעיהו

**פייגע** אברהם אבא און איידל

**פייגע** הינדע, יעקב מרדכי, אברהם דוד און לאה־זעלדע

**פייגע** און אסתר?

**פייגע** חיה, זון — דניאל־לייב, טאָכטער — שרה רחל

**פייגע** דבורה

**פעלטע** מאַכעלע און טאָכטער

**פרידמאַן** אליהו, פרוי און קינדער

**פרידמאַן** שלמה הירש, פרוי און זון

**פרידמאַן** אליהו

**פרידמאַן** יונה

**פרייטאָג** יוסף און משפחה

**פרענק** לייזער און משפחה

**פרענק** הערש, פרוי און קינדער

## צ

**צוקערמאַן** יעקב און פרוי

## ק

**קאָנעפּניצקי** אברהם און משפחה

**קורלאַנד** יוסף־מאיר און פרוי רבקה׳לע

**קורצבאַרט** יהונתן, פרוי און קינדער

קורצבאַרט גרשון און זון

קורצבאַרט גרוינעם, פרוי און קינדער

קורצבאַרט בערל און פרוי

קורצבאַרט כולקע און משפחה

קליינבערג לייזער יהושע, פרוי און קינדער

קליינבערג פישל, פרוי און קינדער

קלייבערג פישל, פרוי און קינדער

קראַשקעווסקי אליהו

קרויזע יענקל — זקן

קשעפיצקי אלתר און משפחה

קשעפיצקי אליעזר און משפחה

## ר

ראָזן יצחק און משפחה

ראָזען מרדכי, פרוי און קינדער

ראָזען וואָלף הערש און גאָלדע קינדער: חנינה, אברהם־לייב, שלמה יוסף

ראָזען אליהו

ראָזען יחזקאל

ראָזען פריידל, זון — משה

ראָזען יחיאל און פרוי

ראָזען דוד, פרוי און קינדער: שולמית, שרה, רחל

ראָזען אסתר

ראָזענטאל יעקב פישל און פרוי

ראָזענטאל שלמה און משפחה

ראָזענטאל אברהם

ראָזענטאל יחיאל און בראָניע און קינדער

ראָזענטאל שמעון

ראָטבאַרט מרדכי־דוד, פרוי ברײַנדל און זין

ראָטבאַרד לאה מאַן און קינד

ראָטבאַרד הערשל און גיטל און קינדער

**ריפשטיין** בעריש, פרוי און קינדער
**ריפשטיין** שלמה, פריידע מאַן און קינדער
**ריפשטיין** איצעק און ריקל, קינדער: מאַשאַ און אַשר
**רייבער** אברהם, מלכה און קינדער: משה, ישראל, לאה,
אסתר, רוזשקע
**רייבער** שמעון, פרוי און קינדער
**רייבער** משה, ישראל
**רייך** דניאל

## ש

**שוויערצערסקי** זלמן יוסף און משפחה
**שטילער** איטשע מאיר
**שטייער** יצחק
**שטייער** ברוך און משפחה
**שטייער** ישראל און קינד
**שילוט** הערשעל און משפחה
**שילוט** מינדל, מאַן שמחה און קינדער
**שפערלינג** מאיר
**שפערלינג** אליהו און יענטע, קינדער: נאַכע, אַנשל, יצחק,
פריידל, פעסע
**שפערלינג** וואָלף און פרוי, קינדער: יוסף, קאַפּל
**שפערלינג** אייזיק, פרוי און קינדער
**שפערלינג** איצעק־לייב און משפחה
**שפערלינג** ברוך און שרה
**שפערלינג** איצעק, פרוי און קינדער
**שפערלינג** הערשל און הענע און משפחה
**שפערלינג** מרדכי און משפחה
**שפערלינג** הענע און טאָכטער
**שפערלינג** איצעק און פרוי
**שפערלינג** אליהו און משפחה
**שפערלינג** יוסף און משפחה

שפערלינג יעקב און משפחה
שפערלינג בערל
שפערלינג באַטשע
שפערלינג אליהו און קינדער
שפערלינג אברהם
שפערלינג בערל, פעסע און קינדער
שפערלינג חנה און קינדער
שימקאָוויטש מיכאל, פרוי און קינד
שימקאָוויטש טובה, מאַן און קינדער



## די לעצטע קלאָבוצקער ראשי הקהל

שפערלינג ברוך — פאָרזיצער
דזשאַלאָווסקי יעקב־יוסף
דיאַמענט אברהם
ווייס וואָלף
זאַלטאָבראַצקי יוסף־לייב
כאדע יעקב
שפערלינג מרדכי

פון די לעצטע ראשי הקהל איז געבליבן לעבן נאָר איינער:

יוסף־לייב זאַלטאָבראַצקי, וווינט אין ישראל.

## קלאבוצקער, וואס זענען געשטארבן אין ישראל

**בירענבוים** שלמה
**גאָלדבערג** אשר און גיטל
**גראַנעק** יעקב
**דודעק** משה
**ווילינגער** עמנואל און ביילע, טאָכטער — רחל
**זייבעל** פייגע (פון דער היים — בעסער)
**זלאָטניק** פעסע (פון דער היים — כאַרזעוווסקי)
**היימאַן** קאזע



עמנואל ווילינגער מיט דער משפחה
טאָכטער שושנה, אויבן די צווייטע פון רעכטס — לעבט אין ישראל

**זין פון קלאָבוצקער עלטערן געפאַלן אין קאַמף פאַר מדינת ישראל**

**אליעזר בראַט** — געקעמפט אין די רייען פון פלמ״ח,
געפאַלן ביי דער שלאַכט אין משמר־העמק
**אהרון זאַקס** — געפאַלן ביים דערפילן זיין פליכט אין צה״ל

# קלאבוצקער שארית הפליטה
## אין ישראל, פראנקרייך און אין אויסטראליע

ווי אלע יידן פון די שטעט און שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע, זענען אויך קלאָבוצקער בני עיר, צעזייט און צעשפּרייט אין ארבע פינות העולם. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן קלאָבוצקער יידן זיך געלאָזט אין דער וועלט זוכן פרנסה און אַ בעסער לעבן. מ׳איז אַ וועק קיין אַמעריקע, ענגלאַנד און אַרגענטינע און קיין ארץ ישראל.

ברוך שימקאָוויטש

## קלאָבוצקער אין ארץ־ישראל

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסט־שטענדיק און די „פּאָזנאַנטשיקעס" מיט די „האַליערטשיקעס" * האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף יידן אין פּוילן מיט זייערע אַנטיסעמיטיש כוליגאַנישע אַרויסטריטן, ווען מ׳האָט געשניטן יידן די בערד און פּאָגראָמירט. דעמאָלט האָבן קלאָבוצקער יידן גענומען עולה זיין קיין ארץ ישראל. עס איז געווען נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ס׳האָט אויפגעשטראַלט די האָפנונג, אַז יידן זאָלן באַקומען ארץ ישראל. האָבן זיך אויך קלאָבוצקער יידן געלאָזט אין וועג אַריין, אין הייליקן לאַנד.

נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה האָב איך געוווינט אין וואַרשע און האָב נישט געוווּסט געני, וואָס ס׳טוט זיך אין קלאָבוצק. אין יאָר 1923 בין איך געפאָרן קיין ארץ ישראל, אַלס מיטגליד פון די וואַרשעווער „צעירי מזרחי". איך האָב זיך דעמאָלט איינגעאָרדנט אין ירושלים.

אין יאָר 1925 בין איך געקומען קיין תל־אביב, דאָ האָב איך זיך דערוווּסט,

* „פּאָזנאַנטשיקעס", „האַלערטשיקעס" — פּוילישע מיליטערישע פאָרמאַציעס. די ערשטע האָבן זיך גערופן א. נ. פון דער שטאָט פּויזן, די צווייטע א. נ. פון גענעראַל האַלער.

אַז ס׳זענען דאָ אין לאַנד קלאָבוצקער. די ערשטע באַגעגעניש מיינע איז געווען מיט פייגעלע סקארפעס און איר מאַן גאָדל, אַ טשענסטאָכאָווער.

אַ חוץ פייגעלען זענען דעמאָלט געווען די קלאָבוצקער: שלמה בירנבוים, קערנער, חיים זיידמאַן, יעקב דאַווידאָוויטש, אסתר גראַנעק און עמנואל ווילינגער. אַלע זענען געקומען מיט זייערע משפחות. דאָס לעבן דעמאָלט אין לאַנד איז געווען זייער שווער אין אלע הינזיכטן. די איינציקע טרייסט איז געווען „צרת רבים חצי נחמה״. ס׳זענען אָנגעקומען שיפן מיט פוילישע יידן, מ׳האָט דאָס גערופן „גראַבסקעס עליה״.

## די חלוצישע עליה

ווען די ענגלישע מאַנדאַטן־מאַכט האָט אָפּגעשטעלט די עליה קיין ארץ ישראל, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָרגאַניזירט די אומלעגאַלע עליה, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אויך חברים פון דער קלאָבוצקער „התאחדות״־אָרגאַניזאַציע. עטלעכע קלאָבוצקער האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, נישט אַלע צוזאַמען נאָר אין פאַרשידענע גרופּעס און ווען זיי זענען שוין צוגעקומען נאָענט צו די ברעגעס פון ארץ ישראל, האָט מען זיי געכאַפּט און צוריקגעשיקט. די עולים האָבן זיך געוואַלגערט אין פאַרשידענע לענדער און נאָך ווייטער געפאָרן מיט פאַרשידענע געפעלשטע פּאַפּירן ביז מ׳איז בשלום אָנגעקומען קיין ארץ ישראל.

מיט יענער עליה זענען געקומען אין לאַנד פאָלגנדע התאחדות־חברים: מנחם כאָדזעווסקי, יעקב שפערלינג, אברהם גאָלדבערג, יעקב סטאַרזשינסקי, דניאל שפערלינג, חיים קורלאַנד, שמואל גאָלדבערג, רחל כאָדע, בתיה זייבל, חוה וואלבראם און לאה בירנבוים. ווען היטלער איז געקומען אין דייטשלאַנד צו דער מאַכט, האָט אברהם אונגליק, אַ דעמאָלסטיקער איינוווינער פון בערלין, גלייך פאַרלאָזט דאָס דריטע רייך און געקומען קיין ארץ ישראל.

נאָכן חורבן זענען געקומען די געראַטעוועטע שארית הפליטה.

ווי נאָר מ׳האָט געעפנט די פייניקונגס־לאַגערן און מיר אין ארץ ישראל האָבן באַקומען ידיעות, ווער ס׳איז געראַטעוועט געוואָרן פון קלאָבוצקער, האָב איך איינמאָל דורך דער סוכנות באַקומען אַ בריוו פון די לאַגערן. דעם בריוו האָט געשריבן מיין געוועזענער חבר פון דער בית־המדרש־באַנק, יעקב גראַנעק. אין אַ שיינעם עברית האָט ער באַשריבן בקיצור, וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן: ער האָט פאַרלוירן די עלטערן און זיין פרוי. גראַנעק האָט געבעטן מען זאָל אים

ירושלים אריין גיין צום גערער רבין און אים (גראַנעקן) מזכיר זיין, אַז ער זאָל בשלום אָנקומען קיין ארץ ישראל. ער איז געווען אַ גערער חסיד.



קלאָבוצקער קאָמיטעט אין ישראל — לאַנדס צוזאַמענפאָר
חול המועד פסח תשי״ז

איך האָב זיין בקשה דערפילט בשלמות און ווען ער איז אָנגעקומען קיין ארץ ישראל, איז ער אויף שבועות אַוועק קיין ירושלים צום גערער רבין און ביי מיר איינגעשטאַנען איבער גאַנץ יום טוב מיט זיין זון בערעק.

ס׳האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן אָנקומען קלאָבוצקער, געראַטעוועטע פון דער דייטשער אויסראָטונג. אַ טייל האָבן זיך געלאָזט וואַנדערן אין פאַרשידענע גלות־לענדער. מיר ווייסן נישט וויפל קלאָבוצקער עס לעבן אין די תפוצות. אין ישראל זענען פאַראַן ביז 140 משפחות. כמעט אלע לעבן פון יגיעת כפיים. מען אַרבעט און מען פאַרדינט, איינער מער און איינער וויניקער. אַלע קלאָבוצקער האָבן זיך באַטייליקט אין אונדזער באַפרייונגס־מלחמה און אויך פריער אין דער הגנה־באַוועגונג. אונדזערע קינדער זענען גוטע מיליטער־לייט אין צה״ל. מיר דערמאָנען אַ זון פון אַ קלאָבוצקער, וואָס איז געפאַלן אין מלחמת השחרור — אליעזר בראט, שושנה בראט׳ס זון, עמנואל ווילינגערס איניקל. ער איז געפאַלן אין די רייען פון פלמ״ח ביים קאַמף אין משמר העמק.



אליעזר בראַט, געפאַלן אין די רייען פון פלמ״ח ביי די קאַמפן אין משמר העמק

**מיר פאַרגעסן נישט די קדושים**

**אַלע יאָר, 17 טעג אין חודש תמוז, אָרדנען מיר איין די הזכרה נאָך די אומגעקומענע קלאָבוצקער יידן און נאָך דער קהילת קלאָבוצק, כדת וכדין. אויך האָבן מיר דורכגעפירט די אַרבעט פון פאַראייביקן די קלאָבוצקער קדושים דורך שרייבן אַ יזכור־בוך. דאָס וועט זיין אַ מצבה, וועלכע וועט איבערגיין פון דור צו דור און דערציילן: ווי אַזוי עס האָבן געלעבט קלאָבוצקער יידן און ווי אַרום זיי זענען פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.**

**די קלאָבוצקער אין ישראל קומען זיך צוזאַמען פון צייט צו צייט אויף היימישע שמחות, אויף א חנוכה־אָוונט, אַ חול המועד־פסח־פייערונג אדג״ל.**

**מיר האָבן אויך צוזאַמען געפייערט דעם 10־יעריקן יובילייי פון מדינת ישראל. אין דער פייערונג האָט זיך באַטייליקט — די באַוווּסטע זינגערין שרה יערי.**

**מיר נעמען אויף אויסלענדישע קלאָבוצקער לאַנדסלייט, וואָס באַזוכן ישראל פון צייט צו צייט. מיר מוזן אויך צוגעבן מיט באַדויערן, אַז נישט אַלע קלאָבוצקער געפינען פאַר נויטיק אַנטייל צונעמען אין אונדזערע פייערונגען און אויך נישט אפילו אין די הזכרות נאָך די קדושים.**

## אזכרות צום אנדענק פון דער פאַרפייניקטער קהילת קלאָבוצק



אזכרה אין יאָר תשט״ז (1956), אין תל־אביב מיט דער באַטייליקונג פון הרב ספיר




אזכרה אין תל־אביב צו דער 15־טער יאָרצייט
פון דער פאַרפייניקטער קלאָבוצקער קהילה, תשי״ז (1957)

## באַנקעטן און שמחות פון קלאָבוצקער יידן אין ישראל



בעת אַ פייערונג אין 10־טן יום העצמאות



אַ חתונה־שמחה — 1958



קלאָבוצקער קאָמיטעט אויף אַ חתונה־אָונט 1959



באַנקעט לכבוד דעם גאַסט פון אויסטראַליע — אַדעלאַ אזנגליק.
שמואל גאָלדבערג באַגריסט דעם גאַסט



באַראַטונג צו שאַפן אַ קלאָבוצקער יזכור־בוך



פרעזידיום פונם צוזאַמענפאַר פון קלאָבוצקער אין תל־אביב.
חול־המועד פסח תשי״ז (1957). רעד. א. וואָלף יאַסני רעפערירט וועגן יזכור־בוך



חנוכה אָוונט פון די קלאָבוצקער אין ישראל

מ. ווײנמאַן

# קלאָבוצקער אין פראַנקרײַך

די עמיגראַציע פון קלאָבוצקער ייִדן קיין פראַנקרײַך איז געגאַנגען אין משך פון צענדליקער יאָרן. נאָך אין די צײַטן פון דער צאַרישער הערשאַפט אין רוסלאַנד האָבן ייִדן פאַרלאָזט קלאָבוצק און געקומען קיין פראַנקרײַך. טייל צוליב אויסמײַדן מיליטער־דינסט — „דינען פאָניען", וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט קלעפּ און אַנטי־ייִדישע באַליידיקונגען, און אַ טייל ייִדן זענען אַוועק צוליב עקאָנאָמישע סיבות, צוליבן פעלן פון פרנסה. נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1905 האָט אַ דריטע גרופּע פאַרלאָזט קלאָבוצק און געקומען קיין פראַנקרײַך. דאָס זענען שוין געווען ייִדן מיט אַ געוויסער פּאָליטישער איינשטעלונג, וועלכע זענען אַוועק מיטן אַלגעמיינעם עמיגראַציע־שטראָם קיין פראַנקרײַך און טיילווײַז קיין בעלגיע. אין ווײַט גרעסטן רוב איז עס געווען אַ פּאָליטישע עמיגראַציע. מ'האָט אויסגעוואַנדערט צוליב די פּאָליטישע רדיפות.

אַ גרעסערער עמיגראַציע שטראָם פון קלאָבוצקער ייִדן האָט זיך אָנגע־הויבן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, ספּעציעל אין די יאָרן 1912־13, ווען צוליבן בויקאָט אויף ייִדן פון אַנטיסעמיטישע עלעמענטן האָבן קלאָבוצקער ייִדן פאַרלוירן זייערע פרנסות. דער געדאַנק פון זוכן תכלית אין אויסוואַנדערן האָט זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט. עס זענען געפאָרן די וואָס האָבן געהאַט מיט וואָס אָדער צו וועמען, אַ טייל פון זיי, וואָס האָבן געהאַט שיפס־קאַרטן זענען געפאָרן קיין אַמעריקע און אויף האַלב־וועג שטעקן געבליבן און דערווײַל געבליבן אין פראַנקרײַך. עס איז דעמאָלט נישט געווען שווער עקאָ־נאָמיש זיך איינצואָרדענען. דער צוטריט פאַרן ניי־איינגעוואַנדערטן צו אַרבעט און האַנדל איז דעמאָלט אין פראַנקרײַך נישט געווען קיין באַגרענעצטער. אין די ערשטע יאָרן זענען די קלאָבוצקער אין פראַנקרײַך טיילווײַז געווען באַשעפ־טיקט מיט מסחר אין קליין־האַנדל בעיקר אין מענער־אָדער דאַמען־קאָנפעקציע.

אַ פרישער עמיגראַציע־שטראָם קלאָבוצקער איז געגאַנגען בעת דער ערשטער וועלט מלחמה. דער הונגער אין די שטעטלעך פון פּוילן בעת יענער ערשטער דײַטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן 1914—18, האָט דערפירט צו דעם, אַז אַ סך ייִדישע יונגעלײַט פון קלאָבוצק זענען געפאָרן אַרבעטן אין די דײַטשע קוילן־גרובן מיט דער האָפנונג זיך שפּעטער צו קענען איינאָרדנען אין אויסלאַנד. די ייִדישע קוילן־גרעבער זענען טאַקע אין די ווײַטערדיקע יאָרן געווען אין דײַטשלאַנד און געאַרבעט אין פאַרשידענע פאַכן אַפילו ביז היטלערס קומען צו

דער מאַכט. אין יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָבן קלאָבוצקער פאַרלאָזט דייטשלאַנד און זיך באַזעצט אין פראַנקרייך.

אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָבן זייער ווייניק קלאָבוצקער אויסגע־וואַנדערט. פוילן האָט זיך ווירטשאַפטלעך סטאַביליזירט. דער עקאָנאָמישער מצב איז נישט געווען קיין שלעכטער. יידן האָבן געהאַנדלט און געאַרבעט און ווי נישט איז פאַרדינט, אָבער ווען די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך גענומען פאַר־ערגערן און מיניסטער גראַבסקי האָט גענומען רייסן שטייערן פון יידן, איז די אָרעמקייט אין שטעטל געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

צו די גליקלעכע האָבן דעמאָלט געהערט די יעניקע, וועלכע האָבן געהאַט קינדער אין אויסלאַנד, ספּעציעל אין אַמעריקע און וואָס האָבן פון צייט צו צייט באַקומען געשיקט אַ פּאָר דאָלאַר אויף דורכצוקומען דעם בידנעם טאָג. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע. עס האָבן בעיקר עמיגרירט יידישע אַרבעטער און דער מיטלשטאַנד, ווי אויך יוגנטלעכע, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און געוואָרן גרויזאַם פאַר־פאָלגט פון דער פּאָליציי.

אין אָנבליק פון פאַרשאַרפטן עקאָנאָמישן קריזיס האָט אויך אין קלאָבוצק דער אַנטיסעמיטיזם אָנגענומען דראָענדע פאָרמען. די זאָרג פאַרן מאָרגן האָט נישט געלאָזט רוען, ספּעציעל די יוגנט. אַ געוויסער טייל האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל און געפאָרן זוכן אַרבעט אין די גרעסערע שטעט: אין טשענסטאָכאָוו, לאָדזש, און קאַטאָוויץ און ווער עס האָט געהאַט די מעגלעכקייט איז געפאָרן קיין פראַנקרייך. די ציוניסטיש־געשטימטע האָבן געפונען אַן אויסוועג דורך אויסוואַנדערונג קיין ארץ ישראל.

צוליב די פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען איז דער שרייבער פון די שורות, צוזאַמען מיט אַ גרופּע, געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פוילן און צייטווייליק צו באַזעצן זיך אין בעלגיען און שפּעטער אין פּאַריז.

## קלאָבוצקער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין פראַנקרייך

די קלאָבוצקער עמיגראַנטן אין פראַנקרייך זענען מתחילת נישט געווען אָרגאַניזירט אין אַ לאַנדסמאַנשאַפטס־פאַרבאַנד. די ערשטע עמיגראַנטן האָבן נישט געהאַט דעם חוש פאַר אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע, אָבער כמעט אַלע האָבן אָנגעהערט צו פאַרשידענע „סאָסיעטעס", וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט סאָציאַלע הילף און מיט פאַרזאָרגען נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר מיט אַ קבר. אַ פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַ לאַנדסמאַנשאַפט איז געמאַכט געוואָרן אין

שייכות מיט דער פאַרגרעסערטער נויט אין אונדזער היים־שטעטל. די נויט־וועגדיקייט אַ היימצושיקן געלט צו שטילן דעם הונגער פון די קלאָבוצקער קינדער, איז מיט יעדן טאָג געוואָרן דרינגענדער.

אונדזער לאַנדסמאַן בן ציון גריוו, הגם אַ פאַמיליע־פאָטער מיט 5 קינדער, האָט דעמאָלט זיין גאַנצע ענערגיע אָוועקגעגעבן פאַר צוזאַמענברענגען די לאַנדסלייט. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט און עס איז געזאַמלט געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט. די געלט־זאַמלונגען האָבן כסדר אָנגעהאַלטן.



דאָקומענט וועגן דער הילף־אַקציע, וואָס איז געפירט געוואָרן אין פראַנקרייך פאַר הונגעריקע יידישע קינדער אין קלאָבוצק.

לויט אונדזער אָנווייזונג איז דעמאָלט אין קלאָבוצק אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צווישן־פאַרטייאישער קאָמיטעט אין וועלכן עס איז אויך געווען פאַרטרעטן די קהילה. מיר האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פראַנצויזישן „אזע" („טאָז" אין פוילן), וועלכער האָט געשלאָסן מיט אונדז אַן אָפּמאַך, אַז דורך אונדזערע געלט־זאַמלונגען זאָל דער „טאָז" אין פוילן פאַרגרעסערן זיין טעטיקייט.

אונדזער הילפס־אַרבעט פאַר קלאָבוצק האָט אָנגעהאַלטן ביז האַרט פאַר מלחמה אויסברוך. אָבער קיין סטאַבילע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע איז נישט אַנטשטאַנען



קלאָבוצקער יידן אין פראַנקרייך

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939, זענען קלאָבוצקער, וואָס האָבן געלעבט אין פראַנקרייך אַוועק אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, טייל פרייוויליק, צום קאַמף קעגן היטלערישן פאַשיזם. אין דער אַרמיי זענען געווען: משה ווײַנמאַן, לייבל אייזנער, נח ריפשטיין, קאָפּל מאס, יענקל משה אונגליק און אַנדערע. צוזאַמען מיט די פראַנצויזישע זעלנער זענען די קלאָבוצקער גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט און געבליבן אין די דייטשע געפאַנגען־לאַגערן ביז צום סוף פון דער מלחמה. יחידים איז געלונגען צו אַנטלויפן פון געפאַנגען־לאַגער און אַרייננצוטרעטן אין דער ווידערשטאַנדס באַוועגונג: משה ווײַנמאַן, נח ריפשטיין און יענקעל משה אונגליק (ליבקעס).

די מוראדיקע שחיטה, וואָס די דייטשע־מערדער האָבן דורכגעפירט איבערן יידישן פאָלק האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזערע קלאָבוצקער אין פאַריז. אין פראַנקרייך זענען דערמאָרדעט געוואָרן: בן ציון גרין און זיין פרוי, אַ טשענסטאָכאָווערין פון דער היים יאסקעל, און 4 קינדער. נאָר איין טאָכטער איז געבליבן לעבן. עס זענען פאַרפייניקט געוואָרן די טעכטער פון אונדזער יאָסל זאַקס (לעצטנס געשטאָרבן), די פרוי פון ישראל אייזנער און אַנדערע. אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג („מאקי״) האָבן

פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין פּאַריז — יענקל משה אונגליק (לייבקעס) (היינט אין פּוילן) און משה ווײַנמאַן אין טולוז (דרום פראַנקרייך).

נאָך דער באַפרייונג האָבן די קלאָבוצקער אין פּאַריז זיך באַמיט צוריק אויפצושטעלן דאָס פּריוואַטע ווי אויך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז אויך פאַר דער מלחמה געווען טעטיק אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט אויך קלאָבוצקער, איז געווען פּאַקטיש באַטייליקט אין דער צוריקשטעלונג פון דער געזעלשאַפט. דער כסדרדיקער צופלוס פון פרישע לאַנדסלייט, ניצל געוואָרענע פון די דייטשע מאָרד־לאַגערן האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט גרויסע אויפגאַבן פון העלפן סיי די וואָס פאָרן אדורך פּאַריז און די וואָס ווילן זיך דאָרט איינאָרדענען.

ביים היינטיקן טאָג, הגם, נישט אָרגאַניזירט, בילדן די קלאָבוצקער אין פראַנקרייך א סימפּאַטישע משפּחה. די אַרבעט אַרום יזכור־בוך צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער היים־שטאָט און אויסגעמאָרדעטע עלטערן און משפּחות — האָט נאָך מער דערנענטערט צווישן זיך די קלאָבוצקער אין פראַנקרייך. דער שמערצלעכער פאַרלוסט פון אונדזערע צוויי לאַנדסלייט: די פאַרשטאָרבענע אַליע שפּערלינג און יאסל זאַקס, האָט אונדז אַלעמען טיף געטראָפן.

די קלאָבוצקער אין פּאַריז, דורכגעדרינגען מיטן געפיל פון ברודערלעכער הילף וועלן אויך אויף ווייטער פאָרזעצן די הילפס־ארבעט.



אזכרה אין פּאַריז צום אָנדענק פון דער פאַרפייניקטער קהילת קלאָבוצק



קלאָבוצקער קאָמיטעט פּרעזידיום בעת דער אזכרה. עס רעדט משה ווייסמאַן

אליהו ראָזנטאַל

# קלאָבוצקער אין אויסטראַליע

דער ערשטער קלאָבוצקער, וואָס האָט באַטרעטן די אויסטראַלישע ערד איז געווען שלמה גראַנעק ז״ל, דער זון פון משה גראַנעק (אָפּאַטאָווער), אַן איידעם פון שלום ליסעק. פריער האָט ער לאַנגע יאָרן געוווינט אין טשענסטאָכאָווו. געקומען איז ער קיין מעלבורן מיט זיין פרוי און צוויי קינדער אין יאָר 1937. ער האָט ממשיך געווען דאָס קלאָבוצקער טראַדיציאָנעלע לעבן און אין דעם גייסט דערצויגן זיינע קינדער. שלמה האָט אַריבערגענומען זיין ברודער מרדכי גראַנעק, דעם איידעם פון יחיאל קראשקאווסקי ז״ל. געקומען איז ער מיט צוויי קינדער ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה און איבערגעלאָזט אין פוילן זיין פרוי ברײנדל מיט דריי קינדער, וועלכע האָט זיך פון דעם מוראדיקן חורבן געראַטעוועט נאָר מיט איין זון. זיי זענען גלייך נאָך דעם חורבן געקומען קיין מעלבורן. ער פאַרנעמט זיך ביז היינטיקן טאָג מיט שניידעריי.

מרדכי גראַנעק האָט אַריבערגענומען די געראַטעוועטע פון זיין משפחה: דעם שוואָגער און שוועגערין דוד און אסתר קראשקאווסקי ווי אויך די קינדער פון זיין שוואָגער אברהם קראשקאָווסקי, שלמה מרדכי, גיטל און זיסל — די טאָכטער פון אברהם דיאַמענט. די פרוי פון דוד קראַשקאָווסקי, זיי האָבן היינט דריי קינדער.

נאָך דער מלחמה איז קיין מעלבורן געקומען: דוד גראַנעק מיט זיין זון מרדכי ווי אויך די טאָכטער פון מענדל און חיה רבקה גראנעק — רחל׳ע מיט איר מאַן ישראל גראַנעק און די טאָכטער פון לייבל גראַנעק, שרה מיט איר מאַן חיים זעלצער. אַזוי האָבן זיך אַריבערגעקליבן די שארית הפליטה פון דער משפחה גראַנעק, וועלכע זענען אין אויסטראַליע ממשיך דאָס אַמאָליקע טראַדיציאָנעל־יידיש לעבן.

אַדעלא אונגליק איז געווען די ערשטע פון דער דאָזיקער משפחה, וואָס איז נאָך דער מלחמה געקומען קיין אויסטראַליע און מיטגעבראַכט דאָס געראַטעוועטע מיידעלע באַשע, די טאָכטער פון איר אומגעקומענעם ברודער אהרן. אַדעלע האָט חתונה געהאַט מיט גדליהו דעם זון פון דוד כאזשעווסקי פון קזשעפּיץ. זי האָט אַריבערגענומען אירע ברידער: לייבוש מיט זיין פרוי און קינד, משולם מיט זיין פרוי און קינד, ווי אויך די צוויי געראַטעוועטע זין פון איר ברודער אהרן.

די משפחה כאזשעווסקי האָט א בכּבודיקן אָנטייל אין יידישן געזעל-



קלאָבוצקער לאַנדסלייט אין אויסטראַליע

שאַפּטלעכן לעבן אין מעלבורן און אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס אויך חל לגבי דער משפחה אונגליק.

*

ר׳ יעקב באָרוך, דער זון פון בערל באָרוך, וועלכער האָט אין זיינער צייט אין קלאָבוצק געשמט אַלס גוטער בן תורה, איז געקומען קיין אויסטראַליע נאָך פאַר דער מלחמה. זיין פרוי מיט צוויי קינדער זענען געבליבן אין פוילן און האָבן געטיילט דעם גורל פון דעם ווייט גרעסטן טייל דאָרטיקע יידן.

היינט לעבט יעקב אין סידנעי איינזאַם, ביחידות. ער וויטיקט איבער דער יידישער און זיין פערזענלעכער טראַגעדיע.

*

אין מעלבורן וווינט אויך אברהם יהושע דער זון פון משה יעקב ראזנטאל ז״ל. געקומען קיין אויסטראַליע איז ער אין די מלחמה־יאָרן מיט די דעפּאָרטירטע יידן פון דייטשלאַנד ווו ער האָט דאָרט לאַנגע יאָרן געוווינט. ער פירט אַ יידיש טראַדיציאָנעל לעבן ווי אין די גוטע צייטן פון פאַרמלחמהדיקן פוילן.

בעת דער גאָר לעצטער עמיגראַציע פון די פוילישע יידן קיין אויסטראַליע, האָט ער אַריבערגעבראַכט זיין ברודער, דעם שרייבער פון די שורות מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. ער האָט אויך אַריבערגעבראַכט זיין שוועסטערן־טאָכטער — ליבע מיט איר מאַן מאיר דאַווידאָוויטש מיט צוויי קינדער.

*

אַרטשע, דער זון פון וואָלף־הירש ראזן האָט בעת דער וועלט־מלחמה זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד, אַ צייט שפּעטער געלעבט אין דייטשלאַנד פון וואַנעט ער האָט עולה געווען קיין ישראל. אין 1955 איז ער געקומען קיין אויסטראַליע און וווינט אין מעלבורן.

אין סידנעי געפינט זיך משה, דער זון פון שמעון דזשיאַלאָווסקי. געקומען איז ער נאָך דער מלחמה צוגלייך מיט אַ סך אַנדערע יידן.

אין מעלבורן וווינט דער זון פון אהרן שפּערלינג — מרדכי און זיין ברודער געפינט זיך אין אַמעריקע. די עטלעכע פאַרבליבענע פון אַ גרויסע משפחה שפּערלינג, אייניקלעך פון ר׳ מאיר שפּערלינג, ווי אויך צוויי זין פון מרדכי געלבאַרט, יענקל און נתן מיט זייערע פרויען און קינדער. זיי פירן זייער אַ שיין לעבן.

*

אין די וויטערדיקע נאָך מלחמה יאָרן זענען געקומען אַ רייע קלאָבוצקער, געראַטעוועטע פון דער דייטשער אויסראָטונג. זיי האָבן זיך באַזעצט אין מעלבורן, צווישן זיי: אהרן דוד בוכווייץ מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. ער פירט אַ יידיש באַלעבאַטיש לעבן און נעמט אָנטייל אין יידיש־געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט. ער פאַבריצירט דאַמען־מאַנטלען און איז אַ בעל פרנסה.

אין מעלבורן געפינען זיך אויך: די זין פון אברהם מאס — בערל מיט זיין פרוי מאַטל מיט אַ קינד, קאָפּל מיט זיין פרוי חיה מיט דריי קינדער.

לייב ברוך, און מענדיל שניאור מיט זיין פרוי און דריי קינדער וווינען אין סידנעי, זיי פירן אַ יידיש טראַדיציאָנעל לעבן. דאָרט געפינט זיך אויך שיינדל אייזנער (פון מאַן גאלדנפאַרין) מיט צוויי קינדער און אויך איר ברודער בערל אייזנער.

זייער פרנסה ציען זיי פון מסחר און פירן אַ באַשיידן לעבן.

# סוף־באמערקונגען

מיר פאַרענדיקן דעם ספר־יזכור פון דער פאַרפייניקטער קלאָבוצקער קהילה גראָד אין די טעג, ווען אין ירושלים ווערט געמשפט אַדאָלף אייכמאַן, דער דייטשער מאַסן־מערדער, וואָס האָט אָנגעפירט, אָרגאַניזירט און אויסגעפירט די אויסראָטונג פון הונדערטער, הונדערטער קהילות. עס איז נישט אין די מענטשלעכע כוחות פאַרבייצופירן פאַרן ישראל־געריכט די אַלע עדות, וויניקסטנס צו איין פאַרטרעטער פון יעדער אומגעקומענער קהילה, וואָס זאָל דערציילן פאַר די ירושלימער ריכטער און פאַר דעם געשיכטלעכן וועלט־געריכט, וואָס וועט אַמאָל קומען, ווי אַזוי די דייטשן האָבן אין יעדער שטאָט און שטעטל צוגעפּאַסט באַזונדערע בעסטיאַליש־כיטרע מיטלען צו פאַרמאַסקירן זייערע מאָרד־און רויב־כוונות לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. יעדעס יזכור־בוך פון אַ פאַרפייניקטער קהילה אַנטהאַלט דעריבער אַ באַזונדערער באַשולדי־קונגס־אַקט פונעם יידישן פאָלק קעגן די דייטשן, וועלכע האָבן אַקטיוו אָדער פּאַסיוו, דורך גלייכגילטיק צוקוקן זיך און געניסן פונעם רויב — זיך באַטייליקט אין דער אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן יידן. דאָס „ספר קלאָבוצק״, וואָס מיר ברענגען איצט צו דער עפענטלעכקייט איז איינס פון די דאָזיקע באַשולדי־קונגס־אַקטן.

דאָס „ספר קלאָבוצק״, ווי אַלע ספרי יזכור איז אַ בשותפותדיקע אַרבעט פון: „ארגון יוצאי קלאָבוצק בישראל״. וואָס האָבן געזאַמלט די מאַטעריאַלן און די פינאַנסיעלע מיטלען פאַר דעם ספר, די קלאָבוצקער, וועלכע האָבן זיך באַשטייערט צו דעם צוועק, די יחידים, וואָס האָבן גענומען די פען אין האַנט, כדי צו באַשרייבן דאָס לעבן און אומקום פון זייער קהילה און פונעם רעדאַקטאָר, וואָס האָט אַלץ קאָנצענטרירט, דורכגעזען, אָפּגעהיטן די ריינקייט פון יידיש שלון און צוגעגרייט צום דרוק.

יעדער פון די דערמאָנטע באַטייליקטע אין קלאָבוצקער ספר יזכור, האָט געמאַכט די ווייטגייענדסטע אָנשטרענגונגען, אַז דאָס בוך זאָל אַרויסקומען אין פולער שלימות. עס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דעם „ספר קלאָבוצק״, אַלץ, וואָס די בני עיר האָבן געוווסט וועגן דער געשיכטלעכער פאַרגאַנגנהייט פון

זייער געוועזענער היים אין דעם פוילישן שטעטל, פון אַמאָליקן יידישן לעבנס־שטייגער, פרנסות און קולטור־טעטיקייט ביזן חורבן. אַ באַזונדערן חשובן אָרט פאַרנעמען אין דעם ספר יזכור די רבנישע מנהיגים, געזעלשאַפטלעכע טוער און די יידיש געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע טעטיקייט, וועלכע האָט געהאַט אַ ברייטן פאַרנעם טראָץ דעם, וואָס דער יידישער ישוב אין קלאָבוצק איז געווען אַזוי קליין אין דער צאָל נפשות.

די טראַגישע איבערלעבונגען, פון די קלאָבוצקער יידן בעת דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, איז געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק אין די זכרונות פון די בני עיר, וועלכע האָבן דורכגעלעבט אַלע דייטשע שבעה מדורי גיהנום און לסוף, דורך וועלכן עס איז צופאַל, אויסגעמיטן די דייטשע פאַרטיליקונג.

אין די זכרונות, געשריבן פון 40 מחברים, ווערן אָפטמאָל געבראַכט איינע און די זעלבע פאַקטן און געשעענישן. מיר האַלטן עס נישט פאַר קיין פעלער, ווייל יעדער מענטש זעט יעדער דערשיינונג מיט זיין יחידישן בליק. די איבער־חזרונגען אין די זכרונות מאַכן נאָר פולער און שלימותדיקער דעם גרויסן און ברייטן פאַרנעם פונעם לעבן פון דער אַמאָליקער קליינער קהילת קלאָבוצק. באַזונדערס וויכטיק זענען די איבערחזרונגען אין די זכרונות פון דער אויס־ראָטונגס־צייט, ווייל זיי באַשטעטיקן דעם אמת פון די אויסטערלישע געשעע־נישן אין יענער צייט, לויט דעם תלמודישן כלל: „על פי שניים עדים יקום הדבר“.

טראָץ אַלע באַמיאונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן האָט זיך נישט איינגעגעבן צו דערפירן דאָס „ספר קלאָבוצק“ צו דער פולער שלימות. אַזוי פעלט אין דעם בוך אַ באַשרייבונג פון דער טעטיקייט פון „בונד“ אין קלאָבוצק. די רעדאַקציע האָט זיך געוואַנדן צו אַ טשענסטאָכאָווער בונדיסט, וועלכער איז געווען טעטיק אויך אין קלאָבוצק, אַז ער זאָל שרייבן זיינע זכרונות.ליידער האָבן מיר פון אים נישט באַקומען די זכרונות. מיר האַלטן פאַר אונדזער חוב צו דערמאָנען, אַז אין דער אָפּטיילונג „קלאָבוצקער שארית הפליטה אין ישראל, פראַנקרייך און אויסטראַליע“, פעלט די באַשרייבונג פון דעם פאַריזער „לאַנדס־מאַנשאַפט־פאַריין פון קלאָבוצקער און טשעסטאָכאָווער“ ווו עס פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט דער באַוווּסטער שרייבער, רעדאַקטאָר, געזעלשאַפטלעכער טוער און ד״ר מעדיצין — לייב קורלאַנד, וועלכער האָט אַ נאָענטע שייכות צו דער קלאָבוצקער משפחה־קורלאַנד. אויך פון דער דערמאָנטער לאַנדסמאַנשאַפט האָבן מיר נישט באַקומען קיין שום מאַטעריאַלן צום פאַרעפנטלעכן.

צום סוף ווילן מיר באַמערקן, אַז נאָכן לעצטן מאָל דורכקוקן דאָס ספר זענען דערזען געוואָרן עטלעכע דרוק־פעלערן, וועלכע מיר בעסערן דאָ אויס:

| דאַרף זיין | געדרוקט | שורה | זייט |
|---|---|---|---|
| **יעקב שמולעוויטש** | פעלט דער נאָמען — | 13 | 5 |
| פסחדיקע צוויקל באָרשטש | פסחדיקער קלייען באָרשטש | 16 | 178 |
| דוד זיגלמאַן | דוד ציגעלמאַן | 12 | 197 |
| מיין קוזין | מיין פאָטער ברוך שפערלינג | 3 | 200 |
| שימשע ליכטער | שימשע לינטער | 17 | 203 |
| יונה פאַנקאָווער | יונה פאַנאָווער | 9 | 225 |
| אַ טשענסטאָכאָווער ייד | אַ קלאָבוצקער ייד | 29 | 225 |
| מיין שוועסטערן טאָכטער | מיין קוזינקע | 24 | 255 |
| פרוי מאַכאַווייכמאַן | פרוי ווײַנמאַן | 23 | 256 |
| צוויי מענער | צוויי פרויען | 25 | 256 |
| שוועסטערן טאָכטער | קוזינע | 14 | 257 |
| יאַנקל אייזנערס פרוי | יאַנקל אייזנער | 15 | 259 |
| אַ טאָכטער פון אַ שוחט | אַ טאָכטער פון אַ לאַגעריסט | 18 | 259 |
| די דייטשן לאַכן | די מענער לאַכן | 10 | 263 |

מיר שרייבן די לעצטע שורות אין ספר קלאָבוצק מיט דעם געפיל, אַז מיר האָבן געשטעלט אַ מצבה פאַר אַ קהילה, וועמענס אַנגעהעריקע האָבן געפירט אַן ערלעך האַראָפּאַשנע קולטורעל און רעליגיעז לעבן אין אַ קליינעם ישוב אויף דער פוילישער ערד און זענען טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן. זייער לעבן פיין און אומקום, האָבן מיר, מיט טיפן יראת הכבוד, אַריינגעבראַכט אין דער געשיכט־לעכער אייביקייט.

יהא זכרם ברוך:

**א. וואָלף יאַסני**

תל־אביב, י״ט אייר, תשכ״א, 1961.

# אינהאלט

זייט

## דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן



## די ערשטע וועלט־מלחמה און איר ווירקונג אויף קלאָבוצקער יידן



## דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן



## קולטור־טעטיקייט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

## טיפּן און געשטאַלטן



## קלאָבוצקער חסידי אומות העולם



## אַנטיסעמיטיזם אין קלאָבוצק

זײַט



## די דײַטשע אױסראָטונג פֿונעם ייִדישן קלאָבוצק



## קלאָבוצקער ייִדן אין אױסראָטונגס־לאַגערן



## פֿרוּװן פֿון װידערשטאַנד אין לאַגער

## איבערלעבונגען פון קלאבוצקער אין פראנקרייך בעת דער דייטשער אויסראטונג



## דייטשע אויסראטונג